# מאַנעווערעס.

(פראָלאָג)

די בלייכע האַלבע לבנה איז פאַרגאַנגען און די שטערן אויפן טיפן בלויען הימל האָבן אָנגעהויבן נאָך העלער און מונטערער צו בליאַס=קען. אַזוי ווי זיי וואָלטן געווונקען: „זעט, קען מען זיך דען נישט באַ=גיין מיט אונדז אַליין, אָן אַ לבנה?"

ס'איז געווען אַ וואַרעמע סעפטעמבער=נאַכט, אַ בלויע און מעלאַנ=כאָליש פאַרקלערטע.

איבערן שאָסיי, וואָס איז געלאָפן דריי וויאָרסט פון שטעטל, האָט זיך געצויגן צו דער גרענעץ די פעטערבורגער אַרמיי אויף מאַנעווע=רעס.

דאָס אָרימע שטעטל האָט זיך איבערן טאָג אָנגעהאָרעוועט מיט די סאָלדאַטן, האָט פאַרדינט אויף יום=טוב און איז איצט זאָרגלאָז געשלאָפן, חלומענדיק פילייכט פון נאָך אַזאַ זעלטענעם פרנסה=טאָג אין לעבן.

די הייזלעך אָבער האָבן אויסגעזען אין דער בלויער נאַכט איינגע=הויקערטער און צוזאַמענגעדרייטער ווי תמיד; טרויעריק פאַרקלערטע האָבן זיי אַזוי ווי צוגעהערט זיך צום אָפּשטאַרבנדן, פאַרשטיקטן ווייטן רויש פון דער אַרמיי אויפן שאָסיי און זיך מעלאַנכאָליש געטראַכט: „נאָך ד׳ט=לעכע אַזעלכע פרנסה=טעג, און מיר וואָלטן זיך אפשר נאָך צוריק אויס=געגלייכט אין לעבן, באַקומען נייע דעכער און געוואָרן צו הייזער גלייך".

אַזוי האָט דאָס שטעטל שטיל גערוט אין אירע קבצנישע חלומות, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די אייביקע און ביטערע דאגה אויף אַ ווײַלע,

און נאָר דאָס גרילצן פון די באַטאַרייען, וועלכע האָבן זיך געצויגן פאַר־בײַ דעם שטעטל איבערן שאָסיי, האָט געשטערט און צוריסן די פאַר־קלערטע שטילקייט פון דער אויסגעשטערנטער נאַכט.

ציטענוויץ האָט אויך אַ שיכורער סאָלדאַט דורכגעקרייצט דעם מאַרק־פּלאַץ, האָט געשאָלטן אין דער הויך מיט די עקלהאַפטע קללות, וואָס נאָר די איינציקע רוסישע שפּראַך פאַרמאָגט אויף דער וועלט, אויפשוי־דערנדיק די שטילע נאַכט. וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף די אָפּשיילעכע רוסישע ווערטער מיט אַ פּראָטעסט פון אַ בייזן און טעמפּן ווידערקול. און דער סאָלדאַט פלעגט באַלד פאַרשווינדן אין אַ זייטן־געסל, אַזוי ווי די פאַרשעמטע נאַכט וואָלט זיך געאײַלט צו פאַרשטעקן און פאַרשלינגען דעם אומטענטש אין איר טונקעלן אָפּגרונט.

* * *

באַ דער איינציקער לאַנגער אכסניה פון שטעטל, ווו עס שטייט שוין צוויי טאָג דער שטאַב פון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי, ברענען צוויי נאַפט־לאַמטערן און וואַרפן איבערן פינסטערן מאַרק־פּלאַץ צוויי לאַנגע און שמאָלע פּאַסן פון אַ ציטערנדיקן ליכט. . .

אין דעם ליכט באַווייזט זיך פון צייט צו צייט די וואַך. דער סאָל־דאַט גיט דראָענד אַ בליאַסק מיטן שטאָל פון זיין שפּיז און פאַרשווינדט צוריק אין דער פינסטערניש.

דער צווייטער סאָלדאַט שטייט ווי אַ גרויע סטאַטוע באַם טויער, אָנגעשפּאַרט אויף זיין ביקס און זינגט זיך שטילערהייט אונטער דער נאָז מיט אַ ימים־נוראימדיקן ניגון: „מי יחיה ומי ימות, מי ברעש ומי במגפה".

און אַזוי ווי געריהרט פון דער מעלאַנכאָליע פון דעם ניגון און פון די ימים־נוראימדיקע ווערטער און געדאַנקען, גיט ער זיך אַ קלאַפּ אין האַרץ, ווי מען קלאַפּט זיך על־חטא, זאָגט הויך: „דער טייוול זאָל עס נעמען! עס נעמט באַ דער לעבער!" — שפּייט אויס, פאַרוואַרפט די ביקס אויפן אַקסל און הייבט אויך אָן, ווי זיין חבר, ענערגיש צו שפּאַנען פאַרן הויז און בלאַסקען אין בלאַסן און ציטערנדיקן ליכט פון די לאַמ־טערן מיט דעם שטאָל פון זיין שפּיז.

לאַנג און שטיל שפּאַנען אַזוי די צוויי סאָלדאַטן הין און צוריק, ביז דער יידישער סאָלדאַט הייבט ווידער אָן צו זינגען עפּעס ימים־נוראים־דיקס.

— וואָס פאַר אַ ליד איז דאָס? — פרעגט אים זיין חבר.

— „שמע קולנו ד' אלוהינו"... ס'איז אַ תפילה. אַ תפילה און

נישט קיין ליד... „חוס ורחם עלינו וקבל ברחמים את תפילתינו" — ענט־פערט אים מיט אַ שטילן געוויין דער יידישער סאָלדאַט.

— טפו, דער טייוול זאָל דיך נעמען! — שפייט אויס מיט פאַר־דרוס דער גוי און שפּאַנט נאָך ברייטער ווי פריער — אַ זשיד בלייבט אַ זשיד.

„שמע קולנו ד' אלהינו... חוס ורחם עלינו וקבל ברחמים וברצון את תפילתינו" — וויינט, אים אויף להכעיס, דער ייד נאָך העכער.

— העי, טי! וואַרף אַוועק דיינע זשידאָווסקע תפילות... דאָ איז דיר „קאַראַוּל" און נישט קיין סינאַגאָגע — ווענדט זיך צו אים שוין מיט כעס דער גוי, און בלייבט שטיין אין ציטערדיקן פּאַס ליכט, גלאַנצנדיק בייז און דראָענדיק מיטן שטאָל פון זיין שפּיז.

— אַלץ בעסער ווי דיינע לידער מיט די מיידן — ענטפערט אים אָפּ דער ייד און גייט ווייטער הין און צוריק, זינגט זיך אָבער שטילער.

— אויך מיר אַ סאָלדאַט! — שפּייט נאָך אַמאָל אויס ווייט פון זיך דער גוי מיט פאַראַכטונג, און שפּאַנט ווייטער.

— נישט קיין ערגערער ווי איר זענט! — ענטפערט אים צוריק דער ייד.

— קוגל דאַרף מען אייך געבן עסן מיט געפילטע פיש — שפּאַט פון אים דער סאָלדאַט און צעלאַכט זיך בייז.

— געוויס. מיר קוגל מיט פיש און דיר אַ קרענק — רייצט זיך דאָס יידל און זינגט זיך ווייטער: „מי בחניקה ומי בסקילה", אַ מגפה אויף דיר, רבונו של עולם! און דאָס טאַקע באַלד... אַ מגפה מיט אַ שרפה אויף פליאַקע מיט די לאַנגע וואָנסעס...

* * *

— מ'גייט! מ'גייט! — קריצט מיט די ציין דער סאָלדאַט און גיט אַ טופּע מיט די פיס.

אוןביידע סאָלדאַטן כאַפּן די ביקסן אויף דער ברוסט און בלייבן שטיין אויסגעצויגן אין ליכט און פאַרגליווערט ווי צוויי גרויסע סטאַטועז.

— רו! רו, ברידער! — באַגריסט זיי מיט אַ האַנט־באַוועגונג אַ הויכער, שוין גרייז־גרויער אָפיציר אין אַ סאָלדאַטסקען גרויען שינעל, און גייט פאַרביי.

די סאָלדאַטן לאָזן אַראָפּ די ביקסן.

— ער שלאָפט נישט! — גאַפט דער ייד.

— אין מאַרש! באַלד וועט מען אונדז צונעמען — דערקלערט דער סאָלדאַט דאָס דערשיינען פון דעם אָפיציר אין אַזאַ שפּעטער נאַכט־שעה.

און ביידע קוקן אים נאָך, ווי ער גייט איבערן מאַרק־פּלאַץ.

פון דער נאַכט קריכט אַרויס אַ צווייטע פיגור און רופט צום גע־נעראַל:

— ווער גייט?

— דאָס בין איך! — ענטפערט דער גענעראַל, נישט אָפּשטעלנ־דיק זיך.

— ווער איז דער איך? — פרעגט שטרענג און גראָב די צווייטע פיגור.

— איך!... גענעראַל אַדיוטאַנט גענעראַל גערשעלמאַן... וואָס ווילט איר? ווער זענט איר אַזוינס? שרייט שוין דער גענעראַל און דרייט זיך אום.

— אַך, אַנטשולדיקט, אייער עקסעלענץ! דאָס בין איך, דער פּלאַץ־אַדיוטאַנט, פּאָלקאָווניק אוסאָוו. איך האָב באַקוקט דעם „פּאָסטן" — ראַ־פּאָרטירט די צווייטע פיגור און בלייבט שטיין אויסגעצויגן פאַרן גענע־ראַל.

— נו, טאָ גייט אייך און לאָזט מיך צורו! ווער דאַרף אייך דאָ? — בייזערט זיך דער גענעראַל.

אַ רגע שטייען זיי ביידע שטיל איינער פאַרן צווייטן, און דער גע־נעראַל גייט זיך ווייטער. דער פּאָלקאָווניק קוקט אים נאָך און צוקט מיט מיט די אַקסלען.

— פּאָלקאָווניק! — רופט אים צוריק דער גענעראַל פונדערווייטנס, זיך נישט אָפּשטעלנדיק.

דער פּאָלקאָווניק לויפט אים נאָך, שטעלט זיך, סאַלוטירנדיק, אַן אויסגעצויגענער, ווי אַ סטרונע.

— איך געהאָרך, אייער עקסעלענץ!

— געהאָרך! געהאָרך! ווער הייסט אייך געהאָרכן? — וואָרטשעט דער גענעראַל.

— דיסציפּלין און דינסט־פּליכט באַפעלן מיר צו געהאָרכן.

— דינסט־פּליכט? וואָס פאַר אַ דינסט? איצט איז נאַכט און נישט קיין דינסט... נאַכט און שלאָפלאָזיקייט... פאַרשאָלטענע שלאָפלאָזי־קייט! — וואָרטשעט דער גענעראַל, אָבער שוין גוטמוטיקער. פאַרוואָס

שלאָפט איר נאָך נישט אזוי שפעט? — ווענדט ער זיך נאָך אַ קורצער פויזע צום פּולקאָווניק.

— דינסט־פליכט! איך גיי פון „פּאָסטן“, גענעראַל!

— אַך, יאָ, איר זענט דאָך קאָמענדאַנט — דערמאָנט זיך דער גענעראַל — און איך האָב געמיינט, אַז איר קאָנט אויך נישט שלאָפן.

— אָ, ניין, גענעראַל! גאָט צו דאַנקען, שלאָפן קאָן איך.

— ווירקלעך? — חידושט זיך דער גענעראַל, בלייבט שטיין און קוקט זיך איין אין זיין באַגלייטערס פּנים — און וויפיל שעה שלאָפט איר?

— וויפיל איר ווילט, גענעראַל!... אויף דער ווינטער־וווינונג קאָן איך אַוועקשלאָפן צוועלף שעה נאָכאַנאַנד.

און דער פּולקאָווניק צעלאַכט זיך דערביי אויף זיין באַס אין דער דער הויך, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט דעם קליגסטן וויץ, און דערשי־טערט מיט זיין געלעכטער די נאַכט־לופט.

— כסדר? — חידושט זיך דער גענעראַל.

— יאָ, כסדר.

— ס'איז מקנא צו זיין... איך בין אייך מקנא, פּולקאָוו־ניק.

און דער גענעראַל לאַכט אויך, פּונקט ווי שלאָפן אַזוי פיל וואָלט געווען איינע פון די גרעסטע חכמות. ער קוקט אים אָבער נאָכאַמאָל אַריין אין פּנים, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך איבערצייגן, צי דער פּולקאָווניק זאָגט אים נישט קיין ליגנט, און לאָזט זיך גיין ווײ־טער.

ביידע גייען אייניקע מינוטן צוזאַמען און שווייגן.

— און איר, גענעראַל, שלאָפט שלעכט? — פרעגט אים דער פּול־קאָווניק מיט אַ טאָן פון מיטלייד, אָדער אויך רעספּעקט.

— שלעכט? איך שלאָף אינגאַנצן נישט, צום טייוול! איר פאַר־שטייט, וואָס דאָס מיינט אינגאַנצן נישט שלאָפן, האַ?

— דאָס איז טרויעריק... זייער טרויעריק! און שוין לאַנג, אַז איר ליידט פון שלאָפלאָזיקייט, גענעראַל? — פרעגט אים דער פּולקאָוו־ניק און קוקט זיך איין אין זיין פּנים.

— שוין לאַנג! — ענטפערט אים דער גענעראַל מיט אַ הויכן גע־נעץ. — ווינטער בין איך דאָך עפּעס געשלאָפן, אַ פּאָר שעה באַ־

נאַכט... אַמאָל באַטאָג געכאַפּט אַ דרימל. איצט שלאָף איך שוין גאָר־ נישט — האָט געענדיקט דער אַלטער מיט אַ טיפן זיפץ.

— אָ, אויב אַזוי, דאַרפט איר זיך קורירן, גענעראַל... זיך ערנסט קורירן — ראַט אים דער פּאָלקאָווניק מיט טיפן מיטלייד.

— קורירן? איך קוריר מיך, צום טייוול... ווו בין איך שוין נישט געווען? איך בין שוין צו די דייטשן געפאָרן... עס העלפט אָבער נישט — און דער גענעראַל גיט נאָך אַ העכערן געגעץ.

— די דייטשן קענען, דאַכט זיך מיר, גוט קורירן — באַמערקט דער פּאָלקאָווניק נאָך אַ לאַנגער איבערלייגונג.

— זיי קענען געלט נעמען... שאַרלאַטאַנעס! — באַמערקט דער גענעראַל אויפגעלעבט — און נעמען, נעמען זיי דאָס געלד נישט ווי פּראָ־ פעסאָרן, נאָר ווי אונדזערע פּריקאַזטשיקעס. ציילט און ציילט איבער די באַפּירלעך און זאָגט מיט אַ צוקערנעם שמייכעל: „ס'שטימט!“ עקלהאַפט! ניין, מיר זענען די דייטשע פּראָפעסאָרן נישט געפעלן... כאָטש זיי זע־ נען אַזוי באַרימט.

דעם פּאָלקאָווניק וווּנדערט אַזאַ מיינונג וועגן די דייטשן. דער גע־ נעראַל אַליין איז דאָך אַן עכטער דייטש... אַ גערשעלמאַן פון די קור־ לענדער דייטשן. און ער קוקט אים ווידער אין פּנים אַריין. ביידע גייען אָבער לאַנג און שטיל.

— און מיין ווייב האָבן זיי פינדעסטוועגן אויסגעהיילט! — באַ־ מערקט נאָך אַ קורצער פּויזע דער פּאָלקאָווניק.

דער גענעראַל בלייבט מיטאַמאָל שטיין און דרייט זיך אום צו זיין באַגלייטער:

— אַזוי? און וואָס איז איר געווען?

— זי האָט אויפן האַרץ געליטן... שטאַרקע האַרץ־קלאַפּעניש... האָט זי אַ בערלינער פּראָפעסאָר געשיקט קיין נויהיים, און גאָט צו דאַנ־ קען... זי פילט זיך איצט גוט.

— איך האָב דאָך אויך אַ האַרץ־קלאַפּעניש, צום טייוול... האַרץ־ קלאַפּעניש און עלעכס... האַ? איר פאַרשטייט? — האָט כמעט אויס־ געשריגן דער גענעראַל, ווי איבערראַשט.

— אָ, אויב אַזוי, דאַרפט איר, גענעראַל, אויך פאָרן קיין נוי־ היים... אַבסאָלוט! — פאַרזיכערט אים דער פּאָלקאָווניק.

דער גענעראַל צעלאַכט זיך דערויף מיט אַן איבעוויניקסטן שטילן געלעכטער.

— איך בין שוין אין נויהיים געווען, קיין קיסינגען געפאָרן, און עס הערט מיר פונדעסטוועגן נישט בעסער. פּאַרקערט, ערגער און ערגער — ענטפערט ער מיט אַ פּאַרצווייפלטער האַנד־באַוועגונג — ניין! מיר וועט שוין נויהיים נישט העלפן. מיר איז שוין צייט צו גיין אין רעזערוו... די העכסטע צייט! און איך וועל טאַקע אָט נאָך די מאַנעווערס בעטן, אַז מען זאָל מיך שוין אָפּלאָזן — באַמערקט נאָך אַ קורצער איבערלייגונג דער גענעראַל און צעלאַכט זיך ווידער שטיל און טרויעריק, ווי פאַר זיך, און לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, ווי אַ פאַראורטיילטער צום טויט.

ביידע שווייגן ווידער אומהיימלעך און שפּאַצירן אין דער שטילער נאַכט הין און צוריק איבערן מאַרק־פּלאַץ.

— באַ וועלכן פּראָפעסאָר האָט איר זיך קורירט, גענעראַל? — פרעגט אים פּלוצלינג, ווי אַן אויפגעוואַכטער, דער פּולקאָווניק, אָן אַן אינטערעס, אָבער נאָר אום צו אונטערברעכן דאָס אומהיימלעכע שווייגן.

— איך? באַ פּראָפעסאָר איזראַעל, אין בערלין — ענטפערט ער אים נישט גערן, כמעט בייז, אַזוי ווי די פראַגע וואָלט אים געווען העכסט אומאָנגענעם.

דער פּולקאָווניק בלייבט שטיין ווי אַן איינגעגראָבענער. דער גענעראַל בלייבט אויך שטיין.

— גאָט איז מיט אייך, גענעראַל! ווער־זשע גייט זיך קורירן צו אַ זשיד? — ווענדט זיך צו אים דער פּולקאָווניק אויפגערעגט.

— פאַרוואָס? — פרעגט אים דער גענעראַל מיט אַ קאָנוווּלסיוון ציטער איבערן גאַנצן קערפּער זיינעם, אַז דער פּולקאָווניק באַמערקט עס אפילו אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט.

— ווייסט איר דען נישט, אַז די זשידעס זענען אין דער מעדיצין דיזעלבע שאַרלאַטאַנעס ווי אומעטום?

דער גענעראַל קוקט אים אָן אַ ווײַלע שטום, אַזוי ווי נישט וויסנדיק וואָס אים דערויף צו ענטפערן, און שליידערט אַרויס אַזוי ווי פון זיך קורץ און שאַרף: „נאַרישקייטן"! און שפּאַנט ווייטער, אָבער שוין מיט שנעלערע טריט ווי פריער, כמעט לויפנדיק.

— וואָס, איר ווייסט עס נישט, גענעראַל? — חידושט זיך דער פּולקאָווניק, אים נאָכשפּאַנענדיק.

דער גענעראַל שטעלט זיך ווידער אָפּ, דרייט זיך אום צום פּול־קאָווניק און פרעגט הויך און שטרענג, ווי אויף אַן אונטערזוכונג:

— און אייער פרוי, באַ ווען האָט זי זיך קורירט ?

— אָ, מיין פרוי האָט זיך באַ אַן עכטן דייטש קורירט. באַ... באַ... לאָמיך זיך אָקאָרשט דערמאַנען... יאָ, באַ פראָפעסאָר סענאַטאָר. אָ, דאָס איז אַ וועלט־באַרימטהייט !

דער גענעראַל האָט זיך צעלאַכט הויך, מיט אַ שטורמיש בייזער פרייד :

— אַך, פּולקאָווניק ! פּולקאָווניק ! — האָט ער זיך געווענדט צו זיין באַגלייטער מיט אַ שפּאָטישן פאַרוווּרף.

— וואָס לאַכט איר, גענעראַל ? — האָט זיך באַליידיקט דער פּול־קאָווניק.

— כאַ, כאַ, כאַ ! אייער סענאַטאָר איז פּונקט אַזאַ ייד ווי מיין איזראַעל, כאַ, כאַ, כאַ ! און דער גענעראַל האָט אים דערביי גוטמוטיק אַ קלאַפּ געטון אויף דער פּלייצע.

— אוממעגלעך ! עס קען נישט זיין !

דער הויפּט־קאָמאַנדיר האָט מיטאַמאָל געביטן דעם טאָן :

— פאַרוואָס איז עס אוממעגלעך ! וואָס הייסט אוממעגלעך ? ווייל איר ווילט נישט ? — האָט ער שוין געדונערט אין דער נאַכט־שטילקייט מיט זיין טעמפּער און הייזעריקער שטימע דעם פּולקאָווניק אין פּנים אריין, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אויף אַן אינספּעקציע אָדער פּאַראַד און דער פּולקאָווניק וואָלט פאַרדינט אַ שטרענגן פאַרוווּרף.

— איך בעט אייך, גענעראַל... אַזאַ באַרימטער און גרויסער פּראָ־פעסאָר און אַ זשיד — ווי איז דאָס מעגלעך ? דאָס איז דאָך נישט גלויב־בלעך ! — שטאַמלט שוין גאַנץ פאַרלעגן דער פּולקאָווניק.

— וואָס ? איר גלויבט מיר נישט ? — שרייט אויף אים זיין עלטער.

— אדרבה, אייער עקסעלענץ ! אַז איר באַהויפּטעט, מוז איך גלייבן... דיסציפּלין ! — פּרובירט זיך פאַרענטפערן דער פּולקאָווניק, האַלטנדיק שוין די האַנט אונטערן דאַשיק.

ביידע קוקן זיך אָן אַ קורצע ווײַלע.

— באַהויפּטעט ! באַהויפּטעט ! — קרימט אים איבער דער גענע־ראַל — פאַרוואָס־זשע רעדט איר אַזעלכע נאַרישקייטן, האַ ? און נאָך אַ פּולקאָווניק — וואָרטשעט ער און לאָזט זיך ווייטער גיין שנעל, אַזוי ווי אַנטלויפנדיק פון זיין באַגלייטער.

— גענעראַל ! — רופט אים באַליידיקט דער פּולקאָווניק.

— גענעראַל! גענעראַל! איך ווייס, אַז איך בין אַ גענעראַל — שרייט ער ווידער נערוועז און אין דער העכסטער אויפרעגונג אויפן פּאָל־קאָווניק — פאַרהאַלט מיך נישט! — און ער דרייט זיך אויס צו אים מיט די פּלייצעס און לאָזט זיך שנעל גיין צו דער אכסניה.

דער פּאָלקאָווניק בלייבט אַליין, שטייט לאַנג און אומבאַוועגלעך אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט אויפן מאַרק־פּלאַץ, איבעראַשט פון דעם גענעראַלס אומבאַגרייפלעך גראָבער און באַליידיקנדיקער באַנעמונג.

די צוויי סאָלדאַטן בלייבן ווידער אויסגעצויגן, פאַרגליווערט אויף זייערע ערטער, מיט די ביקסן פאַר די פּנימער.

דער הויפּט־קאָמאַנדיר צעשרייט זיך איצט אויף זיי:

— רו! רו! האָב איך דאָך אייך געזאָגט!

און זיין שטימע פּלאַצט אין דער טונקל־בלויער נאַכט מיט אַזאַ פאַר־דרוס און געערגערטן אַקאָרד, אַזוי ווי זי וואָלט צעשאָטן אין דער לופט פאַרשטיקטע טרערן, אַ דערוואָרגענעם ווייטיק און אַ קרעכץ.

די איבערגעשראָקענע סאָלדאַטן לאָזן אַראָפּ די ביקסן, רירן זיך אָבער לאַנג נישט פון אָרט, פאַרהאַלטנדיק דעם אָטעם אין די ברוסטן.

דער אַלטער מאַן זעצט זיך אויף אַ באַנק לעבן איינפאָר, און פאַר־געסט אָן די צוויי לעבעדיקע פאַרגליווערטע מענטשן.

ווען נישט זייער איינגעהאַלטענער אָטעם, וועלכער קעמפט שוין און באַוועגט זייערע ברוסטן, וואָלט מען זיי געקענט אָננעמען פאַר גרויסע סטאַ־טועז און נישט פאַר מענטשן.

אַ לאַנגע, שווערע פּויזע, באַזונדערס פאַר די צוויי סאָלדאַטן...

דער קאָמאַנדיר הייבט זיך צוריק אויף פון דער באַנק, נערוועז און אומרויק, ווי געפּלאָגט פון אַ טיפער אינערלעכער נישטגוטקייט, וואָס לאָזט אים נישט רויק איינזיצן, אין לאָזט זיך ווידער צום מאַרק־פּלאַץ, דרייט זיך אָבער באַלד אום, גייט צו נאָענט צום יידישן סאָלדאַט און פרעגט אים שטרענג:

— פון וואָס פאַר אַ פּולק ביסטו?

— 123־סטן באָוואָגראָדסקי פּולק, צווייטער ראָטע, אייער עקסע־לענץ — פּויקט אויס אין דער נאַכט־שטילקייט דער ייד מיט אַ שלעכטן רוסישן אַקצענט און זיין ררר... גרילצט אין דער נאַכט־לופט ווי אַ זעג אין האָלץ.

— וואָס פאַר אַ גלויבן?

— יידישער גלויבן, אייער עקסעלענץ.

— אַזוי ? ביסט אַ ייד ? — רופט אויס דער גענעראַל ערנסט פאַר־ווונדערט און צופרידן — המ... המ... און ווי לאַנג דינסטו ?

— צוויי יאָר, אייער עקסעלענץ — פויקט פּליסיק דער ייד און די ווייטע נאַכט רופט זיך דערויף אָפּ מיט אַ הילכיקן און שפּאָטנדן „לענץ".

דער גענעראַל דרייט זיך שנעל אום צום צווייטן סאָלדאַט :

— פון וואָס פאַר אַ גלויבן ביסטו ? אויך יידישן ?

— ניין, אייער עקסעלענץ ! איך בין אַ קאַטאָליק — ענטפערט דער סאָלדאַט שטילער, מיט אַ באַליידיקטן שטאָלץ.

— המ... המ... פּאָליאַק ? וואָס ?

— יאָ, אייער עקסעלענץ — פויקט שוין אויך דער קאַטאָליק, אָבער מונטערער, ווי פריער.

— אַזוי... אַזוי... המ... המ... און ווען איז בײַ אייך דער „דיען פּראָשטשעניאַ" (יום־כפור) ? — ווענדט ער זיך צוריק צום ייד.

— מאָרגן, אייער עקסעלענץ.

— המ... מאָרגן — און דער גענעראַל פאַרטראַכט זיך. — זע בײַ מיר מאָרגן צו דאַוונען... גיי אין סינאַגאָגע און דאַוון ! בעט גאָט ! — באַפעלט ער שטרענג דעם ייד נאָך אַ קורצער פויזע.

— אויב מ'וועט אָפּלאָזן, אייער עקסעלענץ — דערלויבט זיך צו באַמערקן דער ייד.

— איך וועל אָפּלאָזן... אַלע יידן אָפּלאָזן באַלד — און דער גענעראַל הייבט אָן צו קלאַפּן אין פענסטער און רופן :

— אַדיוטאַנט ! אַדיוטאַנט !

האַסטיק און איבערגעשראָקן לויפט אַרויס פון דער אכסניה דער וואַכנדיקער אַדיוטאַנט, ציט זיך אויס ווי אַ סטרונע פאַר זיין באַפע־לער.

— איך געהאָרך, אייער עקסעלענץ !

— גיט אַ באַפעל צום קאָרפּוס, אַז מאָרגן זאָל מען באַפרייען... ווען איז בײַ אייך יום־כפור ? — פרעגט ער איבער דעם יידישן סאָל־דאַט.

— מאָרגן אָוונט און איבערמאָרגן... ניין, אויף גאַנצע צוויי טעג, זאָלן אַלע יידישע סאָלדאַטן באַפרייט ווערן ! זיי האָבן אַ גרויסן יום־טוב, אַ גרויסן יום־טוב ! איר פאַרשטייט ? זאָלן זיי קענען גיין אין דייער ח.

סינאַגאָגע בעטן. וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? איר פאַרשטייט נישט מיין באַפעל, וואָס? — שרייט ער שוין נערוועז אויף זיין אַדיוטאַנט, אָבער נישט ווי קיין גענעראַל, נאָר ווי אַ קאַפּריזע קינד.

— איך פאַרשטיי, אייער עקסעלענץ... אָבער!

— וואָס פאַר אַן אָבער? אַן אָבער!

—דער גאַנצער קאָרפּוס איז דאָך אין וועג. עס קען זיין, אַז מאָרגן וועט אויך דער שטאַב זיך מוזן לאָזן אין וועג אַריין...

דער גענעראַל פאַרשטייט, אַז ער פאַרלאַנגט פון זיין אונטערגע־אָרדנטן אוממעגלעכס. אָבער דאָס מאַכט אים נאָך נערוועזער און אויפ־גערעגטער, ווי אַ קינד, וועמענס קאַפּריזן עס קענען נישט דערפילט ווערן. ער ציטערט פון כעס און שרייט:

— אָן רעדעס! איך דערלויב אייך נישט אַריינצולאָזן זיך אין קריטיקעס און דעבאַטן וועגן די באַפעלן פון אַ הויפּט־קאָמאַנדיר.

דער אָפיציר קוקט אויפן הויפּט־קאָמאַנדיר גישט ווייניק פאַרוווּנ־דערט, און ווייסט אַליין נישט, וואָס צו דענקען פון דעם אַלטן מאַן. אין אַזאַ אויפגערעגטן צושטאַנד האָט ער אים נאָך נישט געזען.

— איך בין שולדיק, אייער עקסעלעלענץ — פּרובירט ער אים באַ־רויקן.

— גייט! — באַפעלט אים דער הויפּקאָמאַנדיר, כדי פּטור צו ווערן פון אים און פון דער גאַנצער אומאָנגענעמער פראַגע, און לאָזט זיך ערשט אַרונטער אויף דער באַנק.

דער אַדיוטאַנט שטייט אָבער נאָך אַ ווײַלע אומאַנטשלאָסן, דרייט זיך אים „מיליטעריש" און גייט אָפּ לאַנגזאַם אין שטאַב, נאָכדענקענדיק איבער דעם גייסטיקן צושטאַנד פון זיין עלטסטן.

און ווידער שווייגט די טונקל־בלויע נאַכט, שווייגט אומהיימלעך און געהיימניספול, ווי אַ טיף פאַרבאָרגענער סוד.

די שטערן בליאַסקען, פלאַטערן און ווינקען ווידער שעלמיש, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוווּסט די באַהאַלטענע סודות פון אַלע מענטשלעכע הער־צער און פון דעם אַלטן גענעראַל, וועלכן דער גורל האָט אין זיין שפּעטער עלטער געבראַכט אין דעם שטעטל, וועלכער שלאָפט נישט, איז אַזוי אויפגערעגט און געפלאָגט אין מיטן דער איינגעשלאָפענער און רו־יק פאַרחלומטער וועלט.

און די באַטאַרייען ציען זיך נאָך אַלץ אומאויפהערלעך

בערן ווייטן שאָסיי און גרילצן ווי אומדערמידלעכע גרילן אין אַן אויוון.

געטריבן פון דעם פּלאָגנדיקן סוד זיינעם, הייבט זיך דער אַלטער מאַן ווידער אויף פון זיין פּלאַץ, גייט פאַרביי די צוויי פאַרגליווערטע אויסגעצויגענע שומרים, פאַרשווינדט אין דער טונקעלער נאַכט, קומט אָבער באַלד שנעל צוריק, אַזוי ווי איבערגעשראָקן פון זיין איינזאַמקייט אויף דער וועלט, און פרעגט דעם ייד מיט אַ שטימע פון אַ בענקענדיקן און פאַרטראַכטן מענטש:

— וויפיל יידן זענען דאָ אין אייער פּאָלק?

— איך קען נישט וויסן, אייער עקסעלענץ! — פּויקט אויס מיט זיין קאַזאַרמע־ניגון דער יידישער סאָלדאַט.

דער קאַזאַרמע־ניגון מיט דער גאַנצער סאָלדאַטסקער דיסציפּלין, אויף וועלכער דער מענטש האָט פאַרבראַכט אַלע זיינע יאָרן, רעגן אים איצט אויף ווי אַ ווילדער דיסאָנאַנס, ווי אַ טייוולישע־בייזער שפּאַס איבער זיין נשמה־צושטאַנד. . .

אַ ציטערנדיקער פון נייער אויפרעגונג, כאַפּט ער דעם יידישן סאָלדאַט אָן באַם קאָלנער פון גרויען שינעל, טרייסלט אים און כריפּעט אים אין פּנים אַריין, ווי אַ געוואָרגענער:

— איך קען נישט וויסן! איך קען נישט וויסן! באָלוואַן! אַזוי ענטפערט אַ מוזשיק, אָבער נישט קיין ייד!

דאָס אויסגעצויגענע יידל ציטערט, ווי אַ פיש אין וואַסער.

פּלוצלינג צעטראָגט זיך איבערן מאַרק־פּלאַץ אַ הילך פון דריי קלעפּ אין אַ לאָדן. דער הילך קלינגט אָפּ אין דער ווייטער און שטילער נאַכט, צעשיט זיך און שטאַרבט אָפּ מיט אַ צאַפּלדיקן ווידער־קול און אַ ווייטע געדעמפּטע ברוסט־שטימע רופט, ווי פון יענער וועלט:

— יידן! שטייט אויף צו שלושה-עשרה מדות!

דער גענעראַל ציטערט אויף מיטן גאַנצן קערפּער, לאָזט אָפּ דעם קאָלנער פון דעם יידלס שינעל און קוקט אים גלייך אין פּנים אַריין מיט ברייטע, איבערגעשראָקענע און פרעגנדיקע אויגן.

ווידער הילכן אינדערווייטן דריי קלעפּ, און ווידער די זעלבע שטימע:

— יידן שטייט אויף צו שלושה־עשרה מדות!

און אַז די ווייטע טונקל־בלויע נאַכט מיט די ווינקענדיקע שטערן הערט איבער דעם רוף, קומט דאָס ווידער־קול צוריק אין פּלאַצט אין דעם

גענעראַלס אויערן און אין זיין נשמה, ווי אַ בת־קול, ווי אַ דראָענדיקע הזמנה פון יענער וועלט, ווי אַ רוף צום דין וחשבון...

— וואָס איז דאָס? — פרעגט דער גענעראַל באַם יידישן סאָלדאַט.

— און מערקווירדיק! — דער גאַנצער פּחד פאַר דעם בייזן גענעראַל פאַרשווינדט באַ דעם יידן. און ער ענטפערט רויק און קאַלטבלוטיק.

— דאָס וועקט מען די יידן צו תּפילה.

און אַזוי ווי אַ גוטע און זיסע קינדערישע דערינערונג וואָלט פּלוצלינג געקומען איבערן אַלטן מאַן.

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ שטייט ער אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, איינגעהויקערט און צוזאַמענגעדרייט אין זיין גרויען שינעל און וואַרט אויף אַ נייעם קלאַפּ אין לאָדן, אויף אַ נייעם רוף: „שטייט אויף! שטייט אויף!".

און דאָס קלאַפּן און וועקן קומט אַלץ נענטער און נענטער... ווי אַ דערלייזונג... אָט איז עס שוין באַ דער נאָנטסטער שטוב אין געסל, אָט וועט ער קאָנען זעען דעם געטלעכן מענטש, וואָס וועקט די נשמות און האָט אויך זיינע מיט אַמאָל אויפגעוועקט, געבראַכט זי צו אַן אַנדערער באַקאַנטער, אָבער שוין לאַנג פאַרגעסענער וועלט, וואָס האָט זי אַזוי אויפגערודערט און דערשיטערט...

עס קרייען די העָנער.

דאָ און דאָרט צינדט זיך אָן אַ ליכט אין אַ פענסטער, די שיין פאַלט אויפן מאַרק־פּלאַץ און ברענגט אין באַוועגונג נאַכט־שאָטנס...

די נאַכט־שאָטנס לויפן און שפּרינגען איבערן מאַרק־פּלאַץ, ווי די דערוואַכטע קינדער־זכרונות אין קאָפּ פון דעם אַלטן גענעראַל.

„שטייט אויף! שטייט אויף צו שלשה־עשרה מדות!"

— אַך, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ! וואָס שרייסטו באַנאַכט? ווער האָט עס דיר דערלויבט אַזוי צו שרייען? — דונערט אַ שטימע, און אַ קאָזאַצקע נאַהאַיקע הייבט אָן צו קלאַפּן שטאַרק און אָפט, ווי מען קלאַפּט אויס אַ פעלץ.

— אוי, אוי, אוי! איך וועק... איך וועק נאָר... אוי, אוי, אוי! — הייבט אָן צו שרייען שוין גאַנץ נאָנט די זעלבע שטימע, וואָס האָט ערשט געוועקט צו עבודת הבורא, אָבער שוין אָן איר פריערדיקן מאַיעסטעטישן קלאַנג, אָן דעם פייערלעכן הזמנה־טאָן.

די שטימע איז שוין אַ צעבראָכענע און צעטרעטענע.

— דו װעקסט! װעמען װעקסטו, האַ? איך װעל דיר געבן װעקן! נאַדיר! נאַדיר! — שרייט די נאַהאַיקע און שמייסט אומבאַרמהערציק און פייפט אין דער נאַכט־לופט און אין דעם גענעראַלס נשמה, און טוט איר אַזוי װיי, װי זי װאָלט אים זיין צוזאַמענגעדרייטן קערפּער געשמיסן.

— גװאַלט! גװאַלט! יידן ראַטעװעט! ראַטעװעט!

— ראַטעװעט! נאַדיר ראַטעװעט! קיין יערוּסאַלים! קיין יערוּסאַלים זאָלסטו פאָרן װעקן! דאָ איז ראָסיאַ! איך װעל דיר. . .

און פון געסל לויפן צוויי געשטאַלטן, אַ קליין יידל, װאָס דרייט זיך און קנייטשט זיך אונטער די שמיץ פון אַן אָפיציר, װעלכער האַלט אין איין שמייסן.

דער גענעראַל דערקענט אין קול דעם פּולקאָװניק און לויפט שוין אויך אַנטקעגן.

אין שטעטל װערט אַ בהלה.

פון די הייזלעך שפּרינגען אַרויס איבערגעשראָקענע װייסע נאַכט־געשטאַלטן, װי אויפגעװעקטע מתים פון זייערע קברים.

דאָס יידל ליגט שוין אויף דר'ערד, דער אָפיציר שטייט איבער אים און שמייסט און שרייט מיט אַ װילדער רציחה:

— דערשיסן! דערשיסן װעל איך דיך, ייד!

— פּולקאָװניק! פּולקאָװניק! װער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט? — דונערט דער לויפנדער גענעראַל — פאַרװאָס שלאָגט איר אים, האַ?

ער שטייט שוין פאַרן פּולקאָװניק און ציטערט פון כּעס און אויפרעגונג.

— דערפאַר, װאָס ער שטערט באַנאַכט די געזעלשאַפטלעכע רו, גענעראַל! — ענטפערט אים דער פּלאַץ־אַדיוטאַנט בייז.

— איר זענט אָבער דאָ נישט די פּאָליציי און איר האָט דאָ נישט קיין מאַכט! איר האָט אַ מאַכט נאָר איבער אייערע אונטערגעאָרדנעטע סאָלדאַטן, און דאָס אין די ראַמען פון געזעץ, אָבער נישט איבער דער ציװילער באַפעלקערונג.

ער װערט שיער נישט דערװאָרגן פון כּעס און רציחה.

— מיך װונדערט, גענעראַל, װאָס איר נעמט זיך אָן פאַר אַ ייד —

באַמערקט דער פּאָלקאָווניק, און אויך מיט אַ דערשטיקטן כּעס אין זיין שטימע.

— שווייגן! איך דערלויב אייך נישט צו רעדן! אָט־אָט שיק איך אייך אויף דער הויפּט־וואַך און לאָז אייך אַרעסטירן! — שרייט דער אַלטער מאַן מיט זיינע לעצטע כּוחות. ווו זענט איר עס? אין אַ פרעמד, איינגענומען לאַנד? באַ די האָטענטאָטן אין אַפריקע זענט איר עס?

פון שטאַב קומען האַסטיק צו לויפן דער אַדיוטאַנט און נאָך עטלעכע אָפיצירן.

— אוי, מיין קאָפּ, מיין קאָפּ! דערהרגעט, דערהרגעט... אויף טויט דערהרגעט — קרעכצט און וויינט דאָס יידל אויף דר'ערד.

— ברענגגט אַהער אַ לאַמטערן! — באַפעלט דער קאָמאַנדיר צו די אָפיצירן.

— אַ נאַכט־געשטאַלט שפרינגט אַריין אין אַ דערבייייק הויז און טראָגט אַרויס אַ לאָמפּ.

דער גענעראַל נעמט דעם לאָמפּ אין דער האַנט און בייגט זיך אָן איבערן ייד.

— בלוט! צעבלוטיקן אַן אומשולדיקן מענטש — שפרינגט ער אָפּ בייז און מיט עקל. — וואָס פאַר אַ געמיינהייט! שעמט אייך, פּאָלקאָווניק! דאָס רופט מען באַרבאַריזם... דאָס... דאָס... איר שענדעט איינפאַך דעם מונדיר פון אַן אָפיציר מיט אַזאַ באַרבאַריזם — און דער אַלטער מאַן געפינט נישט אין זיין עמפּערטן גייסט קיין נאָמען, קיין באַצייכנונג פאַר דעם פּאָלקאָווניקס נידערטרעכטיקייט, און דאָס מאַכט אים נאָך אויפגערעגטער, נאָך אויפגעבראַכטער.

— אַ גרויסע זאַך! אָנגעקלאַפּט אַ זשיד — באַמערקט דער כוליגאַן.

— פּאָד אַרעסט! אויף דער הויפּטוואַך! אויף דער הויפּטוואַך! גייט אַליין און הייסט זיך אַרעסטירן... אויף אַ מעת־לעת! — דונערט דער גענעראַל־אַדיוטאַנט.

דער פּאָלקאָווניק פאַרשווינדט שנעל אין דער נאַכט־פינסטערניש. די אָפיצירן קוקן זיך אָן איינער דעם אַנדערן איבערראַשט אין די פנימער און שטוינען.

— ער האָט דיך איבערן קאָפּ געשלאָגן? — פרעגט דער גענעראַל, זיך אָנבייגנדיק נאָכאַמאָל איבערן ייד.

— יאָ, איבערן קאָפּ... דערהרגעט מיין קאָפּ... איך האָב שוין נישט קיין קאָפּ — וויינט דערזעלבער ייד, וואָס האָט ערשט אַזוי שטאָלץ גערופן צו עבודת הבורא, ווי אַ קליין קינד, און האַלט זיך מיט די צוויי צעבלוטיקטע הענט באַם קאָפּ.

די אָפיצירן קאָנען זיך נישט איינהאַלטן און צעלאַכן זיך הילכיק און געשמאַק.

— ווי שעמט איר זיך נישט, מיינע הערן? וואָס איז דאָ פּאַראַן צו לאַכן? — קאָכט זיך שוין איצט אויף זיי דער קאָמאַנדיר, און איז אַליין גרייט זיך פונאַנדערצוווייגען פון מאַכטלאָזער ערגערניש און כעס.

— פאַרוואָס־זשע האָט ער דיך געשלאָגן? — פרעגט ער דעם ייד.

— איך בין נישט שולדיק. איך בין אַן אָרנטלעכער ייד. איך האָב צען קליינע קינדער און אַ פרוי... איך האָב נאָר געוועקט... צו גאָטס דינסט געוועקט... עס איז מיין חוב... מען האָט מיך געדונגען. איך בין נישט שולדיק, פריץ! פרעגט אַלע יידן אין שטעטל... יעדער ייד וועט אייך זאָגן, אַז איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש... דער פּאַן קען מיך אויך. אַך, מיין קאָפּ! דערהרגעט מיין קאָפּ...

די אָפיצירן לאַכן ווייטער איבערן צעבלוטיקטן ייד, מיט דעם ווייב און צען קינדער.

פאַרן גענעראַל אָבער איז איצט געלעגן נישט אַ טראַגי־קאָמיש יידל.

דאָס בת־קול, וועלכעס האָט אים גערופן, די שכינה אַליין איז געלעגן פאַר אים איצט אַ פאַרשוועכטע, אַ צעטרעטענע און אַ צעבלוטיקטע...

— וועקט אויף דעם שטאַב־דאָקטאָר און גיט דעם אָרימען מענטש די ערשטע מעדיציניש׳ע הילף... נעמט אים אין שטאַב אַריין, אַדיוטאַנט! — באַפעלט דער גענעראַל. — עס קען זיין, אַז דער שאַרבן איז באַ אים צעבראָכן.

דער אַדיוטאַנט שטורכעט דעם ייד מיטן שטיוול און באַפעלט אים, מיט אַן עקל אין דער שטימע:

— ווסטאַן! נו, שטיי אויף, זאָגט מען דיר!

דער ייד דערשרעקט זיך און כאַפּט אַרום דעם גענעראַלס פיס, און הייבט אָן צו בעטן;

— ניין, ניין! איך בין נישט שולדיק, פריץ! איך האָב נאָר גע־חעקט... גאָט צו דינען... האָב אויף מיר רחמנות! צען קינדער... קליינע קינדערלעך און איין ווייב. איך בין אַן אָרנטלעכער ייד... פרעגט דעם פריסטאַוו.

— נאַרישער מענטש! מען וועט דיר גאָרנישט טון — באַרויקט אים דער גענעראַל — דער דאָקטאָר וועט נאָר באַטראַכטן דיין קאָפּ... פאַרשטייסט? מען וועט דיך פאַרבאַנדאַזשירן און מען וועט דיך אָפּ־לאָזן.

— ניין, ניין! לאָז מיך אָפּ צו מיין ווייב און קינדערלעך. איך נעם אַ האַלב קערבל אַ וואָך... איך בין אַן אָרימער ייד... פרעגט אַלע־מען אין שטעטל — בעט זיך דער שמש און נעמט זיך קושן דעם גע־נעראַלס שטיוול.

— נו, גאָט איז מיט דיר! אָך, הער אויף — שפּרינגט פון אים אָפּ דער הויפּט־קאָמאַנדיר. — שטיי אויף! האָב קיין מורא נישט! גיי, קיינער וועט דיר גאָרנישט טון. שטיי אויף! — באַפעלט ער אים שוין שטרענג.

דער שמש הויבט זיך אויף אַ ציטערנדיקער פון דער ערד.

דער גענעראַל נעמט שוין אַרויס זיין טייסטער, שלעפּט אַרויס פון דאָרטן מיט ציטערנדיקע הענט אַ פּאַפּירל און דערלאַנגט עס דעם יידל.

— נאַדיר, וועסט געבן דיין ווייב אויף יום־טוב.

דער ייד וויל זיך ווידער וואַרפן צו זיינע פיס.

דער גענעראַל ווענדט זיך אָפּ פון אים נערוועז און שרייט שוין:

— גיי! גיי דיר מיט גאָט!

דער שמש שטייט אָבער נאָך אַ ווייל, אומבאַהאָלפן און אומאַנט־שלאָסן, גיט זיך אָבער מיטאַמאָל אַ ריס פון אָרט און מאַכט אַ ויברח, און באַלד פאַרשווינדט זיין קליינע פיגור אין דער טונקעלער נאַכט.

די אָפיצירן צעלאַכן זיך ווידער, אָבער נאָך געשמאַקער ווי פריער. דער גענעראַל דרייט זיך שנעל אום און פאַרשווינדט אויך אין דער טונקלקייט.

— ר' חיים! וואָס איז געוועזן? — רופט נאָך הילכיק דעם לויפנ־דיקן יידל אַ נאַכט־געשטאַלט פון אַ הויז.

— פרעגט נישט ! אַ נס... אַ גרויסער נס... איך לויף גומל בענטשן — ענטפערט אָפּ דער שמש שוין ערגעץ פון אַ געסל.

— דאָס איז אַ רציחה... וואָס פאַניע גנב קאָן — רופט זיך אָפּ פון ערגעץ אַן אַנדערע שטימע.

— נישקשה ! ער האָט שוין נישט דערלייגט... געפּאַקט אויף יום־טוב — שרייט אין דער נאַכט־לופט אַן אַנדערער ייד.

די אָפיצירן לאָזן זיך גיין צוריק אין שטאַב און הערן נישט אויף געשמאַק צו לאַכן פון דעם אינצידענט.

— דאָס איז אַ גענעראַל ! מיין לעבן וואָלט איך פאַר אים אַוועקגעגעבן — זאָגט דער יידישער סאָלדאַט צום פּאָליאַק נאָכדעם, ווי די אָפיצירן פאַרשווינדן אין דער אכסניה.

— אַ זשידאָווסקי גענעראַל ! — ענטפערט דער פּאָליאַק און שפּייט ווייט אויס מיט פאַראַכטונג.

אין בית־המדרש ווערן אָנגעצונדן לאָמפּן. זייער ליכט פאַלט דורך די פענסטער אויפן מאַרק־פּלאַץ און באַלייכטן אַ גרויסן שטח. פון אַלע זייטן הייבן זיך אָן באַווייזן טונקעלע פיגורן, קרייצן דורך דעם שטח און פאַרשווינדן אין מקום־קדוש.

מען הייבט דאָרט אָן צו זאָגן שלש־עשרה מדות, און די קולות פון די מתפּללים צעטראָגן זיך, איבערן מאַרק און איבער אַלע געסלעך און צעטרייבן די געדיכט־געוואָרענע נאַכט־פינסטערניש...

דער יידישער סאָלדאַט זאָגט נאָך די תפילות שטיל, געבויגן אויף זיין ביקס.

עס טאָגט.

פון דער אַכסניה דערשיינען דריי פיגורן, דער באַלעבאָס, זיין ווייב און דער משרת. זיי גייען צו סליחות אין בית־המדרש אַריין.

אין באַלויכטענעם שטח דערשיינט ווידער דער גענעראַל און פאַרשטעלט זיי דעם וועג.

— צום דאַוונען באַלעבאָס ? — פרעגט ער אים מיט אַ שמייכלענדיקן און צוגלייך קנאהדיקן טאָן.

דער באַלעבאָס בלייבט שטיין איבערגעשראָקן. דאָס דערשיינען פון דעם גענעראַל אין אַזאַ שפּעטער נאַכט־שעה איבעראַשט אים.

— צום דאַווענען, אייער עקסעלענץ ! — ענטפערט פאַר אים מונטער דער משרת, אַ געוועזענער סאָלדאַט.

— גוט ! גוט ! — דערמונטערט אים דער גענעראַל און קוקט זיי לאַנג און פאַרטראַכט אָן.

— זאָג מיר נאָר, כאַזיאַאין — ווענדט ער זיך צום באַלעבאָס פון דער אכסניה, ווי אַן אויפגעוואַכטער — אָט דאָרט, לעבן אייער בית־הקברות איז אַמאָל, געדענק איך, געווען אַ טורם, אַן אַלטער פּוילישער טורם... נאָך פון כמיעלניצקיס צייטן. פאַרוואָס זע איך אים נישט ?

— מען האָט אים, פּריץ, צענומען. דער באַלעבאָס פון שטעטל האָט אים צענומען — ענטפערט אים דער באַלעבאָס פון דער אכסניה.

— אַזוי ? אַ שאָד ! אַ שאָד ! אַזאַ שיינער טורם געווען ! — באַדויערט דער גענעראַל מיט פאַרדרוס און ווערט אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן. — יאָ, ווייטער, געדענק איך, זענען דאָ באַ דער סינאַגאָגע אַכאָל קברים געווען... קברים פון חתן־כלה... כמיעלניצקי האָט זיי דערהרגעט אונטער דער חופה... זענען זיי שוין אויך נישטאָ ?

— זיי זענען דאָ ! ... זיי זענען דאָ ! ... אָבער דאָס איז נישט באַם בית־המדרש, נאָר באַ דער שול, הינטער די קלייטן — און דער בעל־אכסניה ווייזט אים מיט דער האַנט, וווּ די שול איז.

— ווייסט נישט, באַלעבאָס, פאַרקויפט דער פּריץ אפשר דאָס שטעטל ?

— ס'אַ חידוש אַ ביסל ! נאָך אַ מין פאַרקויפן ! — ענטפערט אים אויפגעלעבט, פאַרן באַלעבאָס, דער משרת. — אפשר ווילסטו, פּריץ, עס קויפן, וועלן מיר עס אויסמעקלערן.

דער מעקלער געפעלט אים אָבער נישט און ער האָט חרטה אויף דער פראַגע.

— נו, איך וויל אייך נישט אויפהאַלטן... גייט, גייט גאָט בעטן ! ווייסטו וואָס, כאַזיאַין, אַז דו ווילסט, שטעל פאַר מיר אויך אַ לייכטער אין סינאַגאָגע — טו אַ טובה, — בעט זיך באַ אים דער גענעראַל מיט אַן אומזיכערער, ציטערדיקער און אומעטיקער שטימע.

דער ייד קוקט זיך איבער מיט זיין ווייב און מיטן משרת און ענטפערט אים פאַרלעגן און נישט באַלד : — ליכט שטעלט מען באַ אונדז נאָר פאַר טויטע, באַהיט גאָט, אָבער נישט פאַר לעבעדיקע.

— אַזוי ! — מאַכט דער גענעראַל אַנטוישט, שטייט נאָך אַ ווײַלע

מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ, כאַפּט זיך אויף, באַגריסט זיי מיט דער האַנט, ווי אָפּיצירן באַגריסן זיך, און פאַרשווינדט.

אַלע דריי קוקן אים נאָך אַ ווײַלע פאַרוווּנדערט און גייען אַריין אין בית-המדרש.

דער גענעראַל לאָזט זיך גיין איבערן מאַרק-פּלאַץ, באַזוכט אייניקע געסלעך, קומט צו דער שול מיט די קברים, שטייט דאָרט לאַנג און פאַרטראַכט, און קומט צוריק צום בית-המדרש.

„שמע קולנו ה׳ אלהינו חוס ורחם עלינו", טראָגט זיך פון דאָרט דעם חזנס ווייַנענדיקע שטימע.

„שמע קולנו ה׳ אלוהינו", כאַפּן אונטער הונדערטער ווייַנענדיקע קולות און צעטראָגן זיך איבערן שטעטל איבער די איינגעהויקערטע, אַלטע הייזלעך, וועלכע הייבן אָן דאָ און דאָרט באַם גרויען מאָרגנליכט אויסצוּוואַקסן פון דער ערד, ווי גרויסע, אויסגעקרימטע שוועמלעך.

ווי דערשטיקטע, פאַרמוטשעטע גייסטער ווייַנען די קולות און צעטראָגן ווייט דעם טיפן, הונדערט-יעריקן שמערץ און טרויער פון יידישן פאָלק.

און דער שמערץ גיסט זיך אין גענעראַלס ברוסט, ווי אַ זיסער און גיפטיקער ווייטיק, און קלעמט צונויף דאָס אַלטע און קראַנקע האַרץ זייַנס.

עס שוידערט אים...

אַזוי ווי אַ מעכטיקע שטראָפנדע האַנט גיט אים אַ שלײַדער צו דער ערד אויף די קני און ער הייבט זיך אָן שנעל-שנעל צו צלמען און צו שעפּטשען אַן אומזיכערע און צאַפּלדיקע תּפילה מיט זיינע ליפּן.

פּלוצלינג אָבער בלייבט די האַנט מיט די אויפגעהויבענע פינגער פאַרן צלמען הענגען אין דער לופטן ווי געקלעמט און די תּפילה אויף זייַנע ליפּן ווערט פאַרפרוירן...

ער ווייסט נישט, צו וועלכן גאָט ער זאָל זיך ווענדן מיט זיין תּפילה.

און לאַנג, לאַנג שטייט אַזוי דער גענעראַל אין דעם מוטנעם טרויעריקן מאָרגנליכט געקניט פאַרן בית-המדרש, פאַרן אייביקן פאָלק מיט דעם טיפן אייביקן שמערץ פון זייַנע תּפילות.

און הייסע טרערן פּערלען זיך, ווי דער צאַפּלדיקער מאָרגנטוי, און בריען זייַנע באַקן.

פון שטאַב לויפט אַרויס אין האַסט און אָן דעם היטל דעם גענע־ראַלס אַדיוטאַנט און פרעגט דעם יידישן סאָלדאַט:

— ווו איז דער הויפט־קאָמאַנדיר?

דער סאָלדאַט ווייזט אים אָן אין דער ריכטונג, ווו דער בית־המדרש שטייט און וווהין ער האָט אים געדאַרפט פאַרשווינדן.

דער אַדיוטאַנט לויפט אַהין און שטויסט זיך אָן אויף דער קניענ־דער פיגור אין גרויען מאָרגנליכט און בלייבט שטיין פאַרגליווערט און איבערראַשט.

— אייער עקסעלענץ! — רופט ער אים אין אַ ווײַלע אַרום אָפּ פאַרזיכטיק.

דער הויפט־קאָמאַנדיר שפרינגט אויף פון דער ערד, ווי דערוואַכט פון שלאָף.

— ווי דערלויבט איר זיך מיך צו באַאומרויקן, ווען איך ריכט אָפּ מיין גאָטעסדינסט! — שרייט ער צאָרניק אויפן אַדיוטאַנט און זיין האַרץ ווערט שיער נישט צעריסן פון קלעמענדיקן האַרצווייטיק, פאַר דער צעשטערטער הייליקער און זיסער רו פון זיין נשמה.

— גענעראַל, מיר האָבן אַ באַפעל צו אַטאַקירן די וואַרשעווער אַרמיי — ראַפּאָרטירט דער אַדיוטאַנט מיט די הענט אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג פון זיין גרויסן קאָזאַצקן קערפּער.

— אין מאַרש? — פרעגט אים דער גענעראַל.

— יאָ, אין מאַרש! — ענטפערט דער אָפיציר.

אַ קורצע פויזע. . .

דער הויפט־קאָמאַנדיר הייבט אויף דעם אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ און באַפעלט:

— אין מאַרש!

דער אַדיוטאַנט באַגריסט אים, דרייט זיך אום ווי אַ סאָלדאַט און לויפט צוריק אין שטאַב אַריין.

זיין עלטסטער גייט אים לאַנגזאַם נאָך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ.

אין אייניקע מינוטן ווערט די וואַך פון די צוויי סאָלדאַטן אַרונ־טערגענומען.

און ווען די „שלש־עשרה מדות" זענען שוין צו ענדע, פאָרט אי־בערן מאַרק־פּלאַץ אַ קאָזאַקישע מאַה מיט אַ ווײַנענדער מוזיק, שטעלט זיך אָפּ פאַרן איינפאָר און דער גענעראַל פאָרט פון דאָרט אַרויס מיטן שטאַב אויף ווייסע פערד און באַגריסט די קאָזאַקן. די קאָזאַקן דערשי־

טערן די גרויע, נאָך דרימלענדע מאָרגנלופט מיט אַ מעכטיקן „זדראַוויע זשעלאַיעם !".

דער גענעראַל שטעלט זיך אָן זייער שפּיץ און פֿאָרט פֿאַרביי דעמזעלבן בית־המדרש, בלאַסקענדיק מיט דעם גאָלד פֿון זיינע עפּאָליעטן אין די ערשטע צאַפּלענדע שטראַלן פֿון זון־אויפגאַנג.

# דער נייער פריץ

## די אַלטע אכסניה.

אַ הייסער זומער־טאָג.

דאָס שטעטל איז געלעגן מיד און פאַרחלשט פון היץ. דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען פּוסט און שטיל, ווי אויסגעשטאָרבן. נאָר עטלעכע הי־נער האָבן אַרומגעריגלט אַ גרויסן און שטאָלצן „גאַלעגאַנסקען“ האָן און האָבן פלעגמאַטיש געפּיקט די קערנער, וואָס זענען דאָרטן געבליבן פון זונטיקדיקן מאַרק.

אין אַזאַ זומערטאָג האָט זיך אויפן שאָסיי באַוויזן אַ גרויסער וואָלקן פון שטויב. און פון דעם וואָלקן — באַלד די טאַראַטאַיקע פון חיים־הירש דעם באַלעגאָלע.

און פון דעם, ווי חיים־הירשס צוויי אַלטע נבלות האָבן געשפּרונגען און געטאַנצט אין זייער שפּאַן אונטער די רעגנדע קלעפּ פון דעם באַלע־גאָלעס לאַנגער „פּוזשאַלע“; פון הוק און פענד, מיט וועלכן ער איז אַריבער דאָס בריקל און האָט זיך, שטייענדיק ווי אַ לאַנגער לץ אין וואָגן, אַ לאָז געטון איבערן מאַרק־פּלאַץ צו בערלס אכסניה — האָבן די קרעמערס פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געבראַכט אין שטעטל אַן אויסערגע־וויינלעכן פאַרשוין.

חיים־יאָסי, דער געלער משרת פון דער אכסניה איז אַרויסגעלאָפן

אַנטקעגן דעם פּאַסאַזשיר מיט אַזאַ אימפּעט, פּונקט ווי דער איינפּאָר וואָלט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון פלאַמען.

נאָך אים האָט זיך באַוויזן דער אַלטער בערל אַליין אין אַ יאַר־מולקע און טלית־קטן, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין צייט אַרויפצוואַרפן אויף זיך דאָס כאַלאַטל.

אפילו די אַלטע שרה האָט זיך אויך באַוויזן אין פענסטער פון קיך מיט אַ צעבלוטיקטן קאָרפּ אין די הענט.

חיים־הירש האָט מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט זיינע סוסים פאַרן איינפאָר, האָט פאַרוואָרפן דעם לאַנגן קערפּער זיינעם און פאַרצויגן די לייצעס אַזוי שטאַרק און מיט אַזאַ שטאָלצן און גרויסאַרטיקן „טפררר!", אַזוי ווי ער וואָלט אָנגעטריבן נישט קיין צוויי פּגירות, נאָר אַ פּאָר פייערדיקע און בלוט־הייסע פערד, אַזוינע ווי ער פלעגט אָנטרייבן בײַ זיין פּולקאָווניק, בײַ וועלכן ער האָט, זייענדיק אַ סאָלדאַט, געדינט אַלס קוטשער.

אָפּשטעלנדיק מיט אַזאַ פּאָמפּע דעם שפּאַן זיינעם האָט ער אויסגעשריגן:

— חיים־יוסי! ר' בערל! וואָס שטייט איר?

כאָטש עס איז געווען גאַנץ אומזיסט: חיים־יוסי איז שוין געווען גרייט און האָט שוין געטאַנצט אַרום דער טאַראַטאַיקע, העלפנדיק אַראָפּ־קריכן פון הויכן געזיץ אַן אַלטן הויכן גענעראַל.

ווען דער גענעראַל איז מיטן משרתס הילף אַרויסגעקראָכן פון איין זייט אַלטמאָדישן וואָגן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ קאַסטן, איז פון דער אַנדערער זייט אַליין און לייכט ווי אַ פייגעלע אַראָפּגעשפּרונגען מיט אַ הילכנדיק געלעכטער אַ קליינע, יינגע דאַמע, אין אַ קורץ קליי־דעלע, וואָס האָט איר געגעבן דעם אויסזיכט פון אַ מיידעלע.

איר הוט און דער גאַנצער קאָפּ אירער איז געווען פאַרהאָנגען מיט אַ געדיכטן ווייסן שלייער, אַזוי, אַז דאָס פּנים איז געווען איינגאַנצן פאַר־דעקט און געשיצט פון שטויב, און מען האָט נישט געקענט וויסן, צי עס איז אַ דאַמע אָדער טאַקע נאָך אַ מיידעלע.

מיט איר געשמאַקן פאַרשייטן געלעכטער, וועלכער האָט געקלונגען ווי טרעלן פון אַ סאָלאָוויי; מיט דער לייכטער און קליינער פיגור אין קורצן קליידל, וואָס האָט געציטערט און געפלאַטערט פון ספּאַזמאַטישן געלעכטער; מיט איר גאַנצער לופטאַרטיקער און פיבערהאַפטער גראַציע — האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ יונגער און מונטערער שוואַלב, וועלכע איז ערשט געקומען צוריק פון די וואַרעמע לענדער, פלאַטערט

אַרום איר נעסט און באָדט זיך אין שיין פון אַ וואַרעמען און זונענדיקן פרילינגס־מאָרגן.

דער אַלטער גענעראַל אַליין האָט זיך אויסגעדרייט צו זיין יונגער און ליבענדער באַגלייטערין און האָט זי אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט אַ קנאה־דיקן שמייכל... ער האָט באַניידעט דעם קלאַנג, די פרייד און ריטמוס פון אַ מוטיקער און זאָרגלאָז־פאַרשייטער יוגנט.

ווען דער אַלטער בעריל האָט דערזען דעם גאַסט איז ער פאַרצי־טערט געוואָרן פון פרייד און צוגלייך עפּעס פון אַ קלעמענדן אַנגסט־געפיל: ער האָט אין אים דערקענט דעם גענעראַל, וואָס איז בײַ אים פאַראַיאָרן איינגעשטאַנען די גאַנצע עשרת ימי תשובה, בשעת די מאַ־נעווורעס.

די עשרת ימי תשובה און דעם גוטן גענעראַל האָט ער נישט גע־קענט פאַרגעסן די גאַנצע צייט. איצט האָט ער אים איבערראַשט ווי אַן אומגעהאָפטער, אָבער געטרוימטער גאַסט.

— האָסט מיך דערקענט, באַלעבאָס? — פרעגט אים דער גענע־ראַל מיט אַ שמייכל.

ס'אַ חידוש אַ ביסל!

דער אַלטער איינפּאָר זיינער, וועלכער האָט זיך צעלייגט אין מיטן מאַרק־פּלאַץ, ווי אַן אויסגעגראָבענער סקעלעט פון אַ פּרעהיסטאָרישן מאַ־מאָנט, האָט דאָך נאָך די עשרת ימי תשובה באַלד אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ נייעם דאַך פון דראַניצעס, פון וועלכן עס האָט לאַנג גערעדט מיט קנאה דאָס גאַנצע קבצנישע שטעטל.

און דער בעל־אכסניה אין טלית־קטן קוקט אויפן גאַסט און אויפן דאַך און איז אימשטאַנד נאָר אַראָפּצונעמען די יאַרמולקע פון זיין גרייז־גרויען קאָפּ: קיין ווערטער האָט ער נישט פאַרן גוטן פריץ, וועלכער האָט געלאָזט אויף אים אַזאַ מערקווירדיקן איינדרוק און אַזאַ בענקענדע דערינערונג.

— דאָס איז מיין טאָכטער, נאַטאַשע! — האָט דער גענעראַל אָנ־געוויזן אויף דער קליינער, מונטערער שוואַלב. — נאַטאַשאַ! קום, וועל איך דיך באַקענען.

נאַטאַשע אָבער קוקט נאָך אַלץ אויף חיים-הירשס נבלות, אויף זיין צעלייגטער פּאָזע פון אַ שטאָלצן און גרויסאַרטיקן קוטשער, אויף דער אַלטמאָדישער טאַראַטאַיקע און לאַכט אָן אַ סוף, אַזוי ווי עמעצער וואָלט איר אָנגעדונגען צו לאַכן — אַזוי קאָמיש איז איר דער מערקווירדיקער

שפּאַן פון אדם הראשונס צייטן, אין וועלכן זי איז געפּאָרן פון דער באַן; אַזוי קאָמיש איז דאָס ערנסט־נאַרישע פּנים פון דעם קליינשטעטל־דיקן בעל־עגלה, וועלכער איז גאָר קיין נאַר נישט, אָבער ער שפּילט די ראָלע פון אַ מיליטער-קוטשער, בלויז פאַר איר פּאַרגעניגן, כדי זי זאָל קענען לאַכן.

און ווען זי דערזעט דעם בעל־אכסניה אין לאַנגן טלית־קטן צעלאַכט זי זיך מיט אַ נייעם געלעכטער.

— אָ, ווי קאָמיש! — קוויטשעט און צוויטשערט די מונטערע שוואַלב.

אַז דער פאָטער מיט דער טאָכטער זענען אָבער אַריין אין איינ־פּאָר, ווערט חיים הירש אויס מיליטער־קוטשער.

עס שטייט שוין אַרום אים אַ רעדל יידן מיט אַ כאַלאַסטרע באָר וויסע יינגלעך, מיט אַרויסגעלאָזטע, שמוציקע העמדלעך פון די מייטקע־לעך, און דער לאַנגער חיים-הירש שטייט שוין אָנגעשפּאַרט אויפן בלינדן דערעש זיינעם, וואָס איז נאָס פון שווייס און וייסן שוים, און זעט אויס־מיט די קרומע צעוואָרפענע פיס, ווי אַ סקעלעט, וועלכער איז איבערגע־צויגן מיט אַן אויסגעריבענער אַלטער פעל, פול מיט צרות, ער שטייט אָנגעשפּאַרט מיט דער ברייטער פלייצע זיינער אָן דעם לעבעדיקן זאַק ביינער מיט זיין אומעטיק אַראָפּגעלאָזטן פערדישן קאָפּ, האַלט די לאַנ־גע בייטש פאַרן פּנים, ווי אַ ביקס „נאַ קאַראַול" און דערציילט נסים:

— איך גיב אַ קוק באַם 14־טן נומער; אַה! אַה! אַ דעמיסיאָניר־טער גענעראַל קריכט מיר אַראָפּ מיט אַ פּריילין... אַז איך גיב מיך אַזוי אַ שטעל פאַר אים אין פראָנט: מיליטעריש. די בייטש „נאַ קאַראַול" ווי דער הייליקער „דיאַדקע", זכרונו לברכה, האָט מיך געלערנט, און מאַך אים דעם אמתן יברכך:

„זדראוואָ זשעלאַיעם וואַשע וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ!"

„אַז מיין גענעראַל גיט נישט אַ סאַלוטיר אָפּ און אַ ברום בקול רם... אויף דעם אמתן שטייגער... ווי אויף אַ פּאַראַד: „זדראַוו בראַ־טעץ": הע — טראַכט איך מיר — וחלקלקות! חיים־הערש האָט שוין געפּאַקט אַן אינדיק... צוויי גרויסע העכט אויף שבת.

— ביסט אַ באַלעגאַלע? — גיט מיך אַ פּאַק דער גענעראַל.

„יאָ, אייער עקסעלענץ, אַ בעל־עגלה!

„אויב אַזוי, פיר אונדז אין שטעטל אַריין".

„ראַד סטאַראַטסיאַ!‟ — ענטפער איך אים.

— בקיצור, וואָס זאָל איך אייך, יידן, בני־רחמנים, דערציילן? אַז איך כאַפּ אַרויף די צוויי פאַרשווינדלעך אויף מיין טאַראַטאַיקע און גיב נאָר אַ ריר מיט די לייצעס... אָן אַ בייטש... פון שלעכטס זאָל איך אַזוי וויסן, צי איך האָב זיך אפילו צוגערירט צו זיי מיט דער בייטש; איך האָב נאָר אַ געשריי געטון אויפן מאָסקווער שטייגער: „פּאַשאָל!‟ — אַז מיינע סוסים האָבן זיך אַ לאָז געטון: פּאַשאָל און פּאַשאָל... טאָלקאָ דערזשיס! — מאַמעניו מיינע! זינט איך בין בעל־עגלה האָב איך אַזאַ פאָרן נישט געזען, ווי מיר האָבן היינט, יידן, יום רביעי לבריאת העולם! איך האָב געמיינט, אַז זיי וועלן דעם וואָגן צעטראָגן וועלן זיי...

— אָט די נבלות? — האָט זיך אָנגערופן מיסטרויאיש עמעצער פון דעם רעדל.

— יאָ, די נבלות! איר קענט דאָך, דאַכט זיך, גוט אָט די בולאַנע שקאַפּידלע, מיטן אָפּגעהאַקטן עק... זאָלט איר, יידן, בני־רחמנים, געווען זען, וואָס פון איר איז געוואָרן! נאָר אַ שד איז אַריין אין דער שקאַפּע! אַזוי האָט זי געטראָגן... און דער בלינדער דערעש? — האָט ער אָנגעוויזן אויפן זאַק ביינער — איר וואָלט, יידן, באַדאַרפט זען, ווי אַזוי דער דערעש האָט עס נאָכגעטאַנצט דעם בולאַנעם און זיך אונטערגעהעצקעט מיט קרומען פון הינטן, כאַ, כאַ, כאַ! שדים, נישט קיין פערד! ווי מיר האָבן היינט יום רביעי לבריאת העולם! — האָט אויסגעשריגן חיים־הערש אויפן רעדל, און האָט זיך אַ בוכע געטון אין זיין ברייטער ברוסט ווי אין „על חטא‟, אַזוי, דאָס די יינגלעך מיט די וואַרעטשקעס האָבן זיך איבערגעשראָקן און זיך צעלאָפן ווי אַ מחנה פייגעלעך אין אַלע זייטן — און אין 30 מינוטן, ווי צו איין סעקונדע, זענען מיר געווען אָט דאָ... באַם טויער און ווייס! — האָט שטאָלץ געענדיקט דער בעל־עגלה זיין דערציילונג.

— ווייזט אויס, אַפּנים, אברהם, אַז פערד האָבן אויך דרך־ארץ פאַר אַ גענעראַל — האָט ער זיך געווענדט צו אברהם דעם מעקלער און האָט זיך גענומען מיט ליבע גלעטן דעם בלינדן דערעש זיינעם און צוגערעכט מאַכן אויף זיין האַלדז דעם אָרימען שפּאַן.

— יאָ. אַ גענעראַל איז אַ גענעראַל! — האָט צוגעגעבן דער מעקלער פאַרקלערט און האָט אַרויסגענומען פון זיין פושקע אַ דין פּאַפּיראָסל און האָט עס אַריינגענומען אין מויל אַריין.

און איידער ער האָט צייט געהאַט צו פאַרשליסן די פושקע, האָט חיים הערש שווייגנדיק אויך אויסגעצויגן צוויי לאַנגע פינגער נאָך אַ פּאַפּיראָסל. אברהם דער מעקלער, וועלכן דאָס שטעטל האָט גערופן „המן", האָט שנעל פאַרמאַכט די פושקע און געמאַכט אַ באַוועגונג זי צו באַהאַלטן. חיים הערש האָט עס באַמערקט.

— ווילסט, וועל איך דיך באַקענען מיט מיין גענעראַל — האָט אים דיפּלאָמאַטיש און מיט שטאָלץ פאַרגעשלאָגן דער באַלע־גאָלע.

— וואָס וועל איך האָבן דערפון?" — האָט אַ בורטשע געטון דער המן.

געמיינט אָבער האָט ער שוין אָפּצונאַרן די כאַליאַסטרע יידן, אַז קיינער פון זיי זאָל אים נישט פאַרלויפן און קאָנקורירן באַם גענעראַל.

פונדעסטוועגן האָט ער געעפנט צוריק די פושקע און האָט פון דאָרט מיט ציטערנדע פינגער אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָסל און האָט עס דערלאַנגט דעם בעל־עגלה.

דאָס האָט געגעבן קוראַזש אַנדערע יידן און דאָס רעדל האָט אָנגע־הויבן אויסשטרעקן הענט נאָך פּאַפּיראָסלעך.

המנס פּנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ בייזער ליים־געלער פאַרב, ער האָט מיט כעס פאַרמאַכט די פושקע און זי באַהאַלטן אין קעשענע אריין.

— איך האָב נישט! איך האָב עפּעס אַ פאַבריק פון פּאַפּיראָסלעך, האָב איך?

— המן! קענסט נישט המנען? — האָט זיך אָנגערופן משה דער קצב, אַ פעטער ייד, מיט אַ קושט ווייסע האָר איינגעוועבט אין אַ ברייטער שוואַרצער באָרד, און מיט צוויי פאַרבויגענע פינגער, מיט וועלכע ער פלעגט כסדר קעמען די זעלבע ווילד־צעוואַקסענע באָרד, מיט דער ווייסער לאַטע.

דער בייזער מעקלער האָט אויף אים אַ גלאַנץ געטון מיט זיינע שטאָל־גרויע אויגן און האָט זיך מיט כעס פאַרצויגן מיטן פּאַפּיראָסל.

די יידן האָבן זיך געשטעלט טרעפן, וויפיל חיים־הערש וועט פאַקן פאַר דער נסיעה. איינער האָט געזאָגט „אַ פינפערל", אַ צווייטער האָט געמאַכט מיט אַ גרויסן בטול: „העט!"

— און מער האָט איר, יאָלדן, קיין השגה נישט? — האָט גע־

זאָגט דער בעל־עגלה און האָט זיך געלאָזט גיין אין איינפאָר־הויז צו זיינע פּאַסאַזשירן. דער קצב האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג:

— גיב מיר אַ צי צו טון, גיב מיר, חיים־הערש! — האָט ער זיך געבעטן מיט אַ פאַרשמאַכטן, באַגערנדן פּנים פון אַ פאַסטענדן.

חיים־הערש האָט ווייט אויסגעשפּיגן און האָט אים דערלאַנגט זיין פּאַפּיראָסל. דער קצב האָט מיט אַפּעטיט זיך פאַרצויגן, איין מאָל, דאָס אַנדערע מאָל, אַזוי ווי ער וואָלט פאַרזוכט וויין אויף אַרבע כּוסות.

— הערסט, רויכער־זשע נישט אויס אינגאַנצן! — האָט אויסגעשריגן דער בעל־עגלה מיט אַ געמאַכטן כּעס.

— גיי אין דר'ערד אַריין! אַ ייד, אַז מ'גיט איין צי, וועט ער אויסרייכערן אין גאַנצן! — און ער האָט אויסגעריסן באַם קצב פון מויל דאָס פּאַפּיראָסל און איז אַריין מיט די צוויי לאַנגע פיס אין איינפאָר.

— אַז מען האָט נישט, רייכערט מען נישט! — האָט געזאָגט המן צום קצב, בליאַסקענדיק בייז און מיט פאַראַכטונג מיט זיינע צוויי גרויסע גלעזערנע אויגן.

— המן!... געפעלט אייך המן? — האָט זיך דער קצב געווענדעט צום רעדל.

---

די נאַכריכט, אַז בא בערל דעם בעל־אכסניה האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ גענעראַל, האָט זיך באַלד מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ צעשפּרייט איבערן איינגעשלאָפענעם שטעטל און האָט עס אויפגערודערט. ווייבער אין טשעפּקעס מיט צעפּאַטלטע האָר האָבן אַרויסגעקוקט פון די פענסטער; מאַנסבילן האָבן אויף זיך אַרויפגעוואָרפן משום דרך־ארץ די כאַלאַטלעך און האָבן זיך אַ לאָז געטון צום איינפאָר־הויז. דאָס רעדל אַרום חיים הערשס טאַראַטאַיקע, וועלכע איז שוין געווען געפּאַקט מיט חדר־יינגלעך, האָט געהאַלטן אין וואַקסן. חיים הערש איז נאָך אַלץ נישט אַרויסגעגאַנגען פון גענעראַל און דער עולם האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין טרעפן, וויפיל ער האָט גענומען... אַ דרייערל, צי אַ פינפערל... און צוליב וואָס איז דער גענעראַל בכלל געקומען.

פון דעם אָפענעם פענסטער האָט זיך געטראָגן חיים־הערשס סאָל־

דאַטסקע שטימע און נאַטאַשעס געלעכטער. המן דער מעקלער האָט זיך געדרייט אַרום דעם פענסטער און האָט געדרייכערט אַ פּאַפּיראָסל נאָך אַ פּאַפּיראָסל. דער מעקלערישער חוש זיינער האָט שוין דערשמעקט, וואָס עס טוט דאָ דער גענעראַל, און זיין קאָפּ האָט שוין פאַנטאַסטיש קאָמבינירט קניות מיט מכירות. אַריינגיין אָבער צו אים האָט ער נישט געוואָלט כּל־זמן די „מנוולים" שטייען. מנוולים האָבן בּאַ אים געהייסן דאָס רעדל יידן און דאָס גאַנצע שטעטל קבצנים, אויף וועלכע ער אַליין, אַלס קבצן, האָט געקוקט מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג.

ער האָט געזען, אַז דאָס רעדל לאָזט אים פון די אויגן נישט אַראָפּ, און אַזוי ווי ער וועט נאָר אַריין צום גענעראַל, וועט נאָכלויפן משה דער קצב און אַלע איבעריקע „יאָלדן", וועלכע האַלטן זיך פאַר מעקלערס, מישטיינס געזאָגט, און ווייסן אין דער קונסט אַזוי פיל, ווי אַ האָן אין „בּני־אדם".

• • •

און אַזוי ווי דאָס רעדל איז געשטאַנען און האָט זיך געשאַרפט דעם מוח וועגן דעם גענעראַל, איז צום איינפאָר־הויז צוגעפאָרן אַן אָפענע קאַרעטע מיט אַ פּוילישן שפּאַן פון 4 יונגע שפּאַקעס, וואָס זענען געווען גלייך איינס צום אַנדערן ווי 4 טראָפּנס וואַסער, אַזוי ווי איין מוטער האָט זיי טאַקע געהאַט. און פון דער קאַרעטע איז אַרויסגעשפּרונגען דער יינגער גראַף סווינטשיצקי, דער בּאַלעבאָס פון שטעטל, אַ יונגער פּאָליאַק, מיט אַ פּאָר גראָבּע, בּייז און שטאָלץ פאַרדרייטע און ווי פּייער רויטע וואָנסעס.

ער איז אַרויסגעשפּרונגען עלעגאַנט און לוסטיק, לייכט ווי זיינע פיר שקאַפּעס זענען געווען.

די יידן האָבן שוין גוט געקענט זייער פּריץ און זיינע געפילן צו זיי. . .

דאָס רעדל האָט דערפאַר שנעל אַראָפּגעכאַפּט די היטלען, האָט זיך צוזאַמענגעפּרעסט און זיך פּאָרזיכטיק אָפּגערוקט אין אַ זייט.

דער פּאָליאַק האָט זיך אָבער דערמיט נישט צופרידנגעשטעלט, ער האָט זיך צעשריגן און צעטופּעט:

— וואָס האָט איר זיך, זשידעס, פּסיאַ־קרעוו, דאָ צוזאַמענגעקליבן ?

יאַן! צעטרייב זיי נאַר! — האָט ער זיך געווענדט צו זיין קוטשער.

יאַן איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קעלניע און האָט אַ שוונג געטון אין דער לופטן מיט דער לאַנגער בייטש. די יידן זענען זיך צעלאָפן.

— אָט אַזוי! — האָט געקוואָלן המן דער מעקלער, און האָט זיך אָבער אויך פּאַרזיכטיק אָפּגערוקט אין אַ זייט.

אַז יאַנס בייטש האָט נישט געקאָנט דערגרייכן די יידן, האָט זי נישט אויסגעלאָזט אָבער חיים-הערשס נבלות. ער האָט זיי דערלאַנגט אַ פּאָר גוטע בייטשן און די צוויי פּאַרמאַטערטע און אומעטיק-איינגעשלאָ־פענע נבלות מיט די אַרונטערגעלאָזטע קעפּ האָבן זיך פּלוצלינג אַ ריס געטון פון אָרט און זענען אַוועק צום שאָסעע מיט די חדר-יינגלעך אין וואָגן, וועלכע האָבן געמאַכט אַ געוואַלד, אַז דער גענעראַל מיט נאַטאַשען זענען צו, איבערגעשראָקענע, צום אָפענעם פענסטער.

— סאַראַ שווינעריי! — האָט זיך געבייזערט אויף די צוויי נבלות און אויף די יידן דער פּאָליאַק און האָט זיך מיט אַן אויסדרוק פון עקל און באַליידיקונג געלאָזט גיין אין איינפאָר-הויז.

חיים-הערש אַליין איז באַלד אַרויס פון דאָרטן ווי אַן אָפּגעפּאַרע־טער, האָט אָנגעהויבן וואַרפן לאַנגע פיס און שרייען „טפּררו! סטאָי!"

ווען ער האָט געכאַפּט זיינע פערד, האָט ער אַראָפּגעטריבן די חדר-יינגלעך — זיינע אייגענע קינדער און פּלימעניקעס האָט ער, נאַטיר־לעך, געלאָזט אין וואָגן — איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אים, האָט פאַר־קירעוועט די פערד און שטייענדיק ווי אַ לאַנגער לץ, האָט ער זיך אַ לאָז געטון איבערן מאַרק-פּלאַץ צו זיך אַ היים.

ווען ער האָט אָנגעיאָגט דעם גראַפס קאַרעטע מיט די שפּאַקעס האָט ער זיך צעפּאָכעט מיט דער פּוזשאַלע און האָט דערלאַנגט דעם אויס־געפּוצטן יאַנען אַזאַ שמיר איבערן קאָפּ, אַז ער האָט אים אַרונטערגע־שליידערט זיין שיינעם לאַקירענעם קאַשקעט, וואָס איז געשטאַנען אויף זיין קאָפּ ווי אַ קוימען, און איז אַוועק צו זיך אַהיים.

די יידן פון וויטנס האָבן זיך אַזש איבערגעשראָקן, האָבן אָבער צו גלייכער צייט זיך מחיה געווען פון דער נקמה אָן דעם פּאַרפּוצטן קוטשער.

דער בעל-עגלה איז געווען דער איינציקער אין שטעטל, וועלכער

װאָלט געװאָגט דערלאַנגען מיט דער פּוזשאַלע דעם עלעגאַנטן גראַף אַליין מיט די צװיי רויטע פּאַרדרייטע װאָנסעס.

— חיים־הערש! געכאַפּט אַ דריידל? האַ? — האָט אים נאָכגע־שריגן חיים־יונה דער מייטשאַר, װעלכער האָט געהאַנדלט אויך מיט האָבער.

— מער װילסטו נישט? וחלקלקות, יאָלדן! אַ גאַנץ צענערל אויף שבת! — האָט געשריגן דער לאַנגער לך פון תּאָגן — װיאָ! חשתרנים, אַ פּגירה אויף אייך! אַהיים צו חיה־גנענדל אויף שבת! פיש מיט קוגל װעט זי אייך געבן! — האָט ער געשריגן און געשמיסן די שפּרינגענ־דיקע נבלות, האָט באַלד פאַרקירעװעט אין אַ געסל און איז פאַרשװוּנדן געװאָרן.

---

סװינטשיצקי איז אַריינגעגאַנגען צום גענעראַל אַן אויפגערעגטער און באַליידיקטער, אַזוי װי די יידן װאָלטן שוין מיט זייער עקזיסטענץ אַליין אים שטאַרק באַליידיקט.

— גענעראַל! אום גאָטעס װילן! װוהין זענט איר פאַרפאָרן? אין אַזאַ שמוציקער זשידאָװסקער קרעטשמע? פוי, װי איז דאָס מעגלעך? — האָט ער געזאָגט מיט אַן עקל אויף זיין אומבאַװעגלעכן פּנים.

דאָ אָבער האָט ער באַמערקט די קליינע דאַמע מיט די צװיי לאַ־כעדיקע שװאַרצע אויגן און זיין בייזער, באַליידיקטער פּנים האָט זיך באַלד באַלויכטן מיט אַ צוקער־זיסן שמייכל פון אַ גאַלאַנטן פּאָליאַק.

— „מאַיע שאַנאָװאַניע״! — האָט ער זיך פאַרבויגן פאַר נאַטאַשען, אַראָפּציענדיק שנעל זיין הענטשקע.

דער גענעראַל האָט אים פאַרגעשטעלט זיין טאָכטער, אָבער אָן חשק און צעשטרייעט. ער האָט שוין דעם פּראַנטעװאַטן פּאָליאַק גע־קענט און נישט ליב געהאַט. סװינטשיצקי האָט איר אַ קוש געטון אין האַנט.

— איר בלייבט דאָ קיין מינוט נישט מער — האָט כמעט באַפוילן דער יינגער גראַף, װעלכער האָט אפילו מורא געהאַט זיך צו זעצן אין דער זשידאָװסקער קרעטשמע.

— פאַרוואָס? — האָט אים געפרעגט נאַטאַשאַ און האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר נאַיווע פרעגנדע אויגן.

— פאַמיליאַריטע... ווי קאָנט איר דאָ שטיין, אין אַזאַ שמוץ? איר פּאָרט באַלד איבער צו מיר אין פּאַלאַץ אַריין. מיין קאַרעטע שטייט דאָ אין דרויסן.

נאַטאַשאַ איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט געכאַפּט אַ קוק אויף זיינע עלעגאַנטע שפּאַקעס, האָט זיך דערמאַנט אָן באַלעגאַלעס שפּרינגענדע נבלות און האָט זיך ווידער הויך צעלאַכט.

— ווען איר, גראַף, זאָלט געווען זען וואָס פאַר אַ שפּאַן עס האָט אונדז געבראַכט פון דער באַן, כאַ, כאַ, כאַ!

— איך האָב אים שוין געזען... איך וואָלט בעסער צופוס געגאַנגען און וואָלט נישט געפאָרן אין אַזאַ זשידאָווסקע טאַראַטאַיקע. פאַרוואָס האָט איר מיר נישט טעלעגראַפירט? איך וואָלט אייך אַרויסגעשיקט מיינע פערד.

— וואָס פאַר אַן אינטערעס איז דאָס צו פאָרן מיט אַזוינע עלעגאַנטע שפּאַקעס? זעט איר... אין אַ טאַראַטאַיקע, אַז זי זאָל טרייסלען און וואַרפן ביז אין הימל, מיט אַזאַ פּאָטעשנע בעל-עגלה, כאַ, כאַ, כאַ, דאָס איז אַ שפּאַס!

סווינטשיצקי האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

אַזאַ יונגע מוטיקע שוואַלב האָט ער אין זיין לעבן נאָך נישט געזען.

— זעצט אייך, גראַף! — האָט אים איינגעלאַדן דער גענעראַל.

— ניין, איר בלייבט דאָ קיין מינוט נישט מער! איר פּאָרט צו מיר — האָט פּראָטעסטירט דער פּאָליאַק.

— שטותים! — האָט אַ בורטשע געטון דער גענעראַל. — איז דען נישט אַלץ איינס? שטעלט אייך פאָר, איר זענט אין אַ מלחמה און איר ווינט אַמאָל חדשים-לאַנג אין אַן ערד-שטיבל. מיר, מיליטער-לייט, זענען צו אַלעמען געוווינט. איבעריקנס, אָט איז דער סאַמאָוואַר און מיר וועלן טרינקען טיי.

חיים-יאָשע דער משרת האָט אַריינגעטראָגן אַ קאָכעדיקן סאַמאָוואַר און האָט אים אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

— ווירקלעך — האָט געזאָגט נאַטאַשע — איז דען נישט אינטערעסאַנט צו טרינקען טיי אין אַזאַ איינפּאָר, פּונקט ווי פּאָרן אויף אַ

טאַראַטאַיקע מיט אַזאַ בעל־עגלה ? כאַ, כאַ, כאַ ! זעצט אייך, גראַף, און טרינקט מיט אונדז טיי.

דער גראַף האָט דער דאַמע שוין נישט געקענט אָפּזאָגן, ער האָט אַרונטערגענומען די צווייטע הענטשקע, האָט געכאַפּט אַ קוק אויפן שווערן אַלט־מאָדישן שטול און האָט זיך מיט אַ קוים באַוועלטיקטן ווידערווילן צוגעזעצט צום טיש. דער גענעראַל האָט זיך גענומען רעדן פון שטעטל, פון גוט, וואָס ער איז געקומען קויפן בײַ דעם אייגנטימער. מען האָט נאָך געדאַרפט אויסמעסטן די ערד, דעם וואַלד.

דער ייִנגער גראַף האָט אָבער נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון זיין קליינער און שיינער טאָכטער.

---

ווי זיי זענען אַזוי געזעסן און האָבן גערעדט, האָט די טיר אַ שטילן סקריפּ געטון, האָט זיך לייכט געעפנט און אין דעם חלל האָט זיך באַוויזן צומערשט אַ ציגן בערדל פון פלאַקס און דערנאָך שוין אַ גאַנץ פּנים.

דאָס איז געווען אברהם דער מעקלער.

נאַטאַשע איז געווען די ערשטע אים צו באַמערקן.

די אַרט ווי די טיר האָט זיך געעפנט, דאָס פּאָרזיכטיקע דערשייַנען, צומערשט פון אַ בערדל און דערנאָך פון דעם גאַנצן קאָפּ, האָט בײַ איר אַרויסגערופן אַ נייעם אויסברוך פון געלעכטער.

די מענער האָבן זיך אויך אומגעקוקט.

דעם גראַפס פּנים איז געוואָרן אַזש גרין פון כעס.

נאַטאַשעס שטורמישע געלעכטער און דעם גראַפס פּנים מיט די גזלנישע אויגן האָבן דעם ייִד איבערגעשראָקן ; ער האָט שנעל פאַרמאַכט די טיר און איז צוריק פאַרשווּנדן מיטן בערדל.

נאַטאַשאַ האָט זיך נאָך העכער צעלאַכט און געכאַפּט פאַר די זייטן, אַזוי קאָמיש איז איר פאָרגעקומען דאָס פאָרזיכטיקע דערשיינען, צוערשט פון בערדל און דערנאָך פון קאָפּ, און דאָס שנעלע פאַרשווינדן פון ביידע.

— דאָס הייסט אַ פּאַסקודנע פאָלק ! — האָט זיך אָנגערופן דער

פאַליאַק און איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט. — מיין לעבן האָבן זיי מיר פאַרדאָרבן.

נאַטאַשאַ האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט צו לאַכן און האָט אָנגעשטעלט אויפן גראַף אַ פּאָר ערנסטע, פרעגנדע אויגן.

דער גענעראַל האָט זיך אויך בייז אויפגעהויבן פון זיין שטול און האָט זיך גענומען נערוועז שפּאַנען הין און צוריק איבערן גרויסן צי־מער.

די טאָכטער האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף אים אומרויקע בליקן. זי האָט געזען, אַז איר פאָטער איז שוין אויפגערעגט, און האָט מורא גע־האַט פאַר זיין שוואַך האַרץ.

דער פּאָליאַק האָט אָבער געמיינט, אַז דאָס דערשיינען פון דעם ייד האָט אויך דעם גענעראַל אויפגערעגט און ער האָט זיך גענומען שפּריצן מיט דער קאָכעדיקער אַנטיסעמיטישער גאַל זיינער, ווי אַ שלאַנג מיט גיפט.

— גלויבט מיר, אַז אויב איך פאַרקויף מיין גוט, איז דאָס נאָר צוליב די פאַרכאַטע זשידעס. . . איך זאָל זיי מער נישט אָנקוקן!

דעם גענעראַלס האַלדז איז געוואָרן צורערשט רויט און דערנאָך בלוי פון כּעס און אויפרעגונג. ער האָט געוואָלט אויסשרייען: „לייגסט, פּאָליאַטשאָק! דעם מאַיאָנטעק מוזסטו פאַרקויפן, ווייל אויב נישט וועט אים די באַנק פאַרקויפן אָן דיר, פאַר דיינע חובות, וועלכע דו האָסט אָנגעמאַכט מיט דיין שפּיל אין מאָנטע קאַרלאָ" — ער האָט זיך אָבער באַוועלטיקט און האָט זיך גענומען ווייטער שפּאַנען.

— וואָס טוען זיי אייך? זיי זענען דאָך פרידלעכע מענטשן! — האָט אים געפרעגט נאַטאַשע. די גאַנצע פריילעכע שטימונג איז אויס־געלאָשן געוואָרן און זי האָט זיך צוזאַמענגעדרייט ווי אַ פייגעלע פאַר אַ שטורם.

— וואָס זיי טוען מיר? איר וועט לעבן צווישן זיי, וועט איר וויסן, וואָס פאַר אַן אומה דאָס איז.

דער גענעראַל האָט אָפּגעשטעלט זיין בייזן, נערוועזן לויפן איבערן צימער, האָט אָנגעשטעלט אויפן פּאָליאַק אַ פּאָר פלאַמענדיקע אויגן איבער די גאָלדענע ברילן זיינע, האָט אים אָבער צוגעוואָרפן נאָר אַ בייזן פאַראַכטנדיקן „טשעפּוכאַ" און האָט זיך ווייטער גענומען לויפן.

— טשעפּוכאַ, זאָגט איר? אָט ליגט פאַר אייערע אויגן אַ שטעטל — דער פּאָלאַק איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענסטער און האָט אויפגע־

הויבן מיט עקל דאָס פאַרשטויבטע פאָרהענגל און האָט זיי געוויזן מיט דער האַנט אויפן שטעטל. — אַ טיפּיש יידיש שטעטל. גיט אַ קוק! קיין איין ביימל פאַר אַ הויז, קיין איין גרעזל אַרום אַ שטוב... קיין שטיקל גאָרטן! קיין איין פאָלק אין דער וועלט וועט זיך אַזוי נישט באַזעצן אויף אַ פלאַץ. נעמט אפילו אייערס אַ רוסיש שטעטל... עס איז דאָך איינגעטונקט אין גרינס און אין ביימער, גלויבט מיר, אַז איך דאַרף דורכפאָרן דורך דעם נאַקעטן און שמוציקן שטעטל מיט די אומציילִיקע קלייטלעך, פיל איך אַן עקל, אַ שוידער — האָט געענדיקט דער פּאָליאַק, ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער פון עקל און שוידער.

דער גענעראַל האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָנט לעבן אים, האָט אים אַריינגעקוקט אין פּנים און האָט געזאָגט, אויך אַ ציטערנדיקער פון אַ שווער באַוועלטיקטער אויפרעגונג:

— ווייסט איר, ווער עס איז אין אַלעמען שולדיק? איר קריסטן!

דער פּאָליאַק האָט געכאַפּט אַ שנעלן קוק, צורעשט אויף אים און דערנאָך אויף דער טאָכטער, און האָט זיך בייז פונאַנדערגעלאַכט:

— מיט וואָס? דערמיט וואָס דאָס פּאַראַזיטן־פאָלק, דאָס פאָלק פון פּראָצענטניקעס און שאַכערמאַכערניקעס האָט נישט קיין חוש פאַר נאַטור, פאַר שיינקייט, ווי מיר, קריסטן? אַ ייד האָט אַרענדירט באַ מיר ערד, זאָלט איר זען, וואָס ער האָט פון דעם געמאַכט: ער האָט זי אויסגעזויגן ווי אַ ציטרין. דעם גאָרטן פאַרנאַכלעסיקט, צעבראָכן.

דעם גענעראַלס האַלדז איז ווידער געוואָרן בלוי פון כּעס, ווי אַ מילץ.

— יינגערמאַן! — האָט ער זיך געווענדט צו אים גאַנץ גרינגשעציק — האָט איר אַמאָל געלעזן תּהלים? דעם יידישן תּהלים?

— וואָס איז דען? האָט אים בייגעריק געפרעגט דער גראַף.

— האָט איר אין אַן אַנדער וועלט־ליטעראַטור אַזעלכע פּערל? האָט נאָך אַ פאָלק אין דער וועלט אַזוי שיינע זאַכן געשאַפן, האַ? ענטפערט מיר, ווען איך רעד צו אייך, יונגערמאַן! — האָט שוין אויף אים געשריגן, ווי אויף אַ פּראָסטן סאָלדאַט, דער אַלטער, אויפגערעגטער גענעראַל.

דער פּאָליאַק איז געוואָרן צורעשט רויט, דערנאָך בלייך פון באַליידיקונג. ער האָט זיך אָבער באַלד ווידער גיפּטיק צעלאַכט.

— ווי איך זע, גענעראַל, זייט איר מיר אַ צו גרויסער יידנ־

פריינד. ווי עס ווייזט אויס, פאַרערט איר איינפאַך די זשידעס. כאַ, כאַ, כאַ.

— יידנפריינד! יידנפריינד! — האָט אים איבערגעקרימט דער אַלטער מאַן — אַ מענטש דאַרף זיין געדעכט צו אַלעמען, צו יידן ווי צו קריסטן — און ער האָט זיך ווייטער געלאָזט שפּאַנען איבערן צימער.

דער פּאָליאַק איז געשטאַנען ווי אַן אָפּגעשמיסענער און האָט נישט געוווּסט, וואָס פאַר אַ טאָן ער זאָל שוין נעמען. באַליידיקן זיך האָט ער מורא געהאַט: זיין גוט האָט די באַנק שוין געשטעלט אויף ליציטאַציע. און ער האָט עס געמוזט פאַרקויפן וואָס פריער. און די גאַנצע ווענדונג איז פאַר אים געווען אַזוי אומערוואַרטעט, כמעט אַן איבעראַשונג. ער האָט נאָך אין לעבן נישט באַגעגנט קיין איין קריסט, ובפרט אַ רוסישן גענע־ראַל, וועלכער זאָל אַזוי פאַרטיידיקן יידן און נעמען צום האַרצן אַזוי שטאַרק זייער עהרע, און ווערן בלוי פון אויפרעגונג.

ער האָט צוגעוואָרפן אַ פרעגענדן בליק צו נאַטאַשען, און אויך זי איז צו זיין באַוווּנדערונג געזעסן אָנגעכמורעט און האָט געשוויגן. און דאָס האָט איר אַזוי נישט געפּאַסט. דאָס פאַרכמורעטע פּנים האָט מיט אַמאָל פאַרלוירן דעם גאַנצן פריערדיקן מונטערן רייץ אין זיינע אויגן און דעם גאַנצן חן. און דאָס האָט אים פאַרדראָסן מער ווי די גאַנצע געשיכטע.

— דו ווייסט אין וועמען דער יונגערמאַן דערמאַנט מיך? — האָט זיך געווענדט דער פאָטער צו דער טאָכטער — אין דיין בראַטאָק.

— שמייכלט מיך זייער, גענעראַל — האָט זיך גאַלאַנט און איראָ־ניש פאַרבויגן דער גראַף.

— ס'דאַרף אייך ווייניק וואָס שמייכלען, גראַף!... איך האָב אַ זונדל, אַ יונגערמאַנטשיק ווי איר... אפילו זייער געבילדעט, און שוין אַ פּראָקוראָר צו 35 יאָר, נאָר איז אויך אַזוי ווי איר, אַ פאַרפלוכטער קאַריעריסט — האָט געזאָגט דער גענעראַל מיט אַ שוידער איבערן קער־פּער, פון וועלכן מען האָט געקענט לערנען, אַז די באַציונגען צווישן פאָטער און זון זענען געווען ווייט פון פריינדלעכע.

נאַטאַשע איז בלייך געוואָרן און האָט צוגעוואָרפן אַן איבערגעשראָ־קענעם בליק צום גראַף.

— אַזוי? — האָט זיך דער גראַף אָנגערופן איראָניש — איך בין דאָך אָבער נישט קיין באַאַמטער, און האָב קיינמאָל נישט געשטרעבט צו

זיין אַ רוסישער באַאַמטער. איך האָב זיי ליב נישט מער ווי די זשידעס — האָט זיך שוין געביסן דער באַליידיקטער גראַף.

— דער פּאַפּאַ מיינט נישט איין, גראַף — האָט נאַטאַשע געפּרוּווט אַנטשולדיקן דעם פאָטערס בייזן און נישט־העפלעכן טאָן. — ער מיינט איבערהויפּט מיין ברודער. זיי האָבן שטענדיק צווישן זיך קאָנטראַ־ווערסן.

— קאָנטראַווערסן! קאָנטראַווערסן! — האָט אויפגעציטערט דער פאָטער, ווי פון שלעכטע און אומגערעכטע ערינערונגען. — פאַר קיין זאַך אין דער וועלט וועלן זיי זיך נישט אָפּשטעלן. גאָרנישט הייליקעס איז דאָ בײַ זיי. פונוואַנען, פרעג איך אייך, האָט זיך גענומען אַזאַ יינגער דור? — האָט ער געפרעגט דעם גראַף.

דער גראַף האָט פאַרוואונדערט געקוקט אויף אים און אויף זיין קליינער טאָכטער, און האָט געקנייטשט מיט די פּלייצעס.

— נעמט עס נישט פאַריבל, גראַף — האָט אים שטיל צוגעוואָרפן נאַטאַשאַ מיט אַ בעטענדן שמייכל פון פאַרלעגנהייט. — ער איז קראַנק און שטענדיק אַזוי אויפגערעגט.

איצט האָט סווינטשיצקי אַלץ פאַרשטאַנען.

— איך זע... איך זע! — האָט ער איר צוגעוואָרפן מיט אַ שמייכל, וועלכער באַדויערט און אַנטשולדיקט און האָט זיך גענומען געזעגענען.

פונדעסטוועגן האָט ער אינמיטן געפרעגט:

— פאָרט איר נישט אַריבער צו מיר?

— איך דאַנק! מיר שטייען דאָ, גראַף — האָט אים דער גענעראַל אָפּגעענטפערט אַנטשלאָסן, צווישן די ציין. — איר שיקט בעסער נאָך אַ נאָטאַריוש און מיר וועלן שרייבן אַ קופּטשע.

— ווי איר ווילט! — האָט זיך באַליידיקט אָנגערופן דער גראַף, האָט זיך קאַלט פאַרנייגט און האָט מיט עקל און בייזן שטאָלץ אויפן פּנים פאַרלאָזט די יידישע אכסניה.

# די נייע האָפנונג.

עס זענען אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר טעג.

דער גענעראַל האָט אויס העפלעכקייט אָפּגעגעבן דעם גראַף אַ וויזיט, האָט געגעסן באַ אים אַ וואַרימעס, האָט זיך אָבער איינגעעקשנט און האָט בשום אופן נישט געוואָלט זיך אַריבערקלויבן צו אים אין פּאַלאַץ אַריין, און איז געבליבן באַ בערל דעם בעל-אכסניה.

נאָר נאַטאַשע האָט זיך באַלד באַפריינדעט מיט דעם אייגנטימער פון שטעטל און מיט דער גרעפין, און זי פלעגט פאַרברענגען גאַנצע שטונדן אין שלאָס.

דער גענעראַל איז געוואָרן גאַנצע טעג באַשעפטיקט: מען האָט געדאַרפט מאַכן אַן אינווענטאַר פון אַ גאַנצן שלאָס, פון פינף גרויסע דערפער, איבערציילן און אויפנעמען דעם לעבעדיקן און טויטן רעמאַנענט.

צו דעם צוועק האָט ער אַרויסגערופן אַן עקאָנאָם זיינעם, אַ קאַצאַפּ פון די סובאָטניקעס, וועלכער האָט געדינט אויף זיין גוט אין סאַמאַרער גובערניע.

דער קאַצאַפּ פלעגט צופאָרן גאַנץ פרי, מיט זון-אויפגאַנג, אויף אַ ליניי‌קע, געשפּאַנט מיט איין פערד. דער גענעראַל פלעגט זיך אַרויפזעצן רייטנדיק אויף אים, מיטנעמען מיט זיך המן דעם מעקלער, וועלכער האָט זיך דעמזעלבן טאָג פון זיין אָנקומען צו אים אַריינגעדרייט. און אַזוי פלעגן זיי אַלע דריי אַרומפאָרן דעם גאַנצן טאָג צווישן די פאָלוואַרקעס און פעלדער.

שבת פלעגן אַלע רוען, צוליב דעם עקאָנאָם דעם סובאָטניק און צוליב דעם יידישן מעקלער.

דאָס שטעטל האָט שוין נאַטירלעך געוווּסט, אַז דער גראַף האָט פאַרקויפט זיין מאַיאָנטעק, און פאַרוואָס ער האָט אים פאַרקויפט; אַז ער איז פאַרפלאָנטערט און וועט אַרויס נקי מיטן בייטשל, און עס האָט דערלעבט אַ גרויסע נקמה.

פאַר דעם אויפגערודערטן שטעטל האָט זיך איבערהויפּט אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע מיט נייע האָפנונגען.

זינט דער יונגער גראַף האָט איבערגענומען פון זיין מוטער, דער פארשווענדערין, דעם גוט, האָט ער צוגענומען באַ די יידן די פּאָסעסיעס, די מיל, די גערעלניע, אַרויסגעטריבן אַלע יידישע קרעטשמערס, אָפּגעזאָגט אַלע יידישע אָנגעשטעלטע, קורץ, געמאַכט אַזוי, אַז אַ ייד זאָל נישט פאַרדינען קיין קאָפּיקע אין דער עקאָנאָמיע. פאַר דער פרנסה פון אָרימען שטעטל איז דאָס געווען אַ טויט־קלאַפּ.

דערמיט אָבער האָט זיך דער צורר היהודים נישט צופרידנגע־שטעלט, ער האָט פאַרבאָטן צו נעמען יידישע בהמות אויף זיין פּאַשע, ווען אַ ייד זאָל אפילו געבן אַ פינף־און־צוואָנציקער. דאָס איז געווען פאַרן שטעטל אַן אמתע גזרה.

דערנאָך האָט ער אויסגעבויט אין שטעטל אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם, וועלכע האָט אָנגעהויבן קאָנקורירן מיט די יידישע קרעמלעך און צוגע־מען דעם לעצטן ביסן ברויט. פּטור ווערן פון אַזאַ המן האָט געהייסן פאַרן שטעטל אַן אמתע ישועה.

און אַז דער נייער באַלעבאָס וועט זיין אַ בעסערער — זענען זיי אַלע שוין געווען מער ווי זיכער: די געשיכטע מיטן שמש, וועלכן אַן אָפיציר האָט צעבלוטיקט צו שלש־עשרה מדות פאַראַיאָרן בעת די מאַ־נעוורעס, און דאָס אָננעמען זיך פון גענעראַל, וועלכער האָט אים דער־נאָך געשאָנקען אַ רויט צענערל אויף יום-טוב, איז זיי געלעגן גוט אין זכרון און מען האָט גערעדט פון אים לאַנג. איצט האָט דאָס שטעטל די מעשה ערשט אויפסניי אויפגענומען און האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן פון איר.

ווייטער האָט בעריל דער בעל־אכסניה נישט אויפגעהערט דאָס גאַנ־צע יאָר סתּם צו דערציילן אין בית־המדרש גאַנצע נסים פון דעם „מערק־ווירדיקן הויפּטקאָמאַנדיר“, וועלכער האָט זיך דאַן געהייסן קאָכן פיש, האָט געגעסן קוגל אום שבת, האָט אויסגעפרעגט אַלע איינצלהייטן אין שטעטלס לעבן, און האָט אַזוי גוט באַצאָלט, אַז בעריל האָט געקענט אַרויפציִען אַ האַלבן דאַך פון דראַניצעס אויפן אָפּגעריסענעם איינפאָר. דער אַלטער בעריל האָט אים דערקלערט פאַר איינעם פון די חסידי אומות־העולם און האָט אויפגעוויזן מיט גמרות, אַז אַזעלכע קאָנען אויך האָבן אַ חלק לעולם הבא.

עס איז דערפאַר קיין וווּנדער נישט, וואָס דער נייער באַלעבאָס

האָט אַרויסגערופן האָפנונגען אין שטעטל, אַז די פּרנסות, וואָס דער גראַף האָט צוגענומען בײַ די יידן, וועלן זיך צוריק צו זיי אומקערן.

ווייטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט מעקלעריי. דער גענעראַל האָט אפילו אַליין, דורך בריוו, אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען וועגן קויפן דעם גוט און קיין מעקלערס האָבן בײַ דעם שוין נישט געהאַט וואָס צו טון, קיין שייכות אָבער צו מעקלעריי האָט דאָס נישט געהאַט.

ראשית קומט מעקלעריי יעדן, וועלכער טשעפּעט זיך צו, אַז מען זאָל אים געבן. די פראַגע איז נאָר געווען, ווי אַזוי מען זאָל זיך צוטשעפּען. שנית, האָט זיך שוין המן דער מעקלער צוגעטשעפּעט, און דאָס שטעטל האָט געוווסט, אַז המנשע, שרה די לאַנגע, האָט שוין אָנגעהויבן צו קויפן די פיינסטע פיש אויף שבת, און האָט שוין אַריינגעוואָרפן דעם קצב און דעם מעטשאַר צו פינפערלעך אויף חוב.

הייסט עס, אַז המן זאָל די כּפּרה ווערן, וועלכער האָט שוין אַ יאָר קיין קערבל נישט פאַרדינט און איז בלוי ווי אַ מילץ, ווי דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוווסט אויסנווייניק, האָט געמוזט כאַפּן בײַם גענעראַל עטלעכע קערבלעך.

און פאַרוואָס קומט עס אים?

ווער קען עס נישט זיין קיין מעקלער גלייך מיט אים?

און אַזוי האָבן די יידן אָנגעהויבן זיך דרייען אַרום איינפאָר, נאָכשפּירן דעם גענעראַלס שריט און טריט.

אינדערפרי, איידער ער פלעגט אַרויספאָרן אויף די פעלדער, פלעגן זיי זיך צוזאַמענקלויבן אין אַ רעדל אַרום דעם איינפאָר, אונטער זיינע פענסטער און אים וועקן פון שלאָף מיט זייער גאַרגלען.

המן דער מעקלער פלעגט ווערן בלוי פון כעס און ער פלעגע זיי שרעקן, אַז דער גענעראַל וועט ברענגען אַ סאָטניע קאָזאַקן און מען וועט זיי טרייבן מיט נאַהאַיקעס. נישט איינמאָל פלעגט דער אַלטער בעריל מפסיק זיין דעם חוק, אָדער דעם תהילים, אַרויסגיין צום רעדל, און קלאַפּנדיק מיט דער האַנט איבערן מויל שרייען אין לשון קודש:

„נו, אָ... חלול השם! פּריץ גדול ישן... מי גדול כשר הצבה? חיים־יוסי! מדוע אתה עומד?" — פלעגט ער שרייען אויפן משרת, און דער משרת פלעגט זיך שוין צעשרייען אויפן באַלעבאָס און אויפן רעדל:

— כ׳בעט אייך, וואָס זאָל איך טון? איר גייט אַוועק פון דאַנעט; אָט קאָן איך אייך אָפּ מיט אַ הייסן סאַמאָוואַר...

די יידן פלעגן זיך אַביסל אָפּרוקן, גאַנץ אומגערן, און זיך באַלד צוריק פאַרזאַמלען.

אַז מען האָט אָבער אין א פּאָר טעג אַרום דערזען, ווי דער גע־נעראַל גייט מיט זיין טאָכטער פון גראַף איבערן מאַרק־פּלאַץ און וואַרפט צוקערקעס צו אַ כאַלאַסטרע באָרוועסע יינגלעך, מיט אַרויסגעשטעקטע שמוציקע העמדלעך, האָבן די יידן שוין אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זיי האָבן צו טון מיט אַ גענעראַל און אַ שר־הצבא. מען האָט זיך אַ לאָז געטון צו אים ווי צו אַ גוטן ייד: ווער עס האָט כלומרשט געוואָלט דינגען אַ מיל, ווער אַ שטיקל וואַלד קויפן. געמיינט האָבן אָבער אַלע — כאַפּן אַ דריי־ערל אָדער אַ פינפערל אויף שבת.

וואָרים ווער האָט שוין אין דעם אָרימען שטעטל געהאַט געלט אויף אַ מיל אָדער אויף אַ שטיקל וואַלד?

אַז שרה די לאַנגע, אברהם דעם מעקלערס ווייב, האָט זיך אָבער אויסגערעדט אין באָד פאַר גנענדל די טוקערקע, אַז ס׳שטייט איר אי״ה בלי נדר, מיט גאָט זיינער הילף, צו פאַרדינען אַ חשבון פון גאַנצע פופצען אלפים, איז אין שטעטל געוואָרן אַ גאַנצע מהומה, פונקט ווי אַ הוראַגאַן וואָלט זיך איבערן שטעטל אַריבערגעטראָגן.

ס׳טייטש? הנשמע כזאת? פאַרוואָס קומט דער גאַנצער קעז אין איין קרעפּל? עפּעס פופצען אלפים איין ייד? ווו האָט מען אַזוינס גע־הערט?

און זיך געקאָכט און געוואַלטעוועט מער פון אַלעמען האָט ברייג־דעלע קאָזאַק — אַ לאַנגע, דאַרע יידענע מיט צוויי גרויסע פערדישע ציין, וועלכע האָבן באַ איר אַרויסגעשטעקט פון דער אייבערשטער ליפּ.

אייגנטלעך האָט זי נישט געהייסן בריינדעלע, און איז נאַ־טירלעך נישט געווען קיין קאָזאַק. איר נאָמען איז געווען מלכה, געווען איז זי אַן אלמנה, פלעגט תמיד, אפילו באַם מאַנס לעבן, איינקויפן קאָרע פאַר די גאַרבאַרניעס פון שטעטל און שלאָגן דעם מאַן, אַ יידל אַ קאַר־ליק, מיט אַ צונאָמען „פּאָלמעשאָק״ (האַלב־זעקל) מכות־רצח, — און דער־פאַר האָט זי דאָס שטעטל גערופן בריינדעלע קאָזאַק.

אָט די אלמנה מיט צוועלף יתומים, איינס קלענער פון צווייטן, האָט אויסגעגראָבן אין איר אַלטן קאַסטן אַן אַלט פאַרשימלט שליש־צעטל, אין וועלכן עס איז געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, אַז איר משה עליו השלום

מאַכט, אין אַ גוטער מזלדיקער שעה, אַ שותּפות מיט אברהם דעם מעק־לער אויף אַלע מעקלערייען.

— אַי מיין משה עליו השלום איז געשטאָרבן? — טאָ ווי וואָלט געוועזן דער דין, ווען המן שטאַרבט און משה, מיין מאַן עליו השלום, לעבט!... נו, וואָלט איך באַ אים צוגענומען? עפּעס אַ הפקר־וועלט, וואָס? נו, אַז משה עליו השלום האָט אַליין פאַרקויפט דאָס דאָרף רעבּ־ניצע די גוים. און המן איז געלעגן אויף טיפוס, נישט פאַר מיר געדאַכט, האָט דען מיין משה, עליו השלום אים, דעם המן ממזר, נישט אַריינגע־טראָגן קיין גאַנצע 300 רובל, גאַנצע דריי קנאַקעדיקע הונדערטערס אין שטוב אַריין? — האָט געטענהט בריינדעלע מיט די פערדישע ציין און האָט זיך טאַקע אויפן אָרט הויך צעוויינט.

— וואָס איז דאָ צו וויינען? — האָט באַמערקט אַ יידענע פון רעדל.

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויינען? — האָט זי געענטפערט — עפּעס אַ שלעכטער מאַן געוועזן מיין משה? זאָל ער דאָרט האָבן אַ ליכ־טיקן גן־עדן. איך האָב דען פון אים אַמאָל אַ קרום וואָרט געהערט?

המן אָבער איז נישט נתפּעל געוואָרן, נישט פון שליש־צעטל און נישט פון דער יידינעס טרערן. האָט איר אויסגעשטעלט אַ לאַנגן צונג און האָט איר מיט המנס בייזער פרייד געהייסן קומען פורים, און דאָס „ס'מעשקאָם", ס'הייסט מיט אַ זאַק.

דאַן האָט די אלמנה דעם קומענדן שבת צונויפגענומען אירע צוועלף יתומים, איז אַריין מיט זיי פאַר קריאת התורה אין מאַקאַרעווער קלויז, ווו המן האָט געדאַוונט, איז צו מיט אַ גוואַלד צום ארון־קודש און האָט נישט געלאָזט אויסנעמען.

עס איז געוואָרן אַ רעש, אַ מהומה.

די ווייבער האָבן פון דער ווייבערשער שול געגאָרגלט, ווי אויפ־געררודערטע גענדז.

געוויינלעך האָבן זיי זיך געשטעלט אויף דער אלמנהס צד:

— ראַבּעווען? ווי אַזוי באַראַבעוועט מען עס אַן אלמנה מיט צוועלף יתומים? עפּעס אַ הפקר־וועלט?

המן אָבער האָט זיך איינגעוויקלט אין טלית מיט דער פאַרזשאַ־ווערטער עטרה איבערן קאָפּ, און איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן מיטן פּנים צו דער מזרח־וואַנט אין זיין שמונה־עשרה, פּונקט ווי נישט אים מיינט מען עס.

ווער ווייסט ווי לאַנג דער עיכּוב פון קריאת התורה וואָלט געווען געדויערט, ווען דער רב זאָל נישט געווען צוזאָגן דער אלמנה, אַז ער וועט דעם מעקלער מזמין זיין לדין.

ברײַנדעלע קאָזאַק איז אָבער נישט געווען קיין נאַרישע יידענע, האָט זיך דערמיט אַליין נישט צופרידנגעשטעלט און האָט אויסגעדריקט איר צווייפל, צי המן וועט וועלן גיין צו אַ דין־תּורה.

— אָט פאָלגט ער אייך! וואָס וועט איר אים טון, אַז ער וועט נישט מקיים זיין דעם פּסק־דין.

דאַן האָט זיך ר׳ בעריל דער בעל־אכסניה, אַן אַלטער מאַקערע־ווער חסיד און אַן איש נכבד אין שטעטל, אומגעקערט פון דער וואַנט צום עולם, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון חומש, און קוקנדיק איבער זיינע ברילן אויסגעשריגן מיט כּעס:

— „יש דין בישראל״! און אַז ער וועט נישט וועלן גיין צו אַ דין־תּורה, וועל איך שוין זען פועלן, אַז דער גענעראַל זאָל אים שיקן צום רב.

דער רושם איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכער, אפילו אויף דער אלמנה, אַז בעריל זאָגט, איז געזאגט און געטון.

זי האָט דאַן געהייסן אויסנעמען, האָט פאַרנומען איר בינטל יתומים און האָט פאַרלאָזט די קלויז.

## תשעה־באב.

עס איז געווען ערב תשעה־באב. . .

באַנאַכט איז געגאַנגען אַ שלאַקסרעגן. . . דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ פאַר דער אכסניה האָט זיך באַדעקט מיט קאַלוזשעס און בליאַסקענדיקער בלאָטע. . . דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און אַ רעגנדיקער. . . דאָס שטעטל האָט זיך אָנגעכמורעט און אונטער די פאַלנדע דראָבנע רעגנ־טראָפּנס האָט עס אויסגעזען ווי איינגעוויקלט אין אַ גרויער נעץ פון אָרימ־קייט און עלנט.

דער גענעראַל האָט דעם טאָג געליטן פון רעוומאַטיזם און איז נישט אַרויסגעפאָרן פון איינפאָר.

צוליב אים איז נאַטאַשאַ אויך געבליבן ז'עם גאַנצן טאָג אין שטוב און האָט באַפוילן דעם משרת, אַז מען זאָל פאר זיי קאָכן וואַ־רעמעס.

חיים־יוסי איז אַריין מיט דער גדולה אין קיך אַריין. די אַלטע שרה איז אָבער מבולבל געוואָרן.

— וואָס קאָכט מען? לייכט צו זאָגן — קאָכן! ווי אַזוי פּאַטראַ־פעט מען זיי? אַ קלייניקייט, אַזאַ גענעראַל מיט אַזאַ פּאַניענקעלע!

זי האָט אַ פּאָר מאָל שוין געקאָכט פאַר זיי, און דער משרת האָט כמעט דאָס גאַנצע עסן געברענגט צוריק. זי האָט אפילו געהאַט פרישע פיש אין שטוב... ווי אַזוי אָבער קאָכט מען זיי?

און מיט אַ געקוילעטן העכט אין דער האַנט איז זי אַרויסגעגאַנ־גען אין קיך, זיך אַן עצה האַלטן מיט איר בערלען.

— ווי זאָגסטו, בערל, זאָל איך די העכטלעך אָנפילן, אָדער זיי קאָכן אַזוי, נישט געפילט?

— וואָס הייסט נישט פילן? נאַ דיר גאָר נישט פילן! וואָס פאַר אַ טעם האָבן עס נישט קיין געפילטע פיש? אוודאי פילן, און קאָך זיי אינײַנעם מיט די קאַרפּן, מיט פעפער און מיט אַ ציבעלקעלע, אַזוי ווי די יידן קאָכן פיש. וואָס־זשע, דו האָסט שוין פאַרגעסן פיש צו קאָכן?

— איך ווייס... אפשר וועט דער גענעראַל נישט עסן מיט קיין פעפער? — האָט געצווייפלט שרה.

— נאַ דיר גאָר נישט עסן! נאָך אַ מין עסן! — האָט געזאָגט בעריל מיט אַ זיכערן טאָן און צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן אין ספר אַריין.

— איר געדענקט נישט, ווי אַזוי ער האָט פאַראַיאָרן געקוואָלן פון אייערע פיש? — האָט זיך אָנגערופן דער משרת, וועלכער האָט זיך אויסגעצויגן צוריק אויפן באַנק־בעטל. — פון אייערע פיש און פון ר' בערילס תהילים... איר געדענקט, ר'בעריל?

— אָט געדענקסטו, וואָס פאַראַיאָרן איז געווען! איך זאָל עס אָנהייבן צו געדענקען, וואָס נעכטן האָט זיך געטון... עפּעס אַ קעצי־שער זכרון בײַ מיר... זאָגסטו, איך זאָל אָנפילן? — האָט זי איבערגע־פרעגט איר מאַן.

בעריל איז געווען פאַרטיפט אין אַ גוט־יידישן ספר און איז שוין געוואָרן אומגעדולדיק.

— אוודאי אָנפילן! וואָס פאַר אַ פראַגע איז דאָס?

— אַ שיינע מעשה. . . אַ גענעראַל זאָל ליב האָבן תהילים און געפּילטע פיש ? . . . איך זע עס צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן. מילא געפילטע פיש, פאַרשטיי איך נאָך ; אָבער תהילים ? — האָט געגאַפּט שרה.

דער אַלטער בעריל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון ספר און האָט אויף איר אָנגעשטעלט אַ פּאָר לאַכנדיקע, געהיימנישפולע בליקן איבער די ברילן.

— דו מיינסט, אַז צווישן זיי זענען נישטאָ קיין צדיקים ?

— ווי קומען צו זיי צדיקים ? — האָט געגאַפּט שרה.

בערל האָט נאָך העכער און שפּאָטישער פאַרריסן די אויגן איבער די ברילן.

— און וואָס זענען עפּעס די חסידי אומות־העולם, וואָס די גמרא האָט מיט זיי אַזוי פיל צו טון ? אין דער גמרא שטייען זיי, להבדיל אַזוי ווי איך, ווי אונזערע צדיקים. . . יאָ, יאָ ! — האָט איר פאַרזיכערט בערל מיט אַ געהיימנישפולן ווונק.

אין דער אמת, ווי קומט עס צו זיי ?

— עס מאַכט זיך, אַ פאַרבלאָנדזשעטע נשמה. . . לכתחילה האָט זי געדאַרפט געבוירן ווערן אַ ייד ; נו, איז זי, באַהיט גאָט, פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן צו זיי — האָט ער איר דערקלערט מיט אַ זיכערן טאָן פון אַן אויטאָריטעט.

— יאָ, יאָ ! עס מאַכט זיך שרה ! — האָט פּאָטאַקעוועט דער משרת, האָט זיך שנעל אויפגעהויבן פון באַנק־בעטל, האָט אויסגעשפּיגן ווייט פון זיך און האָט זיך גענומען קראַצן די געדיכטע רויטע טשופּרינע זיינע.

— אויב אַזוי, וועל איך זיי טאַקע אָנפילן ! — האָט באַשלאָסן שרה און איז אַוועק אין קיך אַריין.

פאַרנאַכט האָט בערל פאַרפּאַסט, האָט אָפּגעגעסן אַן איי מיט אַש, האָט אויסגעטון די שטיוול, האָט אָנגעטון אַ פּאָר טיפע קאַלאָשן און איז אַוועק צו קינות.

שרה האָט פון איר צד צונויפגענומען אַ כאַליאַסטרע ווייבער אין דער גרויסער קיך אירער, האָט זיך באַזעצט מיט זיי, ווי אַ קוואָקע מיט הינדעלעך, אויף דער ערד, און האָט זיך גענומען פאַר זיי לייענען צאינה־וראינה.

די ווייבער האָבן זיך צעוויינט אויפן חורבן און אויף זייער אָרים

און ביטער לעבן, און זייער געוויין האָט זיך געטראָגן צום גענעראַלס צימער און האָט אָנגעיאָגט אויף אים און אויף נאַטאַשען אַ מרה־שחורה מיט אַ פּאַניק, אַזוי ווי אַ מת וואָלט געלעגן אין שטוב.

געטריבן פון אַ גיפטיקן אומעט, האָט זיך דער גענעראַל גענומען שפּאַנען הין און צוריק איבערן גרויסן צימער.

אַז נאַטאַשע האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס וויינען עס אַזוי די ווייבער און וואָס פאַר אַ יום־טוב איז דאָס היינט בײַ יידן? — איז ער געוואָרן פּלוצים אין כעס און האָט אויף איר אָנגעשריגן.

נאַטאַשען האָט עס איבערראַשט און באַליידיקט.

דער נערוועזער מאַן, וועמענס ליבלינג זי איז געווען, האָט אויף יעדן איינעם געשריגן, נאָר נישט אויף איר, זיין בת־יחידה.

פון אָנהויב האָט זי זיך צעוויינט, זי איז אָבער באַלד אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר, האָט אַ רוף געטון פון קיך אַבראַם מאָיסעיעוויטשן, דעם עקאָנאָם, דעם סובאָטניק, האָט אים געהייסן איינשפּאַנען די ליניקע און איז אַוועקגעפאָרן אויף צו להכעיס נעכטיקן צום גראַף אין פּאַלאַץ אַריין.

דער פאָטער האָט באַלד חרטה געהאַט, למאי ער האָט אויף איר אָנגעשריגן און איז געוואָרן אומרויִקער. אָן איר האָט ער זיך דערפילט נאָך אומעטיקער, פאַרלאָזן און עלנד. דאָס געוויין אָבער פון די ווייבער בײַ די קינות איז געוואַקסן ווי אַ געדיכטע שוואַרצע כמאַרע, און איז געוואָרן איינפאַך אומדערטרעגלעך, נישט לעבעדיקע מענטשן, נאָר עפּעס פאַרמוטשעטע טויזנט־יעריקע גייסטער האָבן געוויינט און זיך געקלאָגט פאַר אים. געריסן זיין האַרץ אין אים, דעם טאַפּפערן גענעראַל, וועלכער האָט געפירט שלאַכטן און אומדערשראָקן געקוקט דעם מלאך־המות אין פּנים אַריין. — אים האָבן זיי איצט אַריינגעוואָרפן אין אַן אַבערגלויבישן שווידערנדן פּחד. ער האָט לענגער נישט געקענט פאַרבלייבן אין צימער, ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דעם שינעל און איז אַרויס פון איינפאָר.

זיין ערשטער געדאַנק איז געווען, נאָכלויפן נאַטאַשען, זי איבערבעטן, זי דריקן צו זיין קראַנק, צעשראָקן האַרץ און פאַרבלייבן די נאַכט אין שלאָס.

אין דעם מאָמענט איז בײַ אים געבליבן, זיך איינגאַנצן שוין איבערצוקלויבן אַהין, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די אַלטע באַזיצער האָבן זיך נישט אַרויסגעקליבן און ער האָט זיי פיינט געהאַט.

און ער האָט זיך געלאָזט גיין גליין, נישט קלויבנדיק קיין וועג, איבער די בלאָטעס און קאַלוזשעס, מיט שנעלע שפּרינגענדיקע טריט, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים פאַרפאָלגט. די קאַלוזשעס האָבן געקוויטשעט אונטער זיינע פיס און פאַרדריסלעך געשפּריצט אויף אים מיט וואַסער און בלאָטע.

---

אַז ער איז אַרויס אין פרייען פעלד אַריין און דער זיסער פרישער דופט פון די צייטיקע און שווערע זאַנגען האָט מיט אַמאָל אים אַ בלאָז געטון אין פּנים אַריין, געגומען עס גלעטן, טוליען זיך און לאַשטשען צו זיין קראַנקער ברוסט, איז אים מיט אַמאָל געוואָרן גרינגער.

ער האָט פאַרקלענערט זיינע טריט און האָט זיך גענומען טרינקען די שמעקענדיקע און ווי האָניק זיסע לופט מיט אַ פולער ברוסט, ווי אַ היילענדן און קילענדן געטראַנק.

דער הימל האָט זיך צוריק אויסגעלייטערט און אויסגעשטערנט. די נאָך ערטערווייז געבליבענע קליינע צעריסענע וואָלקנס זענען ווי צע־טומלטע אַרומגעלאָפן איבערן הימל, אַזוי ווי זיי וואָלטן געזוכט אַן אָרט, וווהין זיך צו באַהאַלטן און פאַרשטעקן.

צייטנווייז זענען זיי אַרויפגעלאָפן אויף דער האַלבער בלייכער לבנה, און אַזוי ווי געטריבן אויך פון איר פלעגן זיי ווערן נאָך אומרויקער, און בהלהדיק לויפן ווייטער.

עס איז מיטאַמאָל געוואָרן וואַרימער. די זשאַבעס האָבן הויך גע־קוואַקעט און דער נעכסטער טאָג האָט פאַרשפּראָכן צו זיין אַ הייסער און אַ זוניקער.

דער געדאַנק אָבער, אַז ער וועט זיך באַגעגענען מיטן גראַף, וועלכן ער האָט געהאַסט און מיט די גראַפיניע, וועלכע האָט האַרטנעקיק גערעדט נאַר פּויליש, אַ שפּראַך וואָס ער האָט פאַרהאַסט פאַר דעם פאַלשן, פאַרפירערישן קלאַנג און גיפטיקער זיסלעכקייט, דער געדאַנק האָט באַלד באַ אים אָפּגעשלאָגן דעם חשק צו גיין נעכטיקן אין שלאָס.

פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט פאַרקירעוועט און איז געגאַנגען

ווייטער, צערטלעך טאַפּנדיק און גלעטנדיק מיט די הענט די שווערע נאַסע זאַנגען פון שמעקענדיקן ווייץ-פעלד.

מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט האָט ער זיי געגלעט, פאַר דער דערלייכטערונג, וואָס זיי האָבן געבראַכט זיין קראַנקן האַרץ, מיט זייער פרישן און היילנדן דופט.

און דער געדאַנק, אַז די דופטנדע זאַנגען, די שוואַרצע, פייכטע און פעטע ערד, וועלכע האָט צופרידן געקוויטשעט אונטער זיינע שטיוול און אויף וועלכער עס זענען געוואַקסן די זאַנגען ווייט אַרום דעם שטעטל אין אַלע ריכטונגען, אַז דער גרויסער פאַרחלומטער הינדערט-יעריקער פּאַרק, וועלכער איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן אין דער בלויער נאַכט ווי אַ פאַרכישופטער, און די מונטערע און פריילעך-קוואַקנדיקע זשאַבעס — אַז דאָס אַלץ איז איצט זיינס, זיין אייגנטום, — דער געדאַנק האָט אים מיט אַמאָל אָנגעגאָסן מיט אַ גרויסער קינדערישער פרייד, וועלכע האָט אים אַליין איבערגעשראָקן, אַזוי ביי און אומבאַקאַנט איז אים געווען דאָס געפיל פון אַזאַ פרייד.

„איך בין אַלט און קראַנק, האָב אַ סקלעראָזע האַרץ, וואָס קען יעדע מינוט, אפילו אָט דאָ אין פעלד צווישן די זאנגען, זיך אָפּשטעלן אויף אייביק... אין מיינע יאָרן טראַכטן מענטשן פון אייביקע און הימלישע זאַכן, און איך פריי מיך אַזוי מיטן ערד-באַזיץ, מיט מיין ערוואָרב, אַזוי ווי איך וואָלט אים געקענט מיטנעמען אין קבר אַריין... איז דען דאָס נישט לעכערלעך און נאַריש?“ — האָט זיך געטראַכט און געוווּנדערט דער אַלטער מאַן.

און אַן אַנדער אינווייניקסטע באַהאַלטענע שטימע, אַ באַהאַלטענע און פאַרשטיקטע, ווי דער בלינדער, אונבאַוווסטער אָבער מעכטיקער לעבנס-אינסטינקט, האָט אָנגעהויבן אין אים צו פּראָטעסטירן, אַז ער האָט דעם מאַיאָנטעק און דאָס שטעטל געקויפט נישט צוליב באַזיץ און ערווערב, נאָר צוליב אַן אַנדערע זאַך, וועלכע ער האָט געאַנט, אָ בער נאָך נישט פאַרשטאַנען.

באַ דעם געדאַנק האָט ער זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט, אויפגעהויבן יעם קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט וויסן, ווו ער איז אין דער וועלט.

מיט אַמאָל איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער געדאַנק איז גאָר נישט זיין אייגענער, אַז די שטימע איז נישט זיינע, אַן אינעווייניקסטע, אָדער

זי איז געקומען צו אים פון דרויסן, פון אָט דעם פאַרכישופט שטומען, הונדערטיעריקן פאַרק...

ער איז געשטאַנען פאַר אַ פאַרקן, איבער וועלכן ער האָט גע־דאַרפט אַריבערשפּרינגען. ער האָט אָבער דערפילט אַ בלייערנע שווער־קייט אין די פיס און האָט זיי נישט געקענט אויפהייבן.

דאָס האָט אים דערמאַנט אָן זיין עלטער און האָט אים געמאַכט אומעטיק. ער האָט זיך אַ מידער אָנגעשפּאַרט אָן פאַרקן און האָט זיך פאַרטראַכט. די צעריסענע פּיכיקע וואָלקנס זענען נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן פון שטעטל צום פאַרק און צוריק, געיאָגט און געטריבן נישט פון ווינט, נאָר פון אַן אינערלעכער אומרו.

זיינע בליקן האָבן געוואַנדערט צווישן דעם שטעטל, וואָס איז גע־לעגן אונטערן בלויען אויסגעשטערנטן הימל, שפּלדיק באַ דער ערד, ווי אַ גרויסער שוואַרצער פלעק פון אָרימקייט און עלנט און דעם פאַרק מיט זיינע הויכע, שטאָלצע, הונדערט־יעריקע טאָפּאָליעס, וועלכער האָט פון באַרג אַראָפּגעקוקט צום שטעטל אין טאָל אַריין מיט אַזאַ שטאָלצער, עכט־פּוילישער פאַראַכטונג.

דער שטאָלצער פאַרק האָט אים דערמאַנט אָן יונגן גראַף מיט זיינע פאַרדרייטע רויטע וואָנסעס און זיינע עלעגאַנטע שפּאַקעס. מיט אַזאַ שטאָלץ און אַריסטאָקראַטישן עקל פלעגט ער און די פיר שפּאַקעס קוקן אויף דעם שפּלדיקן יידישן שטעטל, וואָס איז פון תמיד אָן גע־לעגן דערנידעריקט אין טאָל, באַם באַרג, ווי אַ בעטלער באַ די פיס פון אַ גנעדיקן האַר...

און אַ בריענדיקער און שמערצנדיקער האַס האָט אין דעם מאָ־מענט אָנגעפילט זיין ברוסט, אַ האַס צו דעם שטאָלצן פּאָליאַק און צו דעם שלאָס אויפן באַרג.

שוין נישט קיין קינדערישע, נאָר אַ בייזע פרייד האָט אים ווידער אַרומגעכאַפּט און געוואָרפן זיין האַרץ, אַ פרייד וואָס דער פאַרק מיטן שלאָס געהערן איצט צו אים און ער וועט אים באַוווינען, ער מיט נאַ־טאַשען.

ער וועט לאָזן אַ צוואה, אַז נאָר זי זאָל ירשענען דעם מאַיאָנטעק און נישט זיינע זין, וועלכע האָבן געהאַסט די יידן נישט וויניקער ווי דער פּוילישער גראַף.

מיט אַמאָל איז אים קלאָר געוואָרן זיין קינדערישע פרייד איבערן קויף און דאָס, וואָס עס האָט אים געטריבן צו דעם קויף...

דער פאַרלאַנג האָט יאָרן־לאַנג געטליעט אין אים, ווי אַ פונק אונ־טערן אַש. ער האָט אים געטריבן, אומבאַוווּסט און בלינד, ווי אַן אינ־סטינקט, וועלכער איז אַ גאַנצן מענטשן־עלטער אין אים געלעגן פאַר־שטעקט. האָט אָבער מיט אַן אומזיכטבאַרער פעסטער האַנט אים געפירט דערצו. ער איז געווען דער לייט־מאָטיוו און וועגווייזער פון זיין גאַנץ לעבן און ער האָט עס אים געברענגט צוריק אַהער, צו די פיס פון דעם באַרג מיטן שטאָלצן פאַרק, ווי צום דערגרייכטן לעבנס־ציל. . .

איצט האָט ער דערפילט, שטאַרקער ווי תמיד, אַז אייגנטלעך איז ער נאָר איינער פון דעם שפלדיקן און פאַראַכטעטן שטעטל, אַז ער געהערט אַהין מיט לייב און זעלע, מיט אַלע זיינע געפילן און סימ־פאַטיעס.

האָט דאָס געריעדט אין אים די דערוואַכטע ראָמאַנטיק פון דער יוגנט־און קינדער־דערינערונגען, די דערינערונגען, וואָס האָבן אַזאַ צוי־בער־קראַפט איבער דער עלטער?

ער האָט די צויבער־מאַכט נאָך דערפילט פאַראַיאָרן, צו די שלש־עשרה מדות, ווען דער ברוטאַל־געשלאָגענער און צעבלוטיקטער שמש האָט בעהילכט אין דער נאַכט מיט די קלעפּ אין די לאָדנס, האָט געוועקט די יידן צו עבודת הבורא און האָט אים מיטאמאָל דאַן אַזוי אויפגערודערט און אויפגעוועקט פון אַ לעבנס־לאַנגן שלאָף.

איצט האָט אים דאָס געוויין פון די ווייבער באַ די קינות, דאָס גאַנצע צו דער ערד צוגעפאַלענע, שטיל קלאָגנדיקע און זיפצענדיקע שטעטל, אין וועלכן ער לעבט שוין צוויי וואָכן און מיט וועלכן ער וואָלט זיך איצט נישט געקענט שיידן, — איצט האָט עס אים איבער־צייגט צום איבעריקן, אַז ער איז נישט קיין גענעראַל, נאָר אַ ייד. זיין גאַנץ לעבן איז אים איצט פאָרגעקומען ווי אַ חלום, פון וועלכן ער האָט איצט דערוואַכט.

אין חלום איז ער געווען אַ סאָלדאַט, אַן אָפיציר, זיך באַטייליקט אין שלאַכטן; אין חלום האָט ער געמאַכט זיין גאַנצע מיליטערישע קאַ-ריערע.

און די ווירקלעכקייט ליגט איצט פאַר זיינע אויגן. . . ווי די לויפנ־דע וואָלקנס איבערן הימל האָט זיך די ווירקלעכקייט אין אַלטע פאַר־גאַנגענע בילדער אָנגעהויבן פונאַנדערוויקלען, לויפן און שפרינגען פאַר זיין אויפגערודערטער פאַנטאַזיע.

אַזוינע רייכע און פרישע בילדער, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען נישט

מיט עטלעכע און פופציק יאָר צוריק, נאָר נעכטן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז שוין אַן אַלטער מאַן קרוב צו שבעים. עס האָט זיך אים אויסגע־דאַכט, אַז ער איז נאָך אַ יינגל, דאָסזעלבע יידישע יינגל, וואָס פלעגט דורך די שפּאַרעס פון פלויט קוקן, ווי די שיינע און ווייסן געקליידטע דאַמען פליען אַרום און שטיפן אין פאַרק, שטיפן און לאַכן, ווי נימפען און געטינס אין אַ ליכטיקן און גריגעם גן־עדן.

ער האָט דערפילט, אַז נישט דאָס איבערגעוואַקסענע סקלעראָזע האַרץ וואַרפט זיך איצט אַזוי קלעמענד און שנעל אין זיין אַלטער ברוסט, נאָר דאָס האַרץ פון אָט יענעם יידישן יינגל, וועלכער קוקט מיט אַ פּאַר־כאַפּטן אָטעם דורך די שפּאַרעס און כאַפּט מיט באַגערנדע און באַצוי־בערטע אויגן די ליניען פון די לויפנדע און שטיפנדע פיסלעך, די גראַצי־יעזע באַוועגונגען פון די נימפען אין פאַרק.

אַזאַ קראַפט און לעבנס־פעיקייט באַזיצן שוין די זכרונות פון דער קינדהייט און יוגנט!...

פּלוצים האָט ער זיך דערמאָנט, ווי אַזוי ער איז נאָך אַ יינגל זע־נען געקראָכן איבער אָט דעם פאַרקן, וועלכער שטייט איבערן וועג, האָבן געגנבעט עפל, ווי אַזוי מען האָט זייביידן געכאַפּט, און דער אַל־טער גראַף סווינטשיצקי האָט געהייסן זיי שמייסן פאַר זיינע אויגן מיט קראָפּעווע, ווי אַזוי מען האָט זיי אויסגעטאָן און געשמיסן...

פּונקט ווי עס וואָלט פּאַסירט ערשט נעכטן און נישט מיט פינף־און־פופציק יאָר צוריק, אַזוי פריש און לעבעדיק איז דאָס בילד פאַר זיינע אויגן... די בייזע, ברינענדע קראָפּעווע... ער פילט נאָך איצט איר גיפטיקן און ברענענדיקן גערוך... די ברינענדע פיין פון די שמיץ, און ער זעט פאַר זיך דעם אויף טויט איבערגעשראָקענעם, אויסגעקרומטן און פאַרוויינטן פנים פון זיין חבר... ער אַליין האָט דאַן נישט גע־וויינט! דער שטאָלץ האָט עס אים נישט דערלויבט! ער האָט צוזאַמענגע־שלאָסן די ציין פון ווייטיק און בדיענדיקן שמערץ, ער האָט עס דער־שטיקט אין זיין קינדערשער ברוסט און האָט אין האַרצן געשווירן אייבי־קע נקמה צו דעם שטאָלצן שלאָס און צו זיינע אַריסטאָקראַטישע און גרויזאַמע איינוווינער, וועלכע האָבן דאַן אים אַזוי באַליידיקט און דערני־דעריקט. און די גלענצנדע שלאַכטן, וועלכע ער האָט געליפערט אַרום קאַרס און אין „טורעטשינע" באַ פּלעוונע, האָט ער געפירט נישט מיטן טערק, די אַרמעען האָט ער געפירט נישט אַנטקייגן דעם רוסישן שונא,

נאָר אַנטקעגן זיין אייגענעם, אַנטקעגן אָט דעם שלאָס און זיינע איינ־וווינער. . .

ער איז אַלס קינד אויסגעגאַנגען צו דעראָבערן צוריק דאָס לאַנד פון די אבות, און איצט האָט ער עס דעראָבערט. . .

דער שלאָס, דער פּאַרק מיט די עפּל, וואָס ער האָט געגנבעט, זענען זיינע; נאָר די נימפן זענען אַנטלאָפן פון פּאַרק, די שיינע געטלע־כע דאַמען אין זייערע ווייסע קליידער, וועלכע ער האָט פאַר די פינף־און פופציק יאָר נישט געקענט פאַרגעסן. . . און אָן זיי, אָן ליבע, איז דער זיג קיין זיג נישט. . .

אָבער איצט וועט זיין קליינע טאָכטער נאַטאַשע זיין די געטין פון דעם פאַרכּישופטן פּאַרק. זי וועט דאָרט הערשן און אָנפילן דעם פּאַרק מיט איר שוואַלבן־געזאַנג.

יאָ, ער האָט די נקמה, וועלכע ער האָט געשווירן; ער האָט זי אויסגעפּאָכטן אין אַ לאַנגן לעבנס־קאַמף. . .

אַך, ווען ער קען איצט זען דעם חבר, וועלכער האָט מיט אים גע־גנבעט די עפּל, דאָס ייִנגל מיטן איבערגעשראָקענעם און פאַרוויינטן פּנים, ער וואָלט אויסגעווישט די טרערן פון דעם פאַרוויינטן איבערגעשראָקענעם פּנים, אים געדריקט צו זיין ברוסט, און וואָלט מיט אים צעטיילט דעם גלענצנדיקן זיג. . .

ער וואָלט אים אָפּגעשאָטן מיט געלט און געמאַכט גליקלעך! . . .

אָבער ווער ווייסט, ווער און ווו ער איז, צי ער לעבט נאָך אי־בערהויפּט!

מיט אַמאָל איז בײַ אים געבוירן געוואָרן אַ פאַרלאַנג, אַ מעכטי־קער דראַנג, אים אויסצוגעפינען פאַר יעדן פּרייז. . . ער וועט עס פאַר־זיכטיק אויספאָרשן בײַם בעל־אכסניה. . .

און אַז ער האָט זיך גענומען גראָבן אין זכרון און דערמאָנען, ווער עס איז געווען דאָס ייִנגל, זיין חבר, האָט ווי אַ בליץ באַלויכטן זיין מוח און האָט אים דערשיטערט — אַזוי אומדערוואַרטעט און איבער־ראַשנד איז דאָס געווען!

די גאַנצע צייט קוקט ער אויף בערילס פּרצוף, ווי אין אַ באַקאַנט פאַרגעסן פּנים און קאָן זיך נישט דערמאַנען, ווער איז דאָס באַקאַנטע פּנים. . . איצט האָט ער זיך דערמאַנט!

דאָס איז דאָס זעלבע ייִנגל, וועלכער האָט דאַן מיט אים געריסן די עפּל אין פּאַרק. אָ, ער איז זיכער! דער חבר האָט דאַן אויך געוויינט

אין דעמזעלבן איינציקן איינפאָר אין שטעטל: ער און זיינע עלטערן האָבן געלעבט אין אַ הויז אַנטקעגן, לעבן דער קלויז... עס מוז זיין בערל, קיין אַנדערער!

ער דערקענט אין דעם שיינעם זקן, מיט דער באָרד פון אַ פּאַט-ריאַרך, אין זיין הויכן שטערן מיט די בלויע צאַרטע אָדערן, דאָס פּנים פון זיין יוגנט-חבר...

די אַנטדעקונג האָט אים אַזוי איבערראַשט, איז אים פאָרגעקומען אַזוי וויכטיק, האָט אים אָנגעפילט מיט אַזאַ צאַפּלענדיקער, קינדערישער פרייד, אַז ער איז אַוועק צוריק אין שטעטל מיט שנעלע טריט, כמעט לויפנדיק און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

## דער יוגנט-חבר.

געגאַנגען איז ער צוריק אין שטעטל מיטן פעסטן באַשלוס אַלץ צו אַנטדעקן פאַרן בעל-אכסניה.

אויפן וועג האָט ער זיך גוט איבערגעלייגט די געפאַר, וואָס איז געווען פאַרבונדן דערמיט פאַר אים און פאַר זיין פאַמיליע. ער האָט נישט געהאַט קיין פּלענער אָפּן צו באַקענען זיין יידישע אָפּשטאַמונג. דאָס האָלט אים אויף דער עלטער פאַרשאַפט פיל צרות און טראָבעל, פאַר זיין אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע איז ער געווען אַ קערלענדער, רוסיפי-צירטער דייטש, אַ פאָן הערשעלמאַן, וועלכער האָט אָנגענומען דעם רו-סישן גלויבן. זיין ווייב איז געווען אַ סטאַראָוויערקע פון דער עכטער און רייכער מאָסקווער „קאַצאַפּשטשינע". זי האָט אים אַריינגעבראַכט אַ מיליאָן נדן, אַ חוץ דערפער, און אירע פאַרבינדונגען אין די הויכע ספערן, דאָס רייכטום האָט אים געהאָלפן מאַכן זיין גלענצענדע קאַריערע, צו ווערן אַ גענעראַל-אַדיוטאַנט.

אַז אַלעקסאַנדער דער דריטער איז אַרויף אויפן טראָן איז ער געווען נאָך אַ פּולקאָווניק. זיין ווייבס קרובים האָבן אים צום ערשט געהאָלפן ווערן דער קאָמאַנדיר פון אַ בריגאַדע און דערנאָך פון אַ קאָרפּוס.

אין דער פאַמיליע אָבער איז דער האַס און עקל צו אַ ייד גע-

וועט איינגעבוירן און איינגעפלאַנצט פון יאָרהונדערטער, פון דור צו דור, אַ וויכטיקער טייל פון איר לעבנס־אָנשויונג.

זיין זון, דער פּראָקוראָר, איז קעגן זיין ווילן אויך אַזוי דערצויגן געוואָרן און איז איצט געווען איינער פון די פירער פון אָפיציעלן אַנטיסעמיטיזם, און האָט געמאַכט אַ קאַריערע מיטן יידן־האַס. אַן אויסנאַם איז געווען נאַטאַשע, וועלכע איז געווען געראָטן אין אים.

כּל זמן ער איז געווען יונג און האָט געמאַכט די קאַריערע, האָט ער נישט געהאַט קיין צייט זיך אַרומצוקוקן. ער האָט געשטרעבט צו מאַכט, צו הערשאַפט אין לעבן, איז ער געווען באַטרונקען פון דער מאַכט און אין דער שטרעבונג האָט ער פאַרגעסן אָן אַלעם, וואָס ס'איז נישט געלעגן אויף זיין וועג. וואָס ס'איז אים יאָ געלעגן אין וועג, האָט ער אויפגערוימט און אָפּגעשליידערט ווי אַ שפּענדל, ווי ער האָט אויפּגערוימט און פון זיך אַרונטערגעוואָרפן די פּענטעס, וואָס דאָס יידנטום האָט אויף אים אַרויפגעלייגט מיט דער געבורט.

אַז די קאַריערע איז שוין געווען געמאַכט און פאַר זיינע אויגן איז שוין געשטאַנען דער טויט און דער קבר, האָט ער זיך אַרומגעקוקט און איבערגעשראָקן. רעליגיעזע געפילן האָבן דערביי נישט מיטגעשפּילט. זיי זענען פאַרדאַרט געוואָרן אין זיין נשמה, ווי די צווייגן פון אַן אַלטן טרוקענעם בוים.

אַז ער האָט זיך אַרומגעקוקט האָט ער דערזען, אַז ער איז איינער פון דער געזעלשאַפט, וואָס רודפט און פּלאָגט יידן, איר מעכטיק וועלקצייג. זיין זון, זיין פאַמיליע, די אַנטיסעמיטישע סביבה, אַלץ צוזאַמען האָט אים פּלוצלינג געגעבן דעם באַוווסטזיין, אַז ער באַטייליקט זיך אין אַ מיאוסער און לומפּיקער געשיכטע. דאָס געוויסן איז געוואָרן אומרויק. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט, ער האָט זיך דערפילט צו שוואַך צו קעמפן, אַן אָנמעכטיקער, קראַנקער גרייז.

אין די לעצטע יאָרן איז אים אָבער דער יידן־האַס פון די ספערן, צו וועלכע ער האָט געהערט, איינפאַך געוואָרן אומדערטרעגלעך, באַזונדערס דער בלינדער פאַטאַלאָגישער האַס צו יידן פון זיין אייגן ווייב און זון.

דאַן איז בא אים נולד געוואָרן דער געדאַנק צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן פון די ספערן און פון זיין אייגענער פאַמיליע. דערמיט האָט ער געהאָפט פון זיך אַראָפּצוּוואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און באַרויקן דאָס קראַנקע געוויסן.

אין דער שלאָפלאָזער נאַכט צו די שלש־עשרה מדות, ווען זיין שיקזאַל האָט אים געבראַכט אַהין, ווו זיין קינדער־וויגעלע אין געשטאַנען, איז בײַ אים געבוירן געוואָרן דער געדאַנק, צו קויפן דאָס שטעטל און זיך דאָרטן באַזעצן מיט נאַטאַשען.

דאָס אָפענע באַקענען זיך צום יידנטום וואָלט דערפאַר אים גע־בראַכט נישט קיין זעלען־רו, וואָס ער האָט געזוכט אויף דער עלטער, נאָר אַ קאַטאַסטראָפע... פאַר אים און פאַר די אייגענע. דער אייגענער זון זיינער וואָלט אים פון שאַנד און עקל דערשאָסן. ער האָט מורא גע־האַט צו פאַרלירן די ליבע אפילו פון נאַטאַשען, דעם רייכסטן און טייַ־ערסטן אוצר זיינעם.

די רעגירונג אַליין וואָלט זיך גענומען אים פאַרפאָלגן.

ניין! דערפון איז ער געווען גאַנץ ווייט אין זיינע געפילן און גע־דאַנקען. וואָס איז דער אונטערשיד, ליגן און פוילן אויפן צמענטער אָדער אויפן יידישן בית־עולם? אַלץ גלייך! דעם סוד זיינעם וועט ער מיטנע־מען מיט זיך אין קבר אַריין.

איצט אָבער האָט ער באַשלאָסן, אַז איין מענטש אין שטעטל, אַזאַ ווי דער בעריל איז געווען, מעג וויסן פון זיין סוד. ער האָט געוווּסט, אַז דער בעריל איז אַ פרומער ערליכער ייד, אַז אויב ער וועט נעמען בײַ אים אַ שבועה, אַז דער סוד וועט אָפּשטאַרבן מיט זיי ביידע, וועט דער ייד מקיים זיין די שבועה ווי אַ הייליקן נדר.

ווייטער, האָט ער געמוזט האָבן אונטער זיינע הענט אַזאַ ייד... ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט אין שטעטל אַ סך אָרימע קרובים, ער האָט געהאַט אַן אומאיבערווידנלעכע באַדערפעניש, אַ האַרצנס־דראַנג זיי צו העלפן און צו שטיצן, כדי צו רייניקן זיין געפּלאָגט געווּיסן, און ער האָט זיך גענויטיקט אין אַ פאַרמיטלער, אין אַ האַנט, וואָס זאָל דאָס אַלץ טון פאַר אים בסוד.

און מיט אָט די געפילן און געדאַנקען איז ער אַרייַנגעגאַנגען צוריק אין איינפאָר.

---

אַז דער גענעראַל איז אַריין צו זיך אין איינפאָר, איז בעריל שוין געווען צוריק פון קינות.

זיין וויינענדע שטימע האָט זיך צו אים געטראָגן פֿון נעכסטן צי־מער. די ווייבער זענען שוין נישט געווען. זייערע יללות האָבן אויף אים פֿריער אָנגעטריבן אַ שרעק און צוגלייך אַן עקל מיט זייער דיסהאַר־מאָניע, ווי אַ ווילדער געפּילדער פֿון אַ מחנה טאַנצענדע מכשפות און גיהנום־געשטאַלטן.

אָבער בערלס שטילע בכיה האָט זיך געצויגן און געגאָסן איבערן איינפּאַר און האָט פֿאַרכאַפּט זיין האַרץ ווי אַ שטילע ראַפּסאָדיע, ווי אַ מעלאַנכאָלישע עלעגיע אויפֿן קבר פֿון אַ געליבטער.

דער ייד האָט נישט געקלאָגט אויפֿן נאַציאָנאַלן חורבן, נאָר אויף זיין אייגענעם. עס איז איבערהויפּט נישט געווען קיין קלאָג און נישט קיין געוויין. . . טרערן וואָלטן געווען אַ ביליקע און באַליידיקענדע זאַך פֿאַר אַזאַ טיפֿן אינטימען טרויער. דאָס איז געווען אַ לאַנג אומענד־לעך ליד פֿון אַ פֿאַרשטיינערטן צער, די מעלאַנכאָליע פֿון אַ פֿאַרוווּנדע־טער אייביקער ליבע, דאָס טיפֿע בענקעניש פֿון צעשיידטע הערצער. . .

מיט בערלס ניגון האָט געמוזט די מוטער רחל טרויערן אויף אירע פֿאַרטריבענע קינדער. . .

ווי אַ זיסער גיפֿט האָט זיך די ראַפּסאָדיע געגאָסן אין קראַנקן האַרץ פֿון צווייטן ייד, אין מונדיר פֿון אַ גענעראַל־אַדיוטאַנט, מיט אַ געאָרגיעווּ־סקי צלם אויף דער ברוסט, וועלכער האָט געשפּאַנט אין נעכסטן צימער, אונטערן בייזן קלאַנג פֿון זיינע שפּאָרן. . .

דער קלאַנג האָט געמאַכט בערלס שטילע בכיה נאָך גיפֿטיקער און קלעמענדער.

אָבער אַזוי אינטים, אַזוי פּערזענלעך איז אים פֿאָרגעקומען די שטי־לע בכיה, אַז ער האָט דעם געדאַנק, אַריינצוגיין צום בעל־אכסניה און אים אונטערברעכן, אָפּגעשליידערט. ווייטער האָט ער מורא געהאַט זי צו אונטערברעכן.

ער האָט דערפֿילט, אַז זי היילט אים און קילט אים דאָס קראַנקע האַרץ, ווי אַ זיסער היילנדער זאַפֿט, און האָט אַליין געגאַפֿט און באַוווּנ־דערט די ווירקונג. דאָס האַרץ איז געוואָרן אַזוי רויק, אַזוי גרינג און ליכטיק איז אים מיטאַמאָל געוואָרן אויף דער נשמה, פּונקט ווי אַלע חשבונות פֿון לעבן וואָלטן זיך געענדיקט און דאָס האַרץ וואָלט זיך באַ־רויקט אויף אייביק.

און טרערן פֿון אַ שטילער צאַנקנדיקער פֿרייד און פֿון גליקזע־

ליקייט האָבן זיך גענומען גיסן, גלעטן און צערטלעך וואַרעמען זיינע באַקן.

באַלד אָבער האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אָן דעם יינגל, דעם חבר זיינעם, מיט וועלכן ער האָט אַמאָל געגנבעט עפּל אין פּאַרק, און זיין איבערגעשראָקן און פאַרוויינט פּנים.

דאָס געוויין פון דעם יינגל האָט זיך באַ אים אין זיינע אויערן צו־זאַמענגעגאָסן און פאַרשמאָלצן מיט דער בכיה, וואָס האָט זיך געטראָגן פון צווייטן צימער.

דאָס האַרץ האָט זיך צוריק אָנגעהויבן אומרויק וואַרפן אין דער קראַנקער ברוסט. דער קלאַנג פון זיינע אייגענע שפּאָרן האָט אים אויפ־געשוידערט.

„איז דאָס אַ חלום ? א לאַנגער לעבנס־חלום און נישט מער ?"

אינסטינקטיוו האָט ער אָנגעכאַפּט דעם גאָלדענעם צלם מיט די ברי־ליאַנטן אויפן האַלדז, וועלכער איז געהאָנגען איבערן מונדיר, און דער צלם האָט אים אַזוי ווי אָפּגעבריט, איבערגעשראָקן און אָנגעיאָגט אויף אים נאָך אַ גרעסערן אומרו, דער אַלטער אומרו פון אַ געפּלאָגטן גע־וויסן. . .

געטריבן פון דעם נייעם געפיל, איז ער אַרויס פון זיין צימער און האָט געעפנט די טיר פון דעם צימער, פונוואַנען עס האָט זיך געטראָגן בערלס טרויעריקע שטימע.

אין דער טיר איז ער געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווער־טער. . .

בערל האָט זיין דערשיינען נישט באַמערקט.

פאַרטיפט אין זיין טרויער איז ער געזעסן אויף דער ערד פאַר אַ בענקל מיט אַ צאַנקענדיק חלבן ליכט, מיט אַ ספר אין דער האַנט, און דער גרייז־גרויער קאָפּ מיט דער ווייסער באָרד האָט זיך שטיל געשאָקלט איבערן ספר און געציטערט אין איין טאַקט מיט זיין ציטערנדיקן און ווייַ־נענדיקן קול.

אין צאַנקענדיקן ליכט האָט ער באַמערקט אויף זיינע באַקן גרויסע צאַפּלענדע טרערן, וועלכע האָבן געלויכטן ווי דימענטן.

זיין ערשטע באַוועגונג איז געווען צוצולויפן צו דעם אייגעהוי־קערטן גרייז, אים אויפצוהייבן פון דער ערד און זיך מיט אים צעקושן, ווי מיט אַן אַלטן חבר, אים דערציילן פון זיין זיג, פון דער נקמה, וועל־כע ער גייט נעמען פאַר די שמיץ, וואָס זיי האָבן ביידע אַמאָל געכאַפּט.

ער האָט שוין אויסגעצויגן צוויי ציטערנדיקע הענט און פון זיין ברוסט האָבן זיך שוין געריסן די צאַפּלענדיקע ווערטער:

„בערקע! דערקענסט מיך נישט?!"

די ווערטער האָבן אים אָבער אַליין איבערגעשראָקן און זענען פאַרגליווערט געוואָרן אויף זיינע ליפּן.

ער האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז אויב ער וועט אַרויסגעבן זיין לעבנס־סוד, גיט ער מיט אים צוזאַמען אָפּ זיין נשמה, זיין לעבנס־אָטעם.

אַז דער סוד האָט עס געמאַכט זיין לעבן אַזוי אינטערעסאַנט און ווערטפול, אַז ער האָט דערויף קיין חרטה נישט...

מיט דעם סוד איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ נסתר אויף דער וועלט, אַ גייסט, וואָס זעט און קאָן נישט געזען ווערן. — אַזוי האָט ער געוואַנדערט אין דעם צאַרס פּאַלאַץ, געשטאַנען דאָרט אויף דער וואַך, געהערט זיין שטימע און אָטעם...

אַ זיסער גליקלעכער שוידער פלעגט דאַן לויפן איבער זיין לייב אין אים, דעם ייד, מאַכן פאַרן מעכטיקסטן און שטאָלצסטן הערשער איבער דער וועלט, איבערן צאַר אַליין און איבער אַלע שונאים פון זיין אייגן פאָלק...

ער האָט געקענט צוגיין צום צאַר און אים אַריינרוקן זיין שווערד אין ברוסט אַריין, נעמען נקמה פאַר זיין פאָלק...

נישט איין מאָל האָט אַזאַ געדאַנק געשווידערט זיינע אברים מיט אַ פיבער...

אויפגעבן דעם סוד וואָלט געהייסן זיך אָפּזאָגן פון דער מאַכט, פון דער נקמה, פון דעם צויבער־היטל, וועלכעס האָט אים געמאַכט פאַרן נסתר. און איצט, ווען ער האָט זיך געפילט אַלס ייד שטאַרקער ווי תמיד, האָט ער די מאַכט געדאַרפט האָבן מער ווי תמיד.

ווייטער איז אים דער איינגעבוינענער ייד, מיט זיין שטילער בכיה און אייביקן פאַרגליווערטן צער אויף אַ חורבן, וועלכער האָט פּאַסירט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, געוואָרן אַזוי טייער, אַזוי הייליק... דאָס בילד איז געווען אַזוי שיין אין זיין מעלאַנכאָלישן גלאַנץ, אַז ער האָט נישט געוואָלט אים שטערן, אים אויפהייבן פון דער ערד און אויסגלייכן, פונקט ווי ער האָט שוין איצט נישט געוואָלט אַוועקגעבן זיין לעבנס־סוד, זיין נשמה...

און ער איז נאָך לאַנג געשטאַנען, אומבאַמערקט און פאַרכאַפּט פון דער מעלאַנכאָלישער שיינקייט, פון דעם עלעגישן גלאַנץ, וואָס האָט

געלויכטן פון דעם צוזאַמענגעבויגענעם און טרויערנדיקן ייד באַ דעם צאַנקענדיקן חלבנעם ליכט.

ער איז געשטאַנען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און האָט געזופּט אין זיך דעם טרויעריקן קלאַנג פון דער בכיה, ווי מען טרינקט אַ שטאַרקן וויין, אַ זיסן גיפט... ביז די פיס האָבן אים אָנגעהויבן צו ציען און צו ציטערן.

דאַן איז ער שטיל אַרויסגעגאַנגען און האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

איינגעוויגט פון זיין יוגנט־חברס טרויעריקן ניגון איז ער באַלד איינגעשלאָפן און איז די נאַכט געשלאָפן שטאַרקער און לענגער, ווי אין די קינדער־יאָרן באַ זיין אָרימען טאַטן אין דעם זעלבן קליינעם שטעטל...

## אויפן צווייטן טאָג.

אויפן צווייטן טאָג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ פרישער און געזונטער, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אין דעם לאַנגן שטאַרקן שלאָף באַ אים צוגענומען די לאַסט פון די יאָרן און אים פאַרביטן דאָס קראַנקע איבער־געוואַקסענע האַרץ אויף אַ יונגס און געזונטס.

אַ הייסער זומער־טאָג האָט געוואָרפן דורך די פענסטער כוואַליעס פון מונטערן און טאַנצנדן זון־שיין.

זיין עקאָנאָם האָט שוין גערעדט מיטן משרת אין קאָרידאָר.

ער האָט זיך געהייסן ברענגען וואַסער און אָנזאָטלען דאָס פערד, האָט זיך געוואַשן, און אָן מי, ווי אַ יונגערמאַן, אַליין אָן עקאָנאָמס הילף, זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן זאָטל, האָט אָנגעשפּאָרנט דאָס פערד און איז אַוועק מיט אַ גאַלאָפּ איבערן מאַרק־פּלאַץ. מיטן זעלבן גאַלאָפּ איז ער דורכגעלאָפן אַרום די קלייטן און איבער עטלעכע גאַסן, איז אַרויס פון שטעטל און איז אַוועק איבערן מאַיאָנטעק.

איבעראַל האָט ער אויף זיין וועג שוין באַגעגנט מענטשן, יידן און גוים, פוסגייער און אין וועגן. אַלע האָבן אים הערצלעך געגריסט, אָן היטלען און מיט טיף־פאַרבויגענע קעפּ, האָבן אים געגעבן דעם וועג און

אים לאַנג נאָכגעקוקט. איצט האָט ער נאָכאַמאָל דערפילט די טיפע גרויסע פרייד פון באַזיץ און מאַכט.

ווי אַ זיגער און אַלמעכטיקער הערשער האָט ער זיך געפילט אויפן גאַלאָפּירענדן פערד, ווי אין די זיגרייכע שלאַכטן זיינע. די גאַנצע אין זונשיין גלאָנצנדע און שמעקנדע זומער-לופט איז געווען געזעטיקט און באַטרונקען מיט דער מאַכט, און ער האָט די לופט געאָטעמט מיט טיפע אָטעמציגע.

אויפן פּאָלוואַרק האָט ער געטראָפן אַ מחנה גוים אָן היטלען. דער עקאָנאָם האָט אין דער נאַכט פאַרנומען זייערע פערד און האָבער.

אַז די גוים האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך פאַר אים אַלע מיט אַמאָל, ווי אויף אַ באַפעל, אַרונטערגעלאָזט אויף די קני, אין זונשיין האָט די גרופּע קניענדע גוים מיט נאַקעטע טשופּרינעס, פאַר אַ גענעראַל אויף אַ פערד, אויסגעזען אַזוי דעקאָראַטיוו שיין, ווי אַ קניענדעס פאָלק פאַר אַ קייזער און זיגער, וואָס בעט אום גנאַדע.

די צוויי געשמיסענע יינגלעך זענען ווידער אויסגעוואַקסן פאַר זיי-נע אויגן... און ער האָט די גוים לאַנג געלאָזט שטיין קניענדיקע און באַזיגטע. ער האָט לאַנג נישט געקאָנט אַראָפּנעמען פון זיי זיינע באַצוי-בערטע אויגן און האָט געטרונקען די מאַכט זיינע איבער זיי מיט אַ פוּ-לער פלאַטערנדער ברוסט, מיט אַ ליידנשאַפטלעכן פאַרגעניגן, און קעגן זיין ווילן האָט ער זיך אויף זיי צעשריגן מיאוס און ברוטאַל, ווי אַ רוּ-סישער סאָלדאַט.

ער איז אָבער באַלד פאַרשעמט געוואָרן פאַר זיך אַליין, האָט באַ-פוילן זיי אָפּצוגעבן די פאַרנומענע פערד, האָט אַ שמיץ געטון זיין פערד און איז אַוועק ווייטער, אין פעלד אַריין.

און באַלד איז דאָס פערד געלאָפן צווישן אַ ים פון שווערע, אונ-טער זייער זאַפטיקער לאַסט געבויגענע זאַנגען.

אַ פרישע ווינטל האָט זיך געטראָגן איבערן פעלד און האָט עס גע-טריבן און באַוועגט, ווי כוואַליעס אין אַ ברייטן גרינעם ים.

און ווי די גוים אויפן פּאָלוואַרק האָט דאָס ברייטע, מיט זאַפט גע-לאָדענע פעלד געקניט פאַר אים, האָט פון זונשיין און העל-גרינע זאַנגען, שנעל און פיבערהאַפט ווי דאָס לויפנדע ווינטל, געוועבט אַ ברייטן, בליאַסקענדן און פילפאַרביקן טעפּיך און אים ווייט געוואָרפן און גע-שפּרייט צו די פיס פון גאַלאָפּירענדן גענעראַל.

און דאָס פערד איז געלאָפן און געשפּרונגען איבערן בליאַסקענדן

און באַוועגטן טעפּיך, און האָט געשפּילט און געזונגען מיט הייסן, קאָ־כענדן בלוט.

געשפּילט און געזונגען האָט אויך דאָס באַוועגטע פעלד און די בליאַסקענדע לופט איבער אים, פון צווישן די פעטע זאַנגען — אַ באַ־האַלטענער אָרקעסטער פון מיליאָנען באַשעפענישן. אין דער בלענדענדער לופט האָבן געזונגען אומזיכטבאַרע פויגלען.

און די אַלע טענער מיטן געזאַנג פון בלוט אין צעהיצטן פערד האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ סימפאָניע פון פרייד און מונטערן לעבן, אַ געזאַנג פון אַ רייפער, מיט לעבנס־זאַפט אָנגעגאָסענער נאַטור.

און דאָס אַלץ, ווייט אַרום די פעלדער און דער וואַלד מיט זיינע טונקל־בלויע ליניען, האָט באַלאַנגט צו אים. אַלץ האָט זיך געבויגן פאַר אים, דעם באַזיצער, און געזונגען אים שירה.

און דער גענעראַל האָט געפילט, ווי דאָס הייסע קאָכעדיקע בלוט גיסט זיך איבער פונם פערדס וואַרימען קערפּער אין זיינע פיס, אין אַלע אברים זיינע, מאַכט אים צוריק יונג און געזונט און פילט אים אויך אָן מיט געזאַנג און לעבנס־פרייד.

אַזוי איז ער אַרומגעלאָפן עטלעכע שטונדן פון פאָלוואַרק צו פאָל־וואַרק און איז איבעראַל אויפגענומען געוואָרן ווי אַ קיסר און זיגער.

מיט אַמאָל האָט ער זיך דערמאַנט אָן זיין פרינצעסין, אָן נאַטאַשען, עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט זי שוין נישט געזען אַן אייביקייט. אויך אַ הונגער האָט שוין שטיל גענאָגט אין זיין ברוסט.

ער האָט פאַרקירעוועט דאָס פערד און האָט זיך געלאָזט פאָרן צו־ריק אין שטעטל אַריין.

צוריקוועגס האָט ער פאַרבלאָנדזשעט צום יידישן בית־עלמין. דאָס איז געווען אַ גרופּע ביימער אין אַ טאָל, אַרומגעצוימט מיט אַן אַלטן, פאַרפוילטן און איינגעפאַלענעם פּאַרקאַן.

ווי יתומים האָבן זיך די ביימער געטוליעט איינס צום אַנדערן אין דעם טאָל, און פון דאָרט האָט זיך ווידער ווייט געטראָגן אַ געוויין פון ווייבער.

דאָס געוויין האָט ווי נעכטן אין איינפאָר־הויז צונויפגעקלעמט דאָס האַרץ, עס ווידער אָנגעפילט מיט שרעק און גיפטיקן, בריענדיקן אומעט און האָט מיטאַמאָל אויסגעלאָשן די פרייד פונם שיינעם זומער־מאָרגן, פונם אויפגעוואַכטן לעבנס־דורשט און פון דער מאַכט פון זיין באַזיץ און רייכטום.

אַנטקייגן צום הייליקן אָרט זענען געגאַנגען פון שטעטל יידן אין וואָקן מיט געבויגענע תשעה־באבדיקע קעפּ, מיט אַ פאַרגליווערטן אייביקן צער אויף די פּנימער.

זיי האָבן פאַר אים אַראָפּגענומען די היטלען, אָבער גישט חניפה־דיק ווי כסדר, נאָר שטום און טרויעריק, ווי אַ שטאָלץ פאָלק, וואָס איז געטריבן געוואָרן פונם זיגער אין גלות.

ער האָט זיך פּלוצלינג שוין דערפילט ווי איינער פון זיי, וואָס איז אויך אין גלות, און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד.

— וואָס פאַר אַ געוויין איז דאָרט ? — האָט ער אָפּגעשטעלט אַן אַן אַלטן ייד.

— אַ געוויין... יידן וויינען... פאַרוואָס זאָלן זיי נישט וויינען ? דו ווייסט דאָך, פּריץ, אַ יידיש הארץ... עס איז פאַרביטערט, וויינט עס — האָט אים געענטפערט דער אַלטער ייד מיט אַ טרויעריקן, קוים־צאַנקנדיקן שמייכל.

— איז בא אייך עמיצער געשטאָרבן אין שטעטל ?

דער אַלטער האָט זיך שטיל צעלאַכט.

— צי דען דאַרף אַ ייד וויינען אויפן טויט ? אויפן לעבן דאַרף ער וויינען !... אויף דערויף וואָס ער איז געבוירן געוואָרן...

אַ ווײַלע האָבן זיך די צוויי אַלטע מענטשן אָנגעקוקט. דער ייד האָט געקוקט אויפן גענעראַל גלייכגילטיק, אָן דעם פאַרקנעכטעטן הכנעה־דיקן שמייכל, מיט וועלכן עס האָבן צו אים אַרויפגעקוקט אַלע יידישע פּנימער פון שטעטל. און דאָס קאַלטע אַלטע פּנים האָט אים דער־מאָנט, אַז זייביידע שטייען שוין פאַרן קבר, און פאַר דעם קבר זע־נען זיי ביידע גלייך — ער, דער גענעראַל און רייכער מאַן, און דער אָרימער צוזאַמענגעבויגעגער ייד — און ער דאַרף זיך דערפאַר שוין נישט שמייכלען.

מיטאַמאָל איז אַלץ אים פאַרגעקומען אַזוי נאַריש און לעכערלעך ; זיין רייכטום, די פעלדער און וועלדער ווייט אַרום אים, מיטן שטאָלצן פּאַרק אויפן באַרג.

לעכערלעך און נאַריש זענען אים פאַרגעקומען אַלע געדאַנקען און געפילן, וועלכע האָבן ערשט געפלאַטערט אין זיין ברוסט, ווען ער האָט געריטן אויפן הייסן פערד. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אויסגעלאָשן און אָרים, ווי דער אַלטער ייד איז געווען.

נאָר אַ געפּיל פון שאַנדע האָט זיך ווי אַ מויז געקראַצט טיף אין דער נשמה.

און אַז דער ייד האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער האָר־באַטער פּלייצע און האָט זיך געלאָזט מיט די אַלטע, געשלעפּטע טריט גיין צום הייליקן אָרט, וווּ אַלע מענטשן געפינען זייער אייביקע רו, האָט ער זיך דערפילט אַזוי עלנט און פאַרלאָזן, אַז ער האָט זיך איבער־געשראָקן צו בלייבן אַליין.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען, האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ געבויגע־נעם קאָפּ און האָט זיך באַוווּסטלאָז געלאָזט אים נאָכגיין.

ער האָט צוגעבונדן דאָס פערד צום פּאַרקאַן, האָט זיך איינגע־הויקערט, ווי דער אַלטער אויסגעלאָשענער ייד, און איז אַרייַנגעגאַנגען אין אוהל אַריין.

## דער בית־עולם.

— צדקה תּציל ממות! — האָט אים באַגעגנט אַ קלאַנג פון טויט און קופּער.

דער טויטער קלאַנג האָט אים אויפגעשוידערט און אָפּגעשטעלט זיין האַרץ, ווי אַ בייזע דראָענדע וואָרנונג.

אַזוי ווי איבערגעשראָקענע זעגען די יידן פאַרגליווערט געוואָרן מיט די פּושקעס אין די הענט, און דער קלאַנג האָט זיך אָפּגעריסן און איז צוזאַמענגעגאָסן געוואָרן מיט דעם ווייטן געוויין פון די ווייבער צווישן די קברים.

זיין ערשטער געדאַנק איז געווען צו לויפן פון דער וואָרנונג, פון דעם טאָל, וווּ דער טויט האָט געהערשט. ער האָט שוין אָבער נישט גע־קענט אויפהייבן די אַלטע פיס זיינע, אַזוי ווי דער טויט וואָלט זיי שוין צוגעשמידט מיט זיינע הענט צו דער ערד.

שטום און איבערגעשראָקן האָט ער געקוקט אויף די יידן, און זיי — אויף אים. מיטאַמאָל האָט זיך דאָס האַרץ אויפגעכאַפּט און האָט זיך גענומען וואַרפן און ראַנגלען ווי אין גסיסה. . .

אַ בלייכער האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ באַנק אין אוהל און האָט זיך מיט דער האַנט געכאַפּט פאַר דער ברוסט.

איינער פון די יידן מיט די פּושקעס האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און איז אַרויסגעלאָפן פון אוהל, לאָזנדיק הינטער זיך דעם אַנט־לויפנדן און צעשראָקענעם קלאַנג פון טויטן מעטאַל.

ווי אַ לאַנגע אינערלעכע גסיסה זענען געלאָפן די אייביקע שטומע מינוטן, וועלכע ער איז געזעסן אויף דער באַנק מיט דער האַנט אויפן צאַפּלדיקן האַרץ פאַר זי' צעשראָקענע יידן.

און ער האָט זיך שוין געגרייט, אַז דאָס האַרץ זאָל זיך אָפּשטעלן און זיך באַרויקן אויף אייביק. . .

נישט אומזיסט איז ער געקומען אַהער. . . דער שיקזאַל אַליין האָט אים אַהער געבראַכט. . .

אין דערוואַרטונג זענען די געדאַנקען געלאָפן מיט דער שנעלקייט פון אַ ווינט. דאָס גאַנצע לאַנגע לעבן איז דורכגעלאָפן אין דעם ווינט, אַזאַ נוצלאָזעס און אומנייטיקס, מיט דעם גאַנצן אויסערלעכן גלאַנץ פון זיין קאַריערע.

אין די געדאַנקען האָט ער זיך באַלד דערזען אַ טויטן, אַן אויסגעצויגענעם אויף דער ערד און אַ באַרויקטן, אין דעם זעלבן אוהל.

דערנאָך זענען געקומען פּעטע, אין גאָלד־געקלײדטע גלחים מיט גאָלדענע צלמים אין די הענט, האָבן געפּרעפּלט איבער אים, און עס זענען געקומען סאָלדאַטן מיט מוזיק און פּאַראַד. . .

און אַז מען האָט אים געוואָלט אַריינלייגן אין דער גאָלדענער טרומנע און אים אַוועקגעטראָגן, האָט ער געוואָלט אויסשרייען און פּראָ־טעסטירן, אַז מען זאָל אים נישט טשעפּען און מען זאָל לאָזן די צע־שראָקענע יידן מיט די פּושקעס, זיי זאָלן אים באַגראָבן דאָ צווישן איי־גענע און יידן. . .

ער האָט אָבער דערזען נאַטאַשעס פּאַרוויינט פּנים, און דער פּראָ־טעסט איז אָפּגעשטאָרבן אויף זיינע ליפּן. . .

מיט אַמאָל האָט ער אָנגעטאַפּט דעם בריליאַנטענעם צלם אויף דער ברוסט און האָט זיך אָן אים אָנגעכאַפּט, ווי אָן אַ רעטונג.

דאָס האַרץ האָט זיך באַרויקט.

ער האָט זיך צוריק דערפילט אַלס אַ מעכטיקער און קעמפנדיקער

גענעראַל, גרייט זיך צו ראַנגלען מיטן טויט, און איז אויפגעשפרונגען פון אָרט.

פאַר אים איז געשטאַנען בעריל און דער ייד מיט דער פושקע, וואָס איז געלאָפן אים רופן, ביידע פאַרסאַפּעטע און שמייכלענדיקע מיט דעם הכנעהדיקן און חניפהדיקן שמייכל, מיט וועלכן דאָס גאַנצע שטעטל האָט אַרויפגעקוקט צום מעכטיקן מאַן.

— פאַרוואָס איז באַ אייך דער פאַרקאַן צעבראָכן ? — האָט ער געפרעגט באַם בעל־אכסניה, אַזוי ווי ער פלעגט רעדן צו זיינע סאָל־דאַטן.

— מיר זענען אָרים, אַן אָרים שטעטל — האָט אים געענטפערט בעריל און האָט הכנעהדיק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— אַ שאַנדע צו' האַלטן אין אַזאַ צושטאַנד אַ „קלאַדבישטשע”, חזירים קענען דאָך אַריינקריכן ! — האָט געזאָגט דער גענעראַל און האָט נאָך בייזער אָנגערוקט די געדיכטע, גרויע ברעמען זייגע.

— זיי קריכן טאַקע, פריץ — האָט בעריל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און מיט אַ חניפהדיקן און שפּלדיקן שמייכעלע.

— איך וועל אייך געבן האָלץ און ברעטער און מאַכט עס צו־רעכט — האָט ער שטרענג באַפוילן די יידן, האָט זיך צו זיי אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע און איז אַרויס מיט קלינגענדיקע שפּאָרן צוריק פון הייליקן אָרט.

דאָס פערד האָט צו אים אויסגעצויגן דעם קאָפּ, האָט אָנגעהויבן צופרידן צו וואַרפן מיט די אויערן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערפרייט מיטן צוריקקער פון זיין האַר.

דער גענעראַל איז צוריק מיט אַ שפרונג מונטער אַרויף אויפן זאָטל און באַגלייט פון די בליקן פון די נאָך צעשראָקענע און איבערראַשטע יידן איז ער מיט אַ גאַלאָפּ אַנטלאָפן פון זיי און פון טאָל, וו עס האָט געהערשט טויט און טרויער. . .

# די אלמנה.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט אַ געבראַכטער נאָטאַריוש אָנגעשריבּן אין שלאָס אַ קופּטשע, און דאָס שטעטל מיט אַ שליסל פון פינף דערפער איז פאַרמעל איבערגעגאַנגען פון פוילישע הענט, פון די סווינטשיצקיס אין די הענט פון אַ פּאָניע, פון אַ פּראַוואָסלאַווּנעס גענעראַל גער־שעלמאַן.

די פוילישע פּריצים פון דער געגנט האָבּן עס אויפגענומען ווי אַ באַליידיקונג און מיט גרויס ערגערניש, און האָבּן געקוקט אויף סווינטשיצ־קין ווי אויף אַ פאַררעטער פון פוילנטום אין דער גובערניע.

דער גובערנאַטאָר, אַן עכט רוסישער כוליגאַן, האָט דעם אים פּער־זענלעך אומבּאַקאַנטן גענעראַל אַדיוטאַנט גערשעלמאַן געשיקט אַ טעלע־גראַמע און האָט אים גראַטולירט מיטן דערפּאָלג פון דער עכט־רוסישער זאַך אין זיין גובערניע, מיט דעם, וואָס נאָך אַ פוילישער מאַיאָנטעק איז איבּערגעגאַנגען אין עכט רוסישע הענט.

לויט דעם אָפּמאַך האָט דער גראַף סווינטשיצקי געדאַרפט וווינען אין שלאָס ביז ווינטער, אָבּער די תבואות פון דעם יאָר האָבּן שוין בּאַ־לאַנגט צום נייעם באַזיצער.

דער גענעראַל און נאַטאַשע האָבּן זיך געקליבּן אַוועקצופאָרן קיין מאָסקווע ביז דער גראַף וועט זיך אַרויסקליבּן און לאָזן דעם גאַנצן מאַ־יאָנטעק אויף די הענט פון דעם עקאָנאָם דעם סובּאָטניק, אַ הויכן גע־זונטן קאַצאַפּ מיט אַ ברייטער רויטער באָרד און מיט רויטע האָר אויף די הענט. געערדעט האָט דער גרויסער ווי אַ בער באַוואַקסענער פּאָניע מיט אַ דיסקאַנט, כמעט ווי אַ קינד, און מיט אַן אייבּיק גוטן שמייכל אויפן ברייטן פּנים, וואָס פלעגט זיך באַ יעדער געלעגנהייט רויטלען ווי באַ אַ פאַרשעמט מיידל.

אויף יעדן ייד האָט דער סובּאָטניק געקוקט ווי אויף אַ הייליקן און אויסדערוויילטן. געבּראַכט האָט דעם נאָטאַריוש מיט זיינע צוויי שריי־בּערס פון שטאָט המן דער מעקלער, און איז געפאָרן מיט זיי פון דער באַן אין גראַפס קאַרעטע מיט די פיר עלעגאַנטע שפּאַקעם און האָט פון

דער קאַרעטע אַרויסגעקוקט אויפן שטעטל בייזער און שטאָלצער פון דעם גראַף סווינטשיצקי אַליין.

און אַז דאָס שטעטל האָט זיך דערוווּסט פון די באַלעגאָלעס, וועלכע זענען באַלד געקומען פון דער סטאַנציע, אַז המן האָט שוין גע־בראַכט דעם נאָטאַריוש און מען שרייבט שוין, איז דאָס שטעטל אויפ־געררודערט געוואָרן ווי אַ קופּע פון מוראַשקעס.

ווי צעטומלטע מוראַשקעס זענען די יידן געלאָפן פון זייערע איינ־געהויקערטע הייזלעך צום איינפאָר, און האָבן זיך דאָרט באַלד פאַר־זאַמלט אין אַ היפּש רעדל און מען האָט אויפגערעגט גערעדט וועגן די 15 אלפים, וואָס המן וועט פּאַקן און פון דער טריפענער הצלחה, וואָס אַ המן קען האָבן.

און רעדנדיק האָט מען זיך דערמאַנט אָן דער אלמנה מיט די 12 יתומים, אין בריינדעלע קאָזאַק, וועלכע האָט על־פּי דין און על־פּי יושר געהאַט אַ חלק אין דער מנה־יפה.

איינער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף זי רופן.

— משוגענער! האָסט פאַרגעסן, אַז עס איז היינט פריי־טיק אויף דער וועלט — האָט באַמערקט משהקע דער קצב, גלעטנדיק מיט די צוויי פאַרבויגענע פינגער די שוואַרצע באָרד מיטן ווייסן פלעק. — לאָז זי צורו! זאָל זי פריער מיטן טשאָלענט פאַרטיק ווערן.

און דער עולם האָט זיך גענומען פון איר חוזק מאַכן און דער־ציילן ווי אַזוי זי האָט נישט לאַנג געשלאָגן צום טויט אַ גוי מיט אַ פור קאָרע. און אַזוי ווי מען האָט גערעדט און געלאַכט פון איר, האָט זיך די לאַנגע יידענע באַוויזן אויפן בריקל און האָט געשפּאַנט איבערן מאַרק־פּלאַץ צום איינפאָר, מיט אירע ייִנגע פיס ווי אַן עכטער קאָזאַק שפּאַנט, גרייט למלחמה אויף אַלץ. און איידער זי איז נאָך צוגעגאַנגען צום רעדל, האָט זי שוין פונווייטנס געעפנט איר גרויס מויל מיט די צוויי פאַרקרימטע, פערדישע ציין, נישט קיין מויל פון אַ פרוי, נאָר פון אַ ים־חיה, האָט גענומען גוואַלדעווען, וואַרפן מיט די לאַנגע הענט און האָט געסטראַשעט די יידן, אַז זי וועט דעם שבת נישט לאָזן אויס־נעמען...

די יידן האָבן איר אונטערגעגעבן חשק און דאָס גאַנצע רעדל איז אַריין אין איינפאָר, צום אַלטן בעריל, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו שיצן די אלמנה באַם גענעראַל.

דער בעל־אכסניה איז נאָך געווען באַם דאַווענען און דאָס רעדל

איז אַריין צו שרהן אין קיך און האָט גענומען דערווייל געוואַלטעדען פאַרן בעל־אכסניהס ווייב.

שרה האָט געהאַלטן אין מיטן פיש־האַקן, איז אָבער געבליבן רויק און גלייכגילטיק צום געוואַלד פון דער יידענע און די יידן, וועלכע האָבן איר אונטערגעהאָלפן, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ געוויינטלעכע זאַך, ווי דאָס פיש־האַקן איז געווען, און באַלד האָט זיך דאָס קלאַפּן פון האַק־מעסער איבערן ברעטל אויסגעמישט מיטן געשריי און טומל פון דער יידענע און פון רעדל. די יידענע האָט געשריגן אויף שרהן, אַז ס'איז סדום, נישט קיין יידישע שטאָט און דאָס האַק־מעסער האָט זיך געטון זיין אַרבעט און געהאַקט ווייטער ביז עס איז אַריינגעפאַלן חיים יוסי דער משרת און האָט גענומען שרייען אויף דער יידענע און אויף די יידן, און טרייבן אַלעמען פון דער קיך.

דער משרת איז שוין געווען פון המנס צד, ווייל ער האָט שוין געכאַפּט באַ אים אַ פּאָר קערבלעך. דער עולם און די יידענע האָבן עס געוווּסט און דער געוואַלט איז געוואָרן נאָך גרעסער, ביז עס איז דער־שינען בערל אַליין אין דער טיר מיטן גרויסן טלית און תפילין אונטערן אָרעם.

דאַן זענען אַלע מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, אפילו דאָס האַק־מעסער אין שרהס האַנט, אַזוי ווי די גרויסע, ווייסע באָרד פון אַלטן, פרומען ייד מיטן גרויסן טלית און תפילין אונטערן אָרעם וואָלט געווען פאַר דער אַלמנהס אינטערעסן די בעסטע גאַראַנטיע און וואָלט אַלע מיט אַמאָל באַ־רויקט, אָבער נישט אויף לאַנג.

באַלד האָט די לאַנגע יידענע ווידער אָנגעהויבן שרייען, אָבער שוין אַליין, אַז זי לעבט אין סדום און נישט צווישן יידן; אַז מען באַ־ראַבעוועט זי, אַז משה עליו השלום, האָט איר געלאָזט 12 יתומים, איינס קלענער פון צווייטן — צוועלף קליינע ווערימלעך — און האָט באַלד אויסגעקרימט דאָס גרויסע מויל מיט די פאַרקרומטע ציין און האָט זיך צעוויינט.

בערל האָט זי אָנגעקוקט אַ ווײַלע, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיט דער ווייסער באָרד און האָט געזאָגט שטיל מיט אַ שמייכל:

— אַ נאַרישע יידענע דו ביזט! קיין קאָפּיקע וועט ער נישט נעמען מעקלעריי, נישט אַזוי קיין 15 טויזנט. ווער האָט עס אייך, נאַראָנים, גע־זאָגט? און פאַרוואָס זאָל ער נעמען? ער האָט עפּעס געטון דערביי? דער גענעראַל האָט נאָך אין קיעוו אויף קאָנטראַקטן געמאַכט מיט סוויג־

טשיצקין די „זאַפּראָדאַזשנע“ אָן מעקלערס און ער האָט מיר געשווירן, אַז קיין קאָפּיקע מעקלעריי האָבן זיי קיינעם נישט געגעבן און וועלן נישט געבן.

— ס׳אַ חילול השם דאָס איז! גיב נאָר אַ קוק, טאָמער האָט אַ ייד פאַרדינט אַ פינף־און־צוואָנציקער אָדער אַ הונדערטער, ווי מען פאַרגינט אים נישט, ווי מען גוואַלדעוועט און מען ליאַרמט... עס טוט זיך חושך. ער האָרעוועט ווייניק? אַ חרפה און אַ בושה! — האָט עמפּערט זיך פלוצלינג צעקאָכט דער בעל־אכסניא, אַ רויטער פון כעס, האָט זיך שנעל אויסגעדרייט צום עולם און איז מיטן טלית און תפילין אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין צימער אַריין.

דער עולם איז געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער און די לאַנגע יידענע האָט מיט אַמאָל אויפגעהערט צו וויינען. אין אמת פון בערלס רייד האָט קיינער נישט געצווייפלט...

און מערקווירדיק! דאָס, וואָס מען וועט נישט נעמען קיין קאָפּיקע מעקלעריי האָט קיינעם נישט פאַרדראָסן, אפילו ברײַנדעלע קאָזאַק אַליין.

אַדרבה, עס האָט אַלעמען שטאַרק הנאה געטון און דער עולם האָט זיך גענומען שטום צעגיין פון קיך, אָבער באַרויקט און צופרידן, וואָס המן וועט נישט ווערן קיין גביר.

אַזוי ווי זי וואָלט שוין געקריגן איר חלק מעקלעריי, האָט בריינדעלע קאָזאַק אָנגערוקט דעם טשעפּעק מיט דער כּאַטשיילע אויפן קאָפּ און איז אויך שטיל און צופרידן אַוועקגעגאַנגען רוקן דעם טשאָלנט אין אויוון אַריין.

*

* *

ביז דעם לעצטן טאָג איז דער גענעראַל געבליבן שטיין אין איינפּאַר, אַ זאַך וואָס די יידן פון שטעטל האָבן נישט פאַרשטאַנען און האָבן נישט אויפגעהערט דערפון צו רעדן.

נאָכאַשען האָט ער איינמאָל פאַר אַלע מאָל דערקלערט, אַז ער האָט פיינט פּאָליאַקן, און באַזונדערס דעם גראַף און די גרעפין סווינטשיצקי, און ביז זיי וועלן זיך נישט אַרויסקלויבן פון שלאָס וועט ער זיך אַהין נישט אַריינקלויבן.

אַז בערל האָט אין דעם לעצטן טאָג פאַר דער אָפּרייזע, אויפן באַפעל דערלאַנגט אַ חשבון, האָט דער גענעראַל גענומען דעם חשבון פון זיין האַנט, האָט אין אים אפילו קיין קוק נישט געטון און האָט איינגעגראָבן אין אַלטן ייד אַ פּאָר פאַרשנדע אויגן, איבער זיינע גאַלדענע ברילן.

דער בעל־אכסניה איז אונטער דעם בליק מבולבל געוואָרן...

דאָס פנים זיינס איז געוואָרן בלייך, די בלויע אָדערן אויף די באַקן זענען געוואָרן בלויער און מער בולט, דאָס האַרץ האָט אים עפּעס אָנגעהויבן צו טיאָכקען.

דער גענעראַל האָט באַמערקט דאָס פנים און דעם יידס אויפרעגונג, האָט ער זיך אָפּגעווענדט פון אים און האָט זיך געלאָזט שפּאַנען איבערן צימער אונטערן קלאַנג פון זיינע שפּאָרן און מיט די הענט אין די הויזן מיט די רויטע פּאַסן.

בערל איז געשטאַנען ווי אַ צוגעקאָוועטער, ווי אין אַן אומבאַוווּסטער וואַרטונג און האָט נישט געקענט זיך רירן פון אָרט.

פּלוצלינג האָט זיך דער גענעראַל אַ כאַפּ געטון, ווי אַ מענטש וואָס האָט פאַרגעסן די וויכטיקסטע זאַך, האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך גענומען פיבערהאַפט טאַפּן אין די קעשענעס און נישט קוקנדיק דעם ייד גלייך אין פנים אַריין, האָט ער זיך צו אים געווענדעט מיט אַ פיבערהאַפט געכאַפּטן טאָן:

— יאָ, איך האָב גאָר פאַרגעסן... שטעל זיך פאָר, כאָזיאַאין! איך קריג היינט אַ בריף פון אַ טאָוואַרישטש, ער איז אַ וואָיענער דאָקטאָר פון יידן... דו פאַרשטייסט? פון די קאַנטאָניסטן איז ער... מיר האָבן געדינט צוזאַמען אויף קאַווקאַז און סיביר... נו, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז איך האָב אָפּגעקויפט אייער שטעטל, פּאָזדראַוולאַיעט ער מיך און בעט מיך, אַז איך זאָל דאָ אָפּזוכן זיינע קרובים און אויב זיי זענען באַדערפטיק, זאָל איך זיי העלפן מיט געלט און ער וועט מיר דאָס געלט אומקערן מיט דאַנק.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט באַ דעם וואָרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, ווי אַ מאַן, וואָס איז דורכגעלאָפן אַ לאַנגן וועג.

דאָס סקלעראָזע, איבערגעוואַקסענע האַרץ האָט זיך ווידער גענומען וואַרפן ווי דאַן אין אוהל פון הייליקן אָרט. און געקלאַפּט האָט זיך אויך דאָס האַרץ באַם צווייטן ייד, באַם בעל־אכסניה, אָן אַ שום אורזאַך...

דער ייד האָט נאָר געפילט, אַז עפּעס וועט באַלד קומען, אַז עפּעס קריכט

און גנבעט זיך צו אים פון ערגעץ. אַזאַ שרעקלעכעס און צוגלייך אָנ־געגעמעס. וואָס אָבער, האָט ער נישט געקענט פאַרשטיין.

— אַ מיליטערישער דאָקטאָר, וועלכער איז געבוירן בײַ אונז אין שטעטל? — האָט ער שטיל איבערגעפרעגט דעם גענעראַל אויך מיט אַ פאַרכאַפטן אָטעם.

— יאָ, ער איז דאָ געבוירן... ער איז איצט אַ גרויסער מאַן... אַ גענעראַל איז ער!

— ווי אַזוי איז זיין נאָמען? — האָט געפרעגט דער בעל־אכסניה שוין אַ בלייכער.

דאָס האַרץ האָט זיך בײַם גענעראַל אַ שטאַרקן וואָרף געטון און עס האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט.

ער האָט זיך אָבער דערפרייט דערמיט: עס האָט אים געגעבן אַן אויסרייד און צייט צו באַטראַכטן אַ תשובה אויף דער אומדערוואַרטעטער פראַגע.

— זעסט, ווי איך בין שוין קאַפּוט, מיין פריינט? עס קלאַפּט... עס קלאַפּט... און מיטאַמאָל: סטאָפּ מאַשינאַ... דאַן הענגט דער טויט אויף דער נאָז... כע, כע, כע — און זיך האַלטנדיק בײַם האַרץ האָט ער זיך שטיל און טרויעריק צעלאַכט, און האָט אים אין אַ ווײַלע אַרום געענטפערט:

— הייסן, הייסט דער טאָוואַרישטש מיינער, ניקאָלאַיעוו!... ני־קאָלאַי גריגאָריעוויטש ניקאָלאַיעוו... אַ פּראַכטפולער מענטש, זאָג איך דיר... מיין בעסטער פריינט!

— ניקאָלאַיעוו? און ער איז אַ ייד און געבוירן בײַ אונז אין שטעטל? — האָט געשטוינט בערל.

דער גענעראַל האָט זיך הויך צעלאַכט. דאָס האַרץ האָט ווידער אָנגעהויבן צו קלאַפּן רויק און נאָרמאַל, און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי אַ פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע אברים זיינע. אַ פרייד האָט אים פאַרשאַפט דאָס באַהאַלטענע שפּיל מיט זיין יוגנט־חבר.

— ניקאָלאַיעוו. געבוירן איז ער נישט קיין ניקאָלאַיעוו... דאָס האָט מען שוין אים דערנאָך געגעבן אַ רוסישן נאָמען... מען האָט די אַלע קינדער געגעבן אַ נייעם גלויבן און אַ נייעם נאָמען... ווי דען? דו ווייסט עס נישט?

און ער האָט מיטאַמאָל באַקומען מוט ווידער איינצוגראָבן זיינע בליקן איבער די גאָלדענע ברילן אין בעל־אכסניהס אויפגערעגט און אָנ־

געשטערנגט פנים, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געטעשעט מיט אים און זיך נישט געקענט איך אים זאַט אָנקוקן.

און אין דער זעלבער צייט האָט בערלס מוח און זכרון געאַרבעט מיט אַ פיבערהאַפטער אָנשטרענגונג.

— ווייסטו אפשר, פריק, ווער זיינע עלטערן זענען געווען, ווי אַזוי זיי האָבן געהייסן ? שרייבט ער דיר נישט דערפון ? — האָט געפרעגט דער בעל־אכסניה נאָך אַ לאַנגן טראַכטן.

— יאָ, יאָ ! ער שרייבט מיר, ווי דען ? געוויס שרייבט ער. . . — האָט זיך ווידער אַ כאַפּ געטון דער גענעראַל און האָט זיך גענומען טאַפּן אין די קעשענעס, האָט אַרויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע אַ בינטל בריוו, האָט אויסגעקליבן איינעם פון זיי און האָט זיך גענומען דורכ־קוקן. — ער שרייבט מיר. . . ער שרייבט מיר. . . ניין, וועגן די עלטערן זיינע שרייבט ער מיר גאָרנישט. . . נאָר וועגן דעם פּאַרק מיטן שלאָס שרייבט ער מיר. ער געדענקט, זאָגט ער, זייער גוט, ווי ער האָט אַלס יינגל דאָרט געגגבעט עפּל מיט זיין חבר, און מען האָט זיי ביידן געכאַפּט, און דער אַלטער גראַף סווינטשיצקי האָט געהייסן די סטרוזשעס, אַז מען זאָל זיי אויסשמייסן מיט קראָפּעווע. . .

און ער האָט צוריק אויפגעהויבן די אויגן פון בריוו און זיי איינ־געגראָבן אין זיין יוגנט־חברס פנים. און דאָס פנים איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן, ווי בײַ אַ פאַרשעמט מיידל. רויט זענען געוואָרן אויך בערלס אויערן.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען איבערראַשט און דערשיטערט, ביז די דערינערונג האָט זיך נישט אָנגעצינדן ווי אַ צאַנקנדער און פלאַטערנדי־קער לייכטער שמייכל צווישן די וואָנסעס און אין די אויגן.

— איך געדענק. . . איך געדענק עס. . . ווי נעכטן געדענק איך עס — האָבן שטיל אַרויסגעזאָגט די שמייכלענדע ליפּן, ווי אַ שטילע און ויסע ליבעס־דערקלערונג.

— יאָ, דו געדענקסט עס ? — האָט אים מיט אַ לייכטער באַוווּנ־דערונג געפרעגט דער גענעראַל.

דאָס בלוט איז מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן פון בערלס פנים און די אויערן, און ער איז געוואָרן צוריק בלייך ווי דער טויט.

— דאָס בין איך עס געווען דער חבר, דאָס האָט מען אונז ביידע געשמיסן, — אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס פּאַסירט.

— עס קען נישט זיין! — האָט אויסגעשריגן דער גענעראַל מיט אַ געמאַכטער באַוווּנדערונג.

און די צוויי אַלטע מענטשן שטייען און קוקן זיך אָן איינער דעם אַנדערן, ווי אין אַ חלום...

— לעבט ער נאָך... דער הערשעלע? הערשעלע... הערשעלע האָט מען אים גערופן... איך געדענק... איך געדענק עס! — האָט כמעט בייז, מיט אַ טופּ, אויסגעשריגן דער בעל־אכסניה, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים נישט געלאָזט געדענקען און ער וואָלט זיך מיט דעם „עמעצן" געראַנגלט, אָדער דער עמעצער וואָלט אים נישט געוואָלט גלייבן, אַז ער געדענקט עס.

דער גענעראַל האָט אָבער נישט אַראָפּגענומען פון אים זיינע איינגעגראָבענע בליקן, און די בליקן האָבן אים אָנגעהויבן צו נערווירן, צו שוידערן, אַזוי ווי זיי וואָלטן אים געטריבן מיט בייטשן...

און ווידער האָבן די הענט געציטערט באַם גענעראַל און זיך געצויגן צום יוגנט־חבר, ווי אין דער נאַכט פון תשעה־באב, ווען ער איז געזעסן פאַר דעם צאַנקענדיקן ליכט און שטיל געקלאָגט אויפן חורבן...

„בערקאָ, דרוג מאָי! דערקענסט מיך?" — האָט ער אים געוואָלט פרעגן.

דאָס האַרץ האָט זיך אָבער ווידער אַ וואָרף געטון אין זיין ברוסט, אַזוי ווי עס וואָלט געדראָט און מתרה געווען...

און די גוטע און בריענדע ווערטער זענען נאָכאַמאָל פאַרגליווערט געוואָרן אויף די ליפּן.

— געוויס לעבט ער... דו זעסט דאָך... א גרויסער מאַן... אַ טשין פון אַ גענעראַל — האָט אים צוגעוואָרפן גערשעלמאַן, געדעמפּט פון אַ געוואָרגענעם האַלדז.

— איז ער נאָך אַ ייד? — האָט אים שטיל געפרעגט בערל אין אַ ווײַלע אַרום מיט אַ פיבערהאַפטן גלאַנץ אין די אויגן.

— ווי קען ער זיין אַ ייד? אַ גענעראַל אַ ייד! ווי איז דאָס מעגלעך? — האָט זיך כמעט געבייזערט דער גענעראַל, האָט זיך אָפּגעווענדט און האָט זיך גענומען ווידער שפּאַנען הין און צוריק איבערן צימער.

בערל האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ בענקל, אַזוי ווי אַן אונ־

טערגעשניטענער. די פיס האָבן אים געבראָכן און אַלע אברים זענען מיט אַמאָל אַזוי שווער געוואָרן און צערודערט.

דער פלאַטערנדיקער, צעטומלטער שמייכל איז מיט אַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן, און זיין געזיכט האָט מיט אַמאָל זיך אַזוי באַטריבט אַזוי ווי אַ פיינלעכער ערגער וואָלט עס פאַרכמורעט.

אַ ווײַלע זענען זיי ביידע געווען שטום, ווי נאָך אַן אויסגעלאָשענער און אָפּגעשטאָרבענער פרייד.

און אין דער טויטער און אומבאַוועגלעכער שטילקייט האָט זיך נאָר געהערט ווי צוויי פליגן האָבן זיך געשלאָגן אין אַ טאָפּלע, און ווי ביידנס הערצער קלאַפּן.

— געדענקסטו ווער עס זענען זיינע קרובים? — האָט אים געפרעגט דער גענעראַל.

— געוויס געדענק איך עס... צוויי ברידער זענען אַוועק קיין אַמעריקע און אַ שוועסטער איז דאָ. היינט זענען נאָך דאָ קינדער פון אַן עלטערער שוועסטער — האָט געזאָגט בערל גלייכגילטיק און אויסגעלאָשן, און האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— זענען זיי אָרים, נויטבאַדערפטיק? — האָט געפרעגט דער גענעראַל.

— וואָס דען? רייך זענען זיי? — און בערל האָט מיט אַ פאַראַכטנדיקן ביטול אַ קנייטש געטון מיט די פּלייצעס.

— קענסטו זיי מיר רופן? איך וועל זיי העלפן.

— פאַרוואָס נישט, פריץ? איך וועל זיי נאָר אַ ווונק טון און זיי וועלן שוין קומען צו לויפן... קיין באַזונדערס פיינע פאַרשוינען זענען זיי אַלע נישט... — און ער האָט ווידער געמאַכט אַ פאַראַכטנדיקן ביטול.

— וואָס הייסט? — האָט אויפגעציטערט דער גענעראַל — זיי זענען גנבים? מאָשעניקעס?

— חס־ושלום! — האָט אויסגעשריגן בערל איבערגעשראָקן און מיט אַ חניפהדיק שמייכעלע. — ווער זאָגט עס?... כ׳מיין סתם... פראָסטע מענטשעלעך... די שוועסטער איז אַן אלמנה געבליבן... מיט 12 יתומים... דאָס איז די זעלבע יידינע, וואָס איך האָב גערעדט מיט דיר וועגן איר, פריץ... די וואָס מאָנט דאָס מעקלעריי בײַ אברהמענען... אַן אָרנטלעכע! האָרעוועט נעבעך מיטן בלוטיקן שוויס און האָדעוועט די קינדער. און דער בעל־עגלה, וואָס האָט דיך געבראַכט פון סטאַנציע,

איז אַ זון פון דער עלטערער שוועסטער. דו ווילסט, קאָן איך זיי באַלד שיקן רופן, פריץ... דו וועסט האָבן אַ גרויסע מצווה... איך זאָג דיר דעם אמת... גיי גלויב זיך, אַז אַזוינס קאָן פּאַסירן! — האָט מורמלענד געגאַפּט בערל ווידער, מיט דעם פריערדיקן איבעראַשטן און צעטומלטן שמייכל אויפן פּנים.

— יאָ! גיי און רוף צו מיר, די אלמנה מיין איך — האָט שוין שטרענג באַפוילן דער גענעראַל און האָט אָנגערוקט די גערדיכטע ברע־מען. — אַז דער טאָוואַרישטש שרייבט, וועל איך עס מקיים זיין...

— פאַרוואָס נישט? מיט פאַרגעניגן... אַזאַ מצווה... אַן אלמנה... 12 יתומים. אָט גיי איך שוין... איך וועל טאַקע אַליין גיין טון די מצווה... אַ גרויסע מצווה! — האָט זיך געאיילט בערל און איז אַ פאַר־טומלטער, אַ ציטערנדיקער אַרויסגעלאָפן פון גענעראַל.

אין קיך האָט שוין אויף אים געוואַרט שרה און דער משרת. דעם חשבון פאַרן גענעראַל האָבן זיי געמאַכט אין דרייען, האָבן זיך אַ גאַנצן טאָג געעצהט און געסודעט. פאַראיאָרן האָט ער באַצאָלט מער ווי־פיל מען האָט פאַרלאַנגט. דאָס מאָל האָבן זיי שוין געמאַכט אַ קלוגערן חשבון, און האָבן געוואַרט אויף בערלען אין אַ פיבערהאַפטן אומ־געדולד.

אַז דאָס ווייב און דער משרת האָבן אים דערזען אַ צעטומלטן און אויפגערעגטן, אַזוי ווי דער גענעראַל וואָלט אים דאָרט אויסגעשמיסן, האָבן זיי זיך ביידע איבערגעשראָקן און אָנגעשטעלט אויף אים פרעגנדי־קע אויגן. בערל האָט זיי גאָרנישט געענטפערט און האָט זיך דערשעפּט אַרונטערגעלאָזט אויפן טאַפּטשאַן.

— וואָס־זשע? מסתמא אַ גרויסער חשבון? — האָט אים אומזיכער און שטיל געפרעגט דאָס ווייב. — איך האָב צָבער געזאָגט, אַז מען זאָל נישט איבערפּוצעווען — האָט זי מיט אַ פאַרוואָרף זיך געווענדעט צום משרת. — איר האָט דאָך תמיד ליב איבערצוזאַלצן די יויך.

— וואָס פּוצעווען? ווער מיר פּוצעווען? מען האָט נישט איבער־געפּוצעוועט — האָט בייז געענטפערט דער משרת.

— ווער רעדט פון חשבון... ער האָט אויף אים אפילו קיין קוק נישט געגעבן. ער הערט דיך מיט אַ חשבון — האָט געזאָגט בערל און האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

דער משרת און דאָס ווייב זענען געוואָרן נאָך אומגעדולדי־קער.

— איך זאָג אייך דעם אמת... וואָס קאָן פאַסירן... אַ געוואַלד, װי איך בין אַ ייד — האָט אָנגעהויבן בערל נאָך אַ קורצער און שטומער פּויזע, זיך האַלטנדיק באַם קאָפּ, און האָט זיי דערציילט די גאַנצע מעשה מיטן משומד, מיט די עפּל, פון א׳ ביז ת׳.

באַם משרת האָבן די אויגן אָנגעהויבן בלישטשען.

— ווײ איז מיר... איציקל דעם כאַפּערס זון אַ געגעראַל! — האָט געגאַפּט דעם משרת און האָט זיך גענומען רייסן די רויטע טשופּרינע.

— איציקל דער כאַפּער... ער געדענקט אַ כאַפּער, אויך מיר אַ מענטש! דו ביסט נאָך דאַן אויף דער וועלט נישט געווען — האָט זיך צעבייזערט אויף אים דער בעל־אכסניה.

— מיין טאַטע, עליו השלום, פלעגט כסדר פון אים רעדן.

— דיין טאַטע! — האָט אים איבערגעקרומט בערל מיט אַ ביטול און מיט פאַרדרוס, ווי אַ מענטש באַ וועמען מען וויל צונעמען אַ מאָנאָפּאָל אויף איציקל דעם כאַפּער. אַ זאַך וואָס געהערט נאָר אים אַליין, און האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

— וווהין איז? — האָט אים געפרעגט שרה.

— איך וועל זי גיין רופן... די לאַנגע... עס איז דאָך אַ מצווה...

— וואָס נאָך? נאַדיר גאָר א מצווה! וואָס איז די מצווה? אַ ברודער אַ משומד?... נישקשה אַז חיים־יאָשע וועט זי רופן. צו אַ גרויסער כבוד פאַר איר.

בערל האָט זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט.

— עס קען זיין, אַז שרה איז גערעכט, אַז ס׳איז גאָר אַן עבירה און נישט קיין מצווה.

— זיצט שוין אינדערהיים! איך וועל זי שוין רופן — האָט פאַרבעלייגט דער משרת און איז אַוועק רופן ברײנדעלע קאָזאַק.

## זיין שוועסטער.

אַז בערל איז אַרויסגעגאַנגען פון גענעראַל, האָט זיך דער אַלטער, קראַנקער מאַן מיט אַמאָל איבערגעשראָקן פאַר דער גאַנצער מעשה, ווי פאַר אַן אַוואַנטורע.

דער געדאַנק, אַז אָט באַלד וועט זיך עפענען די טיר און ער וועט דערזען פאַר זיך אַ זשידאָווקע, אַן אָרימע און פרעמדע, וועלכע איז אָבער דאָך זיין שוועסטער, זיין אייגן בלוט און פלייש — דאָס לאַנג און הייס געוווּנטשטע און אַזוי קלוג און פּאָרזיכטיק געפּלאַנטע — האָט אים מיטאַמאָל אויפגעשווידערט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פּלוצים דערזען פאַר אַ פינסטערן אָפּגרונט.

די אַלע גוטע און זיסע געפילן, וועלכע האָבן מיט אַ ווײַלע צוריק באַוועגט און געשליידערט זיין האַרץ און פאַרכאַפּט דעם אָטעם, די געפילן, מיט וועלכע ער האָט אַריינגעקוקט אין בערלס פּנים, די געפילן פון נסתר, וועלכער קאָן אַלץ זען און ווערט נישט געזען, זענען מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן.

— בערל, דאָס יידנטום, דער אַריינפאָר, די פרעמדע יידענע, וועלכע וועט באַלד אַריינגיין — דאָס אַלץ איז אים מיטאַמאָל פאָרגעקומען אַזוי פרעמד און אָפּשטויסנד. און איבערהויפּט האָט ער זיך דערפילט מיד און דערשעפט פון גאַנצן שפּיל און גרייט צו לויפן דערפון. אפילו דער מאַיאָנטעק מיטן שטעטל, פאַר וועלכן ער האָט איבערגעצאָלט אויף זיין חשבון אַ האַלבן מיליאָן רובל, איז אים איצט פאָרגעקומען אַלס אַ נאַרישע, סענטימענטאַלע אַוואַנטורע, וואָס איז רייך מיט געפאַרן פאַר אים.

עס האָט אים מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט אַ בייזע אומצופרידנקייט, אַן אַבערגלויבישער פּחד פאַר אַ פאַרשטעקטער און לויערנדער געפאַר. ווען ער האָט איצט באַטאַשען, וואָלט ער שוין אָפּגעפאָרן, און, עס קען זיין, מער נישט געקומען אַהער. ער וועט דעם מאַיאָנטעק אָפּגעבן אין אַ ערענדע.

מיט אָט די געדאַנקען האָט ער אומבאַמערקט ווי אַ גנב זיך אַרויס-געריקט פון איינפאָר און איז אַוועק אין שלאָס אַריין...

*
* *

חיים-יוסי דער משרת האָט די יידענע, וועלכע איז געווען אויפן ואָרף צווישן אירע גויים, וואָס האָבן געפירט פאַר איר קאָרע פאַר די נאַרבאַרניעס, נישט געטראָפן. דאַן איז ער מיט אַ פענד אַוועק צו איר פלימעניק, חיים הערש דעם באַלעגאָלע, פאַר וועלכן דער משומד איז געווען אַ רייכער פעטער... דער באַלעגאָלע איז אָבער געווען בײַ דער סטאַנציע און ער האָט אים אויך נישט געטראָפן. איינגעהאַלטן זיך אָבער האָט ער שוין נישט געקענט: אַזאַ מעשה האָט באַדאַרפט דערציילט ווערן און האָט זיך געלאָזט דערציילן: דערפאַר איז ער צוריק אין איינפאָר שוין נישט געגאַנגען, נאָר ער איז בעסער אַוועק מיט דער געשיכטע איבער די הייזער און האָט זי צעפּויקט פון א׳ ביז ת׳, ווי ער האט געהערט פון זיין באַלעבאָס, און האָט נאָך אַ ביסל צוגעלייגט פון זיך.

און אין אַ פאָר שטונדן אַרום האָט דאָס שטעטל געוווּסט פון אַ יאָסל, אַ כאַפּער, וועלכער איז געשטאָרבן מיט זעכציק יאָר צוריק, און וועלכער האָט געלעבט נאָר אין זכרון פון אַ פאָר אַלטע יידן, ווי בערל דער בעל-אכסניה אַליין איז געווען, און פון כאַפּערס זון, דעם דאָקטאָר מיטן פאַמיליען-נאָמען ניקאָלאַיעוו, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין דעם זעלבן שטעטל און איז איצט דעם קיסרס לייב-דאָקטאָר — פאַרן קיסרס לייב-דאָקטאָר האָט אים שוין געמאַכט, נאַטירלעך, חיים-יאָסי אַליין — און אַ מיליאָנער מיט הונדערט מאַיאָנטקעס. און דאָס פאַרשלאָפענע און פאַרוואָרפענע שטעטל האָט זיך ווידער געקאָכט, געגאַפט און הויפּטזעכלעך געערגערט, וואָס אַזאַ בריינדעלע קאָזאַק האָט פּלוצלינג באַקומען אַזאַ רייכן ברודער, וועלכער וועט שוין אַזאַ פאַרשיווע מאָרדע געוויס גליקלעך מאַכן...

נאַטירלעך איז דער יחוס פון דער יידענע מיטן פלימעניק, דעם בעל-עגלה און גרעסטן בויאַן פון שטעטל, נאָך פיל קלענער געוואָרן. מיט אַמאָל איז מען געוואָר-געוואָרן, אַז בסך-הכל איז דער טאַטע אירער, עס זאָל אים דאָרט אַרויסוואַרפן, געווען אַ „כאַפּער״, — ער האָט געכאַפּט יידישע קינדער און זיי איבערגעגעבן אין גויישע הענט. דיזע שרעקלעכע אורמענטשן האָבן איבערגעלאָזט אין פאָלקס זכרון אַ שוידער און אַ פלעק.

אַ סך אַ גרעסערער פּלעק איז אָבער געווען דער ברודער, דער משומד, — אָטש יעדער האָט טיף אין האַרצן זי איצט מקנא געווען און האָט געוואָלט האָבן אַזאַ ברודער, און קיינער וואָלט זיך פון אים נישט אָפּגעזאָגט.

ווען בריינדעלע קאָזאַק איז פאַרנאַכט אַריינגעפאָרן אויפן מאַרקפּלאַץ אויף אַ הויכער פּיר קאָרע, לאַנגזאַם געשלעפּט פון אַ פּאָר גרויסע אוקראַאינער אָקסן, און האָט פון דעם הויכן באַרג קאָרע אַראָפּגעקוקט ווי אַ ווילדע מכשפה, מיט ציין פון אַ חיה, האָבן אַ פּאָר לצים פון די קרעמערס אָפּגעשטעלט דער באַרג קאָרע און האָבן איר געהייסן פון דאָרט אַראָפּקריכן. . .

די לאַנגע יידענע, וואָס פּלעגט שלאָגן איר מאַן, — וועלכן זי האָט איצט גערופן צערטלעך „מיין משה עליו־השלום“, — און דעם געזונטסטן גוי, איז שוין געווען געווינט צו די ליצנות פון יעדן ווייסןחברהניק אין שטעטל. זי האָט נאָר געעפנט דאָס גרויסע מויל מיט די אויסגעקרומטע ציין, האָט דעם לץ אָפּגעציילט אַ הונדערט מאָל אין טאַטנס־טאַטן אַריין און האָט אַ הוקע געטון אויף די אָקסן, ווי אַ מכשפה: צעווע! צעווע!

דאַן האָט איר אַן אַנדערער לץ, זיצנדיק פוסט־און־פּאַס אויף די טרעפּלעך פון זיין קלייטל, באַכגעשריגן:

— אויב דו וועסט נישט אַראָפּקריכן, וועט דיך דער טאַטע דיינער אויסכאַפּן!

אַזוי ווי מען וואָלט איר דערלאַנגט מיט אַ האַק איבערן קאַרק. . . דעם טאַטן אירן, וועלכן זי אַליין האָט נישט געדענקט, האָט מען איר שוין לאַנג, פון קינדווייז אָן, נישט פאַרגעוואָרפן, ווייל דאָס שטעטל האָט אים פאַרגעסן צוליב איר „משהן עליו־השלום“, וועלכער איז געווען אַ כשרע יידישע נשמה; און איצט האָט מען זיך מיטאַמאָל ווידער דערמאָנט אָן דעם „כאַפּער“!. . .

מיט אַן אויסגעקרומט און שרעקלעך פּנים האָט זי זיך גענומען וואַרפן אויף דעם באַרג קאָרע און בילן פון דאָרט, ווי אַ גרויסער בייזער הונט.

צווישן די קלייטן איז געוואָרן פריילעך: די פאַרשלאָפענע, מיט מעל פאַרשטויבטע קרעמערס זענען אַרויס פון זייערע לעכער, האָבן געלאַכט און געהאַלטן זיך בּאַ די זייטן.

די אומגליקלעכע אלמנה האָט שוין געהייסן דעם גוי אַליין אַראָפּ־

וואַרפן די קאָרע און איז אַריין צו זיך, אין איינגעהויקערט און איינגע-פאַלן שטיבל, מיט טרערן אין די אויגן.

דאָ האָט אָבער געוואַרט אויף איר אַ נייע מעשה: די שכנה האָט איר דערציילט, אַז עס איז געווען חיים-יוסי דער משרת און האָט דער-ציילט, אַז הערשעלע גנב, דער ברודער אירער, לעבט נאָך; אַז ער איז אַ משומד און אַ דאָקטאָר באַם קיסר אַליין, אַז ער וויל איר העלפן און גליקלעך מאַכן, — האָט דער משרת נישט דערציילט.

דער משומד האָט איר נאָך מער געפעלעוועט דעם קאָפּ... מיט אַמאָל האָט זי זיך דערמאָנט אָן משהן, עליו השלום, אָן דעם כשרן, פרומען ייד, וועלכן זי פלעגט שלאָגן מכות-רצח, און אַ רחמנות צום פאַרשטאָר-בענעם מאַן אירן, צו זיך אַליין, צו איר ביטער אלמנהש לעבן, פול מיט חוזק און ביטערן קאַמף, האָט אָנגעהויבן צו קיצלען די דאַרע, פלאַכע ברוסט און דעם האַלדז פון דער פרוי, וואָס די נאַטור האָט באַשאַפן נאָר אַלס אַ שפאַס, און זי האָט זיך צעוויינט הויך און ביטער.

די שכנה האָט געמיינט, אַז זי באַקלאָגט עס דעם ברודער, דעם משומד, און האָט אויך גענומען שטיל וויינען.

די קינדער זענען געשטאַנען קויטיקע און צעשראָקענע, און האָבן געקוקט אויף דער מוטער מיט מער שרעק און אַנגסט אין די אויגן, ווי ווען זי פלעגט עמעצן פון זיי זיך נעמען בויקערן.

און אַז זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט זי אַרויפגעוואָרפן די שאַל אויף די אַקסלען, ווי זי פלעגט עס טון נאָר דאַן, ווען זי פלעגט ערגעץ גיין נישט וועגן געשעפט, און איז אַוועק צום איינפאָר זיך אָפּרע-כענען מיט חיים-יוסין דעם משרת און מיט דעם אַלטן „גאַנאַמניק", דעם בעל-אכסניה אַליין.

אין דער צייט אָבער איז דער בעל-אכסניה אַרומגעגאַנגען איבער דער גרויסער שטוב אין גרויס עגמת-נפש. ווי נאָר דער משרת איז אַרויס פון הויז רופן די יידענע, האָט ער דערפילט מיטן חוש, אַז ער האָט גע-טון אַ גרויס נאַרישקייט מיט דעם, וואָס ער האָט אים געשיקט, און אי-בערהויפט וואָס ער האָט אים דערציילט די געשיכטע. אַ פאָרגעפיל, אַן אַנונג, האָט אים געזאָגט, אַז די גאַנצע געשיכטע האָט באַדאַרפט בלייבן אַ סוד, אפילו פאַר שרהן...

מיט דעם געפיל איז ער באַלד נאָכגעלאָפן דעם משרת צו ברייג-דעלעס הייזל; ער האָט אָבער דאָרט שוין נישט געטראָפן גישט דעם משרת און נישט די יידענע, און ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים אַ צע-

דורטער און געערגערטער צום אויסערסטן. און ווען דער משרת האָט זיך לאַנג נישט אומגעקערט, איז דאָס ערגערניש און דער פאַרדרוס געוואַקסן אַלץ גרעסער און גרעסער און האָבן אים נישט געלאָזט איינזיצן אויף אַן אָרט.

ער איז געווען זיכער, אַז דער משרת גייט אַרום איבערן שטעטל און צעפּויקט די געשיכטע. און וואָס לענגער ער האָט דערפון געטראַכט און זיך געערגערט, אַלץ מער האָט דאָס פאַרגעפיל, די אַנונג זיך געקלערט אין אַ רייפן געדאַנק און אַן איבערצייגונג.

וואָס מער ער האָט זיך געגראָבן אין זיין זכרון, וואָס מער ער האָט זיך אַריינגעטראַכט אין גענעראַלס ווערטער און האַלטונג, איצט און פאַראַיאָרן, אין זיין אינטערעס צום יידנטום, צום שטעטל, צום הייליקן אָרט, פאַר וועלכן ער האָט געשענקט אַ נייעם פאַרקאַן פון טייערע דעמבענע שפּאַלטן און ברעטער, וואָס מער ער האָט זיך אַריינגעקוקט אין זיין פּנים, וועלכעס איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיינע אויגן, אַלץ מער איז אים דאָס גויאישע פּנים אויסגעקומען יידישער, באַקאַנטער און נענטער, אַלץ מער איז אין אים געוואַקסן דער שרעקלעכער און שוידערלעכער חשד, אַז דער גענעראַל איז דאָס דער הערשעלע אַליין. . .

און אַזוי־ווי ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן שטוב, געפּלאַנט און געשוידערט פון זיינע געדאַנקען, איז אַריינגעלאָפן די יידענע, אַ שרעקלעכע ווי אַ מכשפה, און האָט אים, דעם חשובסטן און בכבודסטן ייד אין שטעטל, אָפּגעציילט אָן אַ פאַרוואָס עטלעכע מאָל אין זיידנס טאַטנס טאַטנס טאַטן אַריין.

און אַז שרה איז אַריינגעלאָפן פון קיך, האָט איר די מכשפה אָפּגעזונגען נאָך אַ שענערן „מי שברך" און האָט זי אָפּגעגאָסן מיט זלזולים און פּאַמאָיעס פון קאָפּ ביז די פיס.

שרהן האָט די מעשה הנאה געטון.

— אָט האָסטו דיר פאַר דער מצווה — האָט זי זיך געווענדעט צום מאַן מיט אַ בייזער פרייד — גיי, טו מצוות צווישן יידן — און זי האָט זיך געלאָזט גיין אין קיך אַריין.

דעם וועג האָט איר פאַרשטעלט דער רויטער משרת.

אַן אויסכאַפּעניש זאָל קומען אויף דיר, אויף דיין וויב די גנבטע, מיטן געשמדטן האַלדז, וואָס גנבעט פון די קאַשעס און אין יאַטקע! אַן אויסכאַפּעניש אויף דיינע קינדער און אַלע דיינע ליבע! — האָט אים באַגעגנט די יידענע ווי אַ צעהיצטער בייזער הונט.

— קוק זי נאָר אָן. . . וואָס־זשע, זאָג נאָר, דו קאָזאַק, אפשר אַ ליגנט? דיין טאַטע, ימח שמו, איז אפשר נישט געווען קיין כאַפּער? אַז מער האָט מען נישט באַדאַרפט.

ווי ער וואָלט זיך צו דער צערייצטער חיה צוגערירט מיט אַ שטיק צעגליט אייזן.

מיט שוים אויף די ליפּן און מיט די פויסטן, אַ ווילדע און ווי־טענדע, האָט זי זיך געוואָרפן אויפן משרת זיך שלאָגן, דראַפּען צום טויט...

נאָר בערל צוזאַמען מיט שרהן האָבן זיי געקענט צענעמען און אָפּשטעלן דאָס געשלעג.

אַז מען האָט זי אַפּגעריסן פון משרת, האָט זי זיך נאָך אַ ווײַלע געשאָלטן און געזידלט און האָט געענדיקט מיט אַ ביטער געוויין, ווי כסדר, אויף איר וויסט אלמנהש לעבן און אויף משהלען עליו־השלום, וועלכער ליגט אין דר'ערד און קען זיך פאַר איר נישט אָננעמען.

אַ וויינענדיקע, מיטן אויסגעקרומטן מויל, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשטעקט די קרומע ציין, איז די יידענע געווען נאָך שרעקלעכער ווי בשעתן געשלעג.

— ווער האָט אים געטריבן אין דר'ערד אַריין, אַז נישט דו, אַ רוח אין דיין טאַטן אַריין. . . דעם כאַפּער דאָרטן! — האָט זיך נישט איינ־געהאַלטן דער צעדראַפּעטער משרת פון ווינקל.

די יידענע האָט זיך ווידער אויף אים געוואָרפן שלאָגן, דראַפּען.

אָבער דאָ איז אַריינגעקומען דער גרויסער, געזונטער סובאָטניק, אַ שמייכלענדיקער און אומבאַהאָלפענער, ווי אַ פאַרשעמט מיידל.

מיט אַ פאַרלעגענעם שמייכעלע האָט ער מיט זיין קינדערישער, כמעט קוויטשעדיקער שטימע, וועלכע איז געווען אַזאַ קאָנטראַסט צו זיין גרויסער און ברייטער פיגור, איינגעלאַדן דעם „כאַזיאַין” צום גענעראַל אין נומער אַריין.

דאָרט האָט ער אים באַצאָלט דעם חשבון פאַר סטאַנציע און האָט אים דערלאַנגט אַ צעטל פון גענעראַל, וואָס ער האָט אַליין געמוזט דורכלייענען, ווייל בערל האָט נישט געקענט לייענען קיין געשריבן רו־סיש כתב.

אין דעם צעטעלע האָט דער גענעראַל אים געבעטן איבערגעבן ני־קאָלאַיעווס שוועסטער צוויי הונדערט רובל, און דער עקאָנאָם האָט אים אָוועקגעלייגט פאַר איר אויפן טיש צוויי בייע, קנאַקעדיקע הונדערטערס, פרישע, אַזוי ווי ערשט פון דרוק אַרויסגענומען.

— שיקט זי מיר צו מאָרגן אויפן פּאָלוואַרק און איך וועל איר שענקען אַ מעלקנדיקע קו. דער גענעראַל האָט מיך געהייסן — האָט געזאָגט דער סובאָטניק מיט אַ ברייטן שמייכל אין זיין רויטער באָרד.

בערל האָט גענומען דאָס קנאַקעדיקע געלט אַ צעטומלטער מיט ציטערנדע פינגער, ווי אין אַ חלום.

מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס פאַרלוירן אַזאַ אָנגענעמס, שיינס און טייערס.

— דער גענעראַל וועט שוין דאָ מער נישט זיין? — האָט ער געפרעגט דעם עקאָנאָם מיט אַן אָפּגעריסן האַרץ.

— ניין! זיי האָבן געלאָזט גריסן און פאָרן מאָרגן פרי אָפּ. איך פאַרנעם איצט די זאַכן.



אויפן צווייטן מאָרגן האָבן דעם גראַפס פיר עלעגאַנטע שפּאַקעס דורכגעטראָגן דורכן שטעטל דעם גענעראַל מיט זיין טאָכטער צו דער סטאַנציע.

הינטערן שטעטל האָבן זיי באַגעגנט אַ לאַנגע שמוציקע יידענע, וועלכע האָט מיט קינדערישער פרייד אויפן צעקנייטשטן, שטאַרק געעלטערטן פּנים, געשלעפּט אויף אַ שטריק אַ גרויסע, רויטע טיראָלער קו מיט ווייסע פלעקן און מיט גרויסע אייטערס.

די קו האָט זיך געעקשנט, זיך יעדעס מאָל איינגעגראָבן מיט די פיס און האָט נישט געוואָלט גיין.

חיים-הערש, דער לאַנגער בעל-עגלה האָט זי אונטערגעשמיסן מיט זיין לאַנגער בייטש.

אַז ער האָט דערזען דעם גענעראַל אין דער אָפענער קאַרעטע האָט ער זיך אויסגעצויגן אין פראָנט ווי אַ סאָלדאַט און האָט געכאַפּט די האַנט צום דאַשעק. . .

אַז נאַטאַשע האָט אים דערזען, איז זי אויפגעשפּרונגען פון זיץ און האָט אים אויך סאַלוטירט מיליטעריש, און האָט זיך הויך און שטיפעריש צעלאַכט.

גענעראַל גערשעלמאַן האָט זיך צוזאַמענגעדרייט און זיך אַ שלייַדער געטון אין ווינקל פון קאַרעטע. די יידענע, וועלכע האָט געשלעפּט

די האַרטנעקיקע קו, האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ שוידערנדן עקל, אין אַ שרעק און האָט אָפּגעשטעלט זיין האַרץ...

באַלד דאָט זיך דער באַלעגאָלע אַ ריס געטון פון אָרט און האָט זיך גענומען נאָכלויפן נאָך דער קאַרעטע, וועלכע איז אָבער שנעל פאַר שוווּנדן געוואָרן אין אַ געדיכטן וואָלקן פון שטויב.

די לאַנגע יידענע מיטן נאָך לענגערן פּלימעניק, מיט דעם באַלע־גאָלע, זענען אָבער נאָך לאַנג געשטאַנען ווייט איינער פון צווייטן און האָבן נאָכגעקוקט דעם וואָלקן שטויב, וועלכער האָט זיך אַלץ מער דער־ווייטערט, ווי די לויפנדע שפּאַקעס מיט דער קאַרעטע.

און אַז די יידענע האָט זיך ווייטער גענומען שלעפּן די קו פאַרן שטריק איז דער באַלעגאָלע צוגעלאָפן און האָט זיך גענומען אומבאַרמ־האַרציק שמייסן מיט דער בייטש, אַזוי ווי ער וואָלט צו איר אויסגעלאָזט דעם פאַרדרוס, וואָס ער האָט נישט געקענט אָניאָגן די קאַרעטע מיטן גענעראַל.

— געהרגעט זאָלסטו ווערן אויפן גלייכן וועג ? אַ דונער זאָל דיך דערשלאָגן, און דאָס נאָך היינט באַנאַכט ! — האָט געפּענט אויף אים די מומע איר ברייט מויל און האָט זיך גענומען גלעטן די קו באַם האַלדז מיט אַזאַ ליבע און מוטערלעכער צערטלעכקייט, וועלכע די לאַנגע, ביי־זע יידענע האָט קיינמאָל נישט געהאַט נישט פאַר איר „משה'ן עליו־השלום" און נישט פאַר אירע אייגענע קינדער.

# די אַלטע היים

## אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג.

אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג האָבן די פיר עלעגאַנטע שפּאַקעס אָפּגעפירט אין אַ ברייטן שליטן דעם גראַף סווינטשיצקי און די גרעפין צו דער סטאַנציע.

דער גראַף און די גרעפין פלעגן אָפט פאָרן צו דער סטאַנציע. דאָס שטעטל אָבער האָט שוין געוווּסט, אַז זיי פאָרן צום לעצטן מאָל און מער וועלן זיי דעם מאַיאָנטעק, וואָס האָט געהערט צו די סווינטשיצקיס פון יאַן סאָביעסקיס צייטן אָן, אין די אויגן נישט אָנקוקן.

אַז די קרעמערס אויפן מאַרק־פּלאַץ האָבן דערהערט דעם גוט־באַקאַנטן גלאָק פון דעם גראַפס שפּאַן, זענען זיי אַלע אַרויסגעלאָפן פון זייערע קלייטלעך מיט די פייער־טעפּלעך אין די הענט און האָבן באַגלייט זייער געוועזענעם באַלעבאָס מיט דער זעלבער בייזער פרייד און נקמה, מיט וועלכער די יידן האָבן אַמאָל באַגלייט המנען צו דער תליה.

דער גראַף און די גראַפיניע זענען געזעסן טיף אין שליטן מיט אַרונטערגעלאָזטע און אין די טעלעבעס פאַרהילטע קעפּ.

און לאַנג זענען געשטאַנען די קרעמערס, זיי נאָכגעקוקט, קלאַפּנדיק צופרידן אַ שטיוול אָן אַ שטיוול, און זיי באַגלייט — באַזונדערס די מאַרק־ווייבער — מיט קללות פון דער תוכחה.

צוריק זענען געפאָרן די שפּאַקעס איבערן שטעטל לאַנגזאַם מיט אַרונטערגעלאָזטע, אומעטיקע קעפּ, אַזוי ווי מיטן גראַף וואָלט פון זיי אַוועק זייער גדולה.

מיט דער אומעטיקער שטימונג האָט זיי אָנגעשטעקט זייער אָנטריי־בער, דער קוטשער יאַן, וועלכער האָט אָפּגעלאָזט די לייצעס און איז געזעסן אויף דער קעלניע — קעגן זיין געוווינהייט — אַן אומעטיקער און צעשטרייטער, מיט אַ טיף־געבויגענעם קאָפּ.

אַז עס איז אָבער אויפן בריקל, הינטער אים, אָנגעלאָפן פון דער סטאַנציע חיים־הערש דער בעל־עגלה מיט אַ געפּאַקטן שליטן פּאַסאַ־זשירן, אַ שמייסנדער און ליאַרמענדער ווי כסדר, און אַ קרעמער האָט באַ אים געפרעגט אין דער קאַלטער און הילכענדער ווינטער־לופט: „חיים־הערש! חיים־הערש! ער איז אַוועקגעפאָרן?”, אַזוי ווי מען וואָלט נאָך געקענט צווייפלען און זיך נישט גלייבן, אַז מען איז שוין פטור געוואָרן פון דעם המן, און אַ פּאַסאַזשיר פון דעם לויפנדן שליטן האָט צוגע־שריגן איבערן מאַרק־פּלאַץ מיט אַ בייזער פרייד און נקמה: „שוין, שוין פטור געוואָרן, ימח שמו! — האָט יאַנס געבויגענער קאָפּ אינסטינקטיוו אויפגעצויטערט און זיך שטאָלץ אויסגעגלייכט. ער האָט אַ צי־געטון די לייצעס און האָט מיט אַ הילכענדן קנאַק פון זיין לאַנגער בייטש דערמאַנט די פערד זיינע אָן זייער אַריסטאָקראַטישן שטאָלץ און יחוס.

די פיער שפּאַקעס האָבן אויפגעציטערט, פאַרריסן הויך און פאַר־דרייט די קעפּ און דער „פּוילישער שפּאַן” איז אַוועק איבערן שטעטל מיט דעם הייסן און שטאָלצן לויף פון די סווינטשיצקיס.

דאָס איז אָבער געווען זייער לעצטער לויף. די שפּאַקעס מיטן קוטשער זענען אפילו איבערגעגאַנגען צום נייעם באַלעבאָס פון שטעטל. מער אָבער האָט מען זיי „נאַשפּיץ” נישט געשפּאַנט. דער מאַיאָנטעק האָט שוין געהערט צו אַ פּאָניע און אַ רוסישן גענעראַל, און דער פּוי־לישער שפּאַן מיט אַלע פּוילישע זיטן און מנהגים זענען באַלד אָפּגע־שאַפט געוואָרן.

# אין אַ וואָך אַרום.

אין אַ וואָך אַרום איז דערזעלבער שליטן מיט דעמזעלבן יאַן אויף דער קעלניע און מיטן עקאָנאָם דעם סובאָטניק באַ דער זייט שוין גע־פאָרן צו דערזעלבער סטאַנציע צו אויפנעמען דעם נייעם באַלעבאָס, דעם גענעראַל גערשעלמאַן.

דער געשפאַן אָבער איז שוין געווען אַן עכט רוסישער: איין שפּאַק האָט מען געלאָזט פאַרשעמט שטיין אין שטאַל און מען האָט פון דריי געשפאַנט אַ רוסישע „טראָיקע" מיט דריי קעפּ פון אַ שטאָלצן רוסישן אָד־לער און מיט רוסישע גלעקלעך.

אויך יאַן האָט אַרונטערגענומען זיין לאַקירענעם פוילישן קאַפּעלוש פון סאָביעסקיס צייטן מיט די בגדים פון אַ פוילישן קוטשער. ער האָט אָנגעטון אַ ברייטע רוסישע פּאָדיאָווקע מיט אַ רוסיש מיצל, וואָס דער סובאָטניק האָט פאַר אים עקסטרע געבראַכט פון קיעוו.

און אַז די רוסישע טראָיקע איז אַרויף מיטן זילבערנעם מונטערן קלאַנג פון די רוסישע גלעקלעך אויפן מאַרקפּלאַץ און די דריי הייסע שפּאַקעס האָבן זיך אויסגעמישט מיט זייערע דינע פיס און זיך גענומען דרייען, טאַנצן און וואַרפן מיט די פעסט־געצוימטע קעפּ און מיטן שליטן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געבונטעוועט קעגן דעם נייעם רוסישן יאָך — זענען די קרעמערס ווידער אַרויסגעלאָפן פון די קלייטלעך מיט די פייער־טעפּ אין די הענט און האָבן געקוקט אויף די דריי שפּרינגנדיקע שפּאַקעס מיט דער פריילעכער נייגעריקייט פון קינדער, וועלכע מען האָט געבראַכט אין אַ צירק און זען פאַר זיך אויף דער אַרענע דריי טאַנצנדע פּאַיאַצן מיט גלעקלעך אין די הענט. דאָס שטעטל האָט געקוקט אויף די געצוימ־טע און באַזיגטע שטאָלצע פערד און האָט זיך געפרייט.

די זעלבע האַנט, וואָס האָט געצוימט די פוילישע שפּאַקעס און האָט זיי איינגעשפּאַנט אין אַ רוסישן שפּאַן, האָט באַפרייט דאָס אָרימע שטעטל פון פוילישן יאָך, פון סווינטשיצקי דעם המן, מיט אַלע זיינע גזרות און אייביקע פּראָצעסן אין אַלע רוסישע געריכטן. און די יידן

האָבן שוין אַרויסגעקוקט אויפן נייעם באַלעבאָס, נאָך וועלכן זיי זענען געפאָרן, ווי מען קוקט אַרויס אויף אַ טייערן און ליבן גאַסט.

מיט אים איז באַ יעדן געבוירן געוואָרן נייע האָפנונגען, האָפנונגען אויף נייע און בעסערע צייטן.

די עקאָנאָמיע מיטן „הויף", ווי די יידן רופן פון דור־דורות די רעזידענץ פון יעדן פריץ, איז געווען תמיד דער צענטער, אַרום וועלכן יידן פלעגן זיך אָנהייבן גרופירן און בילדן אַ קליינעם ישוב, דאָס קליינע שטעטל, און פון דור־דורות האָבן די יידן פון אַזוינע שטעטלעך געקוקט אויפן „הויף" ווי אויף אַ קוואַל פון חיונה און פרנסה.

סווינטשיצקי האָט אָבער געטון אַלץ, אַז דער ייד זאָל זיך אָפּגעוויינען פון דעם קוק. דער גענעראַל אָבער האָט זיי צוריקגעגעבן אי־בערגעטריבענע האָפנונגען. פון וואַנען די האָפנונגען האָבן זיך גענומען, וואָלט יעדער פאַר זיך אַליין נישט געקענט דערקלערן. עס איז געווען אַ בלינדער חוש.

מיטן יידישן חוש האָט דאָס שטעטל שוין אומבאַוווסט געקוקט אויפן גענעראַל אַדיוטאַנט ווי אויף איינעם פון זייערע. ווי אַן אייגענער איז זיי דער מענטש שוין געווען איינגעבאַקן אין האַרצן און ליב. און דערפאַר טאַקע האָבן זיך, באַלד ווי די „טראָיקע" איז דורכגעלאָפן צו דער סטאַנציע, איבערן מאַרק־פּלאַץ אָנגעהויבן איינציקווייז באַווייזן די חשובסטע באַלעבאַטים, די פּני פון שטעטל, אָנגעטון אין שבתדיקע בגדים, און זענען געגאַנגען צו דער „אופּראַווע", וועלכע איז געשטאַנען באַם בריקל מיטן עירוב, וואָס האָט געדינט אַלס דער טויער פון שטעטל. דאָרטן האָט זיך געזאַמלט אַ דעפּוטאַציע, וואָס האָט געזאָלט באַגעגענען דעם נייעם באַלעבאָס מיט ברויט און זאַלץ.

## די דעפּוטאַציע.

פון דער העלער הויט און פּלוצלינג איז די דעפּוטאַציע נישט געבוירן געוואָרן. פיל שטורמישע אסיפות זענען פאַר דעם אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מאַקאַרעווער קלויז. עס האָט זיך אין זיי באַטייליקט דער אַלטער דור מיטן יונגן, מיט די עטלעכע יידישע משכילים פון שטעטל, וועלכע

האָבן אַלע בשותּפות אויסגעשריבן איין „הצפירה" און איין נומער „ביר־זשעוויאַ וויעדאָמאָסטי".

די משׂכּילים האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם קבּלת־פּנים און האָבן געשריגן, אַז דאָס איז דער אַלטער מה יפית, אַ שפּאָט און אַ שאַנדע פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין. המן דער מעקלער האָט זיך אויף זיי צעשריגן און האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען, זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די יאָלדן און צוציקעס מיט זלזולים, ווי אַ בייזער הונט.

געזיגט האָבן אָבער איבער די יאָלדן נישט המן און נאָך אַזוינע בייזע חצופים, נאָר דער איינציקער בעל־אכסניה פון שטעטל, דער בנעימות־דיקער און שטילער בערל.

ער האָט לאַנג מיט אַ שטילער ברוסט־שטימע גערעדט גאָר פון ניצוצין קידושין, פון פאַרבלאָנדזשעטע נשמות, וואָס ס'זענען עס די חסידי אומות־העולם, וואָס האָבן אַ חלק לעולם־הבא; האָט געבראַכט אַ ראיה פון אַ זוהר מיט אַ מדרש תנחומא און האָט דערביי געהיימנישפול געשוונקען, פאַרגלאָצט די אויגן און געשמייכלט אין דער גרויסער זילבערנער באָרד זיינער, ווי ער פלעגט עס טון, ווען ער פלעגט בין מנחה־למעריב דער־ציילן זיינע חסידישע מעשיות.

געמיינט האָט ער נישט די חסידי אומות העולם און נישט די נצוצין קדושין, נאָר זיין אייגענעם זיסן און שטאָלצן סוד, וועלכן ער האָט שוין געטראָגן אין האַרץ, ווי אַ טייערע הייליקע קמיע. . .

און די נצוצין קדושין מיט די וווּנקען און דער גוטער, געהיימ־נישפולער שמייכל האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער אַלטער דור האָט ווידער אומגעדולדיק אָנגעהויבן צו שרייען, אַז מען דאַרף דעם גענעראַל מקבל פּנים זיין מיט ברויט און זאַלץ, אַז מען האָט די יונגע צוציקעס אין דר'ערד, ווייל אַז די יידן האָבן געטאַנצט אַ מאָל מה יפית, האָט זיך זיי דאַן געלעבט בעסער ווי היינט.

דאַן האָט המן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל דעם „אוהב ישראל", ווי ער האָט גערופן זיין פריץ, מקבל פּנים זיין מיט אַ ספר תורה.

דעם עולם האָט עס אַזוי ווי לייכט אויפגעשוידערט און ער האָט זיך באַלד געווענדעט מיט שטומע בליקן צו ר' בערלען. דער בעל־אכסניה אָבער האָט זיך מיט אַמאָל בייז אָנגעכמורעט און האָט געזאָגט, אַז אַ ספר־תורה איז נאָר פאַר מלכים און האָט געהייסן נאָר באַשטעלן באַ זעליג דעם שניצער, וועלכער איז אויך געווען אויף דער אסיפה, אַ

שיינע טאַץ פּאַר ברויט און זאַלץ, און המן דעם מעקלער האָט שוין מער קיין וואָרט נישט געזאָגט.

אַז מען האָט אָבער אָנגעהויבן צו טראַכטן מי ומי ההולכים, צו קלויבן די דעפּוטאַציע, האָט זיך בערל דער בעל־אכסניה אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין דער דעפּוטאַציע און אויך מיט דעם זעלבן געהיימניש־פולן שמייכל און ווונקען, מיט וועלכע ער האָט גערעדט פון די נצוצין קדושין.

דער עולם האָט זיך געשפּאַרט מיט אים, געבעטן, עס האָט אָבער נישט געהאָלפן און מען האָט אויף זיין אָרט אויסגעקליבן דעם גרעסטן גביר אין שטעטל, אַ ייד אַ פּראָצענטניק און אַ גרויסער טיפּוש, וועלכן אַלע האָבן פיינט געהאַט און אים תמיד געגעבן אומכבוד און וועלכער פלעגט תמיד זיך באַרימען מיט זיין שעפּליאַווע לשון, אַז ער איז אַ בורח מן הכבוד און אַז זיין טאַטע און זיין זיידע זענען אויך געלאָפן פון כבוד. אויסגעקליבן האָט מען אים נאָר פאַרן שענסטן טכויער־נעם פוטער, וואָס דער גביר האָט פאַרמאָגט און פאַר זיינע בליאַסקעדי־קע פלאַטאָווע שטיוועלעך, וועלכע ער פלעגט יעדן טאָג פוצן, און פאַר דער לאַנגער רויט־בלאָנדער און צוגעקעמטער באָרד, פון וועלכער זיין נאַריש פנים האָט אַרויסגעקוקט קליין ווי אַ פייג און קינדיש, אַזוי ווי די באָרד וואָלט געווען אַ צוגעקלעפּטע.

פוצן זיך איז איבערהויפּט געווען דעם ליידיקגייערס הויפּט־באַשעפ־טיקונג. גאַנצע שטונדן פלעגט ער שטיין איבער דעם טכוירענעם פוטער זיינעם אָדער דער פאַלונער קאַפּאָטע און קלויבן פון זיי די שטויבעלעך, און אין ווינטער זיי בוצן מיט אַ בערשטל פול מיט שניי.

דער גביר, דער רב און דער לערער פון דער תלמוד־תורה — אַ הויכער, אַלטער בחור, מיט אַ גרויסן קנאָפּ אויפן דאַרן, לאַנגן האַלדז און מיט פענסנע אויף אַ האָרבאַטער נאָז — זענען געווען די קעפּ פון דער דעפּוטאַציע.

דער מדבר בראש האָט געדאַרפט זיין דער לערער אַליין, דער איינציקער צווישן זיי, וואָס האָט געקענט רוסיש און וועלכער האָט פאַר־פאַסט אַ רעדע און זי אויסגעלערנט אויסנווייניק.

און אַזוי ווי די „טראָיקע" איז אַוועק צום וואָקזאַל נאָכן גענעראַל, האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט אין דער אופּראַווע און האָבן אַוועקגעשטעלט אשרן, דער איינציקער יידישער סאָטסקי אין שטעטל, אויף דער וואַך באַם

בריקל, וועלכער האָט באַדאַרפט באַאָבאַכטן און באַמערקן נאָך פון וויטנס די „טראַיקע" אין מעלדן פון איר דער דעפּוטאַציע.

## אין אַ זוניקן ווינטער־טאָג.

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, און די פראָסט האָט אַביסל אָפּ־געלאָזט. דער ווייסער שניי האָט פאַרדעקט די אַלטע, שוואַרצע און אָפּגעריסענע דעכער פון שטרוי און דראַנעצעס, וועלכע האָבן אויף די איינגעהויקערטע הייזלעך תמיד אויסגעזען ווי צעפליקטע היטלען אויף די קעפּ פון אַ מחנה אָפּגעריסענע בעטלער. אונטער דעם פרישן און ווייסן צודעק פון שניי האָבן די אָרימע, אויסגעקרימטע הייזלעך שוין נישט אויסגעזען אַזוי איינגעהויקערט און שפּלדיק און האָבן זיך שוין נישט אַזוי געבויגן צו דער ערד אונטער דער לאַסט פון דער יידישער אָרימקייט און עלנד.

אויסגעפּוצט מיטן ווייסן, אין זונענשיין בליאַסקענדיקן שניי, וועלכן די פאַרגאַנגענע נאַכט האָט פריש אָנגעוואָרפן איבערן שטעטל און צע־שפּרייט אין זאַנפטע, אָבער ערנסט פאַרקלערטע קנייטשן און ליניען, האָט דאָס אָרימע, אין טאָל ווי באַגראָבן־ליגנדע שטעטל, איצט אויסגעקוקט יום־טובדיק. פריש און פאַריונגט האָט עס אויסגעזען, ווי אַ קבצן, וועל־כער האָט מיט אַמאָל געווונען אין אַ לאָטעריע אַ גרויס פאַרמעגן און איז איבער נאַכט געוואָרן אַ גביר.

דיזעלבע אַלטע און אָרימע הייזלעך האָבן זיך איצט שטאָלץ גע־רויכערט מיט זייערע קוימענס און האָבן מיט דעם רויך, וועלכער האָט זיך גראַד און הויך געצויגן צום העלן הימל, דערמאַנט אָן פאַרפּוצטע יידי־שע יינגלעך, וועלכע שטייען פּסח אויפן הויף פון שול מיט די פּאַפּיראָס־לעך אין די מיילער און באַרימען זיך מיט זייערע פּסחדיקע קאַפּאָטקע־לעך און קאַשקעטלעך.

דעם איינציקן דיסאָנאַנס אין דעם גאַנצן פריש־יונגן און מונטערן בילד, האָבן געבילדעט די צעבראָכענע און שוואַרץ־פאַררויכערטע קוי־מענס. . . אויף די שניי־ווייסע דעכער האָבן זיי אַרויסגעשטעקט ווי פוילע, שטשערבאַטע ציין.

דער גרויסער פיר־עקיקער מאַרק־פּלאַץ איז אויך געלעגן יום־טוב־דיק פּוסט. דער פרישער שניי האָט פאַרדעקט איבער נאַכט די געלע און קויטיקע פלעקן, וואָס עס האָבן דאָרט געלאָזט די שליטנס און די פערד נאָך פון לעצטן מאַרק־טאָג, און וועלכע האָבן אים געגעבן דעם אויסזען פון אַ קיטיקן און פאַרפלעקטן טישטוך נאָך אַ מאָלצייט. באַפרישט מיטן שניי האָט דער מאַרק־פּלאַץ איצט ווידער ריין און זויבער געבליאַסקעט מיט זיין ווייסן צודעק. די פון די שליטנס פריש אָנגעשאָטענע שפּורן האָבן זיך אין זון־שיין געלויכטן ווי ברייטע, מיט בליאַסקענדע דימענטן אָנגעשניטענע לענטעס.

נאָר אַ פּאָר פאַרהונגערטע און ברודיקע בהמות, וועמענס אויסגעריבענע פעל איז געווען באַהאָנגען מיט צוגעפרוירענעם קויט, ווי מיט גלעקלעך, האָבן זיך געשלעפּט איבערן מאַרק־פּלאַץ ווי אַלטע, ערשט פון בעט אויפגעשטאַנענע, ווייבער. און האָבן שווער געהינקט אויף זייערע שוואַכע פיס און געזוכט אין שניי דאָס היי, וואָס די פירן האָבן דאָ געלאָזט אין זונטיקדיקן מאַרק און האָבן לעבנסלאָז, פויל און אומעטיק געמעלה־גרהט.

אין אַ ווינקל איז פון גאַנץ פרי אָן געשטאַנען איין „גרעגנטשעלע" מיט אַביסל האָלץ פון דאַרע צווייגן, אַ „גאַלאַגען", ווי מען רופט עס אין דרום-רוסלאַנד, און די פיר האָלץ, מ'שטיינס געזאָגט, האָבן געדונגען אַן עדה יידן מיט די ווייבער אין שאַלן איבער די קעפּ און האָבן קאָנקוירירט איינער מיטן צווייטן. דער גוי, אַ נידעריקער מאַלאָרוס, מיט אַ טיף אָנגערוקט, שמויסן היטל, איבערן קאָפּ, וועלכע האָט געלאָזט זען נאָר אַ שפּיץ נאָז מיט דער באָרד און אַ פּאָר אַרונטערגעלאָזטע קאָזאַצקע וואָנסעס, איז זיך גלייכגילטיק געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויפן פאַרהאָרעוועטן און איין־און־איינציק אויסגעפליקטן פערדל, וואָס האָט געגעסן פון אַ זאַק, און האָט זיך שטום, מיט אַ פאַראַכטלעכן קוק אויף די „קופּצעס", געערוירט זיין ליולקע, און וויפיל מען האָט אים נישט געגעבן, האָט ער אַלץ געענטפערט מיט אַ מאָנאָטאָנעם „איך וויל נישט" און קיינער האָט באַ אים נישט געקענט אַרויסקריגן זיין פּרייז, וויפיל אייגנטלעך ער וויל פאַר זיין מציאה, כאָטש האַק אים און בראָק אים, אַזוי ווי ער וואָלט ערשט געוואַרט אויף די אמתע סוחרים פון פּאַריז.

אַזוי האָט דער האַנדל געדויערט פון גאַנץ פרי ביז דעם האַלבן טאָג. יידישע ווייבער און מענער זענען געגאַנגען הין און צוריק, האָבן זיך מיט אים געדונגען און געגעבן אַ צענער נאָך אַ צענער מער אין

דער כאָכאָל איז אַלץ געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זיין פערדל און זיך געררייכערט די ליולקע אין אויף די צודרינגלעכע פראַגן: „וויפּיל־זשע ווילסטו? לאָמיר אָקאָרשט וויסן דיין פּרייז״ — האָט ער אַלץ געענט־פערט מיטן פלעגמאַטישן „נע כאָטשו״, ביז די ווייבער זענען געוואָרן אין כעס, און אים געזאָגט: „אַ סעכאָטע מיט אַ סטענאָטע ווילסטו פאַרן פורל?״ און דערביי אויסגעשפּיגן און אַוועק אַהיים, אים שילטנדיק מיט הויכע קללות.

באַלד אָבער זענען געקומען אַנדערע ווייבער און יידן און דער האַנדל מיטן איינציקן פלעגמאַטישן כאָכאָל האָט נישט אויפגעהערט.

די קרעמערס זענען געשטאַנען מיט די פייער־טעפּלעך אין די הענט און האָבן זיך געוויצלט איבערן גוי, איבער זיין פערד און איבער די עצים מיט די סוחרים, ביז איין קרעמער און צוגעגאַנגען צו דער פור האָלץ און טיף אַריינקוקנדיק דעם גוי אין פּנים אַריין, האָט ער אים דערקענט.

— וואָס ווילט איר פון אים? לאָז ער גיין אין דר׳ער אַריין! איר זעט דאָך וואָס פאַר פאַר אַן ערל דאָס איז. באַ אַ פעלעפּעץ גנב ווילן זיי קויפן מציאות! כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ער זיך לאַכנדיק איפן קול געווענדט צו די איבעריקע קרעמער.

און מער האָט מען נישט באַדאַרפט.

די משפחה פעלעפּעץ איז געווען באַקאַנט איפן דאָרף פאַר די גרעסטע חזרים און גנבים. זיי פלעגן זיך הייסן פאַר יעדער זאַך אָפּ־גילטן און דאָס שטעטל איז פון אַ בן־פעלעפּעץ תמיד געלאָפן ווי פון אַ פעסט.

די סוחרים זענען זיך באַלד בייז און אַנטוישט צעגאַנגען אין נייע סוחרים האָבן די קרעמערס שוין פונווייטנס נישט צוגעלאָזט אין דער כאָכאָל איז געבליבן שטיין „קאָלאָם״ און פאַרשעמט מיט זיין „לאַ־מאַטשע״.

ערשט דאַן האָט ער פאַרלוירן זיין פלעגמאַטישע גלייכגילטיקייט און האָט שוין אַליין אָנגעהויבן פאַרטשעפּען סוחרים:

— סוחר, קויף האָלץ.

— עס איז „לאַמאַטשע״, שטרוי איז דאָס, נישט קיין האָלץ — האָבן זיך געררייצט מיט אים די לצים פון די קרעמערס.

— נאַ! — האָט שוין ווי אַ בייזער הונט געהאַווקעט דער פלעג־מאַטישער פעלעפּעץ און געשטעלט „פייגן״ צו די קרעמערס.

די קרעמערס האָבן אים נישט אָפּגעשוויגן און מען האָט זיך געגנו־מען פון איבּ נאָך מער חוזק מאַכן, אים יאַדען אַזוי, אַז דער גוי האָט צום סוף שנעל אָפּגעטשעפּעט פון פערד דעם זאַק מיט דער סיטשקע, האָט אים ברוגז און מיט קללות אַרויפגעוואָרפן אויף דער פור האָלץ און האָט זיך מיט איר פאַרנומען פון מאַרק, באַגלייט פון הויכן בייזן געלעכטער פון די יידן.

— עס קומט גאָר אויף אייך קיין כאָליערע נישט — האָט זיך געשאָלטן דער גוי, אויסלאָזנדיק זיין כעס מיט דער בייטש צום פערדל.

אויפן וועג האָט אים אָבער איבערגענומען חיים פּייסי משה יאָסלס, אַ פאָנפאַטער מלמד, וועלכער פלעגט אין ווינטער גיין אַרומגעוויקלט מיט זיין ווייבס פאַטשיילע און האָט אויסגעזען פונדערווייטנס ווי אַ יידענע. דער מלמד האָט שנעל אָפּגעשלאָסן מיטן פּעלעפּעץ דעם מסחר און באַלד האָט ער פאַרבייגעפירט צוריק איבערן מאַרק־פּלאַץ דאָס זעלבע פורל עצים, מיט אַזאַ שטאָלצן נחת, אַזוי ווי ער וואָלט אָפּגעריסן נישט קיין „גאַלאַגאַן", נאָר אַן אייגן הייזל אין שטעטל.

די קרעמער און זייערע ווייבער האָבן אים באַגעגנט מיט דעם זעלבן חוזק מיט וועלכן זיי האָבן באַגלייט דעם פּעלעפּעץ און אים אָנגעהויבן באַשיטן מיט פראַגן:

— ר' חיים פּייסי, וויפיל האָט איר געגעבן פאַר דער מציאה? אוי אַ מציאה, אַ מציאה!

דער ייד האָט צענומען דעם שאַל פון פּנים, האָט זיך שטאָלץ אומגעקוקט אויף די עצים און געענטפערט:

— ששה זהובים האָב איך געגעבן. תשעים קאָפּיקעס.

דאַן האָבן זיך די לצים אַרויפגעוואָרפן מיט אַ בייזן שפּאָט אויפן מלמד, אַז ער איז אַ מלמד און האָט איבערגעצוצוועט, אַז דאָס ביסל שטרוי איז נישט ווערט קיין שני זהובים, און אַז זיין יידענע וועט אים דערפאַר אָנפאַטשן און אַרויסטרייבן.

— וואָס פאַר אַ ייד קויפט עס האָלץ בּאַ אַ בן־פּעלעפּעץ! — האָט געשריגן אויף אים מיט בייזן שפּאָט איין לץ — דאָס קען טון נאָר אַ ייד אַ מלמד!

דער אָרימער מלמד האָט באַלד פאַרלוירן זיין שטאָלצן נחת מיט דער מציאה און האָט שוין געקוקט אויפן פאַרהאָרעוועטן פערדל, וועלכעס האָט זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט און נישט געוואָלט שלעפּן די

שווערע מציאה, מבולבלדיק און פאַרזאָרגט, מיט אַ נאָגנדער חרטה אויפן גאַנצן עסק.

באַלד האָט זיך די נבלה איננאַנצן פאַרעקשנט און האָט זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט, נישט קוקנדיק אויף די בייטשן פון גוי, וועלכער האָט שוין פאַרלוירן זיין כאַכלאַצקע פלעגמע אויפן הוקען און געלעכטער פון די קרעמערס.

דער גוי איז געוואָרן אין כעס און האָט געזאָגט, אַז ער וועט ווייטער נישט פאָרן אפילו פאַר צען רובל — אָט דאָ וועל איך דיר אַראָפּוואַרפן דאָס האָלץ — און ער האָט זיך געשטעלט וואַרפן דאָס האָלץ פון שליטן.

דער ייד מיט דעם שאַל האָט אָנגעהויבן זיך קאָכן, שרייען און וואַרפן דאָס האָלץ צוריק אויפן שליטן. דער גוי האָט עס צוריק אַראָפּגעוואָרפן.

— האָב אים אין דר׳ערד מיט דער מציאה אינאיינעם! — האָט אים געראָטן אַ קרעמער — גיי אַהיים און לאָז ער ווייטער שטיין „קאָלאָם”. לאָז ער עס פירן צוריק אַהיים!

— וואָס הייסט? איך האָב דאָך אים שוין באַצאָלט דאָס געלט! — האָט פאַרצווייפלט געשריגן דער מלמד אין דעם שאַל.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער חוזק און געלעכטער איבער אַ ייד אַ מלמד, וואָס באַצאָלט פאַר אַ פור האָלץ אין פאָרויס.

אַ פּאָר קרעמערס האָבן געכאַפּט דאָס פערדל בײַ די לייצעס און האָבן עס גענומען שלעפּן צום מלמד אין חדר אַריין.

דער פּעלצעץ האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף זיי מיט דער בייטש און האָט דערלאַנגט אַ ייד איבערן פּנים.

מער האָט דער כאָכאָל נישט באַדאַרפט. מען האָט אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, מען האָט אָנגעהויבן צונעמען דאָס ביסל האָלץ אויף „דרוטשקעס” און כלי־זיין און אַלע האָבן זיך גענומען דעם ערל קלאַפּן איבער דעם שווערן פעלץ און איבער דעם שמויסענעם היטל.

דער גוי האָט זיך פאַרטיידיקט מיט דער בייטש און האָט געשריגן: „דו האָסט קיין רעכט נישט צו שלאָגן!” און דער איינציקער יידישער סאָטסקי, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך בײַם בריקל און האָט אויסגעקיקט דעם גענעראַל, האָט צוגעקוקט די גדולה פונדערווייטנס, האָט כלומרשט זיך געבייזערט ווי אַ סאָטסקי און געשריגן אויף די יידן אין

גוייש: טראַסטיאַ וואַשעי מאַטערי, זאַשטשאָ ביעטע? נעמאַיש פּראַוואַ ביעטע!" און האָט שוין אונטערגעגעבן רויך אין יידיש: „חברה, גיט אים נאָר אַ טעלעבענט! צו דר'ערד! צו דר'ערד! אַ פּאָר שטעקנס פאַר מיר אויך!"

* *

אין מיטן אָט דעם ליאַרם און געשלעג, האָט זיך דערהערט אַ ווייַ־טער, ערגעץ מונטער־טאַנצנדער קלאַנג פון גלעקלעך. דער סאָטסקי האָט זיך אַ ריס געטון פון זיין וואַך, איז צוגעלאָפן צום פענסטער פון דער אופּראַווע און האָט מיטן ניגון וואָס מ'וועקט צו סליחות, אָנגעקלאַפּט מיטן שטעקן און אַרויסגערופן די דעפּוטאַציע:

— יידן! שטייט אויף! שטייט אויף צו עבודת הבורא!

די דעפּוטאַציע, אין שבתדיקע בגדים, מיטן גביר און אַלטן רב בראש, מיט דער הילצערנער טאַץ ברויט און זאַלץ אויף אַ ווייס סער־וועטל אין גבירס הענט, האָט זיך שטופּנדיק אַרויסגעשיט פון דער אופּ־ראַווע און האָט זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורה אין דער לענג פון בריקל, באַם אַריינפאָר אין שטעטל.

## די טראָיקע.

די טראָיקע איז אָנגעלאָפן און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן בריקל און פאַר די יידן.

סווינטשיצקיס שפּאַקעס האָבן אָבער נישט אויפגעהערט צו וואַרפן אויף זיי בייז און שטאָלץ מיט די קעפּ, געשפּיגן מיט שוים, אויפגע־רעגט, געציטערט מיט די פאַרשוויצטע און מיט אַ ווייסן שווייס באַדעקטע קערפּערס און צאָרנדיק געקלונגען מיט די גלעקלעך אויף די יידן, וועל־כע האָבן זיך דערלויבט אָפּצושטעלן זייער אַריסטאָקראַטישן שטאָלצן לויף.

אין שליטן זענען געזעסן גענעראַל גערשעלמאַן מיט אַ דאַמע און אַנטקעגן זיי נאַטאַשאַ.

די דאַמע האָט צענומען דעם קאָלנער פון אַ גרויסן בערענעם פו־טער און פון דאָרט האָט אַ קוק געטאָן אויף די יידן אַ טיפּיש גראָבער און רויטער פּנים פון אַן עלטערער קאַצאַפּקע, מיט אַ נאָז ווי אַ ציבעלע. זי האָט אַ קוק געטאָן בייז און אומצופרידן איבערראַשט, אַזוי ווי די דע־פּוטאַציע וואָלט זי מיט דעם אָפּשטעלן שרעקלעך באַליידיקט.

צעטומלט און איבערראַשט האָט אויך געקוקט דער גענעראַל. ער האָט זיך אויף דעם „קבלת־פּנים" נישט געריכט. ווייטער זענען די יידן אַ ווײַלע געשטאַנען שטום, האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט ווי פאַרגלי־ווערטע מומיעס. און פאַר אים האָט זיך די קורצע ווײַלע געצויגן אַזוי לאַנג און ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט זיך און מיט דער דעפּוטאַציע. נאָר דער סובאָטניק אויף דער קעלניע האָט געשמייכלט ווי אַ פאַרשעמט מיידל און האָט איבערגעפירט די קוועלנדע אויגן זײַנע פון גענעראַל אויף די יידן און צוריק.

נאַטאַשע איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו די יידן און האָט זיך אַן אײַנגעהילטע אין שווערן פעלץ און אין דער „באַרענעצי" געדרייט הין און צוריק, ווי אַן ענג־פאַרשמידטע אין קייטן, צו כאַפּן אַ קוק אויף די, וואָס האָבן זיי אָפּגעשטעלט.

ענדלעך האָט דער גענעראַל אונטערגעבראָכן די שטומע פאַרלעגנ־הייט און האָט זיך געווענדט צו די יידן:

— נו, וואָס וועט איר זאָגן, גאָספּאָדאַ יעווריעאי?

— ס'הייסט ברויט און זאַלץ — האָט צו אים אַ ווונק געטון דער סובאָטניק מיט אַ גליקלעכן שמייכל פון דער קעלניע און דעם אַנדערן ווונק האָט ער צוגעוואָרפן צו די יידן.

באַלד איז דער רב מיטן גביר, וועלכער האָט געהאַלטן פאַר זיך די טאַץ מיטן ברויט און זאַלץ, ווי מען האַלט אַ טייערע כינעזישע וואַזע, און מיט דעם לערער מיטן גרויסן קנאָפּ אויפן לאַנגן, דאַרן האַלדז, אַרויסגעגאַנגען פון דער שורה, ווו זיי זענען געווען פאַרשטעלט מיט די פערד, און צוגעגאַנגען נאָענט צום שליטן.

דער גביר האָט שטום אויסגעשטרעקט די טאַץ און דער רב האָט געזאָגט צום גענעראַל אין יידיש, שטיל, מיט אַ הכנעהדיק פאַרלעגענעם שמייכל:

— ברוך הבא! געבענטשט זאָל זיין, פריץ, דיין אָנקומען אין דיין שטעטל.

נאָך דעם הכנעהדיקן און אומזיכערן ברוך הבא האָט דער רב פאַר-גלאָצט די אויגן צום הימל ווי אין אַ קורצער תפילה.

די יידישע ווערטער האָבן זיך אָפּגערופן אין גענעראַלס אויערן ווי אַן אַלטער פאַרגעסענער מאָטיוו. איבער זיין פנים האָבן אָנגעהויבן לויפן שאָטנס פון אַן אָפּגעשטאָרבענער און שוין פאַרגעסענער וועלט.

פון פאַרק, פון די ווייטע טאָפּאָליעס אויפן באַרג האָט זיך אויפ-געהויבן אַ מחנה ראָבן און האָבן זיך אַ לאָז געטון צו אים מיט אַ בייזן, אין דער ריינער ווינטער-לופט, ווייט-הילכעגדן און דראָענדן קראַ-קראַ...

דער שטילער ברוך הבא מיט דעם הויכן, הילכענדן קראַ-קראַ, וועל-כער איז געקומען פון די ראָבן, וואָס זענען געפלויגן אַקעגן אים, האָבן אים אויפגעשוידערט... אַן אומעט און אַ נאָגנדעס פאַרגעפיל האָבן פלו-צים צונויפגעקלעמט זיין האַרץ...

ער האָט דערפילט ווי זיין ווייבס קערפער לעבן אים האָט אויך אַבערגלויביש אויפגעשוידערט. פונדעסטוועגן האָט ער גענומען די טאַץ פון גבירס הענט, האָט זי אַוועקגעשטעלט אויף נאַטאַשעס קני און האָט זיי אומגעדולדיק צוגעוואָרפן:

— ספּאַסיבאָ! ספּאַסיבאָ, גאָספּאָדאַ!

דערמונטערט פון די ווערטער, האָט זיך דער לערער פון דער תלמוד-תורה אַ ביסל אַרויסגערוקט, האָט פאַרריסן דעם קאָפּ מיט די פענ-סנע אויף דער האָרבאַטער נאָז, האָט אַרויסגעשטעלט דעם גרויסן קנאָפּ פון דאַרן, לאַנגן האַלדז און האָט אָנגעהויבן די אויסגעלערנטע רעדע זיינע אין רוסיש:

— וואַשע וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ! אונדזערע הייליקע ספרים זאָגן, אַז באַ אונדז אין גן-עדן איז דאָ אַן אָרט פאַר די קריסטלעכע צדיקים, פאַר די גוטע, ליבעראַלע מענטשן, וואָס פאַרטיידיקן אונדז יידן, אויף ד ע ר וועלט, סימפּאַטיזירן מיט אונדז און זענען, ווי מען זאָגט, יידן-פריינט. איך ווייס נישט צי עס איז דאָ אַ גן-עדן אָדער אַ גיהנום. איך בין דאָרט נישט געווען און ווער עס איז דאָרט יאָ געווען, דער וויל נישט קומען צוריק און דערציילן. אַלנפאַלס ווייזט די מסורה פון די היי-ליקע ספרים אונדזערע, ווי ווייט די רעליגיע אונדזערע איז טאָלעראַנט צו גוטע קריסטן. און איך צווייפל נישט, וואַשע וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדי-

טעלסטווא, אַז אויב עס איז יאָ דאָ אַ גן־עדן, וועסטו, דו גוטער מענטש און יידן־פריינט, נאָך 120 יאָר, זיצן דאָרט אויבנאָן גלייך מיט אונדזערע אבות, אברהם, יצחק, יעקב, מיט שלמה און דוד המלך. יאָ, אויבנאָן — האָט אים פאַרזיכערט דער בחור.

דער רב האָט ווידער פאַרגלאָצט מיט די אויגן צום הימל, ווי אין אַ תּפלה, אַז גאָט זאָל שוין נישט פאַרגעסן דעם אוהב ישראל און אים אַוועקזעצן אויבן־אָן מיט די אבות.

— טשטאָ? טשטאָ טאַקאָיע? — האָט זיך באַליידיקט און עמ־פערט אונטערגעהויבן פון איר זיץ די קאַצאַפּקע — ווי דערלויבט איר זיך?

— מאַמאַ! — האָט איר נאַטאַשע צוגעוואָרפן מיט אַ בייזן, היפּ־נאָטיזירענדן בליק פון אַ טיגער־צוימערין.

— וועל איך אויך קענען זיצן דאָרט אויבן־אָן, אין דער פיינער געזעלשאַפט. . . לעבן מיין פּאַפּאַשאַ? — האָט זי זיך געווענדעט צום רעדנער, און האָט זיך הויך אויך מונטער צעלאַכט, ווי די גלעקלעך, מיט וועלכע די אומגעדולדיקע, באַליידיקטע שפּאַקעס האָבן נישט אויפגעהערט צו טרייסלען און קלינגען.

דער גענעראַל האָט זיך אויך צעלאַכט.

דער איבערגעשראָקענער בחור האָט צוריק באַקומען קוראַזש און האָט ווייטער גערעדט, אָבער שוין אין אַ נעפּלהאַפטער שפּראַך פון אַ יידישן משכיל און „עקסטערניק", און אין זין פון בערלס נציצין, קדושין און פאַרבלאָנדזשעטע נשמות.

די קאַצאַפּקע האָט די רוסישע שפּראַך שוין אינגאַנצן נישט פאַר־שטאַנען, און האָט געוואָרפן באַליידיקטע עמפּערטע בליקן אויף דער דע־פּוטאַציע און אויף דער טאָכטער.

נאַטאַשע האָט צוגעהערט מיט אַן אָנגעשטרענגט פּנים, און דער גענעראַל האָט זיך אָנגעכמורעט.

איבער זייערע קעפּ האָבן זיך שוין הויך געדרייט די קראַקענדיקע ראָבן.

דעם בחורס רוסישע אויסשפּראַך, באַזונדערס די ריישן פון „וואַ־שע וויסאָקאָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא", וועלכעס ער האָט אָפט געברויכט האָבן הויך געהילכט אין זיינע אויערן, ווי דאָס קראַקען פון די ראָבן.

און דאָס געשריי פון די ראָבן מיטן בחורס רעדע האָבן זיך צו־זאַמענגעגאָסן אין איין מאָנאָטאָן און לאַנג ליד, וואָס האָט געשווינדערט און

איבערהויפּט געלאַנגווייליקט דעם אַלטן מאַן און אים פּלוצלינג אַריינגעוואָרפן אין אַ טיפן און נאָגנדיקן אומעט.

ער האָט געקוקט אויפן רעדנערס מויל און אויפן קנאָפּ, וועלכער האָט זיך באַוועגט הין און צוריק און האָט אומגעדולדיק געוואַרט, אַז דאָס באַוועגן מיטן קנאָפּ זאָלן זיך שוין אָפּשטעלן, כאָטש די גאַנצע געשיכטע האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוטן.

און אַז דער בהור האָט געענדיקט, האָט ער, אַזוי ווי באַפרייט אָפּגעאָטעמט, צוגעוואָרפן די יידן:

— ספּאַסיבאָ! ספּאַסיבאָ! שטאַרק גערירט, גאָספּאָדאַ! — און האָט אַ געשריי געטון צו יאַנען: — ריר זיך!

יאַן, וועלכער איז געזעסן אויף דער קעלניע אומגעדולדיק אַ באַליידיקטער און עמפּערטער, ווי די גענעראַלשע, האָט אויפגעציטערט, אויפגעהויבן די בייטש מיט אַ קנאַק און די שפּאַקעס האָבן זיך ווי באַפרייטע אַ ריס געטון פון אָרט און זענען אַוועק איבערן שטעטל, לאַנג באַגלייט פון די אויגן פון דער דעפּוטאַציע און פון די קרעמערס.

## די שוועסטער און דער פּלימעניק.

אַזוי שנעל ווי ברײינדעלע קאָזאַק האָט באַקומען דורך בערלס הענט די צוויי הונדערט רובל, און פון עקאָנאָם אַ טיראָלער קו מיט צוואָנציק קוואָרט מילך אַ טאָג, האָט זי נישט נאָר אויפגעהערט צו שעמען זיך מיטן ברודער דעם משומד, נאָר האָט ערשט אָנגעהויבן צו שטאָלצירן מיט אים.

אין אַ קריג מיט אַ ייד אָדער יידענע אויפן מאַרק, פלעגט זי שוין פאַרלויפן און די ערשטע אויסשרייען...

— וואָס־זשע, דו וועסט מיר אפשר אויפוואַרפן דעם ברודער דעם משומד? איך הויב מיר זיך גאָרנישט אָן צו שעמען!... זאָל ער מיר נאָר מאריך ימים זיין און דער רבונו של עולם זאָל מיר געבן די זכיה נאָך אַמאָל צו זען אים, אים אָנקוקן מיט מיינע אייגענע אויגן — און פלעגט דערביי פאַרגלאָצן די אויגן צום רבונו של עולם.

און דאָס שטעטל האָט איר שוין נאַטירלעך אויפגעהערט אויפצו־וואַרפן די חרפה.

פון חיים־הערש דעם לאַנגן בעל־עגלה איז געוואָרן אָפּגערעדט...

באַלד ווי דער גענעראַל איז אַוועקגעפאָרן, איז ער געקומען צו לויפן צום אַלטן בעל־אכסניה מיט טענות, אלמאי מ׳האָט אים פאַרטיילט מיט דער ירושה.

— וואָס־זשע, איך בין דען נישט דער אייגענער שוועסטערס אַ זון? — האָט ער געטענהט מיט בערלען.

בערל האָט צעפירט מיט די הענט, האָט פאַרריסן דעם קאָפּ מיט דער באָרד און האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט נאָר געטאָן, וואָס מען האָט אים געהייסן.

פונדעסטוועגן האָט ער דעם בעל־עגלה שטאַרק אָפּגעראָטן פון שרייבן בריוו צום גענעראַל און צום אויסגעטראַכטן פעטער ניקאָלאַיעוו, ביז דער גענעראַל וועט נישט קומען צוריק. און ער האָט אים צוגעזאָגט אַליין מיט אים צו רעדן פון דעם פּלימעניק.

בערל איז פיליכט געווען אין שטעטל דער איינציקער ייד, אויף וועלכן דער בויאַן האָט געלייגט גרויס כבוד, און ער האָט אים געפּאָלגט.

— אַז ר׳ בערל הייסט, פאָלג איך און שאַ... ר׳ בערל! אין פייער אַריין... ווי איך בין אַ ייד — האָט זיך געשווירן חיים־הערש, זיך בוכענדיק אין דער ברייטער ברוסט מיט אַ גרויסן קולאַק, ווי ער פלעגט זיך קלאַפּן על חטא אין יום־כפור.

דערפאַר האָט ער נישט אויפגעהערט רעדן און באַרימען זיך מיטן פעטער פאַר באַקאַנטע גויים און יידן: פאַר די ערשטע געוויינטלעך מער ווי פאַר די לעצטע.

— אַ טשין פון אַ גענעראַל לייטענאַנט! דעם קיסרס אַ דאָקטאָר... לייב־מעדיק יעוואָ ווּיעליטשעסטוואַ! איר פאַרשטייט? איך פאַרקויף די פערד מיט דער טאַראַטאַיקע און פאָר אַוועק צו אים... גלייך קיין פעטערבורג. אויס באַלעגאָלע! פע! והלקלקות — האָט פאַרזיכערט חיים־הערש און פלעגט דערביי ווייט אויסשפּייען צווישן די ציין, ווי אַ גוי.

די קו מיט די צוויי הונדערטערס האָט ער דער מומען זיינער פאַרגינען פון טיפן האַרצן. און אַז ער האָט אָנגעגרייט היי פאַר זיינע פערד אויף ווינטער, האָט ער איין פורל צוגעפירט פאַר דער קו.

דעם פאַרשטאָרבענעם פעטער משהן האָט ער מער ליב געהאַט

זי זי, און פאַר זיינע יתומים איז דער באַלעגאַלע געווען גרייט צו טאָן אַלץ, און ער איז געווען מיט זיי צערטלעכער ווי מיט זיינע אייגענע קינדער. זאָל זיך עמעצער געווען צו די קינדער צורירן מיט אַ פינגער, און ער האָט שוין געדאַרפט אָפּגעזעגענען זיך מיט די יאָרן זיינע.

צום מיינסטן אָבער האָט ער זיי געדאַרפט שיצן פון דער פאַרבי־טערטער מוטער אַליין, וועלכע פלעגט זיי נישט זשאַלעווען קיין קלעפּ; און אַז שוין שלאָגן, פלעגט די בייזע יידענע שלאָגן צום טויט.

— וואָס טוט מען, וואָס טוט מען מיט דער מכשפה? — פלעגט זיך קלאָגן דער גרויסער בויאַן, וועלכער פלעגט אַליין קאָנען שלאָגן אַ צענדליק גוים, פאַר זיינע פאַסאַזשירן, זיך כאַפּנדיק פאַרן קאָפּ — זי וועט זיי מיר דערהרגענען, ווי איך בין אַ ייד.

קיין וווּנדער, אַז די קינדער, באַזונדערס די יינגלעך, פלעגן מער אָפּליגן און נעכטיקן באַם פעטער און איבערהויפּט באַ זיינע פערד.

איינעם פון זיי, דעם עלטערן, האָט ער געמאַכט פאַר אַ סטאָליער, און ווי אָרים ער אַליין איז נישט געווען, האָט ער אויסגעצאָלט פאַר אים אַ פופציקער לער־געלט.

די מלמדים האָבן זיך אויך געדונגען מיט אים און נישט מיט דער מוטער. ימים־נוראים און ימים־טובים פלעגן די יתומים שטיין באַם פעטערס סטענדער און מוזן דאַווענען מיט דעם זעלבן פייער, ווי דער בעל־עגלה אַליין פלעגט דאַווענען, און זיך בוכן אין האַרץ דעם על־חטא.

און אַז דער גענעראַל איז געקומען, איז ער נישט געגאַנגען צו אים אַליין. ער האָט געהייסן די מומען זי זאָל זיך אָנטון שבתדיק און האָט זי מיטגענומען מיט זיך אין הויף אַריין.

## דער וויזיט.

עס איז נאָך געווען פרי.

אַן אַלטער לאָקיי, מיט צוויי גרויסע צעקעמטע באַקנבערד, האָט צוערשט באַטראַכט דאָס פּאָרל פון קאָפּ ביז די פיס און האָט זיי געהייסן מיט אַ פאַראַכטנדיקער מינע וואַרטן אין גלעזערנעם קאָרידאָר.

— אַ זשיד איז אַ זשידאָווקע ווילן זען אייער וויסאָקאָ פּרעוואָס־כאָדיטעלסטוואָ — האָט ער געמעלדעט דעם גענעראַל, וועלכער איז שוין געזעסן באַ זיך אין קאַבינעט און האָט אויסגעהערט דעם ראַפּאָרט פון זיין עקאָנאָם דעם סובאָטניק.

פון דעם וואָרט „זשיד און זשידאָווקאַ“ האָט ער אויפגעציטערט. אַן אומרו, ווי אַ בייזער ווינט, איז אַריין אין זיין נשמה.

די ערשטע ווערטער זענען געווען:

— איך בין באַשעפטיקט ! . . .

אַז דער לאָקיי האָט זיך אָבער פאַרבויגן און האָט געוואָלט אַרויס־גיין, האָט ער אים געהייסן וואַרטן און האָט צוגעוואָרפן אַן אומבאַהאָל־פענעם בליק דעם סובאָטניק, אַזוי ווי ער וואָלט געזוכט באַ אים שוץ און ראַט.

— גיי נאָר אַרויס, מאָיסעי אַבראַמאָוויטש, און פרעג זיי וואָס זיי פאַרלאַנגען ! — האָט ער מער געבעטן ווי באַפוילן דעם עקאָנאָם.

אַז דער עקאָנאָם מיטן לאָקיי זענען אַרויסגעגאַנגען, איז ער גע־וואָרן נאָך אומרויקער. ער האָט זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטן, איז אַריינגעגאַנגען אין דער בילדער־גאַלעריע, וועלכע האָט געהאַט אַ פענ־סטער צום גלעזערנעם קאָרידאָר, האָט אויפגעהויבן אַ ווינקל פון אַ שווערן פּוירהאַנג און האָט זיך איינגעקוקט.

דער לאַנגער בעל־עגלה מיט דער מיאוסער יידינע, וועלכע האָבן דאַן געפירט די געשאָנקענע קו, האָבן אים איבערגעשראָקן און אָבגע־שליידערט פון פענסטער, ווי צוויי געשפענסטער פון אַ פאַרגאַנגענער און שוין טויטער וועלט. ווי אַן אָפּגרונט האָט זיך פלוצלונג געעפנט די פאַר־גאַנגענהייט. . ' אַ שוואַרצער און דראָענדער אָפּגרונט. . .

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט זיך געריכט, אַז זיי קאָנען קומען, האָט ער איצט מיטאַמאָל זיך דערפילט ווי נישט צוגעגרייט פאַרן באַזוך און מוטלאָז. ער האָט זיך מיטאַמאָל אינגאַנצן פאַרלוירן, און אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט זיין נשמה. ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טון, צי ער זאָל זיי אויפנעמען, אָדער איינמאָל פאַר אַלע מאָל פאַרשטעלן דעם וועג צו זיך אויף אייביק.

און די אַלע געפילן, וועלכע האָבן אים תמיד שטיל געצויגן אַהער, צו דעם וויגעלע פון זיין געבורט און יוגנט, זענען מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. אויסגעלאָשן האָבן זיי די שוועסטער מיט דעם פלימעניק, וועל־

כע זענען איצט אים פאָרגעקומען נישט נאָר פרעמד, נאָר פיינדלעך און שוידערשאַפט אָפּשטויסנד.

אַן אויפגערעגטער און ציטערנדיקער מיט אַ שנעל קלאַפּנדיק האַרץ, האָט ער זיך ווי אַ פאַרפאָלגטער שנעל געלאָזט שפּאַנען הין און צוריק איבערן לאַנגן צימער, וועלכעס איז געווען באַהאָנגען מיט טייערע פּאָר־טרעטן פון פּוילישע מלכים און מאַגנאַטן, מיט בילדער, וועלכע האָבן פאַרגעשטעלט קאָראָנאַציעס און פאַרשידענע עפּיזאָדן פון דער פּוילישער געשיכטע.

פלוצלינג האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די פּוילישע גראַפן און פירשטן קוקן אויף אים, דעם ברודער פון דער עקלהאַפטער יידענע, מיט שפּאָט און בייזער פרייד...

ער האָט פלוצלינג דערפילט, אַז ער וועט אין דעם שיינעם פּוילישן שלאָס, וועלכן ער האָט נישט אַנדערש געוואָלט אָפּקויפן ווי מיט דער בילדער־גאַלעריע צוזאַמען, אַז אין דעם פּאַלאַץ וועט ער די רו, וואָס ער האָט געזוכט אויף דער עלטער, נישט געפינען; אַז ער אַליין האָט די עלטער זיינע פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ.

און ווידער האָט אים אָנגעכאַפּט אַ חרטה אויף דער גאַנצער אַוואַנ־טורע ווי דאַן אין דער אכסניה, ווען ער האָט געוואָלט פאַר בערלען אַנטדעקן זיין לעבנס־סוד. אַ חרטה מיט אַן אַבערגלויבישן פּחד...

און דער פּחד האָט נאָך מער פאַראַליזירט זיין ווילן און. פאַרגרע־סערט די אומאַנטשלאָסנהייט.

געדאַנקען וועגן אַנטלויפן פון דעם פלוצים און אומגעריכט אויס־געוואַקסענעם פלאָגטער, אָדער גאָר אַרויסגיין צו זיי און מיט איין מו־טיקער האַנט־באַוועגונג אים צעהאַקן און זיך באַרויקן — האָבן זיך געוני־מען ראַנגלען אין זיין ברוסט.

פלוצים האָט ער דערהערט פון קאָרידאָר די הילכנדע, בייזע און גראָבע שטימע פון זיין פרוי און דערנאָך פון נאַטאַשען. און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן...

ער איז צוריק צוגעלאָפן צום פענסטער און איז צוגעפאַלן מיט דעם שטערן צום קאַלטן גלאָז.

זיין ווייב די סטאַראָוויערקע האָט געשריגן אויף די געסט און האָט זיי געטריבן; נאַטאַשאַ האָט זיך מיט דער מוטער געקריגט פאַר זיי און זיי פאַרטיידיקט.

דער לאַנגער בעל־עגלה האָט געהאַלטן אין איין האַנט דאָס שמוי־

סענע היטל זיינס, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעשטעקט אַ פאַרשמאָלצע־נער צעריסענער אונטערשלאַק מיט ברודיקער וואַטע, און די אַנדערע האָט ער געהאַלטן צוגעטוליעט צו דער ברוסט און האָט זיך עפּעס געבעטן בײַ דער גענעראַלשע מיט אַ הכנעהדיקן, חניפהדיקן און פאַרלעגענעם שמייכל, וועלכער האָט אַזוי נישט געפּאַסט צום פּנים פון דעם סאָלדאַט און בויאַן.

דער סובאָטניק איז געשטאַנען פונווייטנס, און שוין נישט קיין פאַרשעמטער און רויטער ווי תמיד, נאָר אַן איבערגעשראָקענער ווי אַ קינד און אַ בלייכער.

די יידענע איז געשטאַנען צום גענעראַל מיט די פּלייצעס און ער האָט נישט געקענט זען איר פּנים.

— איך וויל זיי, די זשידעס, אין די אויגן נישט אָנקוקן... איר זאָלט נישט וואַגן צו גיין אַהער!... קיינער פון דעם שטעטל!... — האָט געשריגן און געטופּעט מיט די פיס די סטאַראָוויערקע און איר גאַנ־צער פעטער קערפּער האָט געציטערט פון פּאַטאַלאָגישן עקל צום זשיד, וועלכן ער האָט אין איר אַזוי גוט געקענט און פלעגט אין די לעצטע יאָרן אים אויפרעגן ביז צום וואַנזין, ווי אַ געשווונגענע בייטש איבערן קערפּער.

און דאָס פּאָרל שטייט ווי פאַרגליווערט און רירט זיך נישט פון אָרט. און באַלד האָט דער לאָקיי געעפנט די טיר פון קאָרידאָר און האָט זיי אָנגעהויבן צו טרייבן.

אַ גרויסער, שוואַרצער הונט, וואָס איז געבליבן פון סווינטשיצקין און וועלכן ער האָט דערצויגן אין זיין האַס צו יידן, איז אַריין אין קאָ־רידאָר און אָנגעהויבן שפּרינגען און זיך וואַרפן אויף די געסט מיט אַ שרעקלעכן בילן. דאַן האָט זיך דער הכנעהדיקער שמייכל אויף דעם באַ־לעגאָלעס פּנים מיט אַמאָל אויסגעלאָשן. ער איז געוואָרן רויט פון כעס. דער גבור האָט געכאַפּט דעם הונט פאַר דער פעל פון האַלדז און האָט אים אָפּגעשליידערט ווייט פון זיך, ווי אַ שפּענדל.

דער פּלימעניק איז מיט אַמאָל דעם גענעראַל געפעלן געוואָרן.

דער הונט איז אָפּגעפלויגן מיט אַ שרעקלעכן קוויטש צו דער וואַנט, האָט זיך אָבער צוריק אַ וואָרף געטון אויפן באַלעגאָלע און אויף דער יידענע מיט נאָך אַ גרעסערן ווּט.

דאַן האָט אים שוין נאַטאַשע אָפּגעשליידערט מיט איר קליין פיסל אין דער אָפענער טיר און זי צוריק פאַרמאַכט.

און ער שטייט און קוקט דאָס אַלץ צו, אַ צוגעקאָוועטער צום פענ־סטער, ווי אין אַ קאָשמאַר, און קען נישט רירן מיט די גלידער.

און זיין ווייב שרייט און טופּעט מיט די פיס, שוין נישט אויף די פרעמדע, וועלכע לאָזן זיך אומאַנטשלאָסן גיין צו דער טיר און עפענען זי צוריק, נאָר אויף זיין אייגענער טאָכטער און שליידערט איר באַליידי־קונגען אין פנים. ער הערט נישט אירע ווערטער, ער זעט עס אָבער פון דעם, ווי זיין טאָכטער פאַרדעקט זיך דאָס פנים מיט די קליינע צאַרטע הענטלעך, גיט אָבער באַלד אַ שפּרונג, פאַרשטעלט די פרעמדע דעם וועג און שרייט: פּאַפּאַשאַ! פּאַפּאַשאַ!

דאָס וואָרט פּאַפּאַשאַ וועקט אים אויף פון קאָשמאַר און ברענגט אים צו זיך. ער לויפט צו צו דער וואַנט, ווו עס הענגען אַלטמאָדישע יאַגד־געווער, ער כאַפּט אַרונטער אין בלינדן וואוט פון דאָרט אַ קאָזאַצ־קע נאַהאַיקע און לויפט מיט איר אַרויס אין קאָרידאָר אַריין.

אַלץ ווערט מיט אַמאָל שטיל באַ זיין דערשיינען מיט דער נאַהאַי־קע אין דער האַנט, פאַר זיין שרעקלעכן געזיכט.

נאָר דער הונט לויפט צוריק אַריין און גיט אַ שפּרונג אויפן נייעם באַלעבאָס זיינעם, כאַפּט אָבער אַ זעץ מיט דער נאַהאַיקע איבערן קאָפּ און שפּרינגט ווידער אָפּ מיט אַ שרעקלעכן קוויטש.

אין דעם זעץ איז אַרויס זיין גאַנצער ווּט, די בריענדע עמפּע־רונג, און ער איז מיט אַ מאָל צוריק דערשעפּט...

אַ לאַנגע שווערע פּויזע.

די יידענע קוקט אויף אים אַ ווײַלע איבערגעשראָקן, מיט אַן אָפן מויל, פון וועלכן עס קוקן אַרויס אירע גרויסע געלע ציין, אַן אויסגע־קרומט שרעקלעך מויל, ווי באַם הונט, וועלכער דרייט זיך אין ווינקל און קוויטשעט פון ווייטיק און באַליידיקונג. זי גיט זיך אָבער באַלד אַ ריס פון אָרט, כאַפּט די האַנט און דאָס מויל הייבט אָן קושן די הענט מיט קאַלטע, שווידערנדיקע קושן...

ער שפּרינגט אָפּ פון איר מיט אַ שרעק און מיט פאַרקילטן בלוט אין די אָדערן, אַזוי ווי אַ קאַלטער און מיאוסער שרץ אָדער גיפטיקע שלאַנג וואָלט זיך צו אים צוגערירט.

און ווי אַ מענטש פאַרן אָפּגרונט, רופט ער אָבער באַלד צוהילף אַלע זיינע כוחות, באַוועלטיקט אַלע זיינע געפילן און דאָס שפּרינגענדע האַרץ אין דער ברוסט מיט אַן איבערמענטשלעכער קראַפט. און ער זאָגט צו זיי:

— קומט צו מיר אין קאַבינעט אַריין.

די סטאַראָוויערקע בייט זיך אין געזיכט, פינטלט מיט די אויגן און וואַרפט אויף אים, אויף דער טאָכטער און אין אַלע זייטן פרעגנדי־קע און עמפּערטע בליקן, בליקן פון אַ העכסט באַליידיקטער דאַמע.

— פּאָזשאַלויסטאַ ! — זאָגט ער נאָכאַמאָל צום פּאָרל, אָבער שוין שטרענג און בייז, און ווייזט זיי אָן מיט דער נאַהייקע אויף דער טיר.

## אין קאַבינעט.

אַז ער איז געבליבן מיט זיי אַליין פאַרשלאָסן אין קאַבינעט, איז אים מיט אַמאָל גרינג געוואָרן און ער האָט פריי אָפּגעעטעמט.

דער פלאָנטער איז געווען צעהאַקט מיט איין טאַפּפערער האַנט־באַוועגונג, און דאָס האָט אים אָנגעפילט מיט שטאָלצער פרייד און רו.

אפילו די מיאוסע יידענע איז אים שוין איצט נישט פאָרגעקומען אַזוי מיאוס און אָפּשטויסנד פרעמד, ווי פריער.

אַ וואַרעם געפיל, אַ רחמנות האָט זיך אָנגעצונדן אין זיין האַרץ צו איר געקנייטשטן, פאַרזאָרגטן פנים, אויף וועלכן דער ביטערער לעבנס־קאַמף האָט איבערגעלאָזט זיינע טיף־אויסגעטרעטענע און שווערע וועגן.

ער האָט זיי בײדע איינגעלאַדן צו זיצן.

זיי האָבן זיך אָבער דערפון אָפּגעזאָגט.

— מיר קאָנען שטיין, פריץ... טייערער פריץ ! — האָט געזאָגט די יידענע, און דער טאָן מיט וועלכן זי האָט עס אַרויסגעזאָגט האָט אים אויפגעשוידערט.

עס איז נישט געווען דער געוויינטלעכער, הכנעהדיקער, חניפהדי־קער טאָן, מיט וועלכן די יידן פון שטעטל האָבן צו אים גערעדט. אַ טאָן פון אַ ליבנדער שוועסטער האָט געפלאַצט אין דעם „טייערן פריץ" און אויפגעוועקט דעם שלאָפנדן ברודער...

עפּעס נייעס איז געווען אין דעם טאָן, אַזאַ וואַרימס און אָנגענעמס,

וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער זיין האַרץ, ווי אַ וואַרימענדער געטראַנק אין די אָדערן פון אַ פאַרפרוירענעם קערפּער.

— פּריצל ! וואָס מאַכט עפּעס מיין טייערער ברודער, זאָל ער מיר לעבן ? — האָט אים געפרעגט די יידענע מיט אַזאַ וואַרימען און צאַפּל־דיקן קלאַנג, און האָט אויסגעשטרעקט צו אים, ווי אין אַ געבעט, אירע פאַרהאָרעוועטע הענט, וועלכע זענען געווען באַדעקט מיט גראָבע אָדערן, ווי בייטשן.

טרערן זענען באַ אים אַרויסגעטרעטן אין די אויגן, פון דער האַר־ציקער און צאַפּלדיקער פראַגע.

דער מענטש און נישט דער גענעראַל, וואָס איז פאַרשוואונדן אין דער רגע, האָט געוואָלט נעמען די צו אים אויסגעשטרעקטע גראָבע הענט אין זיינע, ווי אַ ברודער, און אויסשרייען :

„שוועסטער ! אָט איז ער, דיין ברודער, פאַר דיינע אויגן".

די הענט אָבער האָבן זיך געמוזט כאַפּן פאַרן האַרצן, אַזוי האָט עס זיך געוואָרפן, ווי אַן עוף וואָרפט זיך אונטערן חלף אין די הענט פון אַ שוחט.

ער האָט דערפילט, אַז נאָך אַ שטאַרקע אויפרעגונג און דאָס אי־בערגעוואַקסענע האַרץ וועט נישט אויסהאַלטן און פּלאַצן. . . און ער האָט גערופן צו הילף די גאַנצע פאָרזיכטיקייט. . . זיין גאַנצן טאַפּערן מוט.

— דיין ברודער איז געזונט און האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אייך אַלעמען דאָ איבערגעבן אַ הערצלעכן גרוס — האָט איר גע־ענטפערט שוין דער גענעראַל אין אים, דער פאַרשטומטער מענטש.

די יידענע האָט זיך איבערגעקוקט מיטן פּלימעניק, וועלכער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אויסגעצויגן ווי אַ סאָלדאַט און האָט גע־שוויגן. אַ קינדערישע פרייד האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זייערע פּנימער.

— לאַנג לעבן זאָלסטו, פּריצל. . . הונדערט און צוואָנציק יאָר, פאַרן טייערן, ליבן גרוס — און זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צו כאַפּן יין האַנט און זי ווידער קושן. אָבער זיין שטרענגער, איבערגעשראָ־קענער בליק איבער די גאָלדענע ברילן האָט זי דערפון אָפּגע־האַלטן.

— נו, ווי אַזוי איז די קו ? זי מעלקט זיך ? — האָט זי געפרעגט דער גענעראַל.

— זי מעלקט זיך, פּריץ. . . זי מעלקט זיך שטאַרק. . . אַזאַ יאָר

אויף דיר און אויף אונזביידן, ווי זי מעלקט זיך... און איך וויל עס אים שרייבן, דעם ברודער... זאָל ער וויסן... יתומימלעך — דאָס ביסל מילך — וואָס איז דאָ בעסערס פון אַ ביסל מילך פאַר קליינע יתומימלעך? דאָס ווילן מיר עס נעמען באַ דיר זיין אַדרעס... דעם ברודערס, הייסט עס... און אים שרייבן... דאַנקען, הייסט עס — און זי האָט צוגעוואָרפן אַ בליק דעם פלימעניק.

— טאַק טאָטשנאָ, וואַשע וויסאָקאָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ — האָט פּאָטאַקעוועט דער געוועזענער סאָלדאַט חיים־הערש.

דער אַדרעס אין דער קאַזאַרמע־ניגון פון סאָלדאַט האָבן אים צו־ריק אויפגערודערט, פאַרקלעמט מיט אַ נאָגנדער אומרו.

— אויב איר ווילט אים שרייבן, גיט מיר די בריוו און איך וועל זיי שוין אים איבערשיקן... דער ברודער האָט אַזוי געהייסן. ער וויל נישט, אַז איר זאָלט אים שרייבן.

זייערע פנימער זעגען מיט אַמאָל פאַרענדערט געוואָרן... די קינ־דערישע פרייד האָט זיך באַ זיי אויסגעלאָשן און זיי האָבן שוין געקוקט אַנטוישטע און געערגערטע, ווי מענטשן וועלכע האָבן מיט אַמאָל צוריק פאַרלוירן זייער גליק.

און אום זיי צו טרייסטן האָט דער גענעראַל אָנגעהויבן זיי דער־ציילן, ווער זייער ברודער און זייער פריינט איז, וואָס פאַר אַ גרויסער מאַן און ווי רייך ער איז.

דער נסתר, וועלכער האָט דאָס גאַנצע לעבן געשפּילט פרעמדע ראָלן, איז אַריין אין זיין ראָלע און דער אַקטיאָר אין אים האָט זיך גע־פרייט מיט זיין דערפאָלג, מיט דער אַנטציקונג וואָס ער האָט אַרויסגע־רופן אויף די פנימער פון באַלעגאָלע און דער יידענע, מיט זיין אייגענעם לעבנס־דערפאָלג און זיין גדולה...

דערנאָך האָט ער זיך גענומען אויספרעגן באַ זיי פון זייער לעבן, ווי דאָס שטעטל לעבט, נישט ווי קיין פרעמדער, נאָר ווי אַן אייגענער, וועלכער איז נאָך לאַנגע לעבנס־וואַנדערונגען געקומען צוריק אין זיין אַלטער היים.

אין די אויספראַגן האָבן זיך אַלע דריי פאַרגעסן; זיי, אַז זיי שטייען פאַר אַזאַ גרויסן מאַן, און ער, אַז ער איז גענעראַל אַדיוטאַנט... ביז דער לאַקיי האָט אָנגעקלאַפּט, אַז די פאַמיליע וואַרט שוין אויף אים באַם טיש מיטן פרישטיק.

מיט ציטערנדע הענט, כאַפּנדיק, האָט ער זיי אָנגעשריבן אַ פאַר־

קוויטלעך אין עקאָנאָמיע אַריין אויף האַלז, היי און האָבער, דאַן האָט ער זיי פאַרשפּראָכן צו שרייבן פון אַלעם זיין פריינד, זייער ברודער און פעטער, און אַז ער וועט דעם ברודער'ס תשובה צושיקן מיטן עקאָנאָם. ער האָט זיי באַגלייט ביז צו דער ט'ר פון קאָרידאָר.

## באַם טיש.

אַז ער האָט זיך געלאָזט גיין צוריק דורך דער לאַנגער בילדער־גאַלעריע אין עס־צימער, האָט אים אויפן וועג אָנגעכאַפּט דיזעלבע אומרו, דיזעלבע געפילן, ווען ער האָט דורכן פענסטער דערזען דאָס פּאָרל און זיין פרוי, וואָס האָט געשריגן אויף זיי און זיי געטריבן.

ער האָט זיך דערפילט מיד פון ליגנט, וועלכע ער וועט מוזן פלעכטן ווייטער דאָרט באַם טיש, פאַר זיין טאָכטער און פאַר דער ביי־זער גענעראַלשע, פון דער ליגנט, וואָס ער האָט ווי אַ נעץ געפלאָכטן אַרום זיך זיין גאַנץ לעבן.

שוין באַם שוועל פון עס־צימער האָט ער געוואָלט אַנטלויפן פון דעם ליגן, זיך הייסן ברענגען זיין פרישטיק אין קאַבינעט אַריין.

ער האָט אינגאַנצן קיין אַפּעטיט נישט געהאַט און נישט געוואָלט עסן. דאָס האַרץ האָט זיך אַזוי אומרויִק געוואָרפן און די פיס האָבן זיך געבויגן און האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן דעם שווערן, ווי מיט בליי אָנגעגאָסענעם קערפּער זיינעם.

די שמאָלצע, פּוילישע פּאָרטרעטן האָבן ווידער געקוקט אויף אים מיט שפּאָט און פאַראַכטונג פון די ווענט.

די טיר האָט זיך געעפנט און נאַטאַשע איז אַרויף צו אים אויפן האַלדז ווי אַ שוואַלב און האָט זיך גענומען אים קושן הייסער ווי תמיד, אַזוי ווי זי וואָלט אים דערמיט געוואָלט אויסדריקן איר דאַנק פאַר זיין מענטשלעך באַהאַנדלען פון די יידן.

און די טאָכטער, זיין איינציקע פרייד און גליק אין לעבן, האָט אים ווידער אָנגעצונדן מיט מוט און פרייד פון דער דערפילטער פליכט, מיט אַ צאַרטן שטאָלץ איבער איר שיינער נשמה.

אַ פריילעכער און פּאַריונגטער איז ער, געאָרעמט מיט איר, גע־גאַנגען צום טיש.

און בײַם טיש האָט ער זיך געגומען פלעכטן דעמזעלבן ליגנט פון אַ פריינד, פון דעם קאַנטאָניסט, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין דעמ־זעלבן שטעטל און וועלכער איז אַ ברודער פון דער יידענע און אַ פעּ־טער פון דעם באַלעגאָלע. דער פריינד האָט שוין אָבער נישט געהייסן ניקאָלאַיעוו און איז שוין נישט געווען קיין מיליטער־דאָקטאָר, נאָר אַ ריי־כער סוחר אין סיביר, ווו ער האָט 20 יאָר געדינט.

ער האָט דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן זיי דערציילט זיין איי־גענע לעבנס־געשיכטע, האָט איצט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט די עפּיזאָדן און האָט זיך געפרייט מיט זיי...

דער אַקטיאָר האָט ווידער געשפּילט מיט דעמזעלבן געגוס, מיט וועלכן ער האָט זיין גאַנץ לעבן געשפּילט.

נאַטאַשע האָט אים אַנטציקט אויסגעהערט מיט אַן אָפן מויל און מיט לאַנגע פויזעס אין מיטן עסן.

די סטאַראָוויערקע, די גענעראַלשע, איז נאָך אָבער אַלץ געווען ברוגז און באַליידיקט און האָט בייז געקלאַפּט מיט די טעלער.

די שוועסטער זיינע מיטן פלימעניק זענען אָבער געגאַנגען אַהיים דורכן אַלטן, אין שניי־געהילטן פּאַרק, שטומע און אומעטיקע, ווי מענטשן מיט שווערע, נישט־אויסגערעדטע און אַנטוישטע הערצער.

## דער סובאָטניק

עס זענען אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר וואָכן, דאָס שטעטל האָט זיך באַלד דערוווּסט פון חיים־הערשן דעם באַלעגאָלע, וואָס פאַר אַ קבלת פּנים די גענעראַלשע האָט אים געגעבן און האָט שוין געוווּסט, מיט וועמען עס האָט צו טון און מען האָט זי אָנגעהויבן שעלטן, ווי מען פלעגט שעלטן סווינטשיצקין ימח שמו.

פונדעסטוועגן זענען די גוטע האָפנונגען אויף אַ נייער עפּאָכע בײַ די יידן נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן. אין דער עקאָנאָמיע איז דער באַלע־באָס געווען דער גוטער סובאָטניק, וועלכער פלעגט אַרומגיין דאָרט און

איבערן שטעטל אין וואַלינקעס און אין אַ פּראָסטן גוישן פעלץ, אָפּהיטן שבת און ליבן יידן מיט דער גאַנצער נאַיווער און גוטער נשמה זיינער.
אַז אַ ייד פלעגט פריער אַריינגיין אין קאַנצעלאַריע וועגן אַן עסק אָדער ברענגען אַהין „טשינש“ פאַר זיין כאַטקע, פלעגט ער אָפּשטיין שעהנווייז בײַ דער טיר אָן אַ היטל און אויסשטיין חוזק און פיינלעכע דערנידערונ־גען פון די פוילישע שרייבערלעך.
דאָס צאָלן פון „טשינש“, די איינציקע באַציונג, וועלכע איז נאָך געבליבן פון אַמאָל צווישן דעם הויף און שטעטל, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַרום הויף און מיט אים צוזאַמען, איז געוואָרן אַ ריין אָפּקומעניש.
איצט האָט זיך מיט אַמאָל אַלץ פאַרענדערט.
די פוילישע שרייבערלעך און משרתים זענען אַלע מיט אַמאָל פאַרשוווּנדן. אפילו יאַן דער קוטשער, נאָכדעם ווי ער האָט געבראַכט דעם גענעראַל פון דער סטאַנציע, האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט.
די רוסישע טראַיקע, מיטן רוסישן טוּאַלעט, וועלכע ער האָט באַ־קומען, מיטן קבלת פנים פון די יידן; קורץ, אַלע בייע פאַראָרדנונגען, האָבן פאַרלעצט און באַליידיקט אין אים דאָס געוויסן און דעם שטאָלץ פון אַ פּאָליאַק.
איצט האָט די קאַנצעלאַריע אויסגעזען ווי אַן אָנגערויכערטער בית־המדרש, וווּהין יידן האָבן געקענט גיין אויף און אָפּ, ווען זייער האַרץ האָט זיך פאַרגלוסט, האַנדלען, וואַנדלען און סתם דולן אַ קאָפּ.
און אַ ייד האָט איבערהויפּט נישט פיינט צו דולן זיך און יענעם, אַבי מען לאָזט אים נאָר.
דער סובאָטניק אָבער, פלעגט יעדן אויסהערן מיטן גוטן שמייכל אויפן ברייטן, באַוואַקסענעם פנים און מערגנסטנטיילס ענטפערן:
— מ׳קען! מ׳קען!
אין שלימסטן פאַל, פלעגט ער זאָגן מיט אַ פאַרלעגענעם, זיך־בעטענדן שמייכל, אַז ער וועט איבעררעדן מיטן גענעראַל.
די רעזאָלוציע פון גענעראַל איז אָבער מערסטנטיילס געווען אַ גינסטיקע...

# לוי דער פראָצענטניק

צו קיין גרויסע געשעפטן אָבער, ווי אַן אַרענדע אָדער אַ פּאָסעסיע, איז נישט געקומען.

דערצו האָט געפעלט געלט דעם אָרעמען שטעטל, וואָס האָט פאַרמאָגט נאָר איין־און־איינציקן גביר, לוי דער פראָצענטניק, דעמזעלבן, וועלכער האָט דערלאַנגט די טאַץ מיטן ברויט און זאַלץ באַם קבלת־פנים.

דאָס שטעטל האָט מיט אים אָנגעהויבן צו טענהן, אַז איצט איז דער שעת־הכושר צו מאַכן געשעפט, אַוועקנעמען אַלע פּאָסעסיעס מיט דער מיל מיטן טייך, ווו סווינטשיצקי האָט געפּלאָדעט טייערע קאַרפּן, וועלכע ער פלעגט אָבער שיקן קיין וואַרשע און נישט וועלן פאַרקויפן אין שטעטל אפילו אויף יום־טוב.

דער ייד אָבער איז געווען כל ימיו אַ פראָצענטניק, ער האָט גע־ירשנט דאָס געלט פון אַ מאַמע אַ פראָצענטניצע, האָט געציטערט פאַר מסחרים און נאָר ליב געהאַט פראָצענט, אַ וואָרט, וואָס ער פלעגט אַרויס־רעדן מיט זיין שיפּעליאַוון לשון גאַנץ אייגנאַרטיק: „פריצענט". און מיט אַ זיסן שמייכל אין דער ברייטער געלער באָרד, אַ שמייכל אין וועלכן ער פלעגט אויסדריקן די גאַנצע ליבע זיינע צום „פריצענט" פונדעסט־וועגן איז לוי דער פראָצענטניק דערצו נאָך געווען אַ ייד אַ גדלן, און ס'האָט אים געשמייכלט דאָס, וואָס די יידן האָבן אים אָנגעהויבן רעדן און פאָרלייגן מסחרים. און ער האָט יעדן באַזונדער געענטפערט:

„איר קענט רעדן!"

און די יידן האָבן גענומען רעדן און לויפן פון אים צום סובאָט־ניק און פון סובאָטניק צום פראָצענטניק, און האָבן אים פאַרקויפט בחצי־חנם דעם גענעראַל מיט אַלע זיינע מאַיאָנטקעס, וועלכע ער האָט געהאַט טיף אין רוסלאַנד, און די, וועלכע האָבן עקזיסטירט נאָר אין דער פאַנ־טאַזיע פון שטעטל, וואָס האָט זיך גענומען פון גרויס ביז קליין פאַר־מעקלערייַ, ווייל אַליין איז דאָס געווען שוין אַזוי פאַראָרימט, אַז עס האָט שוין נישט געהאַט, מיט וואָס אַליין צו קויפן און צו האַנדלען.

לווי דער פּראָצענטניק פלעגט זיך זעצן מיט דער ויידענער יאַר־מעלקע באַם טיש, טרינקען מיט אַ פאַרשאַרצטן און פאַרשוויצטן שמאָלן שטערן פון אַן אידיאָט, טיי, און אויסהערן אַלע פּאָרשלאַגן און מציאות.

די מציאות זענען אָבער נאָך נישט געווען געגוג קיין מציאות, און ער פלעגט זיך פון זיי אָפּזאָגן און זיך הייסן ברענגען אַנדערע מציאות.

„עס מאַכט נישט אויס! איר קענט רעדן, וואָס מאַכט עס קאַליע?" — פלעגט ער זאָגן געלאַסן, זיך גלעטנדיק די גרויסע אויסגעפּוצטע באָרד, צום ייד, וועלכער האָט שוין פון זיך געהאַט אַרויסגערעדט דאָס האַרץ מיטן געזונט.

„ווייסט איר וואָס, — פלעגט זאָגן דער מעקלער, — וועל איך אייך פאַרקויפן 10.000 דעמבעס פון 6 ווערשקעס אָן, בחצי חנם... גלייבט מיר, אז איר וועט מאַכן אָן זיי אַ שלל מיט געלט. 100 רובל אַ ז'עמב, אַ חוץ דעם אָפּפאַל, און וואָס אַ פּור האָלץ, אַ גאַלאַנטן קאָסט הייגט, ווייסט איר דאָך!"

— מהיכי תיתי, זעט אַ „סטיקעלע" וואַלד וואָלט איך טאַקע אַ בעלן געווען — פלעגט זאָגן דער שיפּעליאַווער גביר, וועלכער פלעגט נישט קענען אויסרעדן קיין „ש" — יאָ, איר קענט רעדן.

און דער ייד איז געלאָפן ווייטער רעדן פון „סטיקעלע" וואַלד און פון די צען טויזנט דעמבעס, וועלכע דער געגעראַל האָט גאָרנישט בדעה געהאַט צו פאַרקויפן, האָט אויסגעגעבן זיינע זעקס גילדן, האָט געדונגען באַ חיים־הערשן אַ פערד און שליטעלע, און דער גביר האָט אָנגעטון דעם שבתדיקן טכויערנעם טולופּ מיט אַ בורקע און נאָך מיט אַ שאַל אויף אים און איז געפאָרן מיט גדלות איבערן שטעטל אָנקוקן דאָס „סטיקעלע" וואַלד.

אָנגעקוקט, איז מען צוריקגעפאָרן שטיל, דער סוחר האָט שוין גע־שוויגן. און אויף דעם מעקלערס פראַגע, וואָס ער דענקט פון מסחר, האָט ער געענטפערט מיט אַ געלאַסענעם, פאַרקלערטן שמייכל:

„מיר וועלן זיך באַטראַכטן, וואָס־זשע, עפּעס אַזוי טוט זיך ווי עס רעדט זיך?"

און אַז דער ייד איז געקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך אַ תשובה:

„לאָם איך וויסן, אַז נישט איר איז אַן אַנדערער, גלייבט מיר,

איך דאַרף נאָר אַ פּיפּס טון צו דעם און דעם, און ער וועט עס אויסכאַפּן. עס איז דאָך אַ שלל מיט געלט. . . בחצי חנם. . .״

האָט שוין דער גביר געמאַכט אַ לאָ-עליכמדיק פּנים און געזאָגט:

„לאָז סען זיין. . . איך האָב אַ סמאָל קעפּעלע צו מסחרים. . . באַ מיר איז פּריצענט טייערער. . . לאָז זיך יענער ברעכן דעם קאָפּ, פלעגט מיין מאַמע עליה השלום זאָגן. . . און אַז זי איז געווען אַ קלוגע יידענע, ווייסטו דאָך“.

דאַן האָט דער ייד שוין פאַרלוירן זיין געדולד, האָט אים צוערשט אויפגעוואָרפן, אַז ער איז בס״ה אַ קבצן און האָט קיין געלט, אַ כאַרך, אַ גדלניק, איז פון די אייגענע ווערטער און זלזולים אַריין אין אַ נאָך גרעסערן כעס, האָט אים אָפּגעציילט שוין עטלעכע מאָל אין טאַטנס-טאַטן אַריין, האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר און איז אַוועק אויפן מאַרק און אין בית-המדרש דערציילן, ווער לווי דער „פּראָצענטניק“ איז.

לווי דער „פּריצענטניק“ אָבער האָט געזאָגט גאַנץ רויק צום ווייב:

— נו, ווי געפעלט ער דיר דער „סייגעץ“, אַזאַ עזות-פּנים!

ער און מלכה זענען שוין געווען געוווינט צו אַזאַ כבוד פון שטעטל — און ער האָט זיך גענומען רויק און געלאַסן ווייטער טרינקען זיין טיי.

## די יוגנט-חברים

אין דער צייט, ווען יעדער ייד פון שטעטל האָט געזוכט צו ווערן עפּעס אַ מאַכער אין הויף באַם נייעם פּריץ, זיך אַריינדרייען אַלס מעקלער, פּאָדריאַדטשיק אָדער סוחר, געפינען עפּעס אַ פּראָטעקציע אָדער שייכות צום גרויסן מאַיאָנטעק, איז בערל דער בעל-אכסניה, צו אַלעמעס באַוווּנדערונג, זיך געשטאַנען אינגאַנצן פונדערווייטנס.

פאַר דער גאַנצער צייט, זינט דער גענעראַל איז געקומען און האָט

זיך באַזעצט אין סווינטשיצקיס פּאַלאַץ, איז ער קיינמאָל אַהין נישט געגאַנגען און האָט דאָרט גאָרנישט געזוכט.

אַז עמעצער פון די שטעטלדיקע האָט אים פּאַרטרויט אין בית-המדרש, אָדער באַ אים אינדערהיים עפּעס אַ פּראָיעקט פון אַ מסחר מיטן הויף, אָדער סתּם עפּעס אַ געשעפט מיטן גענעראַלס אַנדערע מאַיאָנטקעס, און האָט אים פאָרגעשלאָגן: „זיי מתוד, בערל, עס איז אי״ה אַ געשעפט, און דו ביסט באַ אים אַ חשוב״ — פלעגט בערל נישט ענטפערן, נישט יאָ, נישט ניין, און אָפּשווייגן.

און ווען איינער האָט נישט געלאָזט מבטל זיין זיין פּראָיעקט מיט שווייגן און האָט פאַרלאַנגט, אַז דער בעל-אכסניה זאָל אָנגעמען אַ קלאָרע שטעלונג צו זיין פאָרשלאַג, פלעגט בערל זיך אַרויסדרייען מיט אַן ענטפער: ס'איז נישט אין מיין האַנט... וואָס זאָל איך זיך און יענעם דולן אַ קאָפּ?״

און אַז יענער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז ער זאָל אויסנוצן זיין חשיבות באַם פּריץ און זיין נאָר אַ מעקלער, פלעגט בערל אַזוי ווי פאַרשעמט אַרונטערלאָזן די אויגן און באַמערקן: „איך בין אויף מיין לעבן קיין מעקלער נישט געווען״.

דער קליינשטעטלדיקער פּראָיעקטנמאַכער פון די יורדים האָט דעם ייד נישט געקענט פאַרשטיין און פלעגט אים באַטראַכטן פאַר נאָך אַ גרעסערן שלים-מזלניק, ווי ער האָט אים געקענט ביז אַהער.

אַז בערל מיידט אויס דעם הויף, און טאַקע נאָר צוליב זיין חשיבות, האָט דער ייד זיך נישט געקענט פאַרשטעלן.

דער גענעראַל אָבער האָט אָן דעם בעל-אכסניה שוין גאָר נישט פאַרגעסן, און האָט אים די גאַנצע צייט פון קאָפּ נישט אַרויסגעלאָזט.

ווייטער איז דעם אַלטן מאַן סתּם באַלד לאַנגווייליק געוואָרן דאָס איינזאַמע לעבן אין גרויסן פּיל-צימערדיקן פּאַלאַץ, אָן אַ באַשעפטיקונג, ווו ער האָט, אַ חוץ מיט נאַטאַשען, מיט קיינעם נישט געקענט פאַרברענגען און שמועסן. ער האָט דערפאַר געטרוימט פון דעם אַלטן בעל-אכסניה, ווי פון אַן אָנגענעמער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער וואָלט געקענט אַ ביסל קירצן זיין ליידיקע צייט, פאַר וועלכער ער האָט אין ווינטער נישט געפונען קיין באַשעפטיקונג און קיין אינטערעס אויפן מאַיאָנטעק.

ער האָט דערפאַר אַרויסגעקוקט מיט אומגעדולד, אַז אָט וועט ער זיך צו אים יאַווען, עפּעס פון אים פאַרלאַנגען און בעטן.

און אַז עס איז אַוועק אַ חודש און בערל איז צו אים נישט גע־קומען, האָט ער געשיקט נאָך אים דעם סובאָטניק מיט אַ פערד און שליטן.

געווען איז דאָס שוין אַרום ניין אַ זייגער באַנאַכט. דער בעל־אכסניה און זיין ווייב, ווי אויך דער רויטער משרת, זענען פון דעם שליח נתפעל געוואָרן. זיי האָבן אָפּגעגעבן דעם סובאָטניק אַ גרויסן ברוך־הבא און האָבן נישט געוווסט, ווו אים צו זעצן און מיט וואָס אים מכבד צו זיין.

דער עקאָנאָם האָט געדאַנקט מיט זיין געוויינטלעכן פאַרשעמטן און גוטן שמייכל. האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די אַלע כּיבודים און האָט געזאָגט, אַז דער גענעראַל האָט אים געשיקט נאָכן בעל־אכסניה.

בײַ בערלען האָט זיך דאָס האַרץ אָפּגעריסן פון דער בשׂורה. זיין פּנים איז פריער געוואָרן ווייס ווי קאַלך, אין באַלד צוריק רויט.

שרה האָט עס באַמערקט און האָט זיך אויך איבערגעשראָקן.

— וואָס קען ער דיך דאַרפן אַזוי שפּעט? — האָט זי אַזוי ווי זיך אַליין געפרעגט.

בערל האָט איר צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק און האָט זיך געהייסן אַרויסנעמען פון דער שאַפע דעם שבתדיקן טולופּ.

אַז ער האָט זיך אַריינגעזעצט מיטן עקאָנאָם אין שליטעלע, האָט אים דער סובאָטניק געזאָגט, אַז דער גענעראַל איז איצט נישט אין פּאַלאַץ, נאָר ער וואַרט אויף אים אין דער גערעאַלניע. „ער האָט דאָרט ליב צו פאַרברענגען... בײַם מאַשין הייסט עס" — האָט דער סובאָטניק אַזוי ווי פאַרענטפערט זיין האַר.

בערל האָט זיך דערפרייט און עס איז אים צוריק גרינג געוואָרן אויפן האַרץ.

דער פּאַלאַץ מיט דער גענעראַלשע, וועלכע האָט שוין געהאַט אין שטעטל אַ שם פאַר אַ המנטע, די בייזע הינט און אַלץ צוזאַמען, האָט פריער אָנגעיאָגט אויפן ייד אַ געפיל פון פאַרלעגנהייט און סתם אימה. אויסמיידן אָבער דאָס אַלץ און זיך זען מיטן גענעראַל אַליין, איז אים געווען גרינג און אָנגענעם.

טראָץ דעם האָט אַ זיסע און צוגלייך שרעקנדע דערוואַרטונג גע־וואָרפן דעם יידס האַרץ און איז געלאָפן איבער זיין הויט ווי מוראַשקעס און אים אויפגעשוידערט.

דעם גענעראַל האָבן זיי טאַקע געטראָפן בײַם דאַמף־קעסל. אַ גוי,

מיט אַ פּנים אויסגעשמירט פון סאַזשע, דער הייצער פון קעסל, האָט גע־שלעפּט פון פייער געבראָטענע קאַרטאָפל און האָט זיי דערלאַנגט דעם גענעראַל אַדיוטאַנט גערשעלמאַן, און דער האָט זיך מיט זיי געקוויקט ווי מיט אַ לאַקעטקע.

— זדראַווו, בראַט! — האָט אים איינפאַך באַגריסט דער גענע־ראַל, האָט אים דערלאַנגט די האַנט און האָט אים איינגעלאַדן זיך צו זעצן לעבן אים.

— זעץ זיך באַם פייער און וואַרים זיך אָן, אַלטער, ווי איך! און דו קאָנסט זיך פאָרן אַהיים, מאָיסעי אַבראַמאָוויטש — האָט ער זיך געווענדעט צום עקאָנאָם.

דער עקאָנאָם האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז אַוועק.

די איינפאַכע און האַרצלעכע באַגריסונג און איינלאַדונג, די גע־בראָטענע קאַרטאָפל אויף דער הילצער באַנק, דער פריינדלעך רופנדער און העל פלאַקנדער פייער אין גרויסן קעסל — קורץ, אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפן אַן אַטמאָספערע, וואָס האָט באַלד אָפּגעווישט דעם גאַנצן סאָציאַלן אונטערשייד, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן דעם ייד און דעם גענעראַל. און די לעצטע שפּורן פון דער פאַרלעגנהייט, אין וועלכער עס האָט אים געבראַכט די אומדערוואַרטעטע איינלאַדונג און דער וויזיט, איז כמעט ווי פאַרשוווּנדן.

דער בעל־אכסניה האָט זיך באַלד דערפילט פּונקט אַזוי היימיש און אומגעצוווּנגען, ווי מיט אַ גלייכן, אַזוי ווי ער וואָלט געקומען נישט צו אַזאַ גרויסן מאַן, נאָר אין קלייזל אַריין, צווישן אַ חברה יידן פאַר דער וואַרעמער הרובע, אָדער אין באָד אויף דער אויבערשטער באַנק.

ווי אין קלייזל האָט דער ייד באַלד אַראָפּגענומען פון זיך דעם טולופּ. האָט צענומען און פאַרקאַשערט די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע, האָט זיך צוגעזעצט אויף דער באַנק און האָט זיך גענומען רייבן די הענט פאַרן פייער און זיי וואַרעמען.

דער גענעראַל האָט באַפוילן דעם גוי, אַז ער זאָל אַריינטראָגן זוי־ערע אוגערקעס מיט קרויט און דערלאַנגען אַ קוואָרט בראָנפן.

— ווי אַלט ביסטו, אַלטער? — האָט ער זיך פלוצלינג געווענדט צום גאַסט, פיקסירנדיק אים מיט די בליקן איבער די גאָלדענע ברילן, פּונקט ווי דעמאָלט, ווען ער האָט אים אין דער אכסניה דערציילט

די אויסגעטראַכטע מעשה מיט אַ קאַנטאָניסט און אַ חבר ניקאָלאַיעוו.

און די פראַגע און די פּיקסירנדע בליקן האָבן באַם ייד אויסגעלאָשן דעם לעצטן צווייפל...

אַלע געפילן און געדאַנקען, די אַניִנג, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט ביז אַהער אין אים געראַנגלט איינס מיט דעם אַנדערן, צווישן צווייפל און מעגלעכקייט, זענען מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אין אַ זיכערקייט, אין אַן אמת...

און דער דערוואָרבענער אמת איז שוין געווען אַזוי פּשוט און נאַטירלעך, אַז ער האָט אים שוין נישט איבערראַשט און מער נישט געשוידערט.

— פינף און זעכציק יאָר — האָט אים לאַקאָניש געענטפערט בערל, האָט אָבער דאָך נישט געקענט אויסהאַלטן זיינע טאַפּנדע בליקן און האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן.

— דו זאָגסט אַ ליגנט, אַלטער, ניין און זעכציק! — האָט אויסגעשריגן דער גענעראַל און האָט זיך הויך און טריומפירנדיק צעלאַכט.

— האַ? יאָ, ריכטיק!... ניין און זעכציק!... — האָט זיך פאַרכאַפּט דער ייד אַ צעטומלטער, אַזוי ווי מען וואָלט אים געכאַפּט באַ אַ גנבה.

— באַ מיר וועסטו נישט גנבענען! — האָט זיך באַרימט דער גענעראַל, בלאָזנדיק אויף אַ שטיק הייסע קאַרטאָפל און לייגנדיק עס אין מויל.

דער גוי האָט געבראַכט אַ מעשענע קוואָרט פול מיט ספּירט און האָט עס אַוועקגעשטעלט אויף דער באַנק לעבן די קאַרטאָפליעס.

— ספּאַסיבאָ! — האָט אים געדאַנקט דער גענעראַל — איצט, ברודערקע, גיי זיך דורך צו מיר אין הויף אַריין און זאָג דאָרט מיין טאָכטער, אַז איך וועל אַזוי גיך נישט קומען, אַז איך בין דאָ באַשעפטיקט מיט אַ סוחר! און אַז מען וועט דאַרפן האָלץ, וועל איך אַליין אונטערוואַרפן — האָט ער באַפוילן דעם הייצער, כדי פון אים פטור צו ווערן.

„אָט הייבט עס זיך אָן?״ — האָט זיך אַ טראַכט געטון דער ייד און זיין פּנים איז ווידער בלאַס געוואָרן פון אַ נאָגנדער דערוואַרטונג, אַזוי ווי ער וואָלט געפלויגן באַרג אַראָפּ, אין אַן אָפּגרונט.

דער הייצער איז געווען אַ תמעוואַטער און געלײמטער גוי. עס האָט געדויערט לאַנג דאָס אָנטון זיך, דאָס פאַרבינדן די שנירלעך פון די פּאָסטעלעס און דעם גאַרטל, אַזוי ווי עס וואָלט פאַר אים פאַר־געשטאַנען אַ ווייטע נסיעה, און נישט בלויז אַריבערלויפנדיק דעם פּאַרק.

דער גענעראַל האָט אים פאַרפאָלגט מיט זיינע אויגן און איז גע־וואָרן אומגעדולדיק.

— נו, גיי שוין... גיי שוין! — האָט ער אונטערגעטריבן דעם גוי.

און אַז דער הייצער איז אַרויסגעגאַנגען און די שווערע טיר האָט אַ גרילץ געטון הינטער אים און האָט זיך פאַרמאַכט, האָט דער גענע־ראַל זיך גענומען מכבד זיין זיין גאַסט.

און אַזוי זענען זיי, די צוויי זקנים און אַמאָליקע יוגנט־חברים, געבליבן אַליין.

די קאַרטאָפל, די אוגערקעס און דאָס קרויט, די האַלב־טונקלקייט פון דעם גרויסן און הויכן צימער, וווּ זיי האָבן זיך געפונען, און דאָס העל־פלאַקערנדע און אויף זיי הייס אָטעמענדיקע און פריינדלעכע פייער אין גרויסן קעסל — אַלץ צוזאַמען האָט סטיליזירט די ווייטע פאַרגאַנגנהייט, ווען די צוויי זקנים זענען נאָך געווען יינגלעך־חברים.

די פּרימיטיווע אומגעבונג האָט מיט אַמאָל צוזאַמענגעקניפּט די פאַרגאַנגנהייט מיט דער קעגנוואַרט... מיט דער עלטער...

דאָס פייער אין קעסל האָט אויף דער עלטער געוואָרפן דעם מעלאַנכאָלישן גלאַנץ פון אַ שטילן און רויק־טרויעריקן זון־אונטער־גאַנג.

אין דעם העלן ליכט, וואָס איז געפאַלן פון קעסל אויף די פּנימער פון די צוויי זקנים, האָט זיי איצט די עלטער צוריק פאַרייניקט. און דער גאַנצער לעבנס־וועג צווישן די צוויי ווייטע ענדע־פונקטן, וועלכער האָט זיי צעשיידט, איז אַזוי ווי פאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן די שאָטנס פון דער האַלב־טונקלקייט, וואָס האָבן געטאַנצט אַרום דעם גרויסן קעסל אויף דער טונקעלער הויכער סטעליע און אויף די פאַרשטויבטע ווענט.

אין דרויסן האָט זיי ביידע געהיטן אַ שניי־ווייסע און אויסגעע־שטערנטע ווינטער־נאַכט און אַ פראָסט.

און נאָכדעם וויביידע האָבן געמאַכט אַ „לחיים" און האָבן זיך גענומען פאַרבייסן מיט אַ פאַרפרוירענער אוגערקע, האָט דער גענעראַל־אַדיוטאַנט געפרעגט דעם ייד פראָסט, שוין אָן דער מינדסטער אויפרעגונג, אין קליין רוסיש:

— דו האָסט מיך דערקענט, בערקאָ?

בערל האָט דערויף געענטפערט מיט אַ פאַרלעגענעם שמייכל און שטיל, מיט אַ טאָן פון אַ מאַן וואָס איז זיך מודה אין אַ פאַרברעכן:

— דערקענט, נאָר ערשט שפעטער.

דאַן האָט דער גענעראַל אין אים איינגעגראָבן די אויגן איבער די ברילן, אויגן פול מיט נחת און שטילער מעלאַנכאָלישער פרייד, און בערלען האָבן איצט די אויגן נישט נערווירט און נישט געשראָקן.

ביידע יוגנט־חברים האָבן זיך אַרומגענומען, אָבער נישט מיט די הענט, נאָר מיט בליקן, אין אַ פעסטער און לאַנגער אומאַרמונג, פון צוויי נשמות, וואָס האָבן זיך אין דער יוגנט צעשיידט, געוואַנדערט אין פאַרשידענע וועגן און האָבן זיך געטראָפן באַם ענדע־פונקט פון דער לעבנס־וואַנדערונג, באַם קבר.

נאָך דער אומאַרמונג האָבן זיי ביידע זיך אָפּגעווענדט, פאַרקוקט אויפן פייער און אַנטשוויגן געוואָרן. זיי האָבן זיך שוין נישט געהאַט וואָס צו זאָגן נאָך דעם און רייד וואָלטן סתם געווען איבעריק. פאַר זיי האָט גערעדט דאָס פייער אין קעסל, זיינע פייערצונגען האָבן רוישיק און פאַטעטיש דערציילט פון צרות, פרייד און נחת, פון קאַמף און ליידנשאַפט, נידערלאַגע און אַנטטוישונג; עס האָט דערציילט די געשיכטע פון אַ מענטשן־לעבן, איז אָבער אויך שנעל מיד געוואָרן און האָט זיך אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען אין אַש... קומען צום ענד־פונקט.

און די צוויי אַלטע לייט האָבן אויסגעהערט די געשיכטע שטומע און אומבאַוועגלעכע, אומבאַוועגלעך ווי זייערע צוויי שאָטנס אויף דער וואַנט אַנטקעגן, ביז דאָס פייער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַלן אין אויס־צוגיין. דאַן האָט דער אַלטער און היכער גענעראַל מיט די צוויי גרויסע באַקנבערד, אין וועלכן בערל האָט איצט געזען אַזאַ ענלעכקייט צום פלימעניק זיינעם, דעם באַלעגאָלע, זיך אויפגעהויבן פון אָרט און האָט זיך גענומען אונטערוואַרפן האָלץ אין קעסל אַריין.

דאָס פייער האָט אַרומגעכאַפּט די סאָסנאָווע שייטלעך האָלץ, די פייערצונגען האָבן אָנגעהויבן צו שפּרינגען אַרום זיי, טאַנצן און טראַסקען פון אויפגעפלאַקערטער לעבנס־פרייד און די לעבנס־געשיכטע האָט זיך אָנ־געהויבן אויפסניי.

די צוויי זקנים האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט איינס צום אַנדערן מיט אַ גאַיוון שמייכל פון קינדער.

— געדענקסטו, ווי דער אַלטער גראַף סווינטשיצקי האָט אונדז גע־שמיסן מיט קראָפּעווע? — האָט זיך פלוצים געוווּנדערט דער גענעראַל צו זיין יוגנט־חבר — מיר זענען געקראָכן רייסן עפּל און דער גערטנער האָט אונדז געכאַפּט. . . מער ווי פופציק יאָר און איך קען עס נישט פאַר־געסן! — האָט אויסגעשריגן דער גענעראַל מיט אַ קול פון נצחון און פון זיגס־פרייד.

— אוי ווייי איז מיר! אַזוי ווי נעכטן וואָלט עס פּאַסירט — האָט זיך געכאַפּט דער בעל־אכסניה באַם קאָפּ און האָט זיך אַזש צוזאַמענגע־דרייט פון דער ערינערונג, ווי פון בויך־קרעמפּן.

און פון דער דערינערונג האָט זיך ווי אַ קנויל אָנגעהויבן צעוויק־לען דאָס גאַנצע לעבן פון גענעראַל. ער האָט דערציילט און זיין קליינ־שטעטלדיקער יוגנט־פריינט האָט אויסגעהערט מיט שטראַלנדע אויגן און מיט אַ פלאַקערנדיק פּנים פון אַ קינד, וואָס הערט אויס באָבע־מעשיות. און אַז דער קעסל־הייצער איז שפּעט געקומען צוריק און האָט אונטער־בראָכן די דערציילונג, וועלכע וואָלט זיך געצויגן אַזוי לאַנג ווי דאָס לעבן, האָבן זיך די אַמאָליקע חברים מיט פּאַרדרוס אָנגעטון און זענען אַרויסגעגאַנגען אין פּאַרק אַריין.

אין דעם מיט שניי־געהילטן פּאַרק און אונטערן בלייכן לבנה־שיין, וואָס האָט אויפן ווייסן שניי געבליאַסקעט מיט צעשיטע דימענטן, האָט זיך די לעבנס־קנויל נאָך בעסער צעוויקלט.

אומגעאַרעמט ווי אין דער יוגנט האָבן זיך די אַמאָליקע צוויי חברים געלאָזט גיין איבערן שטילן פּאַרק און איינער פון זיי האָט פאָרטגעזעצט זיין מערקווירדיקע געשיכטע.

די הונדערט־יעריקע ביימער זענען געשטאַנען אונטערן בלויען און מיט די שטערן בליאַסקענדן הימל און האָבן זיך צוגעהערט ווי פאַרכישופ־טע צום לעבנס־סוד פון אַלטן גענעראַל, אויפציטערנדיק פון צייט צו צייט און וואַרפנדיק פון זיך דעם שניי ווי גרויסע טרערן. . . טרערן פון פרייד

און אַנטציקונג און צוגלייך פון מעלאַנכאָלישן צער און ביטערער אַנטוי־שונג איבערן הבל־הבלים פון גאַנצן קיום...

און דער גענעראַל האָט זיך אין זיין יוגנט־חבר נישט אָפּגע־נאַרט.

דעם סוד האָט דער בעל־אכסניה שפּעטער באַהאַלטן טיף אין האַרץ ווי אַ הייליקע קמיע, אַזוי ווי ער האָט פריער באַהאַלטן זיין פאַרדאַכט און די נאָגנדע אַנונג און האָט זיי קיינעם נישט פאַרטרויט, אפילו זיין ווייב.

דערפאַר האָט ער אָנגעהויבן אָפּטער גיין אין הויף אַריין און פאַר־ברענגען מיטן גענעראַל אין זיין קאַבינעט און אים העלפן פאַרטרייבן די צייט.

## המן דער מעקלער.

המן, דער מעקלער, וועלכער איז געווען אַ פּראָפעסיאָנאַל אין הלכות מעקלעריי, האָט געוווסט פון די אַלע זאַכן, פון דעם רעדן און מעקלערן.

ער האָט אָבער גוט געקענט לוי דעם פּראָצענטניק און האָט אין האַרץ געלאַכט פון די יאָלדן און פריש־געבאַקענע מעקלערס.

ער האָט זיך געטון זיין אַרבעט שטילערהייט און ווען די גענע־ראַלשע איז געווען אין קיעוו און ווען דער שניי אויף די דעכער און אויף די פעלדער איז שוין געלעגן געל און קויטיק און די וואַרעמע זון האָט אים געשמאָלצן און אָנגעפילט די וועגן און די ראָוועס מיט שמוציקע קאַלוזשעס, און מונטער־קלינגענדע, אָבער נאָך פאַרשטעקט און פאַרבאָרגן לויפנדע וואַסערן; ווען דער שליטוועגס איז שוין געלעגן אַ שוואַרצער, מיט געלע פלעקן, פון דעם צוגעפרוירענעם פערדישן מיסט און אייניקע גויים זענען שוין געפאָרן מיט וואָגנס. דעמאָלט איז המן דער מעקלער דורכגעלאָפן איבערן מאַרק מיט אַ גלאָק און אין אַ ברייטן שליטן, געשפּאַנט מיט דעם שטעטל גוט באַקאַנטע צוויי שוואַרצע פערד.

די פערד האָבן געטראָגן זייער באַלעבאָס, פאַניע ראָזענבערג, און זענען מיט אים און המן דעם מעקלער אַוועק גלייך אין הויף אַריין.

ראָזענבערג איז געווען אַ ייִד אַ סוחר, וועלכער האָט געוווינט אין זיין אייגענעם וואַלד, אַ ייִד אַ גביר און אַ גרויסער ריזיקאַנט און דריי־קאָפּ.

דער שליטן האָט באַלד אויפגערודערט דאָס שטעטל, ווי אַ פרעמד־פיינדלעכע אַרמיי. און נישט אומזיסט: שושן־פּורים האָט מען זיך דער־וווּסט, אַז דער פרעמדער האָט צוגענומען באַם גענעראַל פינף פּאָסעסיעס און אַז המן דער מעקלער האָט פאַרדינט גאַנצע צוויי טויזנט רובל מעק־לעריי. און איצט האָט מען געשאָלטן שוין נישט המן דעם מעקלער, נאָר ווי דעם פּראָצענטניק, וועלכער האָט ליב „פּריצענט” ווי דאָס „חיות”, ווי ער פלעגט זיך אַליין באַרימען, און האָט אַרויסגעלאָזט פון די הענט אַזאַ גאָלדן פינגערל.

## דער פּריסטאַוו

דער פּריסטאַוו, אַ גוי אַ רוצח, וועלכער האָט נישט גענומען קיין כאַבאַר און האָט, באַלד ווי ער איז געקומען אין שטעטל, געגרינדעט אַ „שוואַרצע מאה”, האָט זיך באַלד דערוווּסט פון דער געשיכטע, און טאַ־קע פון די ייִדן אַליין.

ער האָט איבערהויפּט אַלץ געוווּסט, וואָס די ייִדן האָבן געטראַכט און גערעדט פון גענעראַל און דער גענעראַל איז אים פון ערשטן טאָג אָן נאַטירלעך נישט געפעלן געוואָרן, פונדעסטוועגן, אַז ער האָט זיך באַ־זעצט אין פּאַלאַץ, האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק צו פאָרן צו אים און אים „פּאָזדראַווען”.

צוגעפאָרן איז ער נישט אַליין, נאָר מיטן גלח — אַ הויכן און פעטן כומר, וועלכער האָט געהאַט אַסטמע, פלעגט אָטעמען שווער ווי אַ געקוילערטער אָקס, און רעדן מיט אַ גראָבער הייזעריקער שטימע פון אַן אָפּגעשפּאָלטענעם גלאָק, דער גלח איז דאָס געווען דער פירער פון דער שוואַרצער מאה — אַ שונא־ישראל, ווי דער פּריסטאַוו, און דער־צו נאָך אַ קלעפּטאָמאַניאַק. אַז ער פלעגט עפּעס קויפן אין אַ קראָם,

פלעגט ער זען תּמיד עפּעס צוצוגנבענען און האָט שוין געהאַט זייער פיל סקאַנדאַלן. ער און דער שרייבער פון דעם וואָלאָסט זענען עס געווען די רוסישע אַריסטאָקראַטיע פון שטעטל און די עכט רוסישע עלע־מענטן.

דער גענעראַל האָט זיי עמפּפאַנגען פריינדלעך, האָט זיי געדאַנקט פאַר דעם באַזוך מיט דעם צווינטשן און האָט זיי איינגעלאַדן צום וואַ־רעמעס.

אַז דער פּריסטאַוו האָט אים אַבער באַם טיש פאָרגעשלאָגן, אַז ער זאָל נעמען אונטער זיין פּראָטעקטאָראַט די שוואַרצע מאה און די עכט־רוסישע עלעמענטן, איז ער געוואָרן רויט פון כּעס ווי אַ באַלי־דיקטער, האָט זיי געזאָגט, אַז ער טיילט נישט זייערע אָנזיכטן אויף דער יידנפראַגע און אויף יידן, און אַז ער האָט דערפאַר פיינד געקריגן סווינטשיצקין.

די גראָבע גענעראַלשע האָט אָנגעהויבן איבערראַשט און עמפּערט צו פינטלען מיט די אויגן און בייז קלאַפּן מיט די טעלער:

— און מיין זון, דער פּראָקוראָר, האָט פיינט די יידן ווי אַ פּעסט — האָט זי זיך גענומען באַרימען פאַרן גלח און פּריסטאַוו און דערציילן, ווער איר זון איז.

דער גענעראַל האָט שוין געציטערט פון אויפרעגונג און אַז זי האָט אים צוגעוואָרפן, אַזוי ווי זיך רייצנדיק מיט אים: אַזוי איז דאָס! — איז ער אויפגעשפּרונגען פון טיש אַזוי ווי אַן אָפּגעבריטער מיט אַ צע־גליט אייזן, און האָט איר צוגעוואָרפן:

— אַ קאַריעריסט איז דיין זון, מאַטושקאַ; אַ פּראָכוואָסט און אַ מענטש אָן סאָוועסט אין האַרץ — און איז אַוועק פון טיש, לאָזנדיק דעם גלח מיטן פּריסטאַוו אַליין ווי אָפּגעשמיסענע.

דער כּומר איז געוואָרן נאָך רויטער און פאַרשוויצטער ווי פריער, און האָט געכראָפּעט מיטן הייזעריקן האַלדז, ווי אַ ביין וואָלט דאָרט גע־געשטעקט און ער קען אים נישט אַרונטערשלינגען.

מען האָט דעם וואַרעמעס געענדיקט שוין פאַרלעגן און שטיל און די געסט זענען באַלד אָפּגעפאָרן.

אין דער זעלבער נאַכט האָט דער פּריסטאַוו פון דעם גאַנצן אינ־צידענט קאָנפידענציעל געמעלדעט דעם גובערנאַטאָר. דער גלח האָט פונדעסטוועגן דעם דאָנאָס נישט געוואָלט חתמענען, איצט, אַז דער פּריסטאַוו האָט זיך דערוווּסט, אַז דער גענעראַל האָט פאַרדונגען אַ ייד־

די פּאָסעסיעס, אַ זאַך וואָס דאָס רוסישע געזעץ האָט שטרענג פאַרבאָטן. האָט ער אָנגעשריבן אויפן גענעראַל אַ צווייטן דאָנאָס צום גובערנאַטאָר און האָט שוין אגב אורחה דערציילט, ווי ער באַלעוועט די יידן פון שטעטל: אַז ער איז צו ווייַנאַכטן נישט געגאַנגען אין קלויסטער אַריין, און אַז ער האָט פאַרוואַנדלט דאָס שטעטל אין אַן עכט יידישער מלוכה, צום גרויסן פאַרדרוס און ערגער פון די עכט-רוסישע עלעמענטן, און טרייע אונטערטאַנען פון באַטיושקאַ צאַר.

## דער גובערנאַטאָר.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער גובערנאַטאָר, אַ גרויסער כולי-גאַן און פּאָגראָמשטשיק, געקומען צום גענעראַל מיט אַ וויזיט, ווי דער דרך-ארץ האָט פאַרלאַנגט פון באַלעבאָס פון אַ גובערניע צו אַן אַלטן רוסישן גענעראַל מיט גרויסע מיליטערישע פאַרדינסטן און אַ רייכן גוטבאַזיצער פון דער גובערניע.

דער גובערנאַטאָר האָט אָבער באַ דער וויזיט נישט אַרויסגעגעבן זיין שנאה צו יידן און האָט איבערהויפּט אויסגעמיטן צו רעדן פון פּאָליטיק. ער האָט פאַרבראַכט אין שלאָס אַ מעת-לעת ווי אַ העפלעכער גאַסט און דזשענטלמאַן און, אַלס נאָך אַ יינגער קאַוואַליער, מער אין נאַטאַשעס געזעלשאַפט. אַלס אַ גוט-באַזיצער, האָט ער זיך מער פון אַלעם אינטערעסירט מיט דער ווירטשאַפט און נאַטאַשע האָט אים געוויזן דעם מאַיאָנטעק. ער האָט אויך שטאַרק געלויבט און באַוווּנדערט די בילדער-גאַלעריע און נאַטאַשעס מוזיק, האָט נישט אויפגעהערט באַם וואַרעמעס צו לויבן דעם יונגן פּראָקוראָר גערשעלמאַן, וועלכן ער האָט פאַר-שפּראָכן אַ גלענצנדע קאַריערע און איינגיכן דעם פּאָסטן פון יוסטיץ-מי-ניסטער.

די גענעראַלשע האָט ער מיט קאָמפּלימענטן איינפאַך באַצויבערט אַזוי, זי האָט שוין נישט אויפגעהערט די גאַנצע צייט צו רעדן און דער-ציילן די שבחים פון איר זון, און ווי אַזוי ער איז באַליבט אין די הויכע ספערן.

דער גענעראַל מיט נאַטאַשען האָבן אַליין אָפּגעפירט דעם יונגן גו-

בערנאַטאָר צו דער סטאַנציע, האָבן זיך מיט אים פריינדלעך געזעגנט און פאַרשפּראָכן אים באַלד צו באַזוכן.

צוריקוועגס אָבער האָבן זיי אויסגעמיטן פון אים צו רעדן. און אַז די גענעראַלשע האָט באַם טיש זיך גענומען אים לויבן און האָט זיך אויסגערעדט: „אָט אַזאַ מאַן... ווען גאָט באַשערט מיר פאַר מיין טאָכטער!" — האָבן זיך טאָכטער און פאָטער איבערגעקוקט מיט לאַנגע, שטומע בליקן...

# דעם גענעראַלס בנים

## ערב פסח.

צוויי וואָכן פאַר פסח, ווען דער שניי איז שוין געווען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון די דעכער און דער ברייטער פירעקיקער מאַרקפּלאַץ האָט אויסגעזען ווי אַן אָזיערע פון שיטערער בלאָטע, וועלכע האָט זיך פון די העלע פרילינגס־שטראַלן געלויכטן מיטן גלאַנץ פון שטאָל, האָט זיך אויפן מאַרק באַוויזן רייטנדיק דער גענעראַל גערשעלמאַן. . .

דאָס פערד האָט געשטעלט ברייטע טריט, אַזוי ווי עס וואָלט גע־בראָדיעט איבער אַ ברייט וואַסער און וואָלט זיך געאײַלט עס איבער־צוקומען.

די שפּריצנדע בלאָטע האָט אים נערווירט און דאָס זויבערע אַריס־טאָקראַטישע פערד האָט געציטערט אונטערן רייטער ווי פון עקל. . . דער רייטער אָבער איז זיך געזעסן רויק און טיף אין זאָטל און געוואָרפן אַרום זיך דורך די גאָלדענע ברילן בליקן פון אַ גענעראַל, וועלכער קוקט אויס אַ פּאָזיציע.

ער האָט זיך לאַנגזאַם געלאָזט פאָרן פאַרביי די קראָמען. די קרע־מערס זענען פון דאָרט אַרויס, שטום אים באַגריסט מיט די היטלען. דער גענעראַל האָט אויף יעדן גרוס געענטפערט מיליטעריש און פריינד־לעך.

פון אַ געסל איז אַרויס אַ טרעגער מיט אַ וויגל פון פריש געבאַ־קענע מצות אויפן קאָפּ. אַז דער ייד האָט דערזען דעם רייטער, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן דער בלאָטיקער אָזיערע און פאַרדיסן דעם קאָפּ פון אונטערן וויגל... דער ריח פון פריש־געבאַקענע מצות האָט אויך אָפּגעשטעלט דעם גענעראַל.

פון אַ נידעריק הייזל האָט זיך געטראָגן דער ערב־פּסחדיקער ליאַרם פון אַ „וואַרסטאַט", ווו די מצות האָבן זיך געבאַקן.

דער רייטער האָט זיך אַ ווײַלע צוגעהערט, ווי מען הערט זיך צו צו אַ פאַרגעסענעם אָבער באַקאַנטן מאָטיוו.

דאָס פערד האָט אויך אָנגעהויבן צו וואַרפן מיטן קאָפּ און זיך ציען צו די פריש־געבאַקענע מצות.

— וואָס איז דאָס ? מצות ? — האָט ער געפרעגט דעם טרעגער.

— יאָ, מצות... מצות... — האָט אים שנעל געענטפערט דער ייד.

דער גענעראַל האָט זיך אָנגעבויגן פון פערד, האָט אַרויסגענומען פון וויגעלע אַ מצה און זיך גענומען זי באַטראַכטן.

פון אַלע זייטן האָבן שוין אויף אים געקוקט נײַגעריקע און פאַר־וווּנדערטע יידישע אויגן. אַ ווײַלע האָט ער געהאַלטן אין איין האַנט די פרישע מצה, וועלכע האָט געקיצלט זײַן געשמאַק, און זיך פאַרטראַכט אַזוי ווי אין אַ ישוב־הדעת זי צו פאַרזוכן, און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער צוגעהאַלטן דאָס פערד, וואָס האָט זיך געצויגן צום וויגעלע און געוואָרפן מיט די אויערן. דערנאָך האָט ער אַוועקגעלייגט די מצה צוריק און האָט זיך געלאָזט פאָרן צו בערלס אַכסניה, איז דאָרט אַראָפּגעשפּרונ־גען פון פערד, האָט עס צוגעבונדן צום סטויב און איז אַרײַן אין אכסניה.

דער טרעגער מיטן וויגל מצות האָט אים לאַנג נאָכגעקוקט און האָט זיך אומאַנטשלאָסן אין אַנטוישט געלאָזט בראָדיען מיט זײַן לאַסט אויפן קאָפּ דורכן בלאָטיקן מאַרק־פּלאַץ.

נאָכגעקוקט דעם גענעראַל האָבן אויך די קרעמער און די ווײַבער פון מאַרק און האָבן זיך גענומען הויך רעדן צווישן זיך ווי אַ סטאַדע אויפגערודערטע גענדז.

און אין דעמזעלבן אָוונט איז געווען באַם רב אַן אסיפה פון עט־לעכע פון די חשובסטע באַלעבאַטים מיט דעם אַלטן בערל בראש און אויף דער אסיפה האָט מען געמאַכט אַ רשימה פון די גרעסטע אָרימע

לייט פון שטעטל און מען האָט צווישן זיי צעטיילט, דעם גענעראַלס 200 רובל מעות חטים און הונדערט קערץ קאַרטאָפליעס, וואָס ער האָט געשענקט.

אויפן אַנדערן טאָג האָט שוין דערפון געוווּסט דער פּריסטאַוו און דער שרייבער פון וואָלאָסט. דער פּריסטאַוו איז באַלד צוגעפאָרן און האָט עס דערציילט דעם גלח און דער גלחטע. דער כּומר איז געוואָרן רויט פון עמפּערונג און באַליידיקונג. די גלחטע האָט אויסגעשריגן: אַן אומריינער גייסט איז מיט אונדז! און האָט זיך שנעל איבערגעצלמט.

און אין דעם זעלבן אָוונט איז אַוועקגעשיקט געוואָרן צום גובערנאַטאָר אַזאַ גייער דאָנאָס אויפן באַלעבאָס פון שטעטל, אונטער וועלכן עס האָט זיך שוין געחתמעט דער כּומר אויך.

## דער אַרעסט.

און אַזוי ווי דעם גענעראַל אויף צו להכעיס, האָט זיך דער צורר דער פּריסטאַוו גענומען נאָך שטאַרקער פאַרפאָלגן דאָס שטעטל. אַלע „טאַינע" שענקלעך, פון וועלכע עס האָבן געלעבט עטלעכע יידישע פאַמיליעס, זענען שוין געווען אויסגערוימט, עטלעכע יידן זענען שוין געזעסן אין טורמע און איצט האָט ער פּלוצים זיך גענומען אין דעם בלאָטיקן און אָרימען שטעטל שאַפן פאַר פּסח ריינקייט.

צוערשט האָט ער געמאַכט פּראָטאָקאָלן אַלע קצבים און פּונקט ערב פּסח האָט ער פאַרמאַכט דאָס יידישע שעכט-הויז. דעם שטעטל איז אויסגעקומען צו בלייבן אָן פליייש אויף פּסח און די גזרה איז געווען אַ ביטערע.

דער בעל-טאַקסע מיט אַ פּאָר קצבים זענען אַוועק צו אים אַהיים, האָבן אים געבעטן רחמים אויף די קני און אים אַריינגעשטופּט צוויי הונדערטער אין די כאָליעוועס פון די שטיוול.

דער צורר האָט עס דערוואַרט און האָט שוין דערויף אַרויסגעקוקט.

אין צווייטן צימער זענען שוין געווען אָנגעגרייט עדות, וועלכע ער האָט אַריינגערופן, און זיי געוויזן, אַז די יידן האָבן אים געוואָלט

אונטערקויפן. ער האָט די דריי יידן באַלד געשמידט אין קייטן ווי שווע־רע פאַרברעכער און האָט זיי אַוועקגעשיקט אויף פסח אין דער אויעזדנער טורמע פאַר געבן כאַבאַר.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ מהומה און אַ חורבן.

מען האָט באַלד אָפּגעהאַלטן באַ בערל דעם בעל־אכסניה אַן אסיפה. די ווייבער פון די אַרעסטירטע זענען געקומען צולויפן צו דער אסיפה מיט אַ גוואַלד און אַ געוויין.

איין מיטל איז געבליבן: גיין צום גענעראַל דעם אוהב ישראל און בעטן, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן, ער זאָל זען, אַז מען זאָל אַרויסלאָזן די יידן אויף „פּאָרוקע". פון שעכט־הויז האָט מען שוין נישט געטראַכט.

און באַלד איז צוגעפאָרן צו בערלס אכסניה חיים־הערש דער באַ־לעגאָלע. בערל, דער רב און לוי דער פּראָצענטניק האָבן זיך אַריינגע־זעצט אין זיין טאַראַטאַיקע און זענען צוגעפאָרן צוערשט אין דער עקאָ־נאָמיע, צום סובאָטניק, און באַלד זענען זיי מיטן סובאָטניק צוזאַמען גע־פאָרן צוריק איבערן שטעטל אין הויף אַריין.

עס איז געווען אַ וואַרעמער פרילינג־טאָג. דער גענעראַל האָט שוין געאַרבעט באַ דער אָראַנזשעריע און האָט אויפגענומען די דעפּוטאַציע אין פּאַרק.

די געשיכטע האָט אים אויף דאָס אויסערסטע אויפגערעגט.

— גיי, ברענג אים מיר, דעם ניעגאָדיאַי! — האָט ער באַפוילן דעם סובאָטניק און האָט געהייסן די יידן זיך באַרויקן און פאָרן אַהיים, און אַליין איז ער אַוועק צו זיך, האָט אַריינגערופן נאַטאַשען און האָט איר דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

אַז דער סובאָטניק איז צוגעפאָרן צום „סטאַן" און האָט איבערגע־געבן דעם פּריסטאַוו דעם גענעראַלס איינלאַדונג באַלד צו קומען אין הויף אַריין, האָט דער כּוליגאַן פאַרשטאַנען דעם זין פון דער איינלאַדונג און האָט זיך איבערגעשראָקן.

דער גענעראַל־אַדיוטאַנט גערשעלמאַן איז געווען אַ צו מעכטיקע פּערזענלעכקייט, מעכטיקער פון גוּבערנאַטאָר, וועלכער האָט אים פּראָטע־זשירט, און ער האָט שוין חרטה געקריגן אויף דער גאַנצער קאַשע, וואָס ער האָט פאַרקאָכט.

— ווייסט איר נישט, צו וואָס ער דאַרף מיך אַזוי דרינגלעך? — האָט ער געפרעגט דעם סובאָטניק.

— מיר קענען נישט וויסן — האָט אים געענטפערט דער עקאָנאָם.

דער ערנסטער, כמעט בייזער טאָן פון דעם תמיד שמייכלענדן עקאָנאָם האָט באַ אים נישט איבערגעלאָזט קיין צווייפל, אַז ער וועט שוין כאַפּן אַ פּסק. קיין חזיר האָט מען אָבער נישט געקענט זיין און ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין עקאָנאָמס שאַראַבאַן און איז מיט אים אָפּגעפאָרן אין פּאַלאַץ.

אויפגענומען האָט אים דער גענעראַל שוין נישט אַזוי ווי דעמאָלט, ווען ער איז געקומען מיטן גלח אים צוווונטשן. ער האָט אים אפילו נישט איינגעלאַדן זיך צו זעצן און אַזוי ווי ער האָט איבערגעטרעטן די שוועל פון זיין גאַבינעט, האָט ער אים באַגעגנט מיט די הענט פאַרלייגט אויפן רוקן און מיט אַן אויסגעסטאַרטשעטער ברוסט, אויף וועלכער עס האָבן זיך באַוועגט פון אויפרעגונג אַ פּאָר בריליאַנטענע צלמים:

— וואָס קאָמאַנדעוועט איר דאָ אין שטעטל?

זיין שטימע האָט געציטערט פון כעס און קוים־באַגוועלטיקטער עמפּערונג. דער האַלדז זיינער און דאָס פּנים זענען געוועזן רויטלעך־בלוי.

— זיי האָבן מיך געוואָלט אונטערקויפן... „פּאָדקופ נאַטשאַל־סטוואַ"... — האָט אָנגעהויבן דער איבערגעשראָקענער פּריסטאַוו מיט אַ געלעמטער, שטאַמלענדער צונג.

— איר זאָלט זיי באַלד באַפרייען! — האָט אים באַפוילן דער גענעראַל, אים שווער אָטעמענדיק גלייך אין פּנים אַריין.

— זאַקאָן... פּאָדקופ נאַטשאַלסטוואַ — האָט שוין געבאַלמעטשקעט דער פּריסטאַוו, אַן אויסגעצויגענער ווי אַ סאָלדאַט פאַרן גענעראַל.

דער גענעראַל אָבער, אַז ער האָט געטון דאָס, וואָס דאָס געזעץ באַפעלט, און אַז ער איז אין בעסטער אָרדנונג, האָט אים באַלד אומגעקערט די זיכערהייט און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ רויקער, כמעט פרעכער שמייכל.

דעם גענעראַל האָט דער שמייכל נאָך מער אויפגערעגט. ער האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף אים שנעלע בליקן, אים שנעל באַקוקן פון קאָפּ ביז די פיס.

— וויפיל האָבן זיי אייך געגעבן? — האָט ער געפרעגט.

— צוויי הונדערט רובל, וואַשע וויסאָקאָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ.

— איז דאָס געווען ווייניק ? — האָט אים געפרעגט דער גענעראַל מיט אַ בייזן סאַרקאַזם.

— איך נעם נישט קיין כאַבאַר... איך בין דעם צאַר באַטיושקאַ טריי און איבערגעגעבן — האָט אים מיט אַ רויקן און שטאָלצן טאָן גע־ענטפערט דער פּריסטאַוו.

דער טאָן האָט באַהעגט דעם גענעראַל צו באַוועלטיקן דעם ברויזנדן כּעס, וואָס האָט שוין צוזאַמענגעדריקט זיינע פינגער אין אַ פעסטן קולאַק, וועלכער איז געווען גרייט אַריינצופאָרן דעם כוליגאַן אין פּנים אַריין.

— כאַראָשאָ ! פּאָסמאָטרים ! — האָט געזאָגט דער גענעראַל, שוין רויק און באַהערשט — מאָיסעי אַבראַמאָוויטש ! — האָט ער זיך געווענ־דעט צום עקאָנאָם — הייס מיר איינשפּאַנען די פערד... איך פאָר צום גובערנאַטאָר... סטופּאַיטע ! — האָט ער מיט אַ דונערנדער שטימע באַפוילן דעם פּריסטאַוו — איך וועל אייך שוין ווייזן, וואָס זאַקאָן הייסט.

דער פּריסטאַוו האָט זיך אויסגעדרייט מיליטעריש און פאַרלאָזט דעם קאַבינעט ווי אַן אָפּגעשמיסענער.

## דער גענעראַל פאָרט צום גובערנאַטאָר.

פאַרנאַכט איז דער גענעראַל געפאָרן מיט נאַטאַשען צו דער סטאַנציע און פון דאָרטן מיט דער באַן אין דער גובערנסקי שטאָט אָפּ־געבן דעם גובערנאַטאָר זיין וויזיט.

דער סעקרעטאַר פון גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע איז געווען אַ יונגער פירשט שאַכאָווסקאָי, נאַטאַשעס אַ פאַרערער און איר ברודערס אַ שול־חבר. פון אים האָט זי זיך דערוווּסט בסוד פון אַלע דאָנאָסן, וואָס דער פּריסטאַוו האָט געשיקט אויפן גענעראַל. זי האָט עס נישט איבער־געגעבן דעם פאָטער און האָט זיך באַם טיש, באַם וואַרעמעס, וואָס דער באַלעבאָס פון דער גובערניע האָט געפּראַוועט פאַר די געסט, און צו וועלכן ער האָט איינגעלאַדן דעם מאַרשאַל און נאָך אַ פאָר הויכע טשינאָווניקעס פון דער גובערניע, זיך געווענדעט גלייך צום גובער־נאַטאָר :

— און איר, גאָספּאָדין גובערנאַטאָר, קריגט דאַנאָסן אויף אונדז ? דער וויפילטער דאַנאָס איז דאָס שוין ?

דער גובערנאַטאָר איז געוואָרן רויט און פאַרשעמט. רויט איז אויך געוואָרן דער פירשט שאַכאָווסקאָי, וועלכער האָט עס איר דער־ציילט בסוד.

און אַז נאַטאַשע האָט געהייסן נאָכן וואַרעמעס, באַם קאַפּע, דעם גובערנאַטאָר צוגעמען פון שטעטל דעם פּריסטאַוו, וועלכער שרייבט אויף זיי דאַנאָסן, באַפרייען די יידן און עפענען צוריק דאָס פאַרמאַכטע שעכט־הויז, האָט דער העפלעכער קאַוואַליער — ער קיין וואָרט נישט געענטפערט און געפאָלגט דעם באַפעל פון דער שיינער, קליינער דאַמע, מיט דער גרעסטער ברייטוויליקייט.

ער האָט צוגערופן דעם פירשט שאַכאָווסקאָי און האָט אים אָפּגע־געבן די נויטיקע באַפעלן.

אין דעמזעלבן טאָג האָט דער פירשט שאַכאָווסקאָי געגעבן דעם פּריסטאַוו אַ טעלעגראַפישן באַפעל צו עפענען דאָס שעכט־הויז און זיך אַליין נעמען אַ „פּערעוואָד״. גלייכצייטיק האָט ער טעלעגראַפיש באַפרייט פון דער אויעזדנער טורמע דעם בעל־טאַקסע מיט די צוויי קצבים.

די יידן פון שטעטל האָבן געפּראַוועט אַ פריילעכן פּסח. צו יציאת מצרים איז צוגעקומען אַ נייער נס. געוויינטלעך האָבן זיי געמאַכט יום־טוב דעם גענעראַל מי שברכס אין די בתי־מדרשים און געלויבט דעם אייבערשטן פאַרן נייעם נס.

דער פּריסטאַוו אָבער האָט קיין פּערעוואָד שוין נישט דערלעבט צו נעמען. אַז זיין ממלא מקומו איז פּלוצלינג געקומען איבערנעמען דעם סטאַן האָט געפעלט טויזנט רובל פון די קאַזיאָנע געלטער.

ווי אַ פאַרסמטער האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צום כומר, אַז ער זאָל אים אויסלייען טויזנט רובל צו פאַרלייגן די קאַסע.

דער כומר אָבער האָט זיך פון אים אָפּגעשאָקלט און האָט געזאָגט, אַז ער קען אים נישט העלפן.

דאַן איז ער געקומען צו לויפן צו בערל דעם בעל־אכסניה.

דעם צורר איז נישט געווען צו דערקענען. שטיל, בנעימות האָט ער גערעדט, ווי אַן עני בפּסח, האָט פאַרגעשלאָגן צו צערייבן די דיעלע פון דעם כאַבאַר, אַבי די יידן זאָלן אים באָרגן טויזנט רובל אויף אַ וועקסל.

בערל האָט אויף אים רחמנות געהאַט, האָט זיך גענומען קנעטן די בלאָטע מיט זיינע אַלטע, קראַנקע פיס און רעדן מיט די חשובסטע באַלעבאַטים.

מען האָט ווידער געמאַכט אַן אסיפה, זיך געעצהט צי יאָ געבן, נישט געבן. אַ סך און בערל בראשם האָבן הייס געטענהט, אַז מען זאָל דעם גוי נישט לאָזן פאַלן.

— ראשית איז ער אַ צורר — האָט געזאָגט בערל. מען דאַרף מורא האָבן פאַם אַ צורר... צווייטנס, אַז אַ גוי בעט אַ קערבל, גיט אים צוויי.

המן דער מעקלער האָט געשריגן, אַז ער האָט אים אין דער ערד.

דער סוף האָט שפּעטער באַוויזן, אַז דער אַלטער בערל האָט גע־האַט אַ חוש און בעסער וואָלט געווען, מען זאָל געווען העלפן דעם גוי.

געבליבן איז אָבער צו פרעגן דורך דעם עקאָנאָם באַ דעם גענע־ראַל.

דער גענעראַל האָט נישט געהייסן לייען קיין קאָפּיקע און דער כוליגאַן איז אינגאַנצן אַראָפּ פון בענקל.

דער נייער פּריסטאַוו האָט שוין גענומען אַ קערבל און דאָס שטעטל האָט פון אים געקוואָלן, ווי פון אַ טייערן „גויעץ".

— ער נעמט! ווי אַ פּראָסט נעמט ער! אַ טייערער גויעץ! — האָבן זיך גליקלעך באַרימט די, באַ וועלכע דאָס טייערע גויעלע האָט גענומען.

ער האָט גענומען נישט נאָר באַ די יידן, נאָר אפילו אין דער עקאָנאָמיע אַליין. דער גענעראַל האָט באַפוילן דעם סובאָטניק אים צו געבן היי און האָבער פאַר זיינע פערד און האָלץ, וויפיל ער וועט פאַר־לאַנגען.

און דער פּריסטאַוו האָט זיך נישט געשעמט צו פאַרלאַנגען...

## דעם שטעטלס נקמה.

אַז דער פּריסטאַוו איז געקומען צום גובערנאַטאָר זוכן בײַ אים גערעכטיקייט און חסד, ווי אַ שוואַרצמאהניק בײַ אַ שוואַרצמאהניק, האָט זיך דער באַלעבאָס פון דער גובערניע אָפּגעזאָגט אים אויפצונעמען.

ער אַליין איז געווען אַ יונגער קאַריעריסט און ער האָט מורא געהאַט פאַר אַזאַ מאַן, ווי דער גענעראַל גערשעלמאַן, וועלכער האָט געהאַט מעכטיקע פאַרבינדונגען אין ביידע רוסישע הויפּט־שטעט און האָט אים געקענט אַ קראַץ טון, אַז ער זאָל עס האָבן צו געדענקען.

ווייטער האָט דאָך דער פּריסטאַוו פאַרנומען „קאַזיאָנע געלט", וועלכעס ער האָט נישט געהאַט, מיט וואָס צו פאַרלייגן, און ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק אים שנעל איבערצוגעבן אין די הענט פון דער יוסטיץ, אַבי פון אים פּטור צו ווערן.

דער פּראָקוראָר האָט געמאַכט אַ משפּט פאַר פאַרלירן רעגירונגס־געלט און דער פּריסטאַוו איז שוין אַרונטער „פּאָד סוד".

און באַלד האָבן די יידן פון שטעטל דערלעבט די נקמה אים צו זען אַליין טרייבן אויפן זונטיקדיקן מאַרק אַ גרויס, פעט חזיר אויף אַ שטריקל. אפילו נאָך אין די בגדים פון אַ פּריסטאַוו, אָבער שוין אָן אַ קלינגל און אָן עפּאָלעטן.

מיט די זעלבע געפילן האָבן זיי מסתמא באַגלייט המנען צו דער תליה.

דאָס קאַזיאָנע געלט האָט ער פאַרשפּילט אין קלוב, ווען ער האָט עס אָפּגעפירט אין „גובערנסקע קאַזנאַטשייסטווע". און דאָס גרויסע חזיר איז געווען זיין לעצט פאַרמעגן.

מיט די 50 רובל, וואָס ער האָט גענומען פאַרן חזיר, האָט ער באַזעצט די פּריסטאַווושע מיט די קינדער אויפן דאָרף אין אַ גוייש שטיבל פאַר 10 רובל אַ יאָר, און אַליין איז ער אַוועק קיין פּעטערבורג זוכן דאָרט גערעכטיקייט און גליק. . .

און באַלד האָט די גראָבע און שטאָלצע פּריסטאַווושע מיט זיבן קליינע קינדער אָנגעהויבן פּוכנען אויפן דאָרף פון הונגער, און אשר,

דער איינציקער יידישער סאָטסקי אין שטעטל, האָט אָנגעהויבן קלויבן אין מאַרק פאַר איר אויף ברויט.

און די יידן האָבן גערן געגעבן מיט אַ געפיל פון רחמנות און נקמה. געהאָלפן האָט איר אויך אָפט דער סובאָטניק, דער עקאָנאָם, וועלכער פלעגט איר יעדן טאָג געבן מילך פאַר די קינדער און האָט צוגעשיקט אַ פאָר קערץ קאַרטאָפליעס.

פונדעסטוועגן איז איר מאַנס ערשטע אַרבעט אין פעטערבורג געווען באַלד צו דערלאַנגען דעם מיניסטער אַליין אַ דאָנאָס אויפן ייד ראָזנבערג, וואָס האַלט באַם גענעראַל גערשעלמאַן די פאָסעסיעס, אויפן גענעראַל און שוין צוגלייך אויפן גובערנאַטאָר אליין, וועלכער האָט זיין דאָנאָס אונטערגעשלאָגן.

דער אינערן־מיניסטער איז דאַן געווען דער גרעסטער כּוליגאַן און צורר־היהודים אין רוסלאַנד. ער האָט קיין אויספאָרשונג נישט געמאַכט און האָט אויפן דאָנאָס פון פריסטאַוו נאָר אויפמערקזאַם געמאַכט דעם יונגן פראָקוראָר, מיט וועלכן ער פלעגט זיך אַלע פרייטיק באַגעגענען אין אַ פּאָליטישן סאַלאָן פון אַ געוויסער גרעפין.

דער מיניסטער האָט פאַר אים אויסגעדריקט די גרעסטע באַוווּנדערונג, וואָס אַ פראַוואָסלאַוונער גענעראַל אין רוסישער זינסט האָט יידישע סימפּאַטיעס און איז מקריב צו דיזע סימפּאַטיעס דאָס רוסישע געזעץ און די עכט־רוסישע אינטערעסן פון לאַנד.

דער יונגער פראָקוראָר איז בלייך געוואָרן פון דעם פאָרוואורף. ער האָט אים אָבער דערויף קיין וואָרט נישט געענטפערט, האָט וועגן דעם קיין וואָרט נישט געשריבן דעם פאָטער, ער האָט נאָר גענומען אורלויב אויף אַ וואָך און איז אומדערוואַרטעט געקומען צום באַזוך אין נייעם מאַיאָנטעק.

## פראָקוראָר גערשעלמאַן.

געווען איז דאָס שוין אין די ערשטע טעג יוני. דער אַלטער סאָד האָט שוין אַראָפּגעוואָרפן זיינע ערשטע בליטן און אויף דיביימער האָבן זיך שוין באַוויזן קליינע גרינע פרוכטן.

שטיל און רויק איז זיך געשטאַנען דער פּאַרק, אַזוי ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו די טריטמען פון זאַפט, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון דעם טיפן ערד־שויס און אָנגעפילט די שטאַמען און צווייגן מיט לעבן און זיסן דופט.

שטיל און רויק איז געווען אין דער נשמה פון דעם אַלטן גענע־ראַל. דער שלאָף איז בײַ אים די לעצטע צייט געוואָרן בעסער און דאָס האַרץ רויקער. פון צייט צו צייט פלעגט אים געלינגען צו בלייבן אויג אויף אויג פאַר אַ שמועס מיט זיין יוגנט־פריינט, דעם בעל־אכסניה, אין פּאַלאַץ אָדער אין קאַנצעלאַריע פון דער עקאָנאָמיע, אַ לאַנגן און האַרצ־לעכן שמועס פון אַ באַזונדערן טעם פאַר זיי ביידע...

די גענעראַלשע האָט גאַנצע טעג געפּרעגלט איינגעמאַכצן, געמאַ־רינירט שוועמלעך. ווייטער האָט נאַטאַשע שוין באַזעסן די קונסט צו אי־זאָלירן גייסטיק דעם פאָטער פון דער מוטער, אים אָפּהיטן פון קאָנפליקטן מיט איר און אים שאַפן די גייטיקע רו פאַר די עטלעכע יאָר, וועלכע זענען אים נאָך געבליבן צו לעבן. און דער גענעראַל האָט געגלייבט, אַז ער האָט די רו געפונען. מיט אַ וואַכעדיק אויג האָט ער פון זיין פּלאַץ אויפן באַרג געקוקט אויפן אָרימען שטעטל אין טאָל, געוווּסט, וואָס דאָרט טוט זיך, ווו די גויט איז צום דרינגענדסטן און האָט שוין געזען, אַז דורך בערלס האַנט זאָל די גויט געלינדערט ווערן, און דאָס האָט באַרויקט זיין געוויסן.

און אין מיטן אָט דעם רויקן לעבן איז אָנגעקומען די טעלעגראַמע פון זון, אַז מען זאָל אים אַרויסשיקן פערד צו דער סטאַציע.

די גענעראַלשע האָט אָנגעהויבן קוויטשען פון משוגענער פרייד און קושן די טעלעגראַמע ווי אַ וואַנזיניקע.

דער פאָטער האָט זיך איבערגעשראָקן און אָנגעכמורעט. נאַטאַשע האָט זיי ביידע פאַרפאָלגט מיט שטומע און פאָרשנדע בליקן, וועלכע האָבן געזוכט, וואָס פאַר אַ פּאָזיציע זי זאָל נעמען.

געקומען איז דער יונגער גערשעלמאַן פון דער סטאַציע באַנאַכט מיט דער מוטער, וועלכע איז געפאָרן אים באַגעגענען. דער גענעראַל און נאַטאַשע זענען שוין געשלאָפן.

נישט געזען האָבן זיך פאָטער און זון זייט די ערשטע טעג פון פראָקוראָרס גלענצנדער קאַריערע, וועלכע האָט זיך בײַ אים אָנגעהויבן דערמיט, וואָס ער האָט מיט אַ טאָטניע קאָזאַקן אויסגעשמיסן אין כאַרקאָ־

ווער גובערניע אַ גאַנץ דאָרף מיט גוים, וועלכע האָבן זיך געבונטעוועט און אויסגעהאַקט דעם וואַלד באַ זייער פּריץ.

דאַן איז ער געווען נאָר אַ סליעדאָוואַטעל און ערשט אַרונטער פון דער אוניווערזיטעט־באַנק. פונדעסטוועגן האָט ער די רעדלפירערס פון בונט פאַרקנוטעוועט מיט די קאָזאַצקע נאַהאַיקעס ביז צום טויט און די איבעריקע אַזוי צעקאַליעכשעט, אַז מען האָט זיי געדאַרפט פאַרנעמען אין די שפּיטעלער.

די געשיכטע האָט אויפגערודערט די ראַדיקאַלע רוסישע פּרעסע און די פּראָגרעסיווע רוסישע געזעלשאַפט. דער נאָמען פון יונגן גערשעלמאַן איז געוואָרן אַ שוידער און האָט אָפּגעשליידערט פון אים דעם אייגענעם פאָטער און די שוועסטער, וועלכע איז דאַן נאָך געווען אין לעצטן קלאַס פון אַריסטאָקראַטישן אינסטיטוט.

דער יונגער סליעדאָוואַטעל האָט אָבער דערפאַר באַלד באַקומען דעם פּאָסטן פון אַ געהילפס־פּראָקוראָר אין פּעטערבורג, און באַלד האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט אַלס רעאַקציאָנער און שוואַרצמאהניק און זיין אומנאַטירלעכער ראָמאַן מיט אַ באַרימטער אַלטער גרעפין, וועלכע האָט געפירט אין פּעטראָגראַד דעם איינפלוסרייכסטן און רעאַקציאָנערסטן פּאָליטישן סאַלאָן, ווו רעליגיאָן און פּאָליטישע אינטריגן האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט געשלעכטלעכע וואַקכאַנאַליעס און אין מעסן צום שוואַרצן טייוול, אַ סאַלאָן פון פינסטערלינגע, וועלכער האָט געשאַפן און געשטירצט מיניסטאָרן און רעגירט מיט רוסלאַנד.

פון דעם ראָמאַן מיט דער אויסגעלאַסענער אַלטער אַריסטאָקראַטקע האָט באַלד גערעדט גאַנץ פּעטערבורג און מאָסקווע. און דער יונגער יוריסט האָט זיך נישט געשעמט מיט אים, נאָר אים אַפּישירט און שטאָל־צירט מיט אים פאַר דער מוטער.

ער האָט געזוכט מאַכט און דעם פּאָסטן פון אַ מיניסטער, און דער אומנאַטירלעכער בונד מיט דער אַלטער גרעפין איז געווען דער זיכער־סטער וועג צו זיין ציל, און האָט דערפאַר אַרויסגערופן די טיפסטע קנאה פון נאָך אַזוינע יונגע קאַריעריסטן און חברים.

די נאַכט איז דער אַלטער מאַן ווידער שוין נישט געשלאָפן. ער האָט געהערט ווי דער זון איז געקומען, ווי די גענעראַלשע האָט אים באַנאַכט געפירט איבער די צימערן פון שלאָס, און אַז זייערע טריט און זייערע שטימען האָבן זיך דערנענטערט צו זיין שלאָפצימער, האָט

אים אַרומגעכאַפּט אַ גרויל מיט אַן אומבאַגרייפלעכן אַבערגלויבישן פּחד.

דער גידאַנק, אַז ער וועט זיך באַגעגענען מיט זיין אייגענעם זון, האָט אים געשווידערט אויף זיין געלעגער.

זיין פּלוצלינגער קומען איז אים נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט זיך ווידער דערפילט ווי פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ פון פאַרשידענע געפילן און געדאַנקען, וועלכע ער האָט שוין נישט געקענט פונאַנדער־וויקלען.

ער האָט זיך פּלוצלינג גענומען גראָבן אין זיין צוזאַמענלעבן מיט דער גענעראַלשע און האָט זיך געכאַפּט באַ דעם געדאַנק, אַז ווען עמעצער באַווייזט אים, אַז דער יונגער פּראָקוראָר און נישט זיין זון, וואָלט ער זיך שטאַרק דערפרייט. און אַז דער פאַרמאַטערטער מוח זיינער האָט פאַרטאָג אָנגעהויבן איינצושלאָפן, האָט זיך די נעץ פאַרפלאָנטערט אין אַ שווערן קאָשמאַר, וועלכער האָט אָפּגעשפּיגלט דאָס גאַנצע לעבן זיינס.

פון איין זייט די פרעמדע, לאַנגע און שמוציקע יידענע מיט די פּערדישע ציין, וועלכע איז געווען זיין שוועסטער און פון דער אַנדערער זייט דער פרעמדער פּראָקוראָר, וועלכער איז געווען זיין אייגענער זון. און ער אַליין האָט זיך אין דעם קאָשמאַר צעשפּאָלטן אין צווייען, אויף צוויי פרעמדע און פיינטלעכע וועלטן, וועלכע האָבן געקעמפט אין זיך געראַנגלט אין אַן אומרויקן און האַלב־וואַכנדן שלאָף. . .

און באַלד האָט די יידענע שוין געקעמפט און געביסן מיט אירע ציין דעם זון פּראָקוראָר. ביז אַלץ, דאָס גאַנצע לאַנגע פאַסירונג־רייכע און רווישיקע לעבן האָט זיך אויסגעמישט אין אַן אומגעלומפּערטן קאָשמאַר, אין אַ ווילדן טייוולישן טאַנץ. און אַז דער קאָשמאַר האָט אָנגעהויבן אים צו דריקן אונטער זיך ווי אַ טויזנט־פונטיקע לאַסט, ווי אַ שווערער באַרג, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אין אַ טויט־שווייס און מיט אַ האַרץ, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין ברוסט ווי אַ נישט־דערקוילעט עוף, און ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. . .

ער האָט שנעל פונאַנדערגענומען די שווערע גאַרדינען פון פענסטער, האָט אויף זיך אַרויפגעוואָרפן דעם מאָרגנראָק און איז אַרויס אויף יער ווערענדע, וועלכע איז שוין געלעגן אין העלן ליכט פון אויפגייענדן פרישן זומער־טאָג.

אומבאַוועגלעך און שטיל זענען געשטאַנען די הויכע הונדערט־יע־

דיקע טאָפּאָליעס פון פּאַרק, ווי פּאַרגליווערטע ריזן אין אַ מאָרגן־געבעט.
שטיל און אומזיכער האָבן נאָך געצוויטשערט די פייגעלעך צווישן די
ביימער, וועלכע האָבן געוואָרפן פון זיך גרויסע און צאַפּלדיקע טוי־
טראָפּנס ווי שטילע טרערן.

די פרישע מאָרגנלופט האָט גענומען פלאַטערן און טוליען זיך
צו זיין אַנטבלויזטער האַריקער ברוסט, זי טרייסטן און באַרויקן, און
דער גענעראַל האָט זי געשלונגען מיט שנעלע און טיפע אָטעמציגע.

ווי אַ דערלייזטער האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קני אין
אַ שטילער און דאַנקנדער תפלה צום „הימל".

דאָס צוויטשערן פון די פייגעלעך איז געוואָרן מונטערער און העכ־
כער. באַלד זענען די ערשטע זונענשטראַלן געשפרונגען אויף די שפּיצן
פון די הונדערט־יעריקע טאָפּאָליעס, ווי מונטערע גאָלדענע פויגלען, און
דער אויפגעוואַכטער, אין טוי־אויסגעוואַשענער און גלענצענדער פּאַרק,
האָט זיי באַגריסט מיט זיין מאָרגן־שירה.

נאָכן מאָרגנגעבעט, אַ באַרויקטער און שטילער, האָט דער גע־
נעראַל אויפגעוועקט דעם לאָקיי, האָט זיך געהייסן אָנטון און דערלאַנגען
קאַפע.

נאָכן קאַפע איז ער רייטנדדיק אַוועק איבערן מאַיאָנטעק.

## פּאָטער און זון.

באַגעגנט האָבן זיך פּאָטער און זון ערשט באַם וואַרעמעס אויף דער
וועראַנדע.

די גענעראַלשע איז געווען אויפגערעגט און נערוועז, און איר פּנים
איז געווען רויטער ווי תמיד. נאַטאַשע איז געזעסן אין אַ ווינקל אין אַ
טיפער שאָקל־שטול, געבויגן איבער אַ בוך, דער לאָקיי איז געשטאַנען
אין דער טיר מיט אַ סערוועטקע אונטערן אָרעם, פּאַרגליווערט אין אַ
דינסטפּאַרטיקער פּאָזע.

— זדראַסטווי, גאָספּאָדין פּראָקוראָר! — האָט דער פּאָטער באַ־
גריסט דעם זון סאַרקאַסטיש, האָט זיך אָבער באַלד ביין אָנגעכמורעט פון
זיין אייגענעם סאַרקאַזם.

דער זון האָט אים אַרומגענומען און זיי האָבן זיך צעקושט, אָבער קאַלט און גלייכגילטיק, ווי אויף אַ באַפעל.

נאַטאַשע האָט אויפגעהויבן די אויגן פון בוך.

די גענעראַלשע האָט אָנגעהויבן שנעל פינטלען מיט די אויגן, ווי תמיד, ווען זי האָט זיך געפילט באַליידיקט, און האָט זיך גענומען נערוועז קלינגען מיט די טעלער.

זי האָט באַפוילן דעם לאָקיי צו דערלאַנגען דאָס עסן, און מען איז שטום געגאַנגען צום טיש.

דער זון האָט זיך גענומען אויספרעגן באַם פאָטער מיט אַ גלעטנדער, כמעט חניפהדיקער שטימע, מיט אַ געמאַכטער און פאַלשער האַרציקייט, וועגן זיין געזונט, ווי אַזוי ער פילט זיך און ווי אַזוי ער שלאָפט די לעצטע צייט. דער גענעראַל האָט אים געענטפערט אומגערן און קורץ, ווי אַ געלאַנגווייליקטער, און דאָס געשפרעך האָט זיך נישט געקלעפּט.

דאַן האָט ער זיך גענומען מאַכן קאָמפּלימענטן דער שוועסטער, אַז זי בליט אײנפאַך ווי אַ ראָזע, און זי חנפענען אין אַ לייכט־איראָנישן טאָן פון אַן אומגעצווונגענעם סאַלאָנען־העלד.

— איז דאָס אַ פאָררעדע צו אַ ליבעס־דערקלערונג ? — האָט איר סאַרקאַסטיש געפרעגט נאַטאַשע.

— עס קען זיין ! — האָט איר געענטפערט דער ברודער מיט אַן איראָנישן שמייכל.

נאַטאַשע האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אין זיין אומנאַטירלעכן ראָמאַן מיט דער אַלטער גרעפין, ווען זי האָט געקענט און וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ געפאַרבטע און באַלזאַמירטע מומיע, און זי איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן פון איר אָבזיכטלאָזער, אומשולדיקער פראַגע און פון זיין ענטפער. אַן אומהיימלעך שאַנד-געפיל האָט זי לייכט אויפגעשוידערט און זי האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן אין טעלער. . .

דער ברודער האָט פאַרפאָלגט די פּלוצלינגדיקע ענדערונג אין איר, דעם לויף פון אירע געדאַנקען אויפן פּנים. זיינע גרינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו וואַרפן בייזע און פרעכע פונקען. . . די פאַרלעגנהייט באַם טיש איז געוואָרן גרעסער און דריקנדער. די גענעראַלשע האָט נישט אויפגעהערט צו פינטלען באַליידיקט מיט די אויגן און האָט זיך גענומען באַדינען דעם זון, אים אונטערוואַרפן אין טעלער ניין אַ שטיקל נאָך אַ שטיקל און אים צערטלעך אונטערטרייבן, אַז ער זאָל עסן וואָס מער,

אַזוי ווי זי וואָלט זיך באַמיט מיט די צערטלעכקייטן צו פאַרגלעטן די אומפריינדלעכע שטימונג פון פאַרלעגנהייט, וואָס האָט באַר טיש געדריקט ווי אַ שטומע, בייזע לאַסט.

די צוזדרינגלעכקייט פון דער מוטער האָט אים אָנגעהויבן צו דער־עסן, און דאָס אויסגעמאַטערטע און אָפּגעוועלקטע פּנים פון יונגן פּראָ־קוראָר, אויף וועלכן דאָס אויסגעלאָסענע פּעטערבורגער לעבן האָט געלאָזט זיינע טיפע שפּורן, איז מיטאַמאָל געוואָרן מיד און פאַרשפּיצט מיט אַ בייזן, כמעט גרויזאַמען אויסדרוק פון אַ געלאַנגווייליטן אַריסטאָקראַט און שלעכטן מענטש.

דער אויסדרוק האָט איבערגעשראָקן די גענעראַלשע. די רויטקייט פון איר פּנים איז פאַרשוואונדן, זי איז פּלוצלינג בלייך געוואָרן, און האָט זיך ווי פאַרלוירן.

דאַן האָט זיך דער זון באַגוועלטיקט: ער האָט אַרויפגעצויגן אויפן פּנים אַ קאַלטן פּעטערבורגער שמייכל, און האָט זיך גענומען מיט דעם שמייכל איבערגעבן נייעסן פון די הויכע ספערן, דערציילן פון זיינע דינסט־דערפאָלגן און גלענצענדיקע אויססיכטן אין דער צו־קונפט.

די מוטער האָט אויפגעשטראַלט. אירע אויגן האָבן אויפגעהערט באַליידיקט צו פינטלען און אָנשטאָט דעם האָט זי אָנגעהויבן צו וואַרפן אויפן פאָטער און אויף דער שוועסטער גליקלעכע בליקן פון אַ שטאָלצער מוטער, האָט אים אויסגעהערט מיט באַוואונדערונג און אַן אָפן מויל, און האָט דערביי שנעל געשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער פאָטער און די שוועסטער, ווי זיי וואָלטן געהאַט אָפּגערעדט צווישן זיך, זענען אָבער געבליבן קאַלט און גלייכגילטיק צום פּראָקוראָרס דערפאָלגן, אַזוי ווי ער וואָלט זיי געווען פולשטענדיק פרעמד, און האָבן אים אונטערגעהאַלטן מיט קאַרגע און קאַלטע רעפּליקן.

דעם פּראָקוראָר איז נישט געלונגען צו באַלעבן די שווערע שטי־מונג און מען איז זיך שטום צעגאַנגען פון טיש, ווי באַפרייטע און דער־לייזטע.

# דער יידישער פּאָסעסאָר.

דער זון האָט זיך פּאָרלויפיק נישט געאיילט צו זאָגן, נישט דעם פּאָטער און נישט דער מוטער, וועגן דעם צוועק, וואָס האָט אים פּלוצ־לינג געבּרענגט צו זיי צו גאַסט. דער פּאָטער האָט אים ווייטער נישט גע־פרעגט, די מוטער האָט דעם באַזוך פון גאַסט געהאַלטן פאַר נאַטירלעך און איז געווען צופרידן. אַז דער מאַן האָט אָפּגעגעבּן זיינע פּאָסעסיעס אַ ייד, האָט זי נאָך אַליין נישט געוווּסט. ווייטער האָט זי אויסגעמיטן צו רעדן מיטן זון פון דעם נייעם מאַיאָנטעק וועגן אַן אַנדערער אורזאַך. ער איז געווען געקויפט קעגן איר ווילן אויף נאַטאַשעס נאָמען, און זי האָט געציטערט פאַר אַ פאַמיליען־קאָנפליקט, אַז דער עלטסטער יורש זאָל זיך דעריבּער נישט עמפּערן און איר ליבּלינג זאָל זיך פון איר דערפאַר אינ־גאַנצן נישט אָפּווענדן.

זיי האָבּן געהאַט נאָך אַ זון, אָבּער שוין נישט אַזאַ געראָטענער ווי דער פּראָקוראָר און דער האָט איר ווייטיק וואָס געקימערט. פון גימנאַזיע האָט מען אים שוין אַרויסגעוואָרפן אַלס אַן אומפעיקן און איצט איז ער געווען אַ קאַדעט און איז שוין דאָס צווייטע יאָר געזעסן אין איין קלאַס און האָט געזאָלט בּלייבּן אויפן דריטן יאָר. איר גאַנץ נחת און מוטער־לעכער שטאָלץ איז געהאָנגען אויף דעם יונגן פּראָקוראָר און צוקונפטיקן מיניסטער.

די אומפאַריינטלעכע, קאַלטע אויפנאַמע פון פּאָטער האָט ווייטער דעם זון נישט געגעבּן דעם מוט באַלד מיט אים צו רעדן וועגן זיין אומגע־זעצלעכער האַנדלונג, וועלכע האָט אים, דעם פּראָקוראָר און אַנטיסעמיט, העכסט אויפגעבּראַכט און האָט קאָמפּראָמיטירט זייער פאַמיליע אין די הויכע פּעטערבּורגער ספערן און געקענט שאַדן בּרענגען זיין קאַריערע. ער האָט דערפאַר אָפּגעוואַרט און געזוכט אַ פּאַסנדע געלעגנהייט.

אויפן צווייטן טאָג האָט דער פּראָקוראָר געהייסן דעם עקאָנאָם, אַז ער זאָל אים פירן און ווייזן דעם מאַיאָנטעק. אויף אַ טייק האָט ער בּאַ־געגנט אַן אַלטן גרייז־גרויען חסידישן ייד אין אַ לאַנגער ליסטרינער קאַפּאָטע, מיט אַ זיידענער שפּיציקער יאַרמלקע אויפן פאַרשאַרצטן הויכן

שטערן, מיט אַ לאַנגן טלית־קטן, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון אונטער אַ סאַמעטענעם וועסט, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען אַ שווערע גאָלדענע קייט.

מיט די הענט אין די קעשענעס איז זיך דער ייד אַרומגעגאַנגען איבערן טייך אין באַגלייטונג פון צוויי גרויסע פּאַראָבקעס, און ווי אַ מלך האָט ער זיי געגעבן זיינע באַפעלן ווי אַזוי און וואָס צו טון.

ווען דער פּראָקוראָר האָט דערזען דעם חסיד האָט זיך דאָס בלוט אָנגעצונדן אין זיינע אָדערן.

— ווער איז דער זשיד? — האָט ער געפרעגט באַם סובאָטניק מיט געשלאָסענע ציין.

— דאָס איז אונדזער פּאָסעסאָר, גאָספּאָדין ראָזנבערג — האָט אים געענטפערט דער עקאָנאָם און איז פאַרשעמט רויט געוואָרן.

דער שטאָלצער חסיד האָט זיך כמעט נישט אומגעקוקט אויף די אָנגעקומענע און האָט נישט אויפגעהערט צו קאָמאַנדעווען מיט די פּאַ־ראָבקעס.

דער פּראָקוראָר איז דאַן צוגעגאַנגען גלייך צום פּאָסעסאָר און האָט באַ אים געפרעגט:

— אויף וואָס פאַר אַ גרונט אַרענדעוועט איר ערד?

דער חסיד האָט נישט אַרויסגענומען די הענט פון די קעשענעס, האָט געוואָרפן אויפן פרעגנדן אַ נייגעריקן, כמעט קאַלטן בליק און האָט אים געענטפערט מיט אַ רויקן שמייכל:

— אויף וואָס פאַר אַ גרונט? אויפן גרונט פון אַ קאָנטראַקט מיטן גענעראַל־אַדיוטאַנט גערשעלמאַן.

דער ווינט האָט אַ שאָקל געטון דעם חסידס לאַנגע ציצית. די ציצית און דער רויקער, כמעט אַרויסרופנדער שמייכל פונם זשיד אין דער יאַרמולקע און מיט די הענט אין די קעשענעס; זיין שטאָלצער ענטפער, וועלכער איז דעם פּראָקוראָר פאָרגעקומען פרעך, האָט אים צום איבעריקן אויפגעריסן.

אַ ווילדער בראַנד פון פּאַטאָלאָגישער, כמעט מענטשנפרעסערי־שער שנאה צום ייד האָט זיך אָנגעצונדן אין זיין ברוסט און איז באַלד פון דאָרט אַריבערגעשפּרונגען צום מוח, געברענט דעם גאָרגל, דאָס פאַר־גיפטעטע בלוט און צוזאַמענגעדריקט די הענט אין פעסטע וווּטנדע קו־לאַקעס.

— ווייסט איר, אַז דער קאָנטראַקט איז אַן אומגעזעצלעכער אַקט?

אַז דער גענעראַל־אַדיוטאַנט גערשעלמאַן האָט נישט געהאַט קיין רעכט אייך אַרויסצוגעבן אַזאַ קאָנטראַקט ? — האָט ער געפרעגט באַ דעם פּאָ־סעסאָר כמעט אַ גרינער פון כעס און זידעגדן האַס.

— איך ווייס ! — האָט געענטפערט דער ייד קאַלטבלוטיק און מיט דעמזעלבן שמייכל.

— איר ווייסט ? ! — האָט אַ ברום געטון דער פּראָקוראָר און האָט אים דורכגעלעכערט מיט זיינע צוויי גרינע און בייזע אויגן. — און ווייסט איר, וואָס אייך קומט דערפאַר ? אַ ?

— וואָס אַ שטייגער ? — האָט געפרעגט גלייכגילטיק דער חסיד מיטן לאַנגן טלית־קטן און נאָך אַלץ נישט אַרויסגענומען די הענט פון די קעשענעס.

— רוקי פאָ שוואַם, זשיד ! ווען אַ פּראָקוראָר רעדט צו דיר זאָלסטו נישט האַלטן די הענט אין די קעשענעס ! — האָט דער יונגער גערשעל־מאַן געוואָלט אויסשרייען אין בלינדער און זידנדער ווּט, אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן.

— אַ וויסילקע פון צען גובערניעס ! קיין אַרכאַנגעלסק ! — האָט אויסגעשריגן דער פּאַרטרעטער פונם געזעץ.

— עט ! — האָט זיך אָנגערופן דער ייד מיט אַ גלייכגילטיקן ביטול.

— וואָס־זשע, גלייבסט נישט ? — האָט אים געפרעגט דער פּראָ־קוראָר.

— ניין ! — האָט געענטפערט דער פּאָסעסאָר שוין ערנסט, מיט אַ קאַטעגאָרישן טאָן.

— פאַרוואָס ? ווער וועט עס דיך אַזוי פּראָטעזשירן ? וואָס־זשע, איר יידן שטייט שוין אפשר העכער פונם געזעץ ?

— און דער גענעראַל איז עפּעס אַ הונט ? אַ גענעראַל, אַ הויפּט־קאָמאַנדיר, עפּעס דעם קיסרס אַדיוטאַנט, ער איז עפּעס אַ גאָרנישט ? אַ ? איך גלויב, אַז ער וועט עס נישט דערלאָזן — האָט אים באַרויקט דער פּאָסעסאָר.

דער פּראָקוראָר האָט דערהערט אין דעם חסידס שטימע אַ בייזן און פרעכן שפּאַס.

— אַזוי ? הם. . . הם. . . — האָט געזאָגט גערשעלמאַן צווישן די ציין — נו, אויב יאָ אַזוי, זאָגט דיר דעם גענעראַלס אייגענער זון און דער פּראָקוראָר פון פּעטערבורגער אָקרוזשנאָי סוד, אַז דו זאָלסט אַוועק־

ווארפן די געשיכטע, און אויב נישט גיב איך דיר אַליין אַ וויסילקע קיין אַרכאַנגעלסק, איך אַליין!

דער פּאָסעסאָר איז מיט אַמאָל בלייך געוואָרן.

— אָה, ביסטו הייסט עס, פריץ, דעם גענעראַלס זון... זייער פיין... זייער אָנגענעם, כ'לעבן. ווייסטו אָבער, פריץ, אַז אויב דו גיסט מיר אַ וויסילקע, דאַרף מיר דיין פאָטער באַצאָלן אַ „גיעאָסטאָיקע" פון פערציק טויזנט רובל? איך האָב מיך אַזוי באַוואָרנט אין קאָנטראַקט. דער גאַנצער אחריות איז זיינער.

וואָס? — האָט אויסגעשריגן דער פּראָקוראָר.

— וואָס דו הערסט, פריץ! — האָט נישט אויפגעגעבן דער פּאָסעסאָר זיין רויקן טאָן און נישט אַרויסגענומען די הענט פון די קעשענעס.

— מיר וועלן זען! — האָט אים צוגעוואָרפן דער פּראָקוראָר, און האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און האָט זיך געלאָזט גיין פון טאָיק.

דער עקאָנאָם האָט זיך אַזוי ווי געשעמט אויפצוהייבן דעם קאָפּ און איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ פאַראורטיילטער.

## דער סאַדעגורער חסיד.

ראָזענבערג איז געווען אַ סאַדעגורער חסיד, מיט אַן אייזערנעם בטחון, פריער אין גאָט און נאָכדעם אין רבין, און דערצו נאָך אַ ייד אַ גביר און אַ בעל־נצחון. ער איז געבליבן אויפן טאָיק מיט די הענט אין די קעשענעס און האָט ווייטער געקאָמאַנדעוועט ווי אַ מלך.

פונדעסטוועגן האָט דער פּאָסעסאָר באַלד פאַרלוירן זיין רויקע און קאַלטבלוטיקע שטימונג. דעם פּראָקוראָרס ווערטער האָבן ווי אַ גיפט אָנגעהויבן באַלד צו ווירקן גלייך ווי ער איז אָפּגעפאָרן. ער האָט גע־הייסן איינשפּאַנען זיינע פערד, וועלכע האָבן געקאָסט מער פון גענע־ראַלס געשפּאַן און איז אַוועק אין הויף אַריין, וועלכער איז געווען זיבן וויאָרסט ווייט פון דעם טאָיק, וווּ עס האָט אים געטראָפן דער פּראָקוראָר.

די גענעראַלשע האָט דערזען דעם יידישן פּאָסעסאָר אירן צום ערשטן מאָל. ווען דער גענעראַל האָט אים פּאַרדונגען די פּאָסעסיעס, איז זי גראָד געווען אין דער נאָנטער גרויסער שטאָט, וווּהין זי איז געפאָרן איינקויפן פאַרשידענע זאַכן. המן דער מעקלער האָט געטשאַטעוועט און אָפּגעוואַרט דעם טאָג און האָט באַלד געבראַכט דעם פּאָסעסאָר און מ׳האָט שנעל אָפּגעשלאָסן דאָס געשעפט אויף אַ פּשוט רוסיש שליס-צעטל.

ראָזענבערג אַליין איז געווען אַ גוט-באַזיצער, דער לעצטער יידישער „פּאָמיעשטשיק" אין דער גובערניע, און די יידן האָבן אים געשאַצט אין אַ האַלבן מיליאָן רובל. זיין קרעדיט אין די בענק איז געווען אומבאַשרענקט און געדרייט האָט דער סאַדעגורער חסיד געשעפטן אויף סומען, וועלכע ער האָט אַליין שוין נישט געקענט אויסרעכענען. געקענט האָבן אים אַלע פּריצים פון ווייט אַרום אויסער די גרענעצן פון דער גובערניע. געהאַקט האָט ער וואַלד בשותפות מיטן גענעראַל-גובערנאַטאָר אַליין, און דער חסיד מיטן לאַנגן טלית-קטן פלעגט נישט נתפּעל ווערן פאַר קיין גראַף און פאַר קיין קניאַז. די יונגע גרעפין פאָן-מעק, וועלכע האָט געהאַט מאַיאָנטקעס אין דער גובערניע און געשעפטן מיט דעם חסיד, איז געווען זיין כפּרה. זי פלעגט זיך מיט אים כּסדר עצהן און זיך באַרימען פאַר אירע באַקאַנטע אַריסטאָקראַטן, אַז זי איז פאַרליבט אין דעם אַלטן ייד. דער חסיד פלעגט דערפאַר אַריינפאָרן אין גרעסטן הויף מיט ווייניקער יראת הכּבוד ווי צום סאַדעגורער רבין. אַזוי איז ער איצט אויך צוגעפאָרן צום גענעראַל, וועלכן ער האָט געטראָפן אויף דער וועראַנדע.

ווי אַ ייִנגער מאַן איז דער געפּוצטער ייד טשעפּקע אַרויסגעשפּרונגען פון פייעטאָן, אַרויפגעגאַנגען אויף דער וועראַנדע און האָט דערלאַנגט דעם גענעראַל די האַנט.

אַז די גענעראַלשע האָט דערזען פאַר אירע אויגן דעם זשיד, וועלכער האָט אַליין אויסגעזען ווי אַ רבי, זיין אומצעוויגענעם אויפטריט און דאָס גריסן זיך מיט איר מאַן באַ די הענט, האָט זיך אין איר אָנגעצונדן אַ העליש פייער.

ווי כּסדר, האָט זי אָנגעהויבן וואַרפן אַרום זיך פרעגנדע און עמפּערטע בליקן, און שנעל פינטלען מיט די רויטע אויגן. דער גענעראַל אָבער האָט זיך נישט געלאָזט רעדן אויף דער וועראַנדע און האָט באַלד איינגעלאַדן דעם פּאָסעסאָר צו זיך אין קאַבינעט אַריין.

— ווער איז דער זשיד ? — האָט זי געפרעגט די טאָכטער, וועל־בע איז געזעסן איבער אַ בוך.

באַטאַשאַ האָט אויף איר אויפגעהויבן די אויגן — אויגן פון אַ טיגער־צוימערין.

— איך ווייס נישט ! — האָט זי איר בייז געענטפערט. זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז מיטן בוך אָפּגעגאַנגען אין פּאַרק אַריין.

ראָזענבערג האָט דערציילט דעם פאָטער פון זיין באַגעגעניש מיט זיין זון און פון דער וויסילקע, מיט וועלכער יענער האָט אים גע־שראָקן.

דער גענעראַל האָט געקוקט אויף אים ווי אויף אַ פּאַרדוקטן. זיינע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין סיביר און אין קאַווקאַז, ווייט פון יידן, און דער אַלטער סאָלדאַט האָט געהאַט אַ שלעכטן באַגריף פון די אַלע באַשרענקונגען און געזעצן, וועלכע עקזיסטירן אין רוסלאַנד בנוגע די יידן.

— ווער קען מיר פאַרביטן אָפּצוגעבן מיין מאַיאָנטעק, מיינע פּאָ־סעסיעס ווען איך וויל ? — האָט ער געפרעגט דעם פּאָסעסאָר.

ראָזענבערג האָט זיך געגומען, מיט אַ שמייכל, אים אויפקלערן וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט אין רוסלאַנד אַ ייד.

דעם גענעראַל האָט דאָס זייער אויפגעבראַכט, און ער האָט שוין מער נישט געקענט רעדן פון אויפרעגונג.

— טשעפּוכאַ ! — האָט ער ווי אויסגעשפּיגן דעם ייד אין פּנים אַריין. אַזוי ווי דער ייד וואָלט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער „טשע־פּוכאַ" — איר האָט דאָ צו טון מיט מיר ! מיטן גענעראַל־אַדיוטאַנט גער־שעלמאַן ! — און ער האָט אים געהייסן זיך נישט זאָרגן און איבערגע־מען אַלע פינף טייקן.

ראָזענבערג האָט באַלד פאַרלאָזט דעם גענעראַלס קאַבינעט. אויף דער וועראַנדע איז שוין געווען דער יונגער גערשעלמאַן, וועלכער האָט אויפגערעגט דערציילט דער עמפּערטער גראָבער קאַצאַפּקע, וואָס דער פאָטער האָט אָפּגעטון דעם געזעץ און פערזענלעך אים, זיין זון.

דער חסיד און דער צורר היהודים האָבן זיך איבערגעקוקט, דער ערשטער מיט אַן אַרויסרופנדן שמייכלענדן בליק, דער צווייטער מיט אַ בליק פול מיט פאַרניכטענדן האַס און פאַטאַלאָגישן עקל.

אַז דער חסיד איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן שיינעם, ווי אַ ליאַלקע אויסגעפּוצטן, פייעטאָנדל און האָט שטייענדיק, ווי אַ יידישער פּרינץ,

אַ געשריי געטון צום קוטשער: „טראָגאַי!" און דער רייכער שפּאַן האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט, האָט די גענעראַלשע אַ פּאַטש געטון מיט די הענט און אויסגעשריגן צום זון אין העכסטער באַליידיקונג און צעמפּערונג:

— ווי געפּעלט עס דיר?

— ווי פרעך ער איז, דער זשיד! — האָט אויסגערופן דער פּראָקוראָר כמעט מיט ציין-קריצעניש.

— דו ביזט דאָך אָבער אַ פּראָקוראָר! — האָט זיך געווענדעט צו אים די מוטער מיט אויסגעשטרעקטע הענט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געווענדעט צום פּראָקוראָר פאַר געזעצלעכן שוץ קעגן דער יידישער פרעכהייט, און ער וואָלט געקענט פאַרביטן דעם ייד צו זיין פרעך.

## דער שטורם

דער גענעראַל איז אין דער זעלבער צייט אַרומגעגאַנגען אויפגערעגט הין און צוריק איבערן קאַבינעט און האָט זיך געגרייט צום שטורם, וועלכער האָט שוין אויף אים געוואַרט אויף דער וועראַנדע.

זיין מיליטערישער טעמפּעראַמענט איז אָבער תמיד געווען מער נוטה צו אַטאַקירן ווי צו פאַרטיידיקן זיך. אויך איצט איז ער אַרויס אויף דער וועראַנדע פאַר אַן אַטאַקע.

— טשטאָזש עטאָ, גאָספּאָדין פּראָקוראָר! איר זענט עס געקומען צום טאַטען אויף אַ רעוויזיע? — האָט ער זיך געווענדעט צום זון מיט אַן אויסגעשטרעקטער ציטערנדיקער ברוסט.

דער זון האָט אויסגעהאַלטן די בייזע בליקן פון פאָטער.

— יאָ, איך האָב זיך מיט מיינע אייגענע אויגן געוואָלט איבערצייגן אין דעם אומגלייבלעכן, אומגעהערטן פאַקט, ווי אַזוי אַ גענעראַל-אַדיוטאַנט פון רוסישער דינסט, אַן אַלטער פּראַוואָסלאַוונער גענעראַל מיט גרויסע מיליטערישע פאַרדינסטן, איבערטרעט דאָס רוסישע געזעץ און דעם ווילן פונם רוסישן אימפּעראַטאָר, וועלכער האָט אים באַשאָטן מיט זיינע חסדים, און גיט איבער די רוסישע ערד, וועלכע איז אָנגעזעטיקט מיט רוסיש בלוט און רוסישן שוויס, אין די וווכערישע הענט פון אַ זשיד,

וועלכער טראַכט נאָר פון געלט און פאַרדינסטן און וועט נאָר זוכן די ערד אויסצוזויגן — האָט אים פּאַטעטיש געענטפערט דער פאַרטרעטער און שומר פון רוסישן געזעץ.

די פּאַטעטישע מליצה פון פּראָקוראָר האָט מיטאַמאָל פאַרצוימט דעם גאַנצן אימפּעט פון גענעראַלס ברויזנדער אויפרעגונג, מיט וועלכער ער איז אַרויס אויף דער וועראַנדע.

זיין ברוסט האָט זיך שנעל באַוועגט. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגע־קוקט נישט ווי פאָטער און זון, נאָר ווי צוויי פיינדלעכע און פאַרבינדע־טע וועלטן. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן וואַרפן בליקן אויף דער עמ־פּערטער קאַצאַפּקע, וועלכע האָט געקוקט אויף אים מיט פינקלענדע, פאַרניכטענדע אויגן און צוריק אויפן זון.

קיינמאָל אין לעבן איז אים די גראָבע פרוי נישט געווען אַזוי פרעמד, פיינדלעך און אָפּשטויסנד. ער האָט זיך אָבער מיטאַמאָל דער־פילט באַזיגט און שוואַך פון דער פרעמדער און פיינדלעכער וועלט און האָט נאָר געקענט אויסרעדן זיין געוויינלעכן: „טשעפּוכאַ“! און האָט זיך געלאָזט שפּאַנען הין און צוריק.

דער זון האָט זיך הויך און בייז צעלאַכט:

— שיין! פיין! דאָס געזעץ און דעם צאַרס ווילן טשעפּוכאַ!

די גענעראַלשע האָט אָנגעהויבן פאַרצווייפלט צו ברעכן די הענט, אַזוי ווי דער גענעראַל וואָלט באַגאַנגען דעם גרעסטן חילול־הקודש.

— וואָס איז מיט דיר? דו טראָגסט נישט קיין צלם? — האָט זי געפרעגט דעם מאַן, און אַזוי ווי ער האָט איר נישט געענטפערט, האָט זי זיך ווידער געווענדעט צום זון:

— אַ פּראָקוראָר ביזסטו צי, ניין?

דאָ האָט ער שוין נישט אויסגעהאַלטן. דער כעס האָט אים גענומען ווערגן און שטיקן.

— איך שפּיי אויף דיר און אויף דיין פּראָקוראָר! — האָט דער אַלטער מאַן אויסגעשריגן און אַזוי ווי איר אָנגעשפּיגן גלייך אין פּנים אַריין, און איז אַוועק פון דער וועראַנדע.

די גענעראַלשע האָט אויסגעשריגן ווי אַ פאַרוווּנדעטע און איז ווי אַ געהלשטע געפאַלן אין אַ שטול.

דער זון האָט זי אין זיין עמפּערטער באַליידיקונג געלאָזט חלשן, און האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טויט שווייגן. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער גענעראַל ווידער אַרויסגעלאָפן אויף דער וועראַנדע, אָבער שוין אָנגעטאָן אין אַ גאָלדענעם פּאַראַד־מונדיר, וועלכער איז געווען באַהאָנגען מיט אַ לאַנגער שורה פון בריליאַנטענע, אויף דער ברוסט ציטערנדע צלמים און מעדאַלן. אין דער זייט פון גאָלדענעם מונדיר איז געהאָנגען אַ שווערד מיט בריליאַנטן, וועלכע ער האָט געקריגן פונם צאַר אין לעצטן קריג.

— דער גענעראַל־אַדיוטאַנט האָט זיך אויסגעצויגן פאַרן זון ווי פאַרן צאַר, אין דעם גאַנצן גלאַנץ פון זיין גלענצנדער מיליטערישער קאַריערע און האָט זיך געווענדט צו אים מיט די ווערטער:

— און איך וועל פרעגן דעם צאַר, אויב אַ גענעראַל מיט מיינע מיליטערישע פאַרדינסטן האָט נישט קיין רעכט צו באַלעבאַטעווען אין אייגענעם מאַיאָנטעק, ווי אַזוי זיין האַרץ וויל, ווי אַזוי ער האַלט עס פאַר נוצלעך.

דער פּראָקוראָר האָט זיך צעלאַכט אים גלייך אין פּנים אַריין בייז און שפּאָטיש, ווי מען לאַכט פון אַ נאַר.

— רוסלאַנד ווערט רעגירט אויפן גרונט פון פעסטע און באַשטימטע געזעצן, וועלכע זענען הייליק פאַר יעדן, אפילו פאַרן צאַר. אפילו דער רוסישער אימפּעראַטאָר געהאָרכט דעם געזעץ, וועלכעס מאַכט קיין אויסנאַמען מיט קיינעם — האָט אים געענטפערט דער פּראָקוראָר, מיט אַ באַלערנדן טאָן, ווי מען לערנט אַ נאַיווּ קינד.

זיינע גרינע אויגן זענען שוין אָבער געשפּרונגען פון זייערע לעכער פון אויפרעגונג.

— און בעסער וועט זיין זיך צו רעכענען מיטן זשיד און נישט שענדן דעם אַלטן קאָפּ אייערן און מיך... איר וואָלט פון מיין קאַריערע אויך באַדאַרפט אַ טראַכט טון — האָט בייז געענדיקט דער פּראָקוראָר.

וואַנזיניק איז געוואָרן דער אַלטער קראַנקער מאַן, אַז ער האָט דערהערט דאָס וואָרט „קאַריערע".

— אַ ליגנט! — האָט ער אויסגעשריגן און אַ טופּע געטון מיט די פיס — רוסלאַנד ווערט רעגירט נישט פון פעסטע געזעצן, נאָר פון יונגע און אַלטע קאַריעריסטן ווי דו, וועלכע שמייסן און קנוטעווען פויערים ביז צום טויט, פירן ראָמאַנען מיט אַלטע, עקלהאַפטע שליאַכטעס ווי דיין גרעפין איז, און שטעלן זיך צוליב זייער קאַריערע פאַר קיין זאַך

נישט אָפּ. . . דעם אייגענעם פּאָטער וועלן זיי זיך נישט אָפּשטעלן צו העגגען. . .

די מוטער פון באַליידיקטן זון האָט ווידער אויסגעשריגן אַזוי ווי מען וואָלט איר דערלאַנגט מיט אַ האַק איבערן קאָפּ, און אַלע זענען מיטאַמאָל שטיל געוואָרן.

דער פּאָטער אַליין האָט זיך איבערגעשראָקן פון זיינע ווערטער און איז געפאַלן דערשעפּט אין שטול. דאָס האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער טויט האָט אים פלוצלינג אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין אַזוי נאָענט, אַז ער האָט דערפילט אויף זיך זיין אָטעם. ער האָט זיך אָבער איצט נישט איבערגעשראָקן פאַר אים און האָט אים דערוואַרט מיט אַ מין נייגעריקייט. . . גלייכגילטיק געוואַרט, ווי אויף אַ דערליידזונג פון דער פיינדלעכער פינסטערער וועלט, פון וועלכער ער איז אַנטלאָפן און וועלכע איז אים נאָכגעלאָפן און האָט אים נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון אירע גרויזאַמע הענט.

## מלכה.

צווישן די אַקאַציעס איז דערשינען מלכה די לאַנגע.

די יידינע האָט אַרויפגעקוקט אויף דער וועראַנדע צום גענעראַל מיט אַן אויסגעקרומט בעטנד מויל, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט אירע גרויסע, קרומע ציין, ווי באַ אַ בעטנדיקן און געשלאָגענעם הונט.

די גענעראַלשע האָט אויפגעוואַכט, האָט אָנגעהויבן לויפן איבער דער וועראַנדע און רופן די לאָקייען און דינער.

ווי אין אַ חלום האָט דער קראַנקער, פון טויט שוין פאַרקלעמטער ברודער צוגעקוקט ווי אַזוי פּעטרושאַ דער גערטנער איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ בעזעם פון דער אַראַנזשעריע און האָט זיך גענומען שלאָגן די אָרעמע יידענע איבערן קאָפּ, ווי אַזוי די גראָבע קאַצאַפּקע האָט געוואָרפן פון דער וועראַנדע מיט די הענט ווי אין אַ ווילדן טאַנץ און האָט געשריגן:

— שטאַרקער ! שטאַרקער ! זאָל זי מער נישט קריכן, די פאַרכאַ־
טע זשידאָווקע !

אַרונטערגעשריגן האָט אויך פון דער וועראַנדע מיט אַ ווילדער און
פרעמדער שטימע דער פאַרטרעטער פון רוסישן געזעץ.

דער גענעראַל האָט געוואַלט אויסשרייען, אַרונטערלויפן און זי
שיצן. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט רירן פון אָרט, ווי אַ געלעמטער
און געשמידטער, ווי באַנאַכט, ווען דער זון איז אָנגעקומען, ווען דער
קאָשמאַר האָט צוגעדריקט זיין ברוסט, ווי אַ באַרג.

ווי דאַן אין קאָשמאַר, האָט דאָס לאַנגע לעבן אָנגעהויבן לויפן
פאַר זיינע אויגן אין אַ ווילדן און שנעלן טאַנץ. פון איין זייט די פרעמ־
דע געשלאָגענע יידענע, זיין אייגענע שוועסטער: פון דער אַנדערער זייט
דער פרעמדער פראָקוראָר — אַן אייגענער זון, מיט אַ פנים, אויסגע־
קרומט פון פאַטאַלאָגישן עקל און צוגלייך מיט אַ ברוטאַלער, סאַדיסטי־
שער פרייד איבער דער פאַנישער שרעק, אין וועלכער די יידענע האָט
זיך געדרייט אונטער פעטרושקעס שטעקנס.

— לופי ! לופי יעיאָ, זשידאָווסקיוּ סוואָלאָטש ! — האָט געשריגן
דער פראָקוראָר אין בייזן און ווילדן עקסטאַז און האָט זיך שיער נישט
דערוואָרגן מיט דער פרייד און פאַרגעניגן.

פלוצלינג איז ווי אַ שוואַלב, באַ וועלכן מען האָט צעראַבעוועט
די נעסט, פון ערגעץ אַרונטערגעפלויגן נאַטאַשע, אַ קליינע, אָבער אַזאַ
ווילדע און עמפערט שרייענדע, אַז איר געשריי האָט דעם פאָטער צע־
שפאָלטן דאָס האַרץ מיטן מוח.

זי האָט אַרויסגעכאַפט פון פעטרושאַס האַנט דעם בעזעם און
האָט אָנגעהויבן שלאָגן דעם גערטנער איבערן קאָפּ מיט אַ ווילדער
רציחה.

פעטרושקאַ איז אָפּגעשפרונגען אַ דערשראָקענער און איז אַוועק.

דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן צו פאָכן מיטן בעזעם און שרייען אויפן
ברודער און דער מוטער.

ביידע זענען געבליבן שטיין געליימטע, שטומע און טויט־
בלייכע.

דער הונט איז אָנגעלאָפן מיט אַ ווילדן בילען און נאַטאַשע האָט
אים דערלאַנגט מיטן בעזעם איבערן קאָפּ און דער הונט האָט געשפאָלטן
די לופט מיט זיין קלאָגעדיקן ליאַרם. נאַטאַשע האָט אָנגעכאַפּט די
אומגליקלעכע יידענע באַ די הענט, האָט זי געגלעט, פון זיך אַרונ־

סערגעכאַפּט דאָס זייגערל, די פינגערלעך פון אירע פינגער און געשטופּט דעם יידענע אין די הענט און זי געטרייסט און געבעטן אום פאַרצייונג.

די יידינע האָט געקוקט איבער איר קאָפּ צו אים, צום גענעראַל, מיט צווי בעטנדיקע און רופנדיקע אויגן, אַזוינע פיינלעכע און ברענענדיקע אויגן, וועלכע שרעקן מער ווי די אויגן פון דערוואַרטנדיקן טויט.

צוגעקאָוועט צו זיין שטול מיטן טויטס בליק אויף זיך, האָט ער זיך אָבער ווי אין חלום נישט געקענט רירן פון אָרט. די גאַנצע שנעל און ווילד־לויפנדיקעווירקלעכקייט גייט איבער אין חלום ווי אין אַ ווילדן קאָשמאַר, וועלכער ציט זיך לאַנג ווי דאָס לעבן... דויערט אַן אייביקייט... ער זעט אָבער אין חלום די ווירקלעכקייט, פילט אויף זיך איר לעבעדיקן און בריענדיקן אָטעם, קען זיך אָבער נישט רירן פון אָרט, דאָס קראַנקע האַרץ האָט זיך שוין אָפּגעשטעלט און איז טויט...

דערפילט האָט ער צוריק זיין שוואַך און מיד קלאַפּן ערשט אין בעט, איבער וועלכן עס איז שוין געשטאַנען אַ יידישער ייִנגער מאַן, דער דאָקטאָר פון שטעטל, און נאַטאַשאַ, מיט צווי פאַרוויינטע און פאַרצווייפלטע אויגן...

## נאַטאַשעס האַרץ.

דער גענעראַל האָט זיך נאָכן האַרצשלאַג דערהאָלט. דער אָנפאַל איז געווען אַ לייכטער. דער סקליעראָז האָט אָבער פּראָגרעסירט און געטון נאָך אַ שריט אַנטקעגן דעם טויט. מען האָט געקענט דערוואַרטן אַ צווייטן אָנפאַל און שוין דעם לעצטן. דער דאָקטאָר האָט עס פון נאַטאַשען נישט באַהאַלטן און זי האָט עס אַליין גוט פאַרשטאַנען.

און דער געדאַנק האָט נאַטאַשעס נשמה אַריינגעשליידערט אין אַ טויט־פּאַניק. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי דערפילט, אַז נאָכן פאָטערס טויט בלייבט זי איינזאַם און אין אַ פיינדלעכער און פרעמדער וועלט, אומבאַשיצט און באַדראָט, און די וועלט, באַזונדערס דער ברודער, וועט אויף איר נישט האָבן קיין רחמנות.

דער אינצידענט מיט דער געשלאָגענער יידענע און פריערדיקע פאַרדעכטיקע אינצידענטן, וועלכע האָבן זיך געזאַמלט אין די טיפענישן פון אומבאַוווסטזיין; דעם פּאָטערס זינגלאָזע ווערטער, וועלכע האָבן זיך באַ אים אַרויסגעריסן איז זיין גייסטיקער און קערפּערלעכע גסיסה, ווען ער איז געלעגן אין בעט, אַלץ צוזאַמען האָט פּלוצלינג געוואָרפן אַ נייעם שיין אויף די לעצטע צוויי יאָרן פון זיין פאַמיליען-לעבן, וואָס איז גע-ווען פול מיט קריג און דראַמאַטישע עפּיזאָדן און סצענעס. באַ דעם שיין, ווי באַם צאַנקען פון אַ בייזער און טונקעלער אַנונג האָט זי מיט אַמאָל דערזען דעם אָפּגרונט, פאַר וועלכן דער אַלטער מאַן איז איצט געשטאַ-נען... אַ בליץ פון זיין זעלן-טראַגעדיע האָט באַלויכטן און מיט אַ טויט-שרעק צעשפּאָלטן איר מוח... די אַנונג איז אָבער צוריק אַנטלאָפן אין די טיפענישן פון אומבאַוווסטן, זיך דערשראָקן פאַרשטעקט אין די טיפע קעלערן פון איר נשמה...

דער אָפּגרונט איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַזוי אומגעלומפּערט גרויזאַם און אוממעגלעך, הויפּטזעכלעך אומגלויבלעך, אַז דער שיין וועל-כער האָט אים אויף אַ מאָמענט באַלויכטן פאַר נאַטאַשעס אויגן, איז אַליין אַנטלאָפן פון אים פון שרעק... אַזוי אַנטלויפט דערשראָקן און פאַרשווינדט דער בליץ, וואָס צעשפּאַלט די פינסטערע נאַכט...

און די פינסטערע נאַכט האָט צוריק אַרומגעכאַפּט נאַטאַשעס מוח, איר נשמה... זי האָט ווייטער נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך אַרום איר, וווהין זאָל זי גיין...

די פיינדלעכע געשטאַלטן זענען שוין אָבער געוואַקסן פון אַלע זייטן, געדראָט און געלויערט אין יעדן ווינקל... אירע אויגן האָבן זיך געגראָבן אין דער אַרומיקער פינסטערניש... דאָס פאַרציטערטע האַרץ האָט דערוואַרט דעם אָנפאַל פון יעדער זייט און האָט נישט געוווסט, פון וואַנען דער פיינד וועט זי איבערפאַלן מיט אַ טויט-קלאַפּ.

באַוועגט פון זעלבסטשוץ האָט זי געוואָלט נעמען דעם אַלטן מאַן און אַנטלויפן מיט אים פון דער פינסטערער און דראָענדער וועלט, ראַטן זיך און אים. זי האָט מיט אים ווידער געוואָלט פאָרן קיין אויסלאַנד, צו די גרויסע פּראָפעסאָרן, קיין איטאַליען. דער אַלטער האָט זיך אָבער דערפון האַרטנעקיג אָפּגעזאָגט און האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין בעט און דאָס צימער.

— איך וויל נישט שטאַרבן אין וואַגאָן אָדער אין אַ האָטעל —

האָט ער געזאָגט צום דאָקטאָר, וועלכער האָט אים געהייסן פאָרן קיין אויסלאַנד.

דער זון איז נאָך געוועזן, צום פאָטער אָבער איז ער נישט אַריינגעגאַנגען. פון דער פרוי פלעגט זיך דער מאַן אויסדרייען צו דער וואַגט מיט אַ קאָנוואָלסיוון ציטער און זי האָט זיך אויך באַליידיקט און אויפגעהערט אַריינצוגיין אין זיין צימער און געקוקט אויף דער טאָכטער מיט אַ גרעסערן האַס ווי פריער.

און דער פאַרק איז געשטאַנען הינטער די פענסטער אין דער גאַנצער גלענצנדער פראַכט פון זיין זומער-שיינקייט, אַזאַ רויקער און זיכערער, און האָט געפונקט און געלאָקט מיט דער דופטנדער מוזיק פון זיין סודותדיקן לעבן, וועלכעס האָט מיט מיליאָנען באַשעפעניש געוויבלט צווישן זיינע צווייגרייכע הונדערט-יאָריקע ביימער צווישן די פעטע, מיט זאַפט-געזעטיקטע גראָזן, געצוויטשערט און געזונגען פון זאַטער לעבנספרייד און לעבנסלוסט.

באַנאַכט פלעגט דאָס געזאַנג מיטן פעטן דופט זיך גיסן דורך די אָפענע פענסטער, אָנפילן און וואַרפן ביידע הערצער, דאָס אַלטע און דאָס יונגע פון דער טאָכטער, וועלכע פלעגט נישט וועלן אָפטרעטן פון זיין בעט, אין איין קלעמענדן און אומרויקן צימער.

דער פאָטער פלעגט זיך אָבער נישט לאָזן אַרויספירן פון צימער. ווי אַ געיאָגטע חיה פאַרשטעקט זיך אין אַ לאָך, האָט ער זיך דאָרט באַהאַלטן פון זיינע פאַרפאָלגער און נאַטאַשע האָט געוווּסט, אַז כל-זמן די פאַרפאָלגער: די מוטער און דער זון וועלן בלייבן אין שלאָס, וועט ער פון דאָרט נישט אַרויס.

## דער פּאָסעסאָר צערעכנט זיך.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער פירשט שאַכאָווסקאָי געקומען צו גאַסט צו זיין יוגנט-קאַמעראַד, צום פּראָקוראָר.

דעמזעלבן אָוונט האָט זי דער ברודער איינגעלאַדן אויף אַ געשפּרעך.

— דער מאַיאָנטעק איז דיינער... איך האָב גאָרנישט געוווסט — זענען געווען זיינע ערשטע ווערטער.

ער האָט געוואָלט אַ שמייכל טון דערביי, דער שמייכל אָבער איז אַרויס אַ קרומער און אָפּשטויסנד־שלעכטער. די ווערטער האָבן זיך אָפּגעשטופן מיט אַזאַ גיפטיק־בייזן און דראָענדן טאָן; זיין געל, שוין אָפּגעלעבט און פאַר דער צייט געעלטערט פּנים האָט אָפּגעשפּיגלט אַזאַ קאָכנדן, מיט גרויס מי דערשטיקטן האַס צו איר, אַז דאָס בלוט איז פאַרי גליווערט געוואָרן אין די אָדערן פון דער גוטער נאַטאַשע.

אַזוי ווי זי וואָלט דערזען פאַר זיך נישט קיין ברודער, נאָר דעם מלאך־המות אַליין.

ערשט איצט האָט זי דערפילט די באַדייטונג פון דעם, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט דעם מאַיאָנטעק אויף איר נאָמען. זי האָט עס ביז אַהער אויפגעפאַסט נאָר אַלס אַ פאָרמאַליטעט, אַ פאַקט אָן אַ וויכטיקן אינהאַלט.

ווי אַ בליץ צערייסט די פינסטערע נאַכט, אַזוי האָט דער פאַקט ווידער מיט אַמאָל צעריסן און באַלויכטן דעם פּלאָנטער פון פאָטערס לעבן, זיינע טראַגישע פאַמיליען־פאַרהעלטנישן. דיזעלבע בייזע אַנונג האָט ווידער געוואָרפן אַ שיין אויף זיין לעבן און באַ דעם שיין האָט זי נאָך אַמאָל דערזען דעם שרעקלעכן אָפּגרונט און זי האָט אויפגעשוידערט און די צונג האָט נישט געקענט זיך באַוועגן פון שרעק און ענטפערן.

דעם ברודער אָבער איז איר איבערגעשראָקן געזיכט געפעלן געוואָרן.

דאָס בייזע, אָפּגעלעבטע פּנים זיינס, די גרינע, קאַצישע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט דעם פאַרגעניגן פון אַ פייניקער, מיט אַ פרייד פון אַ בייזן טייוול.

— דערפון ווען מיר רעדן אַן אַנדערש מאָל... איך וועל רעדן מיטן אַלטן אַליין... זאָל דער אַלטער אַביסל קומען צו זיך... איך גלייב, אַז פון דעם געלט געהערט אַ גרויסער טייל דער מוטער און מען האָט זי אויך באַדאַרפט פרעגן. מיר זענען צוויי ברידער. אַליאָשאַ דאַרף ערשט לערנען און מאַכן אַ קאַריערע... יאָ, דערפון וועלן מיר רעדן אַן אַנדערש מאָל. פאָרלויפיק באַפעל איך דיר, אַלס דער עלטסטער אין דער פאַמיליע, אַז דו זאָלסט זיך צערעכענען מיטן זשיד דעם פּאָסעסאָר, אים אָפּגעבן זיין געלט און אים הייסן גיין פון זאַנען. פאַרן איבריקן וועל איך שוין זאָרגן. ער וועט באַ מיר גיין אַהין, וווּ דער שוואַרצער פעפער

וואַקסט. צופוס וועט ער שוין גיין מיטן עטאַפּ און וועט שוין באַ מיר נישט פאָרן אין קיין פאַיעטאָן געשפּאַנט מיט טויזנט רובלדיקע שוואַרצע פערד.

די קליינע נאַטאַשאַ איז געקומען צו זיך און האָט זיך אויסגעצויגן אַזאַ מעכטיקע אין איר טראָן.

— יאָ, דער מאַיאָנטעק איז מיינער און איך בין די באַלעבאָסטע פון אים. און אַלס די באַלעבאָסטע פון דעם שלאָס, אין וועלכן איר, הער פּראָקוראָר, זייט נאָר מיין גאַסט, בעט איך אייך צו פאַרלאָזן אים און אומקערן זיך צוריק קיין פּעטערבורג מאַכן ווייטער אייער גלענצנדע קאַריערע. ווען איר וועט אַוועקפאָרן, וועט דער אַלטער קראַנקער מאַן ווייניקסטנס קענען אַרויסגיין פון זיין צימער און כאַפּן אַ פרישן אָטעם-צוג.

ער האָט אויפגעהויבן די האַנט גרייט זי צו שלאָגן אין בלינדער וואוט. זיין פּנים איז געוועזן ווילד אויסגעקרימט, ווי באַ אַ תּלין. . .

נאַטאַשאַ האָט זיך נישט אָפּגעווענדט.

— איך וואָלט עס געוואָלט זען — האָט זי געזאָגט רויק און באַ-וועלטיקט און האָט צוגערוקט נענטער איר פּנים. און די באַוועגונג, דער דרייסטער קוק פון דער קלייִנער שוועסטער, האָט געליימט די אויפגעהוי-בענע האַנט, וועלכע איז געבליבן אומבאַוועגלעך הענגען אין דער לופט פאַר איר פּנים.

— פּאַסמאַטרים ! — האָט ער ווי אַ בייזער שלאַנג איר שטיל צוגעוואָרפן צווישן די געשלאָסענע ציין און האָט זיך פון איר אָפּגע-ווענדט.

אויפן צווייטן טאָג האָט דער פירשט שאַכאָווסקאָי גערופן צו זיך אין שלאָס דעם פּאָסעסאָר און האָט אים אין נאָמען פון גובערנאַטאָר געהייסן זיך אויסצורעכענען מיט דער גוט-באַזיצערין און אויפגעבן די פּאָסעסיע.

און ראָזענבערג דער בעל-נצחון האָט באַלד געפאָלגט און האָט זיך צערעכנט.

אויפן צווייטן טאָג איז דער גאַסט מיטן ברודער אַוועקגעפאָרן פון מאַיאָנטעק. די גענעראַלשע האָט, אַ באַליידיקטע, זיך אויך גענומען פאַ-קעווען און גרייטן זיך אין וועג אַריין קיין סאַראַטאָוו, ווו זי האָט געהאַט אַן אייגענעם מאַיאָנטעק.

# דער מיזינעק סעריאָזשע.

אַז דער פראָקוראָר איז אַוועקגעפאָרן האָט דער אַלטער קראַנקער מאַן צוריק אויפגעלעבט.

דער געדאַנק, אַז ער וועט בלייבן צוריק מיט נאַטאַשען אַליין אין שלאָס, אַז דאָס לעבן זיינס וועט ווערן צוריק איינזאַם און רויק, האָט אים אָנגעפילט מיט דער זיסער און מונטערער פרייד פון באַפרייונג.

און באַלד האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו שפּאַצירן אין פּאַרק, אַרויספאָרן איבער זיינע דערפער און זיך צוריק אינטערעסירן מיטן באַלעבאַטישקייט.

די ערד איז צוריק איבערגעגאַנגען צו אים פון דעם יידישן פּאָסעסאָר, וואָס האָט זיך געמוזט צערעכענען, און דער מאַיאָנטעק האָט אים איצט ווידער געגעבן באַשעפטיקונג און זאָרגן.

ער פלעגט אָבער אָפּרוען אויף די קינדער־ערינערונגען, וואָס פלעגן אויף אים לויערן און וואַרטן אין שטעטל, און אומעטום, וואוהין ער איז נאָר געקומען. די דערינערונגען פלעגן פאַר אים אויסוואַקסן אויף יעדן שריט, אַזעלכע פרישע און לעבעדיקע, אַזוי ווי זיי וואָלטן פּאַסירט ערשט נישט לאַנג, און פלעגן קלעמען דאָס קראַנקע האַרץ מיט אַ זיסער און מעלאַנכאָלישער פרייד, מיט אַ שווידערנדער איבעראַשונג.

באַלד אָבער איז אומגעריכט געקומען צו גאַסט דער צווייטער זון, דער קאַדעט סעריאָזשאַ.

צוליב דעם גאַסט, וועלכער איז געקומען אויף וואַקאַציעס, איז שוין די מוטער אויך פאַרבליבן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, כאָטש זי האָט נישט אויפגעהערט צו סטראַשען, אַז זי וועט אַוועקפאָרן אויף אייביק, און נישט זי און נישט די זין וועלן דעם זשידאָווסקי פאַרפלוכטן מאַיאָנטעק מער אָנקוקן.

סעריאָזשאַ איז געוועזן די מוטער מיט די ביינער. . .

דאָס איז געוועזן אַ הויכער און ברייט־פּלייציקער ביינצניעריקער שגץ, מיט אַ ברייטער, עכט רוסישער צעפּלאַטשטער נאָז אויף אַ ברייט פּנים, וואָס איז געווען איינגעטונקען אין גרויסע געלע פלעקן, מיט

צוויי קליינע קאַלעמוטנע אייגעלעך, וועלכע האָבן תּמיד געפינטלט, ווי בײַ דער מוטער.

דערצו איז ער נאָך געווען אַ רויטער און אַ האָריקער, מיט אַ פּאָר געדיכט באַוואַקסענע הענט, ברייטע ווי לאַפּטשעס, מיט אַ שמאָלן און קורצן שטערן, וועלכער האָט זיך פון זיין ברייט פּנים באַלד געוואָרפן אין די אויגן.

די רויטע האָר האָבן זיך בײַ אים אָנגעהויבן נידעריק אויפן שמאָלן שטערן: און שיטער און קורץ געשוירן, האָבן זיי בײַ אים געסטאַרטשעט ווי רויטע חזיר־האָר.

דעם פאָטער האָט ער באַגעגנט ערשט אויפן צווייטן טאָג, אויף דער וועראַנדע.

ער איז נישט צוגעגאַנגען צו אים און האָט אים נישט באַגריסט, ווי אַ קינד צו אַ פאָטער, נאָר ער האָט זיך שנעל אויפגעהויבן פון אָרט און האָט זיך פאַר אים אויסגעצויגן, ווי אַ סאָלדאַט פאַר אַ גע־נעראַל.

נאַטאַשע האָט זיך הויך און האַרצלעך צעלאַכט, און דער פאָטער האָט אים צוגעוואָרפן אַ גוטמוטיקן: „דוראַק״!

זיין פּנים איז געוואָרן נאָך רויטער און פאַרשעמטער, ער האָט אָנ־געהויבן שנעל צו פינטלען מיט די אויגן, איז צוגעלאָפן צום פאָטער און אים אַ קוש געטון אין דער האַנט.

— ביסט אַריבער אין אַ העכערן קלאַס? — האָט אים געפרעגט דער פאָטער כלומרשט מיט אַ שטרענגן טאָן.

— מען ווייסט נאָך נישט... מען קען נאָך נישט וויסן, פּאַפּאַ־שאַ! — האָט אים שנעל געענטפערט דער קאַדעט.

— פאַרוואָס?

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? מען קען נאָך נישט וויסן!... איך וועל עס וויסן אין סעפּטעמבער... אין סעפּטעמבער וועל איך עס וויסן, פּאַפּאַשאַ! — האָט אים אין דער העכסטער פאַרלעגנהייט שנעל און מיט אַ סאָלדאַטסקער אונטערטעניקייט פאַרזיכערט דער קאַדעט.

— אָ, סעפּטעמבער! איך פאַרשטיי שוין — און דער פאָטער האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר שטרענגע אויגן איבער די ברילן.

דער זון האָט ווידער אויסגעצויגן די הענט אין דער לענג פון גרויסן קערפּער זיינעם, און איז פאַרגליווערט געוואָרן אין דער פּאָזע פון אַ סאָלדאַט, ביז דער גענעראַל האָט אים נישט באַפוילן:

— סטופאַי !

דאַן האָט ער זיך מיליטעריש אויסגעדרייט און איז מיט איין שפרונג אַראָפּ פון דער טעראַסע אין פּאַרק אַריין.

אַזוי האָבן זיך באַגעגנט פאָטער און זון.

ביידע, דער פאָטער און די שוועסטער, האָבן אַזוי ווי אויסגעמיטן פון אים אַ וואָרט צו רעדן. איבעריקנס איז שוין פון אים לאַנג געווען אָפּגערעדט, און די גאַנצע פאַמיליע, אפילו די מוטער, האָט שוין פון אים ווייניק וואָס דערוואַרט.

און דער קאַדעט האָט גוט געוווּסט זיין אָרט אין דער פאַמיליע און האָט זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן. . .

מיט דער ביקס אויף די פּלייצעס און מיט צוויי יאַגד־הינט האָט ער באַלד אָנגעהויבן פאַרשווינדן אויף גאַנצע טעג אין וואַלד און אין די זומפּן.

און באַלד האָט ער געקענט יעדעס ווינקעלע אין דעם גרויסן מאַיאָנטעק און האָט אַנטדעקט אַ רייכטום פון ווילדע קאַטשקעס און „ריאַבטשיקעס". ווי אַן עכטער יעגער האָט ער דערקלערט דער מוטער, אַז ער וועט מיט איר שוין קיין סאַראַטאָוו נישט פאָרן און ער וועט פאַרברענגען די וואַקאַציעס דאָ אויף דער יאַגד.

ווי עשו האָט ער דעם ערשטן רויב זיינעם געבראַכט דעם פאָטער אַלס אַ מתּנה, און האָט באַגייסטערט אָנגעהויבן צו דערציילן און באַשרייבן די אַנטדעקטע וועלט און אים מיט נאַטאַשען איינגעלאַדן מיט זיך אויף דער יאַגד.

— ניעפּרעמענאָ, איר מוזט מיט מיר גיין, פּאַפּאַשאַ ! — האָט ער זיך געבעטן באַ דעם פאָטער און באַ דער שוועסטער.

און אַז זיי האָבן זיך נישט אָפּגערופן אויף זיין יעגערשער באַגייסטערונג, האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן אויפן דאָרף אַנדערע חברים. און באַלד האָט ער זיך באַקענט מיטן פּריסטאַוו, מיטן שרייבער פון וואָלאָסט און מיטן גלחס זונדל, אַ סעמינאַריסט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לוסטיק לעבן פון יאַגד, פון הוליאַנקעס אויפן דאָרף מיט שיקסעס און וועטשערינקעס. ער האָט אויפגעהערט צו קומען נעכטיקן אין שלאָס, און די מוטער האָט אים אויפגעהערט צו זען גאַנצע טעג אין די אויגן.

איבעריקנס, האָט זיך קיינער, אַ חוץ איר, וועגן אים נישט געקימערט. די מוטער אָבער איז געוואָרן אומרויִק, האָט געשיקט דעם

עקאָנאָם אים זוכן, און דער סובאָטניק האָט אים נאָך אַ שיכּורער נאַכט געפונען אין דאָרף אויף אַ בוידעם, אַ ווילד צעפּאַטלטן און אָפּגעריסענעם, מיט אַן אָנגעשוואָלן פּנים פון לאַנגער שכרות און שלאָפלאָזיגקייט.

אַהיים אין שלאָס אַריין האָט דער סובאָטניק אים אין אַזאַ ווילדן צושטאַנד נישט געקענט ברענגען, און ער האָט אים געברענגט צו זיך אין דער עקאָנאָמיע אַריין. . .

אָבער באַלד האָט זיך דערפון דערוווּסט פּעטרושקאַ דער גערטנער און האָט דאָס דערציילט דער גענעראַלשע.

זי האָט געהייסן איינשפּאַנען די פערד און איז צוגעפאָרן אויף דעם טאָיק, וועלכער האָט זיך געפונען פון דער צווייטער זייט שטעטל.

דעם זון האָט זי געטראָפן זיצנדיק אינדרויסן, אַ שלוקערצדיקן און נאָך נישט אויסגעניכטערטן, מיט צוויי פאַרגאָסענע און ווילד איבערגעקערטע אויגן, מיט וועלכע ער האָט זיך גענומען קוקן אויף דער מוטער ווי אויף אַ פרעמדער, אַזוי ווי ער וואָלט זי נישט דערקענט. . .

די גענעראַלשע האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט, האָט נאָר אַרויסגעכאַפּט פון קוטשער די בייטש און האָט זיך גענומען שמייסן דעם קאַדעט מיט ווילדן און שטומען ווּט, איבערן קאָפּ און איבערן פּנים, ווו זי האָט נאָר געטראָפן.

אַ ווײַלע האָט זיך נאָר געהערט דאָס פייפן פון דער בייטש און דער הייזעריקער כריפּ פון דעם געשמיסענעם, וועלכער האָט געפּרוווּט מיט אַ שווערער און ווי אַ געליימטער האַנט כאַפּן די בייטש און האָט עס נישט געקענט.

און אַז ער האָט זיך ענדלעך געכאַפּט, האָט ער די בייטש אויסגעריסן פון איר האַנט, זי גלייכגילטיק, פּאַוואָליע און אָן כּעס צעבראָכן, ווייט אַוועקגעוואָרפן פון זיך און איז מיט וואַקלענדע שכּורע טריט אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט, האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ קלאָץ, האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ אויף די הענט און האָט זיך ערשט דאַן צעוויינט ווי אַ קליין באַליידיקט קינד.

די מוטער האָט אים נאָך אַ ביסל געסטראַשעט מיטן ברודער דעם פּראָקוראָר, אַז ער וועט אים פאַרשיקן קיין סיביר, האָט זיך אויפגעזעצט און איז אַוועקגעפאָרן.

דער קוטשער האָט אויפן וועג נישט אויפגעהערט, באַדויערנדיק צו

באַטראַכטן די צעבראָכענע בייטש, וועלכע ער האָט אויפגעהויבן, און וועלכע האָט אים, ווי עס ווייזט אויס שטאַרק באַנג געטון.

דער קאַדעט אָבער האָט נאָך די בייטשן אויפגעהערט צו גיין אויפן דאָרף. ער האָט זיך גענומען פאַר די ביכלעך און האָט אָנגעהויבן נעמען פראַנצויזישע שטונדן בײַ דער שוועסטער.

צוליב די שטונדן איז די מוטער שוין געבליבן אויף ווייטער און האָט פונאַנדערגעפּאַקט אירע זאַכן.

## אין שענק.

די רו איז אָבער דעם אַלטן מאַן שוין נישט באַשערט געווען...

לאַנג האָט דער קאַדעט נישט געסטאַטקעוועט.

דאָס בלוט פון יעגער און סתם רוצח האָט אין אים געקאָכט און נישט געלאָזט אים רוען. ער האָט זיך ווידער אויסגעבעטן בײַ דער מוטער נאָך אויף אַ פּאָר טעג, האָט ווידער געכאַפּט די ביקס אין די הענט, און איז ווידער אַוועק אין די זומפּן שיסן ווילדע קאַטשקעס.

געשווירן האָט ער דער מוטער, אַז ער וועט גיין אַליין. אויפן דאָרף אָבער האָט שוין אויף אים געוואַרט זיין קאָמפּאַניע: דעם גלחס זונדל, דער שרייבער פון וואָלאָסט, דער אוריאַדניק, און די גאַנצע קאָמ-פּאַניע איז אַוועק אויף דער יאַגד.

אויפן אַנדערן טאָג איז ער אַהיים שוין ווידער נישט געקומען. די מוטער איז ווידער געוואָרן אומרויק און האָט אַרויסגעשיקט דעם סובאָט-ניק אים זוכן.

אין דער צייט וואָס דער סובאָטניק איז אַרומגעריטן איבערן ווייטן צעוואָרפענעם דאָרף אין די זומפּן און האָט אים געזוכט, איז די גאַנצע קאָמפּאַניע שוין געזעסן נאָך דער יאַגד באַם טשעך אין שענק און גע-טרונקען און פאַרביסן מיט ווילדע קאַטשקעס, וועלכע עס האָט פאַר זיי געבראָטן פּאַני מאַריאַ, דעם טשעכס ווייב אַליין.

דער ביר-שענק איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק, און דער שכורער טומל פון דער אומגעוויינטלעכער קאָמפּאַניע האָט זיך ווייט געטראָגן פון די אָפענע פענסטער.

אַרום דעם שענק פֿלעגן זיך כסדר אָפּשטעלן פֿורן, שכּורים פֿלעגן זיך דאָרט, נישט נאָר אין מאַרק־טעג, נאָר אפֿילו אינמיטן דער וואָך, כסדר טומלען. די יידן זענען שוין געווען געוווינט צו דעם שיכּורן טומל און פֿלעגן זיך דערויף נישט אומקוקן. באַלד אָבער האָבן זיך די מאַרק־מענטשן דערוווּסט, ווער די קאָמפּאַניע איז, אַז צווישן זיי שיכּורט דעם גענעראַלס זונדל אַליין. דאָס שטעטל האָט שוין געהערט, ווער דער תּכשיט איז און איז געוואָרן נייגעריק. יידן און יינגלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צו דרייען אַרום טשעך און כאַפּן אַ קוק דורך די אָפֿענע פֿענסטער.

באַלד האָט זיך פֿון דער מערקווירדיקער קאָמפּאַניע דערוווּסט חיים־הערש דער באַלעגאָלע און איז אויך געקומען צו לויפֿן. ער אָבער האָט שוין נישט, ווי די יידן פֿאַרזיכטיק געקוקט דורכן פֿענסטער, נאָר איז אַריין אין שענק, ווי צו זיך אַהיים...

דער לאַנגער באַלעגאָלע איז געווען איינער פֿון דעם טשעכס שטענדיקע חסידים, פֿערזענלעכער גוטער פֿריינד זיינער און סתם אַ גוטער טרינקער, פֿאַר זיין געלט פֿלעגט ער געוויינלעך זייער זעלטן טרינקען. ער האָט שוין אָבער זיך געחברט מיט אַלע שררות פֿון דאָרף, און די פֿלעגן אים גוט טרנ־קטירן, און חיים־הערש פֿלעגט שוין דערביי זען, אַז דער טשעך זאָל לייזן וואָס מער.

נישט איין מאָל פֿלעגט מען זיך צעשלאָגן, און דאַן איז דער מדבר בראש געווען שוין חיים־הערש אַליין. אַ בויאַן און אַ גבור, פֿלעגט ער אַליין אַ שיכּורער קענען שלאָגן צען גויים מיטאַמאָל, זיי שלעפּן באַ די טשופּרינעס און וואַרפֿן פֿון שענק ווי שפּענדלעך. נישט זעלטן פֿלעגט אַזאַ געשלעג אָננעמען די פֿאָרם פֿון אַן אמתער שלאַכט, מיט געשפּאָלטענע קעפּ און צעבלוטיקטע שיכּורע מאָרדעס.

זיין קליין, דאַר און גרין ווייבל פֿלעגט דאַן קומען צו לויפֿן נישט טויט, נישט לעבעדיק, מיט איין קינד אויף די הענט און מיט די איבעריקע אָנגעטשעפּעט אַרום קליידל, אָבער צו אים האָט זי דאַן נישט געוואַגט צוצוגיין. זי און די קינדער האָבן דאַן געשפּילט מיטן לעבן.

די פֿלעגט שטיין פֿונדערווייטנס, ברעכן די הענט און בעטן:

— יידן, האָט אויף מיר רחמנות, וואָס שטייט איר?...

די קינדערלעך פֿלעגן וויינען און זיך נאָך פֿעסטער טוליען צו דער מוטערס פֿאַרטוך.

און די יידן פלעגן זיך אָפּרוקן נאָך ווייטער פון שענק און גלייכ־צייטיק צוקוקן.

דעמאָלט פלעגט דאָס אומגליקלעכע ווייבל אָנהייבן שעלטן און שרייען, אַז עס איז נישט קיין יידיש שטעטל, נאָר סדום, און עס אַרט קיינעם נישט, אַז מען וועט דערהרגענען אַ טאַטן פון פינף קליינע קינדער.

— איך בעט דיך, מ׳שיקט אים דען שלאָגן זיך ? ווער הייסט אים ? האָסט געהערט אַ מעשה ! — פלעגט מיט איר טענהן עמעצער פון די גלייכגילטיקע צוקוקער.

און אַז איינער פלעגט שוין וואַגן און צוגיין צו אים נעענטער און אים בעטן, אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויף זיין ווייב מיט די קינדערלעך, אויב ער האָט שוין אויף זיך אַליין קיין רחמנות נישט, פלעגט יענער כאַפּן אַ טעלעבענדע, אַז ער פלעגט זיך איבערקערן.

— לאָזט מיך ! איך מוז זיי אַלע אויסהרגענען... קיין שריד ופליט וועט בא מיר נישט בלייבן פון עשו הרשע — האָט געשריגן דער בויאַן, וואַרפנדיק ווייט מיט די לאַנגע הענט, און פלעגט זיך כאַפּן פאַר עשווס טשופרינעס מיט נאָך אַ גרעסערן ווּט, אַרויסרייסן, גרינג ווי אַ פאָדעם, אַ ברעט פון טשעכס פאַרקן און שלאָגן מיט אים דעם גאַנצן מאַרק גוים. און באַרויקן פלעגט אים קענען אַמאָל נאָר דעם טשעכס ווייב, פאַני מאַריאַ ; גיכער אָבער אַ יתומל, דער לאַנגער מלכהס אַ קינד. נישט זיינס אַ קינד, נאָר דעם פעטער משהס אַ יתומל, האָט געדאַרפט זיך צעוויינען און אים בעטן :

— פעטער ! קום אַהיים... איך בעט דיך.

און די ווילדע רציחה פון דעם גבור און בויאַן פלעגט מיט אַמאָל אויסגעלאָשן ווערן. דער רחמנות מיט דעם וויינענדיקן יתומל פלעגט דעם גרויסן און צעווילדעטן בער צוימען... ער פלעגט אַליין ווערן אַ קינד און פלעגט דעם יתום נאָכגיין, זיך ווישנדיק דאָס בלוט פון פנים און פון קאָפּ, אָבער נאָך אַלץ דראָען און זיך באַרימען, זיך בוכצענדיק מיטן קולאַק אין דער ברוסט :

— איך בין טאַקע יעקב, אָבער עשו זאָל ציטערן !... אימת מות ציטערן פאַר חיים־הערשן דעם באַלעגאָלע, נישט אַזוי, יידן ?

— געוויס ! — פלעגט אימיצער פון די יידן אים אונטערגעבן חשק, וועלנדיק אין האַרצן, אַז דאָס געשלעג זאָל נאָך געדויערן.

די מאַרק־ווייבער אָבער פלעגן נישט קענען צוצוקוקן דאָס בלוט,

וואָס פּלעגט פון אים רינען און דעם ווייבּלס טרערן. זיי פּלעגן אים מוסרן:

— נו, דאַרפסטו עס האָבּן? אַ ייד זאָל זיך שלאָגן. פע! אַ בזיון.

— עשון שלאָגן איז אַ בזיון? — פלעגט צוריק אויפברויזן דער באַלעגאָלע. — איז דען דאָ אַ גרעסערע מצווה, האַ? ציטערן זאָל עשו! אימת מות פאַר אַ ייד! — פלעגט הויך שרייען דער שכורער גבור אי־בערן גאַנצן מאַרק. און עשו, דער גאַנצער דאָרף גוים, האָט טאַקע פאַר אים געציטערט.

## דער בונט.

צוגעגאַנגען איז ער איצט צו דער קאָמפּאַניע, ווי ער פּלעגט צו־גיין צו יעדער קאָמפּאַניע שכורים אין שענק, און האָט זיך פאַרגעשטעלט. מיטן שרייבער פון וואָלאָסט און מיטן אוריאַדניק איז ער געווען אַלטע גוטע ברידער, און זיי האָבּן אים פאָרגעשטעלט פאַר דעם קאַדעט און דעם כומרס זונדל דעם סעמינאַריסט.

דעם קאַדעט האָט חיים־הערש, דער געוועזענער אַרטילעריסט, באַ־גריסט מיליטעריש, האָט אים אָפּגעגעבּן „טשעסט", מיט דער האַנט באַם דאַשעק, ווי דער סאָלדאַטסקער שלחן ערוך האָט געלערנט.

דער צוקונפטיקער אָפיציר האָט געהאלטן פאַר נויטיק זיך אויפצו־הייבּן פון אָרט און אים אויך צו ענטפערן „פאָ וואָיענו".

דער ייד דער גבור איז אים געפעלן געוואָרן, און ער האָט אים באַלד איינגעלאַדן צום טיש: „וויפּיט זאַ קאָמפּאַניו".

חיים־הערש האָט זיך נישט געלאָזט בעטן, האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און אויסגעצויגן זיינע לאַנגע פיס.

מען האָט געהייסן דערלאַנגען נאָך אַ פאָר טוץ ביר מיט פאַרבייסן. און דער שכורער עולם האָט זיך גענומען מיטן גאַסט טרינקען גוט־ברו־דערשאַפט אויף דאָס ביי.

דער מאַרק האָט זיך באַלד דערוווּסט, אַז חיים-הערש טרינקט שוין

מיט דעם גענעראַלס תכשיט איניינעם, און די נייגעריקייט איז געוואָרן גרעסער.

אַרום שענק האָט זיך באַלד שוין געדרייט אַ היפּש רעדל פון יידן און ייִנגלעך. די מוטיקערע האָבן אַריינגעקוקט אין די פענסטער און אי־בערגעגעבן דעם עולם די איינדריקן ווי אַזוי חיים־הערש טרינקט.

און דאָס מאָל האָט חיים־הערש געטרונקען געלאַסן און פּאָליטיטש־נע, ווי עס דאַרף צו זיין אין אַזאַ געזעלשאַפט; האָט דערציילט דעם קאַדעט, ווי אַזוי ער האָט געדינט און זיך אויסגעצייכנט אין דינסט, און דער אוריאַדניק האָט נישט אויפגעהערט אים צו לויבן און רעקאָמענדירן דעם גענעראַלס זון:

— כאַראָשי זשידאָק! דער בעסטער אין שטעטל! עסט חזיר גלייך מיט אונדז! איך האָב אים ליב — און ער האָט אויס ליבשאַפט געטרונ־קען אַ נייעם לחיים מיטן „בעסטן זשידאָק פון שטעטל“.

באַלד איז צו דער קאָמפּאַניע צוגעשטאַנען דער אָרגאַניסט פון קאָשטשיאָל, אויך אַן אָפּטער גאַסט באַם טשעך, און נאָך עפּעס אַ פּאָ־ליאַק, מיט לאַנגע און דינע וואָנסעס פון אַ פּרייס.

די קאָמפּאַניע איז געוואָרן אינטערנאַציאָנאַל.

פּאַני מאַריאַ האָט דערלאַנגט נאָך אַ פּריש געפּרעגלטע קאַטשקע, און דער עולם האָט געטרונקען אפילו רוישיק, אָבער געמיטלעך, ביז עס איז דערשינען פּעטרושאַ דער גערטנער.

ער איז פון ערגעץ געגאַנגען, און די יידן האָבן אים אַ ווונק גע־טון, אַז באַם טשעך זיצט דעם גענעראַלס זונדל און טרינקט מיט נישט אַזאַ פויגלדיקער קאָמפּאַניע, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַזאַ פּערזענ־לעכקייט.

אַז דער קאַדעט האָט אים דערזען, איז ער צוערשט מבולבל גע־וואָרן און האָט זיך פאַרלעגן און פאַרשעמט אויפגעהויבן פון אָרט.

— שעמען וואָלט איר זיך געמעגט... אַ גענעראַלס אַ זון, אַ קאַ־דעט און אַ צוקונפטיקער אָפיציר... אַ רוסישער דוואָריאַנין טרינקט אין אַזאַ קאָמפּאַניע — האָט אָנגעהויבן אים צו שטראָפן דער גערטנער, וועלכער איז געווען העכסט עמפּערט און באַליידיקט פון דער קאָמ־פּאַניע.

די קאָמפּאַניע האָט זיך באַליידיקט און האָט אָנגעהויבן צו פּראָ־טעסטירן, אַז זי שטייט גאָרנישט אַזוי נידעריק.

— און איך בין אַ פּוילישער דוואָריאַנין. איז דען אַ פּוילישער

דוואָריאַנין גידעריקער פון אַ רוסישן ? — האָט פּראָטעסטירט דער אָר־גאַניסט, אַ לאַנגער פּאָליאַק, מיט אַ קנאָפּ אויפן לאַנגן דאַרן האַלדז.

דער צווייטער פּאָליאַק האָט זיך אויך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און האָט אָנגעהויבן שנעל און דראָענד צו דרייען זיינע וואָנסעס.

— אַ פּוילישער דוואָריאַנין טרינקט נישט אין קאָמפּאַניע מיט זשי־דעס — האָט אים פאַרגעוואָרפן פּעטרושאַ.

דאַן האָט זיך דער עולם, באַזונדערס דער אוריאַדניק, אָנגענומען פאַר חיים־הערשן און האָט אָנגעהויבן מיט אַ שכורער און געליימטער צונג באַווייזן, אַז חיים־הערש איז אַ סאָלדאַט, דעם צאַרס אַ טרייער די־נער און נישט ווי אַלע זשידעס; אַ ראיה, אַז ער עסט חזיר גלייך מיט אַלע גוים.

דער רוסישער דוואָריאַנין און קאַדעט איז געקומען צו זיך און האָט אויך געפונען פאַר גויטיק אָנצונעמען זיך פאַר חיים־הערשען און פאַר דער גאַנצער באַליידיקטער קאָמפּאַניע, איז צו צום גערטנער, האָט אים געהייסן גיין אַהיים צום טייוול; און אַז יענער האָט נאָך נישט גע־וואָלט און געזאָגט נאָך אַ וואָרט, האָט ער אים שוין דערלאַנגט אַ היל־כיקן טראַסק איבערן פּנים.

דער אוריאַדניק, אַלס דער שומר פון אָרדנונג, איז אַריין צווישן ביידע און האָט פאַרשטעלט דעם גערטנער פון ווייטערע קלעפּ. דער באַ־לעגאָלע האָט עס פאַרדראָסן, למאי ער פאַר פאַרטיידיקט אים און האָט אָפּגעשליידערט דעם שיכּורן אוריאַדניק צו דער וואַנט, ווי אַ שפּענדל.

— זאָג נאָר מיר, מיט וואָס איז דאָס אַ זשיד ערגער ווי אַ גוי ? — האָט ער געפרעגט פּעטרושען, און האָט אים שוין גענומען פעסט באַ די לאַצן.

דער אוריאַדניק איז ווידער צו און האָט אָפּגעריסן דעם באַלעגאָ־לע. פּעטרושאַ האָט געזען, אַז ער דאַרף זיך אָפּטראָגן, און וואָס שנעלער אַלץ בעסער, און ער האָט זיך אָפּגערוקט, דראָענדיק שוין צו שיקן דעם גענעראַל אַליין.

דער עולם איז געבליבן לאָ־עליכמדיק. . . דער קאַדעט האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט מוט און האָט געהייסן דערלאַנגען נייע זעקס טוצן ביר.

באַלד אָבער האָט זיך חיים־הערש דערמאַנט, אַז דער זעלבער פּעטרושאַ האָט געשלאָגן זיין מומען, און אַז ער קוקט שוין אייגנטלעך

לאַנג אויף אים אַרויס און מוז אים איצט דערציילן די מעשה שוין פאַר אַלעמען.

מיט איין שפּרונג איז ער אַרויס פון שענק.

פּעטרושאַ איז געשטאַנען צווישן אַ רעדל יידן און האָט זיי געסטראַשעט, אַזוי ווי די יידן וואָלטן געווען שולדיק אין דעם, וואָס דער קאַדעט שיכורט.

חיים־הערש האָט מיט ביידע עלנבויגנס פונאַנדערגעשטופּט דעם עולם און האָט מיט זיין פעסטן אייזערנעם קולאַק דערלאַנגט פּעטרושען איבערן קאָפּ. פּעטרושאַ האָט זיך שנעל אומגעדרייט און האָט געכאַפּט דעם צווייטן קולאַק אין פּנים, אַזוי, אַז דאָס בלוט האָט זיך פון דער נאָז און פון מויל אַ גאָס געטון ווי פון אַ צאַפּן.

דאָס רעדל יידן האָט אויפגעשווידערט און איז אָפּגעשפּרונגען.

פּעטרושאַ האָט זיך גענומען שטום ראַנגלען מיטן באַלעגאָלע. איצט אָבער האָט דער באַלעגאָלע געשלאָגן נישט אַבי וועמען, וואָס מען קען צוקוקן נאָר מיט נייגעריקייט, נאָר דעם גענעראַלס גערטנער, און אַ סקאַרבאָווע מענטש אַליין. דאָס געשלעג האָט געקענט ברענגען אַן אומגליק פאַרן גאַנצן שטעטל.

עמעצער האָט דעם געדאַנק אויסגעשריגן, און אַלע יידן ווי איין מענטש האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויפן בויאַן, כדי אַרויסצוריסן דעם גערטנער פון זיינע הענט.

אַ קנויל פון לעבעדיקע און זיך ראַנגלענדיקע מענטשן האָבן זיך גענומען דרייען און שפּאַרן אַרום די צוויי מענטשן.

די שיכורע קאָמפּאַניע מיטן אוריאַדניק בראש האָבן דערהערט דאָס געשלעג און זענען אַן היטלען, מיט רויטע און פאַרשוויצטע שיכורע מאָרדעס, אַרויס פון שענק.

דער אוריאַדניק האָט זיך גענומען שאַפן אָרדנונג, פונאַנדערנעמען דעם קנויל, די שיכורע קאָמפּאַניע האָט אים גענומען העלפן, און אַזוי איז דער לעבעדיקער פּלאָנטער געוואָרן גרעסער און ס׳איז געוואָרן אַ גאַנצע בהלה.

אין דער בהלה האָט מען זיך שוין געשלאָגן אַלע איינאיינעם, אָן אַ פאַרוואָס. שונאים און פריינד האָבן זיך אויסגעמישט; ווער עס האָט געכאַפּט אַ קלאַפּ האָט אין זעלבסטשוץ געזוכט אים אָפּצוגעבן צוריק וועמען עס איז. אַ פריינד אָדער אַ שונא, ווייל קיינער האָט נישט גע-

ווּסט, ווער איז אין דעם לעבעדיקן קנויל דער פריינד און ווער איז דער שונא.

הויפּטזעכלעך האָט דער שיכּורער חיים־הערש אַליין, אין זיין ווילדן ווּט, שוין נישט געוווּסט ווער איז פאַר אים און ווער איז קעגן אים, און אַזוי האָט דער באַלעגאָלע באַלד זיך גענומען שלאָגן דעם או־ריאַדניק אַליין, וועלכער האָט נאָר געוואָלט שאַפן אָרדנונג און פונאַנ־דערנעמען דאָס געשלעג, פּאַטשן די גאַנצע קאָמפּאַניע, מיט וועלכער ער האָט געטרונקען און וועלכע האָט געגלייבט, אַז די יידן זענען עס באַ־פאַלן אייגנטלעך דעם בעסטן זשידאָק פון שטעטל און האָט געוואָלט אים פאַרטיידיקן.

אַז דער קאַדעט האָט אָבער דערזען צווישן דעם קנויל זיין אייגע־נעם גערטנער אַ צעבלוטיקטן און שרייענדיקן, האָט ער אויך געמיינט, אַז דאָס האָבן אים צעבלוטיקט די יידן און נישט חיים־הערש. דער פאַר־שיכּורטער מוח זיינער איז איבערהויפּט נישט געווען אימשטאַנד צו פאַר־שטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. דאָס בלוט פון גערטנער האָט אָנגעצונדן זיין אייגן בלוט, זיין ווילדע רציחה. און מיט אַ ווילד געשריי: „פּראַ־וואָסלאַווגע מענטשן צו דעם געווער!" איז ער אַריין צוריק אין שענק נאָך געווער.

דעם גלחס זון און דער שרייבער פון וואָלאָסט זענען אים נאָכ־געלאָפן און באַלד זענען זיי אַרויס צוריק אויפן גאַנעק מיט געלאָדענע ביקסן. דער קאַדעט האָט אַ קאָמאַנדעווע געטון: „פּלי!" און דריי ביקסן האָבן מיט אַמאָל אָפּגעפייערט אַ זאַלפּ אויף דעם לעבעדיקן קנויל מענטשן.

די גאַנצע געשיכטע האָט געדויערט איין אויגנבליק.

ווי אַ שטורעם וואָלט זיך דורכגעטראָגן איבערן מאַרק. אין אַ ווילדן שרעק און פּאַניק איז זיך דאָס רעדל צעלאָפן אין אַלע זייטן, מיט חיים־הערשן אינאיינעם. די קרעמערס און ווייבער האָבן אָנגעהויבן צו שליסן די קלייטן און לויפן מיט ווילדע געשרייען: „פּאָגראָם! פּאָ־גראָם!"

אין איין הרף־עין איז דער פּלאַץ אַרום טשעך געווען ווי אויסגע־קערט מיט אַ בעזים. נאָר צוויי יידן זענען געלעגן אין בלוט און האָבן געקרעכצט, און איבער זיי איז געשטאַנען געבויגן דער אוריאַדניק מיטן גערטנער.

אַז די שיסערס האָבן עס דערזען, זענען זיי אויך אין ווילדן פּאַניק

אַריין מיט זייערע ביקסן אין שענק, און פון דאָרט זענען זיי דורך דער הינטער-טיר אין ווילדן געלויף אַוועק פון שטעטל אין דער ריכטונג צום וואַלד.

## די נייע צרה.

באַם אוריאַדניק איז מאָמענטאַל אַרויס דער ביר מיטן בראָנפן פון קאָפּ.

די צוויי פאַרוווּנדעטע יידן האָבן אים באַלד אויסגעניכטערט און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלט איצט אויף אים, דעם שומר פון אָרדנונג.

ער מיטן טשעך האָבן אַריינגעטראָגן די פאַרוווּנדעטע יידן אין שענק אַריין און ער האָט געשיקט דעם טשעך נאָכן פּריסטאַוו און נאָכן דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר פון שטעטל איז שוין אַליין געלאָפן אַ פאַרסאָפּעטער און אַ טויט-בלאַסער. מיט אַ פערטל שעה שפּעטער איז אָנגעלאָפן רייטנדיק דער פּריסטאַוו, אין דער באַגלייטונג פון אַ גאַנצער מחנה סטראַזשניקעס אויף פערד.

דער דאָקטאָר האָט זיך גענומען באַטראַכטן די פאַרוווּנדעטע.

איינער פון זיי איז געווען מאָשקע דער קצב, וועלכער האָט צוגע־שטעלט טריפע פלייש אין הויף אַריין, און ער האָט דערפאַר געהאַלטן פאַר אַ חוב זיך אָנצונעמען פאַרן געריכטער; דער צווייטער איז געווען חיים-יוסי דער משרת פון בערלס איינפאָר, אויך אַ גרויסער פריינט פונם גענעראַל און פון „סקאַרב".

בשעת דער דאָקטאָר האָט זיי באַטראַכט, האָט דער פּריסטאַוו זיך גענומען זידלען דעם אוריאַדניק, טופּן אויף אים און שרייען, אַז ער וועט אים אָפּגעבן „פּאָד סוד".

דער אוריאַדניק איז געשטאַנען פאַר אים אויסגעצויגן, נישט טויט נישט לעבעדיק.

דאָס שטעטל האָט זיך באַלד באַרויקט פון דער פּאַניק, די קרע־

מערס האָבן זיך גענומען עפּענען צוריק די קלייטן, און באַלד איז צו־ריק אַרום שענק געשטאַנען נאָך אַ גרעסער רעדל ווי פריער.

עס איז אָנגעלאָפן בערל דער בעל־אכסניה, די ווייבער און קרובים פון די פאַרווונדעטע, עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ געוויין מיט אַ ליאַרם.

דער דאָקטאָר האָט געפונען די ווונדן נישט לעבנס־געפערלעך, ער האָט די פאַרווונדעטע פאַרבאַנדאַזשירט, באַרויקט די וויינענדיקע ווייבער און האָט זיי געהייסן פירן די מענער קיין קיעוו.

דאָס וואָרט קיעוו האָט אָבער אַרויסגערופן בײַ די ווייבער אַ גרע־סער געוויין און ליאַרם.

דער פּריסטאַוו אָבער האָט געקוקט אויף דער געשיכטע פון אַן אַנ־דערן שטאַנדפּונקט און ער האָט באַפוילן זיי נישט צו פירן קיין קיעוו נאָר אין דער זעמסקער באָלניצע, אַלס פאַרווונדעטע אַרעסטאַנטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג.

צום ערשט האָט ער גענומען אויף „דאָפּראָס" דעם צעבלוטיקטן גערטנער, דערנאָך דעם טשעך אַליין, פּאַני מאַריאַן, און די איבעריקע געבליבענע עדות פון דעם געשלעג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ „דיעלאָ" און דער פּריסטאַוו האָט קודם כּל באַפוילן די סטראַזשניקעס באַלד צו אַרעסטירן דער באַלעגאָלע דעם בויאַן, וועלכער האָט אים שוין לאַנג פאַרשאַפט פיל צרות און אויף וועלכן ער האָט שוין לאַנג געשאַרפט די ציין.

און באַלד האָבן אים די סטראַזשניקעס געבראַכט צו פירן, נאָך אַ צעבלוטיקטן און צעקיילטן. עס האָט זיך פאַרקאָכט אַ מיאוסע קאַשע און דאָס שטעטל האָט געקאָכט און גערודערט ווי אַ בינ־שטאָק.

דער איינציקער, וועלכער האָט נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ, איז גע־ווען דער אַלטער בערל. און אַז עס איז אָנגעלאָפן רייטנדיק דער סובאָט־ניק האָט ער אים אַריינגעפירט אין אַ צווייט צימער און האָט מיט אים אי־בערגערעדט אַ פּאָר ווערטער.

באַלד האָט דער סובאָטניק אַהין אַריינגערופן אויך דעם פּריסטאַוו, און מען האָט זיך געהאַלטן אַן עצה שוין אין דרייען.

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט געשיקט דעם סובאָטניק נאָך נאַטאַשען, און ער האָט זי געבראַכט, אָבער שוין נישט אין שענק אַריין, נאָר צו בערלען אין דער אכסניה. אַהין איז אויך באַלד געקומען דער

פּריסטאַוו. אויף דער קאָנפערענץ מיט נאַטאַשען איז געבליבן, אַז מען זאָל דאָס עסק פאַררייבן און קיינעם נישט אַרעסטירן; אַז די פאַרוווּנדעטע צוויי מענטשן זאָל מען פירן קיין קיעוו און נאַטאַשע האָט פאַרשפּראָכן צו געבן דערויף אַלע הוצאות.

אַהיים אָבער איז זי געגאַנגען אַ דערשיטערטע און אַ ציטערנדע, ווי אין אַ פיבער. בייזע אַנונגען האָבן ווי שלאַנגען זיך געוויקלט אַרום איר האַרץ... ווייטער האָט זי געציטערט, אַז דער פאָטער זאָל זיך נישט דערוויסן פון דער גאַנצער געשיכטע און אַז עס זאָל נישט ווירקן אויף זיין שוואַכן געזונט. איר ערשטער געדאַנק איז דערפאַר געווען אַלץ צו באַוואָרענען, אַז עס זאָל צו אים גאָרנישט נישט קומען.

עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט.

דער צעבלוטיקטער גערטנער איז געקומען פאַר איר און האָט אָפּגעגעבן דער גענעראַלשע זיין ראַפּאָרט.

געוויינטלעך האָט ער אין אַלץ באַשולדיקט דעם באַלעגאָלע און די יידן, וועלכע האָבן געמאַכט אַ בונט און געשלאָגן אים און דעם פאַניטש.

אַ בראַנד האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער קאַצאַפּקע... און איידער נאַטאַשע איז געקומען האָט זי געהייסן איינשפּאַנען די פערד און איז אַוועק אויפן דאָרף אין „סטאַן" אַריין און האָט דאָרט געמאַכט אַ גוואַלד און זיך גענומען דראָען מיטן זון דעם פּראָקוראָר און מיט פּעטערבורג אַליין.

דער גוואַלד איר האָט אַריינגעוואָרפן אין שרעק דעם שרייבער פון סטאַן און די פּריסטאַווישע. און אַז דער פּריסטאַוו איז געקומען פון שטעטל צוריק מיט די סטראַזשניקעס, האָט ער געכאַפּט פון איר אַזאַ גאַב, אַז ער האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר זיין שטעלע.

קיין וואָרט האָט זי אים נישט געלאָזט אויסרעדן, און האָט געטופּעט אויף אים און האָט געשריגן:

— אַרעסטאָוואַט! אַלע זשידעס! דאָס גאַנצע שטעטל זאָלט איר אַרעסטירן... אַנישט וועל איך באַלד טעלעגראַפירן דעם גובערנאַטאָר, מיין זון דעם פּראָקוראָר קיין פּעטערבורג... דעם מיניסטער אַליין וועל איך טעלעגראַפירן!

אום זי צו באַרויקן האָט דער פּריסטאַוו באַלד געמוזט שיקן די סטראַזשניקעס נאָכאַמאָל צו אַרעסטירן דעם באַלעגאָלע און ער האָט די

גענעראַלשע פּאַרזיכערט, אַז ער וועט מאַכן אַ „דיעלאָ" און אַלע שול-דיקע וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן לויטן געזעץ.

און ער האָט געמאַכט אַ „דיעלאָ".

די צוויי פאַרוווּנדעטע יידן האָט ער אָוועקגעשיקט טאַקע אין דעם זעמסקע שפּיטאָל, היים-הערשן האָט ער געקאָוועט אין קייטן און אים אָוועקגעשיקט דעם זעלבן טאָג אין דער „אויעזדנער" טורמע.

# דאָס שטעטל.

אַ כמאַרע האָט זיך אָנגערוקט אויפן שטעטל.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אסיפות מיט לאַנגע באַראַטונגען. צום ערשט זענען געלעגן אין שפּיטאָל צוויי יידן מיט קוילן אין די קערפּער. דער דאָקטאָר האָט אפילו געזאָגט, אַז די קוילן ליגן נישט אין די גע-פערלעכע ערטער, אַז זיי קענען מיט די קוילן אַרומגיין דאָס גאַנצע לעבן און אַז קיעוו וועט זיי לייכט אַרויסנעמען. האָבן אָבער די ווייבער נישט געגלייבט, און האָבן געוואַלטעוועט און געליאַרעמט.

ווייטער האָט מען דאָך באַדאַרפט זען, אַז מען זאָל די יידן קענען אַרויסנעמען פון די שפּיטאָלן, ווו זיי זענען געלעגן ווי אַרעסטאַנטן, און זיי ברענגען קיין קיעוו.

פאַרן באַלעגאָלע דעם בויאַן האָט זיך קיינער נישט געזאָרגט, ווייל ער איז דאָך געווען שולדיק אין דער גאַנצער בהלה. זיין ווייבל אָבער מיט מלכהן, די מומע זיינע, האָבן געוואַלטעוועט און פאַרלאַנגט, אַז קהל זאָל עפּעס טון פאַר אים און יידן רחמנים בני רחמנים האָבן געמוזט אויך פאַר אים עפּעס טון, נישט קיקנדיק דערויף, וואָס מען האָט אים געשאָלטן מיט טויטע קללות.

דאָס ערשטע איז געווען, ווי כסדר, צונויפנעמען באַם אָרימען שטעטל עטלעכע רובל און באַשמירן דעם פּריסטאַוו מיטן אוריאַדניק אין איינעם.

דער פּריסטאַוו האָט גענומען 200 רובל און האָט געזאָגט דערביי, אַז נעמען נעמט ער, ווייל ער קען דאָס שטעטל נישט אָפּזאָגן, טון אָבער קען ער גאָרנישט פאַר זיי, ווייל ער ציטערט פאַר דער גענעראַלשע. פונ-

דעסטוועגן זענען בערל דער בעל־אכסניה און לוי דער פּראָצענטניק אַוועקגעגאַנגען פון אים העכסט צופרידן, נאָר דערפאַר וואָס ער האָט כאָטש געגומען. .

אַז מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער שליחות, האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן וועגן צווייטן, ווי זעט מען זיך מיטן גענעראַל. פאַר בערלען איז קיין ספק נישט געווען, אַז ער דאַרף נאָר מיט אים רעדן אַ פּאָר ווערטער און דער גאַנצער עסק וועט צעריבן ווערן. . . איז אָבער באַ אים אויסגעוואַקסן די פראַגע, ווי אַזוי זעט מען זיך מיטן גענעראַל, ווען די גענעראַלשע איז אין הויף, צוליב איר האָט שוין בערל אויך אויסגעמיטן צו גיין אין הויף אַריין.

געקענט האָט מען זי און געציטערט האָט פאַר איר שוין דאָס גאַנצע שטעטל. און אַזוי ווי זי איז געווען די פיינטלעכע האַנט, וועלכע האָט אַרעסטירט דעם באַלעגאָלע, די פאַרווונדעטע יידן און האָט פאַרקאָכט די קאַשע, איז דאָס שליחות אין הויף אַריין געווען איינפאַך אוממעגלעך. אפילו בערל האָט זיך נישט געקענט אונטערנעמען גיין אַהין. מען האָט ווידער געבראַכט אין אכסניה אַריין דעם סובאָטניק און זיך מיט אים געעצהט. דער סובאָטניק אָבער איז שוין אַליין געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט און האָט נישט געוווסט וואָס זיי צו זאָגן, וואָס פאַר אַ שטאַנדפּונקט ער זאָל נעמען.

עס קען זיין, אַז ער האָט אויך אָנגעהויבן צו גלויבן דעם גערטנער און דער גענעראַלשע, אַז די יידן זענען באַפאַלן אים און דעם פּאַניטש, וועלכער האָט אים געוואָלט פאַרטיידיקן און דער קאַדעט האָט אין זעלבסטשוץ געמוזט שיסן.

און אַזוי ווי די חשובסטע באַלעבאַטים זענען געזעסן באַ בערלען און האָבן זיך געעצהט, האָט זיך דערהערט אַ גלאָק און איבערן מאַרקפּלאַץ איז דורכגעלאָפן אין דער ריכטונג פון „סטאַן" דער איספּראַווניק מיטן סליעדאָוואַטעל, וועלכע זענען פלוצלינג געקומען אויף אַן אויספאָרשונג. אַז מען האָט דערזען וואָס פאַר אַן ערנסטע ווענדונג די געשיכטע האָט אָנגענומען, האָט מען שוין קיין מינוט נישט געקענט וואַרטן און אָפּלייגן.

בערל האָט אָנגעטון די שבתדיקע קאַפּאָטע, האָט מיטגענומען מיט זיך לוי דעם פּראָצענטניק מיט דער שיינער און אויסגעקעמטער באָרד אוןביידע זענען אַוועק, ווי מ'זאָגט, „על קידוש השם" אין הויף אַריין

# על קידוש השם.

מען האָט דעם טאָג גראַדע געבראַכט אַ נייעם קעסל אין גענעראַל־ניע און דער גענעראַל מיט נאַטאַשען זענען געווען דאָרט און האָבן צוגעקוקט, ווי מען הייבט דעם קעסל און מען שטעלט אים אַריין.

די צוויי יידן האָבן געטראָפן אין הויף נאָר די גענעראַלשע. אַז זי האָט די דעפּוטאַציע דערזען נאָך פונדערווייטנס, איז זי איר שוין גע־לאָפן אַנטקעגן.

— וואָס דאַרפט איר דאָ? — האָט זי געפרעגט די צוויי יידן מיט אַזאַ טאָן, אַז די צונג האָט זיך באַם אַלטן בערל שוין צוגעקלעבט צום גומען און ער האָט איר נישט געקענט ענטפערן.

אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט, די אידן פאַרלעגענע און צעטומלטע; די קאַצאַפּקע — מיט בייז־טאַנצנדיקע און דראָענדיקע בליקן.

— מיר דאַרפן זיך זען מיטן גענעראַל — האָט איר געזאָגט בערל, שוין אין דער יאַרמולקע, האַלטנדיק דעם קאַשקעט אין דער האַנט. לוי דער פּראָצענטניק האָט אויך אַרונטערגענומען זיין פעלן היטל און האָט אָפּגעגעבן דער פּריצה אַ נידעריקע, צוויי־גאָרנדיקע קאָפּ־פאַרביי־גונג.

די אונטערטעניקייט פון די יידן האָט זי נישט ווייכער געמאַכט און זי האָט דעם קאָפּ אירן פאַרוואָרפן נאָך שטאָלצער און דראָענדער און זיך אונטערגעגאַרטלט מיט די הענט.

— מיטן גענעראַל דאַרפט איר זיך זען? ווער זענט איר דאָס אַזעל־כע, וואָס איר דאַרפט זיך זען מיטן גענעראַל? ווי דערלויבט איר זיך עס? אַ? וויפיל מאָל האָב איך אייך באַפוילן אין שטעטל אַריין, אַז איר, זשידעס, זאָלט זיך איבערהויפּט נישט דערלויבן באַטרעטן דעם פּאַרק? איר בונטאָווטשיקעס?

— פּריצה! גענעראַלשע! באַריניאַ! גאָט איז מיט דיר! מיר בונ־טאָווטשיקעס? — האָבן אָנגעהויבן צו שטאַמלען די צוויי יידן, אייגער פאַרן צווייטן.

די קאַצאַפּקע האָט זיך שוין אָבער נישט געלאָזט רעדן, אַזוי ווי די יידן וואָלטן מיט זייער עקזיסטענץ אַליין זי באַליידיקט און מיט זייער אָטעם פאַרפּעסטעט די לופט אַרום איר.

די שנאה, דער פּאַטאַלאָגישער עקל צו יידן האָט די סטאַראָוויער־קע שוין געשטיקט און געוואָרגן. דאָס בלוט האָט אין איר געקאָכט און געזאָטן. זי האָט זיך גענומען שרייען און טופּען אויף זיי, זידלען און טרייבן. אירע געשרייען האָבן געווירקט אויף איר אַליין ווי בוימאייל ווירקט אויפן פייער און זי איז געוואָרן פון אירע אייגענע קולות נאָך מער אויפגערעגט און ווילדער און אַזוי האָט זי געשריגן ביז די צוויי יידן האָבן זיך מיט געבויגענע קעפּ, ווי געשמיסענע, אויסגעדרייט און זענען פאַרשוווּנדן צוריק צווישן די ביימער פון דער אַלעע, וואָס האָט געפירט צום אַרויסגאַנג.

שטום איז די דעפּוטאַציע געגאַנגען אַהיים. די צוויי יידן האָבן זיך געשעמט צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין פּנים אַריין. ערשט באַ דעם שטעטל האָט לווי דער פּראָצענטניק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט געוואָלט ווי שטענדיק, אַ ביסל באַווייזן זיין לומדות:

— ווי שטייט באַ אונדז, ר׳ בערל? ווי זאָגט די גמרא... כל המיצר לישראל, נעשה ראש — האָט ער געזאָגט מיט אַ קרעכץ, פאַר־בייטנדיק די „שין" אויף אַ „סמך".

בערל האָט אַזוי פאַרקרומט דאָס פּנים, אַז דער פּראָצענטניק האָט פאַרלוירן די לוסט און איז צוריק שטיל געוואָרן.

באַם שטעטל האָבן זיי באַגעגנט דעם איספּראַווניק מיטן סלעדאָ־וואַטעל, וועלכע זענען געפאָרן אין הויף אַריין און די צוויי יידן האָבן זיי לאַנג נאָכגעקוקט ווי פאַרשטיינערטע.

## דער איספּראַווניק מיטן סלעדאָוואַטעל.

די גענעראַלשע האָט זיי עמפּפאַנגען ווי דערלייזער, וועלכע זענען געקומען זי אויסצולייזן פון יידישער הערשאַפט.

דער כעס און עקל צו די יידן איז נאָך באַ איר נישט געווען

אויסגעלאָשן און זי האָט זיך פאַר די צוויי פראַוואָסלאַוונע מענטשן, ווי פאַר אייגענע, גענומען קלאָגן, אַז די יידן האָבן איר דאָס לעבן פאַרדאָרבן און לאָזן זי נישט רויק איינזיצן אין שלאָס און אין דעם מאַיאָנטעק.

— מיט מיינע אויגן וואָלט איך אים נישט אָנגעקוקט. נאָך אַ האַלבן מיליאָן האָט מען געדאַרפט איבערצאָלן פאַר דעם גליק; — און זי האָט זיך גענומען דערציילן די צוויי פרעמדע טשינאָווניקעס, וועלכע זענען נאָך אַלץ געשטאַנען, ווי אַזוי דער מאַן האָט איבערגעצאָלט, און ווי אַזוי זי איז געווען קעגן דעם גאַנצן געשעפט.

און אַז זי האָט צו זיי, אַזוי אויפגערעגט, אָפּגערעדט אַ גאַנצע האַלבע שעה, האָט זי זיך ערשט דערמאָנט, אַז זי האָט זיי נאָך נישט איינגעלאַדן צו זיצן.

דאַן ערשט האָט זי זיי געבעטן זיצן און האָט געפרעגט, מיט וואָס זי זאָל זיי טראַקטירן.

דער איספראַווניק און דער סלעדאָוואַטעל האָבן זיך אָפּגעזאָגט.

אין דער גענעראַלשע אָבער האָט זיך דערוועקט די עכט-רוסישע גאַסט-פריינטשאַפט. נאָך די צוויי יידן, זענען איר די צוויי פרעמדע פראַוואָסלאַוונע געוואָרן באַזונדערס טייער, ובפרט, אַז זיי האָבן איר נאָך דערציילט, אַז זיי זענען געקומען אויספאָרשן דעם „זשידאָווסקי בונט".

— בונט! אַן עכטער בונט! — האָט געשריגן די גענעראַלשע און האָט באַפוילן די לאָקייען גרייטן צום טיש פאַר די טייערע פראַוואָסלאַוונע געסט.

— ענדלעך האָב איך אַ פּאָר פראַוואָסלאַוונע מענטשן דערזען! — האָט זי אָנגעקוואָלן פון די געסט.

די געסט האָבן זיך דערווייל געהייסן ברענגען דעם גערטנער און קאָדעט, און האָבן זיך צעלייגט מיט די פּאַפּירן.

די סטאַראָוויערקע איז געקומען אין פאַרלעגנהייט און איז צעטומלט געוואָרן. די געסט זענען געקומען אומדערוואַרט, און זי האָט נאָך נישט געהאַט קיין צייט איבערצורעדן מיט די צוויי עדות פון בונט.

דאָס זונדעלע איז זייט דער געשיכטע נאָך אַלץ געלעגן פאַרשפּאַרט אין די פּעצינעס, ווו די הויף-מענטשן האָבן געלעבט, און האָט מורא געהאַט זיך צו ווייזן אַהיים, פאַר די עלטערן. זי האָט זיך דאַן

אַליין אַרויסגערופן צו ברענגען די עדות און האָט אויף אַ ווײַלע פאַר־לאָזט די געסט, נישט קוקנדיק אויף זייער פּראָטעסט און פאַרזיכערונג, אַז עס איז נישט אַזוי דרינגענד, און אַז מען קען עמעצן שיקן נאָך זיי.

פּעטרושען האָט די גענעראַלשע לאַנג נישט געדאַרפט לערנען, וואָס ער האָט צו זאָגן און צו טון.

— מיר ווייסן, באַלעבאָסטע! — האָט צוגעשמייכלט פּעטרושאַ.

פון דער אָראַנזשעריע איז זי אַוועק צום זײַגדל אין די פּעצינעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַן אַנדער ווינקל פון פּאַרק, ווייט פון שלאָס.

## מלכהס סוף.

נאָכדעם ווי מען האָט מלכהן דאָן אָנגעשלאָגן און געטריבן פון פּאַרק, האָט עס דער יידינע ערשט אָנגעהויבן אַהין צו ציען.

אַ טיפע בענקעניש, אַ נאָגעניש איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אין האַרצן פון דער יידענע, וואָס פלעגט נאָגן אין איר ברוסט און זי זויגן ווי אַ זשאַבע.

געצויגן האָט עס זי צום אַלטן מאַן אין מונדיר מיט די גאָלדענע עפּאָלעטן, ווי עס ציט אַ מאַגנעט. די פּאָזע זײַנע, דעם בליק פון זײַנע אויגן בשעת מען האָט זי געשלאָגן, האָט זי נישט געקענט פאַרגעסן. דער אַלטער מאַן פלעגט פאַר איר אויסוואַקסן אין די נעכט, פאַר איר אָרים און שמוציק געלעגער, אַזאַ גוטער און ליבער, כמעט אַן אייגענער, און טרייבן דעם שלאָף פון אירע אויגן.

זי האָט אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן אירע אָרימע מסחרים, דאָס הויז, און גאַנצע טעג פלעגט זי היטן די וועגן, ווו זי האָט געהאָפט אים צו באַגעגענען, אים אָנקוקן כאָטש פון ווייטנס.

זי וואָלט זיך אַליין נישט געקענט אָפּגעבן קיין חשבון אין די מאָ־טיוון, וועלכע האָבן זי געטריבן צו אים.

געוואָלט האָט זי פרעגן וועגן ברודער דעם משומד, נעמען בײַ אַ בײַ אים זײַן אַדרעס. אַזוי האָט זי ווייניקסטנס געמיינט. געגאַרט האָט זי

אָבער אין דער טיף פון איר באַוווּסטזיין צו כאַפּן אויף אים אַליין אַ קוק, נאָך אַמאָל אַ קוש טון די האַנט פון דעם גוטן מאַן.

אין די זעלבע טונקעלע טיפן איז געוואַקסן אַ נייע אַנגסט. עס האָט זיך דאָרט געוועבט אַ נעבלהאַפטער טרוים, וועלכן זי האָט נישט פאַרשטאַנען, וועלכער האָט אָבער זי צייטנווייז געשווינדערט ווי אַן אומבאַשטימטע וואַרטונג, ווי אַ משוגענע האָפנונג.

אין די טונקעלע האָפנונג האָט אָנגעהויבן צייטנווייז צערייסן די פינסטערע טיפן פון אומבאַוווּסטזיין; אַ ציטערנדער שיין פלעגט מינוטנווייז באַלייכטן דאָס אומבאַוווּסטזיין און באַ איר אָפּרייסן דאָס האַרץ, ווי אַ גוטע און זיסע בשורה.

עס איז געווען דער זעלבער שיין, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו באַלייכטן מינוטנווייז אויך נאַטאַשעס געמיט און באַוווּסטזיין.

דער שיין אָבער איז געווען אַזוי פאַנטאַסטיש און ווייט פון דער יידענעס אָרימערווירקלעכקייט, אַז ער פלעגט ווי אַן איבערגעשראָקענער אַליין לויפן און זיך באַהאַלטן פון איר.

די האָפנונג פלעגט צוריק אויסגעלאָשן ווערן און אַלץ איז געווען צוריק פינסטער ווי פריער.

און זי פלעגט גיין אַהיים אַ דערשלאָגענע און טרויעריקע, אַזוי ווי זי וואָלט דעם טייערסטן און ליבסטן באַגראָבן.

דעם גענעראַל האָט זי אין ערגעץ נישט געקענט זען, אַזוי ווי ער האָלט זיך פון איר אומישנע אויסבאַהאַלטן.

דעם פאַרק האָט זי שוין מורא געהאַט צו באַטרעטן. און דאָס בענקעניש אין דער היים איז געוואָרן גרעסער, אומרויקער און קלעמענדער.

זי פלעגט זיך קיין אָרט נישט געפינען, אַזוי ווי זי וואָלט געווען פאַרליבט אין דעם אַלטן גוטן פריץ.

ווען מען האָט אַרעסטירט דעם פלימעניק אירן, איז דער דראַנג אים צו זען געוואָרן גרעסער.

באַם וועכטער פון טויער, וועלכער איז געווען אַ פּראָסטער און גוטער גוי און כמעט אַן אידיאָט, האָט זי זיך דערוווּסט, אַז דער גענעראַל איז אין געראַלגיע, און אַז מען שטעלט אַ נייעם קעסל.

זי האָט גוט געקענט די וועגן אין סטעזשקעס פון פאַרק נאָך פון קינדווייז.

מיט אַ ווייטן אומוועג פון עקל׳גבע וויאָרסט דורכן דאָרף איז זי

אַריין אין פּאַרק און האָט זיך באַהאַלטן צווישן די ביימער בײַ דער סטעזשקע, וועלכע האָט געפירט פון שלאָס אין גערטנעריע אַריין און האָט זיך גענומען אויף אים וואַרטן.

שעהן זענען געלאָפן, לאַנגע און מידע ווי אַן אייביקייט, די פּיס זענען מיד געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן צו ציען און ברעכן, ווי אין אַ רעוומאַטישן אָנפאַל, הונגער און פאַרשמאַכטקייט האָבן אַ סך מאָל ווי ביידע הונגעריקע ווערעם זיך גענומען טאָטשען און זויגן דאָס האַרץ און זענען צוריק איינגעשלאָפן.

זי איז אָבער אַלץ נישט אַרויסגעגאַנגען פון איר באַהעלטעניש און איז געבליבן אָנגעשפּאַרט אָן אַלטן באַרן-בוים און האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן, ווי אַ גענאָגלטע און צוגעקאָוועטע פון דעם נאָגענדן בענקעניש.

פלוצלינג האָט זי דערהערט טריט און האָט דערזען דורך די צווייגן די גענעראַלשע.

דאָס האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט און זי איז צוגעפאַלן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם צום אַלטן בוים, אַזוי ווי זוכנדיק שוץ בײַ אים פון אַ חיה.

די טריט זענען שוין לאַנג פאַרשוווּנדן און פאַרשטומט געוואָרן, און די יידענע איז נאָך אַלץ געשטאַנען, ווי אַ געליימטע פון פּחד, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אַ ניי געפיל, אַ שרעקלעכער טויט-אַנגסט האָט זי גענומען טרייבן און האָט זי געהייסן לויפן פון דער באַהעלטעניש.

---

עמעצער האָט דערציילט דעם גענעראַל וועגן די געסט, וועלכע זע-בען געקומען אין שלאָס אַריין און נאַטאַשע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געהיט, אַז קיינער זאָל אים נישט דערציילן וועגן דער טראַגישער גע-שיכטע, וועלכע איז געווען דאָס ווערק פון איר ברודער, האָט איצט גע-מוזט אים אַלץ מיטטיילן.

דעם פאָטערס פּנים איז איין מינוט געוואָרן וויסט פון עגמת-נפש און אויפרעגונג, און האָט אָנגענומען אַ טונקעלן אַש-קאָליר.

מיט שלעכטע, קלעמענדע פאָרגעפילן האָבן זיך פאָטער און טאָכטער געלאָזט גיין אין שלאָס.

און אַזוי ווי זיי זענען ביידע געגאַנגען, פאַרטראַכטע און שטומע, איז ווי אַ בייז און דראָענד מכשפה־געשטאַלט אַרויסגעשפּרונגען אויף דער סטעזשקע פון צווישן די געדיכטע ביימער די לאַנגע יידענע און איז געפאַלן פאַר זיי אויף די קני. אָבער אַזוי שנעל און אומדערוואַרט, אַזוי ווי זי וואָלט מיט אַמאָל פון דער ערד אויסגעוואַקסן.

דער גענעראַל איז אָפּגעשפּרונגען פון איר, ווי פון מלאך־המות, וועלכער וואָלט פּלוצלינג אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן און וואָלט אויסגעשטרעקט די הענט נאָך זיין לעבן.

אַ טויט־בלייכע איז אויך געווען נאַטאַשע.

אַ ווייל האָבן זיי ביידע איבערגעשראָקן געקוקט אויף דעם שטום־קניענדן געשטאַלט מיט אַן אויסגעקרימטן בעטנד פּנים. אַזאַ מיאוס און אוממענטשלעך פּנים! די גרויסע אויסגעקרימטע געל־גרינע און אוממענטשלעכע ציין, וועלכע האָבן, ווי בײַ אַ הונט, אַרויסגעשטעקט פונם אָפענעם מויל; די צוויי פאַרגרעבטע און מיט גראָבע אָדערן באַדעקטע הענט, וועלכע זי האָט בעטנד אויסגעשטרעקט צו זיי, האָבן אַזוי נישט געפּאַסט צו דעם בעטנדן אויסדרוק פון דער יידענעס פּנים, זענען געשטאַנען מיט אים אין אַזאַ שאַרפן און אָפּשטויסנדן קאָנטראַסט, אַז דער אויסדרוק האָט געקענט אַ טייוול אויפשוידערן.

און איידער דער פאָטער און די טאָכטער האָבן געהאַט צייט צו קומען צו זיך, האָבן זיך דערהערט פון ווייטנס טריט און די ווייט־הילכנדע שטימען פון דער גענעראַלשע און פון קאַדעט, וועלכע האָבן זיך שנעל דערנענטערט צו זיי.

אַזוי ווי אַ טויט־שרעק וואָלט אויפגעשוידערט די דריי פאַרגליווערטע געשטאַלטן, דעם גענעראַל מיט דער טאָכטער און די געשטאַלט פון דער יידענע, וועלכע איז אַזוי ווי פאַרשטיינערט געוואָרן אין איר קניענדן געבעט. זי איז ווי אין טויט־שרעק דאַן אויפגעשפּרונגען פון אָרט, איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן אין דער גאַנצער לאַנגער און דראָענדער געשטאַלט אירער און האָט אָנגעהויבן וואַרפן אַרום זיך איבערגעשראָקענע, שוץ־זוכנדע בליקן.

עס איז אָבער נישט געווען קיין צייט צו זוכן און וואַרטן. מיט ציטערנדע ווי אין אַ קדחת הענט האָט דער טויט־בלייכער גענעראַל אַרויסגעכאַפּט זיין טייסטער, האָט אַרויסגעוואָרפן דער יידענע דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך, האָט געכאַפּט נאַטאַשען אונטערן אָרעם, ווי ער וואָלט געזוכט שוץ בײַ איר, און האָט זיך גענומען מיט

איר שטום און שנעל דערווייטערן ווי פון א מלאך־המות, פון וועלכן ער האָט זיך אויסגעקויפט מיט געלט.

אַזוי ווי אַ האַמער וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער יידענעס קאָפּ און וואָלט פּריטשמעליעט איר באַוווסטזיין, אַזוי איז זי געבליבן שטיין מיט דעם פּאַפּירענעם געלט אין די הענט און האָט מיט ווילדע אויגן נאָכגעקוקט די אַנטלויפנדע געשטאַלטן.

דאָס געלט האָט ווי אַ באַליידיקונג געבריט אירע ציטערנדע הענט. זי האָט געוואָלט זיך אַ ריס טון פון אָרט, זיי נאָכלויפן, אויסשרייען, אַז זי וויל נישט קיין געלט, אַז זי איז נישט געקומען נאָכן געלט, און נאָך עפּעס אַזוינס האָט זיך איר געוואָלט אויסשרייען, אַזויס אומגלויבלעכס און אוממעגלעכס, וואָס האָט שוין אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון טונקעלן באַוווסטזיין און האָט איר געשריגן: „ברודער! ברודער! איך בין דיין שוועסטער!“ און האָט זי געשווידערט ווי אין אַן אומגעלומפּערט ווילדן חלום.

איז שוין אָבער פּאַר איר פּנים געשטאַנען די גענעראַלשע מיט אַ רויט פּנים, מיט צוויי גרויסע און מיט בלוט־אָנגעגאָסענע אויגן אַזאַ ווילדע און אַזאַ שרעקלעכע און מיט איר דער קאַדעט מיט דער ביקס אויף די פּלייצעס.

ווי אַ בייזער רויטער טייוול האָט געקוקט אויף איר דער קאַדעט און זי איז ווידער צוגעקאָוועט און קען זיך נישט רירן פון אָרט פון טויט־שרעק. . .

אַז די גענעראַלשע האָט דערזען אין איר האַנט לאַנגע און פרישע הונדערטערס און צווישן די ביימער האַסטיק שפּאַנענדע און פאַרשווינדענע געשטאַלטן פון מאַן און טאָכטער, האָט זי אויסגעשריגן ווי אַ פאַרווונדעטע.

דאָס געשריי האָט געבראַכט די יידענע צו זיך, האָט אין איר אומגעקערט דאָס באַוווסטזיין פון איר געפאַר, און ווי מען רייסט זיך אַרויס פון טויט, האָט זי זיך אַ ריס געטון פון אָרט און האָט אָנגעהויבן לויפן מיטן געלט אין דער האַנט.

אירע צוויי לאַנגע פיס האָבן זי געטראָגן ווי אַ געיאָגטע בריאה, ווי אַ פאַרפאָלגטע חיה. דער געשריי: „סטאָי! סטאָי!“ פון דער גענעראַלשע און דעם קאַדעט האָבן זי אַריינגעוואָרפן אין אַ גרעסערן פּאַניק און זי ווי געשמיסן מיט בייטשן.

הינטן האָבן אָנגעהויבן איר נאָכצולויפן מיט אַ ווילדן בילן. . . זי האָט אויך אָנגעהויבן ווילד צו שרייען, איר אייגן אוממענטשלעך קול

האָט איר נאָך מער געשראָקן און איבײנעם האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ שאָס, װעלכער האָט זיך צעטראָגן װײט איבערן פּאַרק מיט אַ בײזן און טויט־ברענענדן װידער־קול.

אַזױ װי אַ האַמער װאָלט איר דערלאַנגט פֿון הינטן איבערן קאָפּ.

זי איז געפֿאַלן, זיך װידער אױפגעהױבן, געלאָפֿן נאָך עטלעכע טריט און װידער געפֿאַלן.

די ערד, די בײמער דרײען זיך פֿאַר אירע אױגן... מען לױפֿט פֿון אַלע זײטן... זי זעט אױך אים... דעם ברודער, לױפֿן, אין גאָל־דענעם בליאַסק פֿון זײנע עפּאָלעטן, מיט נאַטאַשען... זי שטרעקט נאָך אױס צו זײ בײדע הענט מיטן געלט... זי דאַרף נישט קײן געלט... זי װיל עס צוריק אָפּגעבן... אָבער אַלץ שװינדלט פֿאַר די אױגן... לױפֿט ערגעץ טיף, טיף װי באַרג אַראָפּ, און פֿאַרשװינדט צוזאַמען מיט איר באַװוּסטזײן װי אין אַ טיפֿן, פֿינסטערן אָפּגרונט...

## דער ברודער אַנטלױפֿט.

און אין שװערסטן מאָמענט פֿון זײן לעבן, װען ער האָט גערופֿן דעם טױט װי אַ דערלײזער, איז דערזעלבער טױט, װעלכער פֿלעגט אים אַזױ אָפֿט קוקן אין פּנים אַרײן, נישט געקומען...

װי אַ געיאָגטע חיה האָט זיך דער אַלטער מאַן פֿאַרשלאָסן אין זײן צימער און האָט קײנעם צו זיך נישט צוגעלאָזט, אפֿילו נאַטאַשען.

און זי האָט אים געלאָזט אַלײן.

איצט איז איר אַלץ מיטאַמאָל קלאָר געװאָרן. דער בליץ פֿון שאָס האָט איר באַלױכטן דעם אָפּגרונט, דעם פּלאָנטער פֿון פּאָטערס לעבן...

זי האָט נישט געקענט אָפּרײסן אירע אױגן פֿון דער צעװיקלטער טראַגעדיע. מוטיק און דרײסט האָט זי אַרײנגעקוקט אין דעם אָפּגרונט מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם... דער מוח האָט שנעל געאַרבעט, איר מוט און װילן זענען אָבער געװאַקסן און זענען דרײסט און טאַפּפֿער געלאָפֿן אַנטקעגן אַלע פֿאָלגן און קאָנסעקװענצן.

און ווען אַלע זענען זיך ווי פאַרברעכער צעלאָפן פון טויטן קערפּער, וועלכער איז געלעגן מיט די לאַנגע גלידער צעוואָרפן אויפן גראָז ווי אַ דערשאָסענע חיה, האָט נאַטאַשע געזוכט אין שלאָס אַריין דעם אַלטן בערל, וועלכער איז געבליבן לאַנג באַ איר אין צימער.

מיט בערלען צוזאַמען האָט זי צוגעדעקט דעם קערפּער מיט אַ שוואַרצן טוך און ביידע זענען געשטאַנען איבערן מת, ביז מען האָט געבראַכט די חברה קדישא.

צונעמען דעם קערפּער האָבן נאַטשאַלסטוואָ נישט געלאָזט און האָבן נאָר דערלויבט, אַז יידן זאָלן אים היטן. אַרום פּאַרק איז געשטאַנען דאָס שטעטל, גרויס און קליין, אָבער שטומע און פאַרגליווערטע, נאָר די יתומים האָבן געוויינט און געליאַרמט, זיך רייסנדיק אין פּאַרק אַריין. דער פּריסטאַוו און די סטראַזשניקעס האָבן אָבער געהיטן די טויערן און האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזט.

די אויספאָרשונג פון „בונט" איז אָפּגעגאַנגען אין הינטערגרונט, פאַרשטעלט פון דעם נייעם פאַרברעך.

דער פאַרברעכער האָט זיך אויך פאַרשלאָסן באַ זיך אין צימער, האָט קיינעם צו זיך נישט צוגעלאָזט און האָט געדראָט זיך צו פאַרטיידיקן מיט דער זעלבער ביקס, מיט וועלכער ער האָט דערשאָסן די יידענע.

נאַטשאַלסטוואָ איז געקומען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט און האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון, וואָס פאַר אַ שטעלונג צו נעמען. דער איס-פּראַווניק האָט זיך פאַרמאַכט מיט דער גענעראַלשע און זיך מיט איר אויך לאַנג געעצהט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט טעלעגראַפירט נאָכן זון, דעם פּראָקוראָר, וועלכער איז דעם זעלבן טאָג אַרויסגעפאָרן פון פּעטערבורג מיטן ערשטן שנעל-צוג.

און אין דער נאַכט, ווען ער האָט באַדאַרפט אָנקומען און דער הרוג איז נאָך געלעגן ווי אַ שוואַרצע שרעק אויפן גראָז צווישן די ביי-מער, געהיט פון צוויי יידן, האָט דער גענעראַל מיט נאַטאַשען אומבאַ-מערקט און פאָרזיכטיק פאַרלאָזט דעם שלאָס, ווי מען גנבעט זיך אַרויס פון אַ תפיסה.

אַ פּאָר שעה האָבן זיי פאַרברענגט אין אַ לאַנגער באַראַטונג מיט בערלען אין זיין אכסניה. קיין מענטש האָט נישט געוווּסט פון דעם, וואָס צווישן זיי איז גערעדט געוואָרן אין דער נאַכט. באַנאַכט איז דער זעלבער אַלטער בערל אַוועק אויפן דאָרף, האָט זיי געבראַכט אַ גוייש פורל און דאָס פורל האָט זיי אָפּגעפירט צו דער באַן.

די יידענע האָט מען אויפֿן דריטן טאָג געפּאַלמעסט און באַגראָבן מיט אַ גרויסער לוויה פֿון אַ הרוג מלכות.

דער אפּוטרופּוס פֿון די יתומים איז געוואָרן דער אַלטער בערל.

אויפֿן פּראָקוראָרס ווונק האָט מען די געשיכטע מיטן „בונט" צע־ריבן און באַפּרייט דעם באַלעגאָלע. אַלע זענען באַלד אָפּגעפּאָרן פֿון מאַיאָנטעק, אפילו דער סובאָטניק, און זיין אָרט האָט פאַרנומען אַ דייטש פֿון קורלאַנד.

דער דייטש האָט באַלד איינגעפֿירט אין הויף דיזעלבע שטרענגע פּאָריאַדקעס, וועלכע האָבן עקזיסטירט פֿאַר דעם גראַף סווינטשיצקי. און אַלע האָפּנונגען, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן באַם שטעטל, ווען דער גענעראַל האָט עס אָפּגעקויפֿט פֿון זיינע הענט, זענען מיטאַמאָל צוריק אָפּגעשטאָרבן.

באַגראָבן אין טאָל איז דאָס שטעטל צוריק געלעגן צו די פֿיס פֿון שלאָס אויפֿן באַרג, ווי אַ בעטלער, שפּלדיק און דערשלאָגן אין זיין אָרימקייט און האָט ווייטער געשלעפּט די לאַסט פֿון דער האָפֿנונגסלאָזער גרויער עקזיסטענץ פֿון אַן אָרים שטעטל.

# דער בלוט־בלבול

## דער נייער פאַרוואַלטער.

עס איז געווען אַן עיבור־יאָר.

דער ווינטער האָט זיך געצויגן לאַנג, ווי אַן אייביקייט, און פורים־צייט איז דאָס שטעטל נאָך געלעגן אין טאָל, ווי באַגראָבן, אין טיפן שניי. צוזאַמענגעדרייט פון ביטערער קעלט און האָפנונגסלאָזער אָרימקייט איז דאָס געלעגן באַ די פיס פון באַרג מיטן פּרעכטיקן מאַגנאַטן־שלאָס, נאָך שפּלדיקער און עלנדער ווי פריער. דער אַלטער, אין שניי־באַפוצטער פּאַרק, מיט זיינע הונדערט־יעריקע שלאַנקע טאָפּאָליעס האָט געקוקט דערויף מיט מער שטאָלץ און פאַראַכטונג ווי פריער. דער נייער פאַרוואַלטער פון גוט האָט פאַרמאַכט דעם וואַלד און דער יקרות אויף האָלץ איז געוואָרן נאָך גרעסער. די איינגעהויקערטע הייזלעך האָבן זיך גענומען הייצן מיט שטרוי און אפילו שטרוי האָט זיך דאָס שטעטל נישט געקענט דערקויפן.

דאָס, וואָס די עקאָנאָמיע האָט נישט פאַרקויפט קיין האָלץ, איז געווען איינפאַך אַן אומדערטרעגלעכע גזירה. צוואָנציק ווייאָרסט אַרום איז נישט געווען קיין אַנדערער וואַלד, אַ חוץ דעם, וואָס האָט באַלאַנגט צום גענעראַל, און דאָס שטעטל האָט אים איצט דערמאַנט אָפטער און מיט אַ טיפערן קרעכץ ווי פריער.

זיין אָרט האָט שוין אָבער פאַרנומען אַ געלערנטער אַגראָנאָם, אַן עסטלאַנדער דייטש, פאָן-באַך, אַ גרעסערער שונא-ישראל ווי סווינטשיצקי, און ער האָט שוין קיין ייד אויף די אויגן נישט געלאָזט.

מען האָט געמאַכט אסיפות און געקליבן זיך שרייבן צום גענעראַל, בעטן אים אַז ער זאָל כאָטש פאַרקויפן האָלץ אין שטעטל אַריין. דער גענעראַל מיט נאַטאַשען זענען שוין אָבער געווען ערגעץ ווייט — מען האָט געזאָגט אַז אין אויסלאַנד — און מען האָט נישט געהאַט זיין אַד-רעס. אפילו בערל האָט נישט געוווסט וווהין אים צו שרייבן, כאָטש ער האָט איצט אין בית-המדרש, ווו מען האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן פון אים און זיך דערמאָנען אין דער קורצער אָבער גוטער ממשלה זיינער, געשמייכלט געהיימניספול ווי פריער.

דערזעלבער בערל פלעגט אָבער אויסהאַלטן מלכהס יתומים פון דעם געלט, וואָס דער גענעראַל האָט אים געלאָזט אין דער נאַכט פאַר זיין אָפּפאָרן. אויך חיים-הערש דער באַלעגאָלע האָט באַקומען אַ נייעם שפּאַן פאַר צוויי הונדערט רובל און האָט זיך צעשיידט מיט זיינע נבלות.

טראָץ דעם האָט דער לאַנגער באַלעגאָלע נישט אויפגעהערט צו פאַרלאַנגען פון בערלען דעם אַדרעס פון פעטער דעם לייב-מעדיק און דראָען, אַז ער וועט פאַרקויפן דעם שפּאַן און וועט פאָרן קיין פעטער-בורג אים אויפזוכן, און פאַרלאַנגען גערעכטיקייט פאַר דער מומע מלכה עליה השלום.

דער סליעדאָוואַטעל איז נאָך אַ פּאָר מאָל געקומען אין שטעטל אַריין וועגן דעם בונט באַ דער שענק. די „דיעלאָ" איז אָבער בטל געוואָרן. אויך איז בטל געוואָרן די הריגה פון דער יידענע. מען האָט עס געמאַכט אַזוי, אַז די קויל פון דעם קאַדעט האָט זי געטראָפן אום-גערן, צילנדיק אין אַ פויגל אויף דעם בוים, אונטער וועלכן די יידענע איז געשטאַנען.

# דער אַלטער פּריסטאַוו.

אַרום פּורים־צייט איז דערשינען אין שטעטל צוריק דער אַלטער פּריסטאַוו, וואָס דער גענעראַל האָט אַראָפּגעזעצט פון בענקל, און אין וועלכן דאָס שטעטל האָט שוין כמעט פאַרגעסן.

זיין ווייב האָט נאָך אַלץ געוווינט אויפן דאָרף אין אַ קליין גויאיש הייזל.

און באַלד האָבן זיי ביידע צוזאַמען אָנגעהויבן צו גיין צווישן די קלייטן און איינקויפן ביד רחבה, זי אין אַ רייכער פליושענער רעטאָנדע אויף פוטער און ער אין אַ האָזענעם טולופּ און מיט אַ מאָדנער קאָקאַרדע אויף אַ רויט היטל פון אַ מאַרשאַלעק, וועלכע מען האָט געקענט זען נאָר אין די גרויסע שטעט.

זיי האָבן געקויפט און זיך נישט געדונגען, ווי רייכע און שטאָלצע פּריצים. באַזונדערס שטאָלץ האָט זיך באַנומען די פּריסטאַוושע, וועלכע האָט אַ גאַנץ יאָר געפּוכנעט פון הונגער, אַזוי ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט באַווייזן די יידן, אַז זי איז צוריק אַ פּריצהטע, און נאָך גרעסער פון אַ פּריסטאַוושע.

נאָכגעטראָגן האָבן איר די פּעקלעך צוויי אונטערטעניקע דינער, דער גוי פּאַכאָס, בּאַ וועלכן זי האָט געוווינט אין שכנות און אשר דער סאָטסקי, איר טרייער מענטש און בן־בית, וועלכער פלעגט פריער אַרומ־לויפן באָרגן פאַר איר ערגעץ אין אַ קלייטל אַ פונט צוקער. דער פּריסטאַוו האָט מיט אַ נאַכלעסיקן שטאָלץ געוואָרפן די פּאַפּירלעך פון פולן טייסטער, האָט נישט געציילט דעם רעשט, וואָס דער קרעמער האָט אים געגעבן, האָט אָבער חוזק געמאַכט פון אים און פון יידן בכלל, גיפטיקער ווי פריער, ווען ער איז געווען פּריסטאַוו און מלך אין שטעטל. איבעריקנס איז ער געווען גאַנץ גוטמוטיק געשטימט, ווי אַ טריומפאַטאָר, וועלכער קומט אין זיין צוריק געוואונענער מלוכה.

מער פון אים האָט נאָך טריאומפירט די גראָבע פּריסטאַוושע, וועל־כע האָט אַלע מאָל צוזאַמענגעצויגן אויף זיך די נייע רעטאָנדע, ווי איי־נער זאָגט: „זעט ווער איך בין איצט!‟

די קרעמער האָבן איר אָפּגעגעבן דעם אמתן כּבוד: „ווען די טייערע באַריניאַ נאָך לאַנג ווינען באַ אונדז?“ — האָט זי כּמעט יעדערער געפרעגט מיט אַ חניפהדיקן אונטערטעניקן שמייכל, און די באַריניע האָט געענטפערט:

— וואָס נאָך ווען איר אויסטראַכטן? אָט וועל איך בלייבן דאָ, אין דעם פאַרכאַטי זשידאָווסקי שטעטל... כאַ כאַ כאַ! איך גלויב, אַז פעטערבורג איז אַ ביסל אינטערעסאַנטער און שענער פון דער בלאָטע — און האָט דערביי צוגעוווּנקען צום מאַן, אַז ער זאָל עס באַשטעטיקן.

דער קרעמער האָט צוגעגעבן, אַז פעטערבורג איז אינטערעסאַנטער און האָט אויסגעדריקט זיין באַדויערן, וואָס דאָס שטעטל וועט פאַרלירן אַזאַ „טייערע באַריניאַ“.

טראָץ דעם האָבן זיי דאָס „פאַרכאַטע זשידאָווסקע שטעטל“ אַזוי גיך נישט פאַרלאָזט.

## שבת הגדול.

באַלד האָבן די מאַרצאָווע ווינטן גענומען שמעלצן און עסן דעם שניי. די קעלט איז אָבער נישט פאַרקלענערט געוואָרן און די פרעסט פלעגן באַנאַכט צוזאַמענקאָווען די אָנגעשמאָלצענע וואַסערן פון טאָג. אָן שניי האָבן די דעכער אויף די הייזלעך שוין אויסגעזען ווי אָפּגעגאָלטע נאַקעטע קעפּ. טראָץ דעם האָט דאָס שטעטל אויפגעלעבט, האָט זיך גענומען כּשרן, וואַשן און שמירן און זיך געגרייט אויפצונעמען דעם פּסח.

שבת-הגדול איז דאָס שטעטל אויפגערודערט געוואָרן ווי אַ קופּע מוראַשקעס. דער שבת-גוי איז פּלוצלינג פאַרשוווּנדן געוואָרן און עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל הייצן די הרובעס און וואַרעמען דאָס געקעכטס. די ווייבער זענען אַרומגעלאָפן, געקלאַפּט אין די פענסטער און זיך נאָכגעפרעגט איינער באַ דעם צווייטן צי „קאַליסטראַט“ איז דאָרט נישטאָ.

קאַליסטראַט איז געווען אַ דרייצניאָריקער שגץ, וועלכער האָט

געירשנט דעם אַמט פון שבת־גוי פון זיין מוטער „אַפקע“, די שיכּורטע, וועלכע האָט פאַרנומען אין שטעטל אַ וויכטיקן און נייטיקן פּלאַץ, כּמעט פון אַ כּלי־קודש. זי פלעגט שמירן פאַר פּסח די הייזער און אין מיטן יאָר אַראָפּנעמען די לייכטער פון טיש און הייצן די הרובעס. נעכטיקן פלעגט זי אין באָד און העלפן דערפאַר דער טוקערקע. ווי אַ שבת־גויע פלעגט זי רעדן גוט יידיש, נישט גיין אין קלויסטער אַריין און שעלטן די „חזרים“, די גויים, ווי אַלע יידן. קאַליסטראַט איז אויס־געוואַקסן צווישן יידישע קינדער און איז אויך געווען גאַנץ פאַריידישט ווי זיין מוטער.

געזוכט האָט מען קאַליסטראַטן, ביז מען איז געגאַנגען פון די שולן. און אַז עס איז געוואָרן שפּעט און דאָס עסן איז נאָך אַלץ געווען קאַלט, זענען שוין באַלעבאַטים געלאָפן אויפן דאָרף נאָך שבת־גויים. עס איז אָבער געווען אַ חגא און עס איז דערפאַר געווען שווער צו קריגן אַ גוי פאַר אַזאַ אַרבעט. און אַז עמעצער האָט מיט גרויסע צרות שוין גע־פּאַקט אַ גוי אָדער אַ שיקסל, האָט מען זיך גענומען דערפאַר שלאָגן אויפן מאַרק־פּלאַץ און מען האָט עס שיער נישט צעריסן. די סעודה האָט מען שוין געגעסן גאַנץ שפּעט און דער שבת־הגדול איז געווען אַ פאַר־שטערטער.

## דער בר־מינן.

שבת־צו־נאַכטס איז געווען אַ בר־מינן אין שטעטל, אַ קימפּעט־קינד באַ אַן אָרימען שניידער, וואָס האָט באַקומען די שווערע קרענק און איז געשטאָרבן.

נאָך הבדלה איז געקומען פּיצי דער קברן, אַן אַלטער האָרבאַטער ייד מיט אַ גרויסער, רויטלעך־בלויער און פּרישטשעוואַטער נאָז און מיט צוויי אומגעוויינטלעך לאַנגע הענט, האָט עס פאַרנומען אין דער פּאָלע און איז אַוועק מיט אים אויפן הייליקן אָרט, באַגלייט פון זיין איידעם, וועלכער האָט געזאָלט ירשענען די חזקה פון קברות־מאַן. דער שווער האָט אים שוין אָנגעהויבן מיטצונעמען און לערנען באַצייטנס, כּדי די חזקה זאָל זיין נאָך שטאַרקער.

דאָס הייליקע אָרט איז געלעגן צווײ וויאָרסט פון שטעטל, פון יע־נער זייט דאָרף. דער ווינט האָט באַלד פאַרלאָשן די לאַמטער אין איי־דעמס הענט און האָט שוין האַרטנעקיק נישט געלאָזט אים אָנצינדן צו־ריק, און די צוויי מענטשן האָבן זיך געלאָזט וואַנדערן מיט זייער טויטער משא אין דער אומהיימלעכער פינסטערניש.

אין שטיבל פון קברות־מאַן האָבן זיי צוריק אָנגעצונדן די לאַמטער, מיטגענומען דאָס געצייג און זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן הייליקן אָרט גראָבן אַ קבר.

און אַזוי ווי דער קברן האָט אַוועקגעלייגט אויף דער ערד דעם קליינעם מת און האָט זיך גענומען מיט דער האַק האַקן די נאָך פאַר־פרוירענע ערד, האָט זיך פון צווישן די ביימער אויפגעהויבן אַ שטאַר־קער ווינט, וועלכער האָט ווידער פאַרלאָשן די לאַמטערן, און האָט זיך גענומען וואַרפן און טרייסלען די ביימער מיט אַזאַ בייזער רציחה און אימפעט, אַזוי ווי ער וואָלט זיי געוואָלט אויסרייסן מיט די וואָרצ־לען.

די נאַקעטע, שוואַרצע ביימער האָבן זיך גענומען אונטער דעם שטורמישן אָנלויף קורטשען, קרעכצן און וואָיען, און באַלד האָט דער גאַנצער בית־עולם געקרעכצט און געקלאָגט, אַזוי ווי דער קברן וואָלט מיט זיין האַק אויפגעוועקט פון זייער אייביקן שלאָף אַלע מתים, אַ גאַנצע טויטע וועלט און זי וואָלט זיך גענומען דערציילן און באַקלאָגן אויף די יסורים פון גיהנום.

אפילו באַם אַלטן צוגעוווינטן קברן איז געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן און מוראַשקעס האָבן גענומען לויפן איבער זיין לייב אונטער דער אַלטער וואַטאָווער קאַפּאָטע זיינער.

— צינד אָן צוריק די לאַמטערן! — האָט ער באַפוילן דעם איי־דעם מיט אַן אומהיימלעכער און ציטערנדיקער שטימע.

דער איידעם האָט זיך גענומען רייבן אַ שוועבעלע נאָך אַ שווע־בעלע. די שוועבעלעך אָבער האָבן זיך אויסגעלאָשן באַלד ווי זיי האָבן זיך אָנגעצונדן.

פּלוצלינג האָט דער איידעם אויסגעשריגן אַזוי הויך און שרעקלעך, אַז אפילו די ביימער זענען מיט אַמאָל פאַרשטומט און פאַרגליווערט גע־וואָרן פון שרעק. און איידער דער קברן האָט געהאַט צייט צו פרעגן וואָס איז מיט אים, זיך אַרומקוקן, איז זיין יונגער תּלמיד שוין געלאָפן, צום פּלויט, לאָזנדיק הינטער זיך אין דער אויפגערודערטער און דערשי־

טערטער נאַכט־לופט דאָס ווילדע ווידער־קול פון אַ שרייענדער טויט־פּאַניק.

געיאָגט פון דעם טויט-פּאַניק, האָט זיך דער יונגערמאַן שוין נישט געקענט אָפּשטעלן. ער איז אַריבערגעשפּרונגען דעם פּאַרקאַן און איז שוין אַזוי געלאָפן ביז צום ערשטן גויאישן הייזל פון דאָרף, האָט נאָך געהאַט כּוח אָנצוקלאַפּן און איז מיט אַ צעריסן האַרץ פון שרעק געפאַלן אַ טויטער.

דער קברן אָבער איז געבליבן איבערגעשראָקן נאָר אַ ווײַלע. דער מאַן איז שוין געווען געוווינט מיטן טויט און מיט מתים און האָט זיך באַלד באַהערשט.

זיין ערשטע באַוועגונג איז געווען אַרויסצונעמען פון דער בוזעם־קעשענע די פלאַש בראָנפן, מיט וועלכער ער פלעגט זיך נישט שיידן, ווען ער פלעגט טון זיין טויטע מלאכה, און גענומען אַ גוטע כּוסה. דער ברענענדער בראָנפן איז באַלד אַריין אין זיין קאָפּ, פון קאָפּ זיך אַראָפּגע־גליטשט צום האַרץ, האָט עס אָפּגעבריט און האָט פון דאָרט מאָמענטאַל אַרויסגעטריבן דעם טויט־פּחד און אים פולשטענדיק באַרויקט. דאַן האָט ער געפונען אַ שוועבעלע אין קעשענע, האָט פאַוואָלינקע אָנגעצונדן צו־ריק די לאַמטער, האָט איר אויפגעהויבן און זיך אַריינגעקוקט אין דער פינסטערער נאַכט.

צווישן די ביימער, אויף אַ צווייג, איז געהאָנגען אַ מענטש, וועלכן דער ווינט האָט געשאָקלט הין און צוריק ווי אַ גרויסן שוואַרצן פענדל פון אַ זייגער.

דער מענטש האָט דאָס אַ פּלי געטון דעם יונגן קברן אין פּנים אַריין און האָט עס אים אַזוי דערשראָקן.

דער קברן האָט אויפגעהויבן נאָך העכער די לאַמטערן און האָט זיך נאָך בעסער איינגעקוקט. אויפן בוים איז געהאָנגען דער שגץ קאַ־ליסטראַט, אַפּקעס זון, וועלכער האָט אַזוי אויפגערודערט דאָס שטעטל.

דער קברן האָט זיך גוט אויסגעשאָלטן, שוין נישט ווי קיין ייד, נאָר ווי אַ גוי, און האָט זיך גענומען באַגראָבן דעם בר־מנין.

בײַ זיך אין קברות־שטיבל האָט ער דעם איידעם נישט געטראָפן. דער אָנגעשראָקענער ייד איז געוואָרן מיט אַ מאָל מרה־שחורהדיק און האָט זיך געלאָזט שוין שפּעט אין דער נאַכט גיין אין שטעטל אַריין צו דער טאָכטער זען וואָס עס טוט זיך מיט איר מאַן. דאָרט אָבער האָט ער שוין

געטראָפן אַ נייעם בר-מינן, וועלכן די גוים פון דאָרף האָבן געבּרענגט א היים.

## דער נייער שרעק.

און דער שרעק פון דער שוואַרצער נאַכט האָט זיך אָנגערוקט אויפן אָרימען שטעטל און האָט עס שוין לאַנג נישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע נעגל.

פאַרשפרייט איבער די אָרימע איינגעהויקערטע הייזלעך האָט ער זיך פון דאָרטן, פון דעם שגץ, וועלכער איז נאָך געלעגן אויפן בית-הקברות.

עס איז לעבן אים געשטאַנען אַ שטרענגע שמירה פון סטראַזש-ניקעס.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט אים פריער געקוילעט און דערנאָך אויפגעהאָנגען. דער פריסטאַוו האָט באַלד טעלעגראַפירט דעם איספראַווניק און פראָקוראָר, און איידער די זענען נאָך געקומען, האָט דער גלח שוין באַשטימט דעם שיקזאַל פון שטעטל...

זונטיק נאָכן דאַווענען האָט ער געהאַלטן אַ רעדע אין קלויסטער און האָט אַרויסגעלאָזט דאָס שרעקלעכע וואָרט:

— די זשידעס האָבן געקוילעט דאָס קריסטלעכע ייִנגל צוליב בלוט אויף פסח!

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. די קייט פון לאַנג-יעריקע און גוּ-טע שכנישע באַציונגען, וועלכע האָט צוזאַמענגעבונדן דאָס שטעטל מיט דעם דאָרף, האָט זיך מיט אַמאָל צעריסן פון די זינלאָזע, פאַרלוימדערי-שע ווערטער.

די ייִדן האָבן עס באַלד דערקענט אין די אויגן פון די גויים וואָס זענען געקומען אויפן מאַרק. אַ בייזער פלאַם האָט שוין געלויערט אין די אויגן פון דעמזעלבן סטעפאַן און איוואַן, מיט וועלכן די מאַרק-מענטשן האָבן זיך געקענט פון קינדווייז אָן. אַ בייזער און דראָענדער שמייכל, איז זיך שוין געלעגן אויף די פּראָסטע כאַכלאַצקע פּנימער, אַ שמייכל, וועלכער וויל עפּעס פאַרדעקן און רעדט אָבער מער ווי מען באַדאַרף.

געריעדט האָט אָבער דאָס דאָרף גאָרנישט, נישט וועגן דער געשיכטע און נישט וועגן גלחס פירוש אויף איר. די גויים האָבן שוין געשוויגן ווי פאַרשווערער און קאָנספּיראַטאָרס, דראָענד געשוויגן, אָבער פּיל-זאָגגט געשמייכלט. . .

— וואַרט! מיר וועלן אייך ווייזן! — האָט געזאָגט דער בייזער שמייכל.

נאָר דער אַלטער פּריסטאַוו האָט זיך נישט איינגעהאַלטן. ער איז דעם טאָג ווידער אַרומגעגאַנגען מיט זיין ווייב איינקויפן איבער די קלייטן און די ערשטע יערטער זיינע זענען געווען אין יעדער קראָם: „געקויפט אַ יינגל אויף פּסח? וואָס? גיב, זשיד, אַ האַלב פונט טיי”, אָדער ער האָט פאַרלאַנגט עפּעס אַנדערש. און דער „זשיד” איז שוין געבליבן שטיין ווי אַ פּריטשמעליעטער און טויט-בלייכער בײַ דער סטאָיקע, אַזוי ווי דער כּוליגאַן וואָלט אים דערלאַנגט מיט אַ האַק איבערן קאָפּ און בײַ אים צוגענומען אַלע חושים.

דער כּוליגאַן מיט דער כּוליגאַנקע פלעגן שטיין און קוקן דעם טויט-בלייכן ייד אין פּנים אַריין מיט אַזאַ טייוולשן פאַרגעניגן, מיט אַזאַ בלוטיקער פרייד . . .

— נו, שרעק זיך נישט, זשיד! — די מצווה מיטן בלוט וועט מען דיר לאָזן אויפעסן, אָבער נאָך פּסח — אין קוטשעמענט אַריין. . . כי כי כי. . אָדער נאָר מאַכן כיק זיין גערגעלע? אַ, מאָשקע? מאַכן כיק און נישטאָ בלוט. ווי אין דער זשידאָווסקע תּורה שטייט: אַן אויג פאַר אַן אויג. . . דו טרינק גוייש בלוט, גוי גיי טרינק דיין בלוט. . . כי-כי-כי. . .

און דער פּריסטאַוו פירט הין און צוריק מיט אַזאַ בייזער פרייד זיין האַנט איבערן אייגענעם גאָרגל, ער ווייזן מאָשקען ווי אַזוי מען וועט אים „מאַכן כיק אין גערגעלע” און פרעגלט זיך אין גיפט פון זייז פאַרגעניגן, און די גראָבע פּריסטאַווושע טרייסלט זיך אַזש אין דער רעטאָנדע פון געלעכטער.

— שאַ! — גיט זיך אַ כאַפּ מיט אַ געמאַכטער ערנסטקייט דער פּריסטאַוו — זאָג נאָר, מאָשקע, און אין דער טיי דיינער איז נישטאָ קיין גוייש בלוט? אַ? — און ער נעמט זיך גאַנץ ערנסט טאַפּן די טיי, און די פּריסטאַווושע לאַכט שוין היסטעריש און מיט אַ ווילדן קוויטש.

די סצענע האָט זיך איבערגעחזרט אין אַ פּאָר קלייטן. פאַרנאַכט

האָט מען שוין געזען אַ פּאָר פרעמדע און אומבאַקאַנטע סוביעקטן אויפן
מאַרק, מיט טרפהנע און טעמפּע מאָרדעס פון „סישטשיקעס״, און רעד=
לעך פון גויים אַרום די סוביעקטן.

די קראַנקע יידישע פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט שנעל, ווי אין אַ
פיבער. דראָענדיקע שרעק=געשטאַלטן האָבן שוין געלויערט אויף יעדן
שריט און טריט. דאָך איז דער מאַרק אָפּגעלאָפן בשלום און אָן אינצי=
דענטן. אפילו באַם טשעך אין שענק האָט מען זיך דעם זונטיק נישט גע=
שלאָגן, וואָס איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. מען האָט זיך אַזוי ווי
אָפּגערעדט, אַז אַלץ זאָל פאַרלויפיק בלייבן רויק און שטיל. די רו=
יקע שטילקייט אָבער האָט נאָך מער געדראָט און געשראָקן און די קרע=
מערס האָבן פאַרמאַכט די קראָמען און זענען געגאַנגען אַהיים מיט אַראָפּ=
געלאָזטע קעפּ, געבויגענע און צוגעדריקטע אונטער דער שווערער לאַסט
פון אַ נייער זאָרג, פון אַן אומזיכערן מאָרגן...

## דער בלוט=בלבול.

מאָנטיק איז שוין געקומען דער איספּראַווניק מיטן סליעדאָוואַטעל
פון דער אויעזדנער שטאָט, און דער פּראָקוראָר פון דער גובערנסקער
שטאָט. מיט דעם פּראָקוראָר זענען אויך געקומען אַ דאָקטאָר און סישטשי=
קעס מיט הינט.

אַלע מיט אַמאָל זענען זיי זיך צונויפגעקומען אויף דער סטאַנציע,
און פון דאָרט האָט זיי די זעמסקי פּאָטשט געבראַכט אין שטעטל
אַריין.

די נאַטשאַלסטוואָ האָט זיך אָבער אין ערגעץ נישט אָפּגעשטעלט,
און באַגלייט פון דעם גייעם פּריסטאַוו זענען זיי גלייך אַוועק אויפן הייי=
ליקן אָרט, ווו דער שגץ איז שוין געלעגן צווישן דיביימער אַ געפרוי=
רענער און שטייפער, ווי אַ האַרטער און גרויזאַמער שטיין, געהיטן פון
זעקס סטראַזשניקעס, וועלכע האָבן זיך געביטן אַלע אַכט שעה.

און אַזוי האָט זיך גענומען וועבן אַ בלוט=בלבול!

געוועבט האָט מען אים מיט דעם אוראַלטן פאָדעם, געניט האָט
מען דאָס געוועב מיט גרויסע און אומגעלומפּערטע תכרוכים=שטעך, אַזוי

איז דער ווייסער פאָדעם האָט אַרויסגעשטעקט און זיך געזען פון אַלע זייטן. . .

די אוראַלטע געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט ווי אַמאָל אין די אַלטע צייטן. דאָס שטעטל האָט עס דערזען פון דעם ערשטן מאָמענט, ווי אַזוי נאַטשאַלסטוואָ האָט זיך גענומען פאַר דער אויספאָרשונג. די פּאָליציי האָט באַלד געבראַכט אויף דעם הייליקן אָרט דעם אַלטן רב, בערל דעם בעל-אכסניה, דעם גבאי פון דער חברה־קדישא און נאָך אַ פּאָר פון די חשובסטע באַלעבאַטים.

דעם שגץ האָט מען איבערגעטראָגן אין קברות־שטיבל, ווו מען האָט אים געזאָלט פּאַלמעסן, געדרייט האָבן זיך אַרום דער נאַטשאַלסטוואָ שוין פרעמדע סוביעקטן, וועלכע מען האָט געזען זונטיק אויפן מאַרק, דער גראָבער גלה, וועלכער האָט בייז געסאָפּעט אין דין אַסטמע ווי אַ דאַמפּענדער לאָקאָמאָטיוו.

דער פּראָקוראָר האָט צוגעוואָרפן די יידן נאָך אַ לאַנגן, פאָרשענדן בליק, פון וועלכן דאָס בלוט איז פאַרקילט געוואָרן באַ אַלעמען אין די אָדערן. ער האָט זיי אָבער געלאָזט שטיין אין דרויסן און פרירן אין דער נאָך גענוג קאַלטער לופט און איז אָפּגעגאַנגען צוריק אין קברות־שטיבל.

אין נאַטשאַלסטוואָ האָט זיך לאַנג באַשעפטיקט מיט דעם אויספאָרשן און פאָטאָגראַפירן די ווונדן, וואָס מען האָט געפונען אויפן שגצס קערפּער, און דערנאָך־שוין מיטן פּאַלמעסן.

לאַנג זענען געשטאַנען די עטלעכע יידן. שטומע און דערנידעריקטע, ווי מענטשן צוגעזאָגלט צום שאַנד־קלאָץ.

שפּעט פאַרנאַכט, ווען די זון, אַן אומפּריינדלעכע און בייזע, האָט זיך שוין גענומען אַרונטערלאָזן הינטער דיביימער פון אַלטן בית־הקברות, זענען אַרויסגעגאַנגען צוויי סישטשיקעס און האָבן גראָב, ווי שוין פאַרטיילטע מערדער. אָפּגעפירט די יידן אָן אַ זייט און האָבן זיי אויסגעשטעלט באַם פּלויט, ווי מענטשן, וואָס מען גייט דערשיסן. . .

דערנאָך איז אַרויסגעקומען די גאַנצע נאַטשאַלסטוואָ מיטן פּראָקוראָר אָן דער שפּיץ, וועלכער האָט געטראָגן אַ גרויסן בריליאַנטענעם צלם אויפן האַלדז, און אַלע זענען געבליבן שטיין פונוויטנס. אַן אַנדערער סישטשיק האָט אַרויסגעפירט צוויי גרויסע היגט אויף אַ קייט און איז מיט זיי אַוועק צו דעם בוים, ווו מען האָט געפונען דעם שגץ הענגענדיק. דאָרט האָט ער זיי אָפּגעלאָזט. די האָבן אַרומגעשמעקט די

קברים, די ביימער לעבן דעם אָרט און זענען אַוועק, שמעקענדיק זיי ערד און דעם געלן, שוין צעשמאָלצענעם און קויטיקן שניי, פאַרביי דער נאַטשאַלסטוואָ און די יידן.

אַז דער סישטשיק האָט דאָס דערזען, האָט ער די הינט צוריקגערופן און זיי אָנגעכאַפּט באַ די האַלדזבענדער. ער האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר אַנטוישטע און פרעגנדע אויגן אויפן פּראָקוראָר.

דער פּראָקוראָר האָט אַ רגע געטראַכט און האָט געהייסן זיי צופירן צו די יידן. דער סישטשיק האָט זיי כמעט צוגעשלעפּט, די הינט אָבער האָבן זיי לייכט, אַזוי ווי אומגערן באַשמעקט און זענען ווי אַנטוישטע אָפּגעגאַנגען צוריק אָן אַ זייט.

נאַטשאַלסטוואָ איז אויך געבליבן אַנטוישט.

שטום זענען זיי אַלע נאָכגעגאַנגען דעם פּראָקוראָר צוריק אין קברות-שטיבל אַריין.

אין עטלעכע מינוטן אַרום איז אַרויסגעקומען דער פּריסטאַוו און האָט געהייסן די יידן גיין אַהיים.

פון יענער זייט פּלויט האָט שוין שטום געוואַרט אויף זיי אַ מחנה בלייכע, אַזוי ווי זיי אַליין דערשלאָגענע און געשענדטע מענטשן. שטום האָבן זיך אַלע אומגעקערט אין שטעטל אַריין, ווי פון אַ לוויה.

דאָס פיינטלעכע דאָרף האָט זיך שוין געהילט אין די דראָענדע שאָטנס פון אַן אָנהייב-חודשדיקער נאַכט מיט אַ קאַרגן לבנה-שיין. דאָס דינע אייז, וואָס איבער די לייכט-פאַרצויגענע פּרילינגס-וואַסערן, האָט זיך מיט אַ בייזן און פיינדלעכן רויש געבראָכן אונטער דער יזדהס פיס. . .

געבראָכן האָט זיך אויך די אָרימע, אָבער פון קיינעם ביז אַהער נישט געשטערטע, עקזיסטענץ פון שטעטל.

## דער אַרעסט פון קברן.

טראָץ דעם האָט מען אַרעסטירט דעם אַלטן האָרבאַטן קברן און אים מיט אַ גוטער שמירה אַוועקגעשיקט אין אויעזדנע טורמע. געבראַכט האָבן צו זיין טאָכטערס הייזל די הינט מיט דיזעלבע שפּורן, וואָס דער ייד האָט געלאָזט הינטער זיך, גייענדיק פון געהאָנגענעם געהויר ווערן

צו זיין איידעם. מען האָט אים אָבער נישט געקאָוועט אין קייטן, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן, ווייזט אויס, אַז נאַטשאַלסטוואָ אַליין האָט סקעפּטיש געקוקט אויף דעם פאַרברעכן, אָדער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ וויי־ניק וויכטיקן און געניגנדן קרבן.

דינסטיק באַנאַכט איז די גאַנצע נאַטשאַלסטוואָ אָפּגעפאָרן, איבער־לאָזנדיק די אַנגסט און די שרעק פאַר דער צוקונפט.

דער פסח איז שוין געשטאַנען באַ דער טיר, דער יידישער ווי דער גויישער. דאָס דאָרף אָבער האָט דראָענד געשוויגן און געהיימניספול און בייז געשמייכלט... באַלד האָט זיך אַ גוי צעשלאָגן מיט אַ קרעמער אי־בער אַ הערינג און האָט געדראָט, אַז אַלץ וועט באַלד זיין זייערס. דער געוועזענער פּריסטאַוו האָט נאָך אַלץ געלעבט אויפן דאָרף און איז נישט אָפּגעפאָרן. אשר דער סאָטסקי פלעגט שוין צו אים נישט גיין. די באַרי־ניאַ האָט שוין איצט אין אים זיך נישט געבייטיקט און האָט אים מיט אַמאָל אַרויסגעטריבן.

טראָץ דעם האָבן די יידן געפילט און געוווּסט, אַז אויפן דאָרף טוט זיך עפּעס; אַז דער רוסישער סאָיוז, וועלכער איז מיטן פּריסטאַווס אָפּפאָרן אָפּגעשטאָרבן, איז פון אים צוריק אויפגעלעבט געוואָרן; אַז באַם גלח אין הויז קומען פאָר פאַרזאַמלונגען. דער שוואַרצער שרעק פון דער פּאָגראָם־געפאַר איז געוואַקסן און האָט שוין פאַרשפּרייט זיינע שוואַר־צע פליגל איבערן שטעטל און איבער פסח.

די יידישע געשיכטע איבערחזרט זיך.

מען האָט צונויפגענומען גאַנצע 500 רובל פון רייכן און פון אָרימסטן און מען האָט זיי אַוועקגעטראָגן צום פּריסטאַוו. דער פּריסטאַוו האָט פאַר־זיכערט, אַז ער וועט צו קיין פּאָגראָם נישט צולאָזן און דאָס שטעטל קאָן רויק פייערן זיין יום־טוב...

און דער פסח איז אַריבער רויק, אָן אינצידענטן.

## די ערשטע אסיפה.

חול־המועד פסח, אַז די ערשטע שרעק פאַר אַ פּאָגראָם איז אַריבער, האָט דאָס שטעטל געהאַט די ערשטע אסיפה.

אָפיציעל איז דער בלוט־בלבול נאָך נישט פּראָקלאַמירט געוואָרן. ער איז שוין אָבער געהאָנגען אין דער לופטן. דאָס דאָרף, געפירט פון גלח און פון עטלעכע געבראָטענע שוואַרצמאהניקעס, האָט שוין דערפון געהערט אָפן. דער געוועזענער פּריסטאַוו איז אויך באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן. דאָס שטעטל אָבער איז שוין געווען פעסט איבערצייגט, אַז די אַרבעט איז זייגע... ווייטער איז אַן אומשולדיקער ייד שוין געזעסן אין תּפיסה און מען האָט מער נישט געקענט וואַרטן. און אין דעמזעלבן טאָג איז אַ דעפּוטאַציע פון רב, ר׳ בערלען און לוי דעם פּראָצענטניק אַוועקגעפאָרן אין גובערניע אַריין זיך האַלטן אַן עצה מיט די יידישע כלל־טוערס. פאַרפאָרן זענען די יידן גלייך צום גובערנסקי ראַבינער. דער ראַבינער האָט שוין געוווּסט פון דער געשיכטע, פון דעם שוואַרצמאהדיק בלעטל, וואָס די „גובערנסקיע פּראַוולעניע" פלעגט אַרויסגעבן. אָבער אפילו די צייטונג האָט נאָך נישט געוואַגט אָפן צו רעדן פון אַ ריטואַל־מאָרד. נאַטשאַלסטוואָ אַליין האָט זיך נאָך געוואַקלט.

די אָנגעשראָקענע יידישע פאַנטאַזיע איז דאָס מאָל, ווי תּמיד, געלאָפן פאָרויס. פונדעסטוועגן האָט דער ראַבינער באַלד צונויפגערופן צו זיך אַן אסיפה פון די פּראָמינענטסטע מענער און גבירים אין שטאָט, צווישן וועלכע עס איז געווען אַ ווייט־באַרימטער יידישער אַדוואָקאַט און אַ יוגנט־פריינט פון פּראָקוראָר, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען שטודירט.

דער אַדוואָקאַט האָט באַרויקט די קליינשטעטלדיקע דעפּוטאַציע און די אסיפה. אַזוי ווי די ידיעה פון געפינען אַ הרוג אויף דעם יידישן בית־הקברות איז דערשינען אין דער לאָקאַלער צייטונג, האָט ער געהאַט אַ געשפּרעך וועגן דעם מיטן פּראָקוראָר און האָט זיך פון געשפּרעך מיט אים איבערצייגט, אַז ער איז ווייט פון אַ ריטועלער אויפפאַסונג און גלייבט נישט אין דער עקזיסטענץ פון ריטואַל־מאָרדן בײַ יידן בכלל.

— מיין פריינט איז צו פּראָגרעסיוו און ליבעראַל, האָט הינטער זיך אַ זויבערע קאַריערע פון אַ צו ערלעכן יוריסט, אַז ער זאָל זיך וועלן שמוצן מיט אַ בלוט־בלבול. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם קברות־מאַן, דערלויבן נישט די פּראָצעדור און געזעצלעכע פאָרמאַליטעטן אים באַלד צו באַפרייען. איך וועל אָבער זען, אַז מען זאָל אים קענען אַרויסנעמען אויף ערבות. פאָרט אַהיים און גרייט־צו אַ פּאָרקע, צום ווייניקסטנס פון צען טויזנט רובל.

גליקלעך און באַרויקט איז די דעפּוטאַציע באַנאַכט געפאָרן אַהיים און האָט געבראַכט דעם שטעטל די גוטע בשורה. אַ נייער נס האָט פּאַסירט מיט די יידן און זיי האָבן דעם פסח געשמאַקער און מיט אַ מעלאַנכאָלישער פרייטלעכקייט געזאָגט הלל אין די שולן און געדאַנקט דער פאַר דעם איבערשטן. צו די צווייטע טעג האָט שוין איבערן שטעטל געשיינט אַ מילדע און וואַרעמע פרילינגס-זון און האָט געפּלאַטשעט די איינגעהויקערטע אָרימע הייזלעך און זיי אַזוי ווי באַרויקט אין זייער אַנגסטלעכן שרעק.

און די יידן האָבן רויק און פריילעך געענדיקט זייער יום-טוב.

ל״ג בעומר האָט מען אַוועקגעפירט די קויציע און מען האָט צוריקגעבראַכט אין שטעטל אַריין דעם באַפרייטן קברות-מאַן. דער סליעדאָוואַטעל האָט אָנגעהויבן פאָרן און זוכן די מערדער אין אַ ריכטונג, וועלכע איז געלעגן אויסער דעם שטעטל. דאָס שטעטל האָט אים געהאָלפן און האָט זיך פולשטענדיק באַרויקט. אפילו דער גלח האָט שוין מער ניט גערעדט פון אַ ריטואַל-מאָרד...

## דער סיגנאַל.

קורץ נאָכדעם ווי מען האָט אַרויסגעלאָזט דעם קברות-מאַן אויף קויציע, האָט אַ גרויסע אַנטיסעמיטישע צייטונג אין פּעטערבורג אָפּגעדרוקט אַ שאַרפן און פייערדיקן אַרטיקל וועגן דעם געהרגעטן קריסטלעכן יינגל אויף אַ בית-הקברות פון אַ יידיש שטעטל און האָט אָפן באַשולדיקט די יידן אין ריטואַלן מאָרד און פאַרקלאָגט פאַרן יוסטיץ-מיניסטער דעם פּראָקוראָר און די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע אין נאַכלעסיקייט, אַז זיי זענען געקויפט פון יידישע אינטערעסן.

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל!

דאָס קליינע שוואַרץ-מאַהדיקע בלעטל פון דער גובערנסקי שטאָט, און מיט איר די איבעריקע קליינע און גרויסע שוואַרצע צייטונגען פון לאַנד האָבן אויפגעכאַפּט דאָס אַרטיקל און האָבן אָנגעהויבן צו גוואַלדעווען און צו בילן אויפן גאַנצן יידישן פאָלק.

די ליבעראַלע פרעסע האָט זיך אויך דערויף געמוזט שנעל אָפּ־רופן. געוויינלעך האָט זי פּראָטעסטירט קעגן בלוט־בלבול און געוואָרנט די אַדמיניסטראַציע און די רוסישע יוסטיץ, זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דעם הינטישן בילען.

די ליבעראַלע יידנפריינדלעכע שטימע איז אָבער פאַרטויבט געוואָרן פון דער מחנה בייזע כּלבים, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע קייטן.

דער יוסטיץ־מיניסטער האָט זיך צו איר נישט צוגעהערט און האָט זיך בעסער געאיילט צו פאַרענטפערן פאַר דער שוואַרצער פרעסע פון לאַנד און האָט מודיע געווען, אַז דער לאָקאַלער פּראָקוראָר איז באַזייטיקט פון דער אונטערזוכונג, אַז זי איז אַרויסגענומען געוואָרן פון זיינע הענט און איבערגעגעבן געוואָרן אין די זיכערע הענט פון אַן עכט־רוסישן יוסטיץ־פאַרטרעטער, וועלכער האָט מיט זיין גלענצנדער און שנעלער קאַריערע באַוויזן, אַז ער קאָן שטיין אויף דער וואַך פון גערעכטיקייט און די אידעאַלן פון עכט־רוסישער שטאַטמאַנשאַפט.

דער יוסטיץ־פאַרטרעטער איז דער פּראָקוראָר פון פעטערבורגער אָקרוזשנאָי סוד און דער זון פון באַרימטן רוסישן גענעראַל גרעשעלמאַן אַליין, און ער ווערט די טעג געשיקט אויפן אָרט פון פאַרברעכן, אין באַגלייטונג פון די פעיקסטע און בעסטע אַגענטן פון דער פעטערבורגער געהיים־פּאָליציי.

קיין בעסערע גאַראַנטיע, אַז זייער ווונטש וועט דערפילט ווערן, האָט די שוואַרצע פרעסע נישט געקאָנט קריגן, און זי האָט אַפּלאָדירט דעם מיניסטער און צוגלייך דעם יונגן פּראָקוראָר, באַגלייטנדיק אים אין וועג אַריין מיט עצות, וועלכע האָבן מער געקלונגען ווי אינסטרוקציעס, און ווונטשענדיק אים דערפאָלג.

שבועות, ווען די יידן האָבן געפייערט מתן־תּורה, איז דער יונגער פּראָקוראָר מיט אַ מחנה סישטשיקעס און פּאָליציי אָנגעקומען אין שטעטל אַריין, האָט באַלד אַרומגערינגלט די שול, ווו דער רב האָט געדאַוונט, האָט אַרעסטירט אים, דעם סבאָרשטשיק און נאָך אַ צענדליק חשובע באַלעבאַטים, וועלכע ער האָט שוין געהאַט אויפן צעטל, האָט פאַרחתמעט דעם ארון־קודש, די שאַפעס מיט ספרים אין שול און אין אַנדערע צוויי בתּי־מדרשים, און האָט זיי געהייסן אָפּפירן פּאַרלויפיק אונטער אַ שטרענגער וואַך אויפן דאָרף אין וואָלאָסט אַריין, און זיי פאַרשפאַרן אין כּאָלאָדנע. ער האָט באַפוילן אויסגראָבן צוריק פון צמענטאַר דעם געהרגעטן

שגץ און האָט געגומען אַ קוואַרטיר פֿאַר זיך און פֿאַר זיינע מיטאַרבעטער אין זיין פֿאָטערס שלאָס.

די געדיכטע שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך צוריק אָנגערוקט אויפֿן אָרימען שטעטל, פֿינסטערער ווי פֿריער.

אויפֿן צווייטן טאָג איז אָבער אָנגעלאָפֿן דער אַלטער גענעראַל און באַטאַשע. ווי אַ ווינט האָט זיי די רוסישע טראַיקע דורכגעטראָגן איבערן שטעטל, אַזוי ווי עס וואָלט בעשטאַנען אין פֿלאַמען און זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך אָפּצושטעלן.

אַ שטראַל פֿון האָפֿנונג האָט צעריסן די שוואַרצע וואָלקנס און האָט אַ שמייכל געטון צו דער קליינער, דערשלאָגענער און אין טאָל באַגראָבענער עדה.

ווי אַ בליץ האָט זיך די בשורה צעטראָגן פֿון הייזל צו הייזל. אַלע, גרויס און קליין, זענען אַרויסגעשפּרונגען ווי פֿון פֿלאַמען און האָבן אין אַ שטומער איבערראַשונג און פֿרייד לאַנג נאָכגעקוקט דעם וואָלקן שטויב, וועלכער איז נאָכגעלאָפֿן דער טראָיקע מיט די געסט.

די פֿאַרשטיינערטע הערצער האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן מיט האָפֿנונג, אַז דער גרויסער מאַן און גוטער מענטש וועט באַפֿרייען דאָס שטעטל פֿון בלבול און וועט אַוועקנעמען די אויפֿגעהויבענע האַנט פֿון תּליין.

## אין ארץ־ישראל.

דאָס גאַנצע יאָר האָט נאַטאַשע מיטן פֿאָטער געררייזט אין אויסלאַנד. זיי האָבן באַזוכט פֿראַנקרייך, געלעבט אַ צייט אין ניצע, אין איטאַליען.

אויף פּסח זענען זיי געפֿאָרן קיין ירושלים.

דעם געדאַנק האָט געגעבן נאַטאַשע. זיי האָבן באַזוכט אַלע ערטער, וועלכע זענען הייליק פֿאַר יידן און פֿאַר קריסטן, בייגעוווינט דעם גאָטעסדינסט אין קלויסטער אויף יעזוסעס קבר, באַזוכט דעם כּותל־מערבי, אַלע יידישע קאָלאָניעס.

אָן ווערטער, ווי שטומע מרגלים האָבן זיי אַלץ באַזוכט און אָנגעקוקט. נאַטאַשע פֿלעגט גאָר נישט אַראָפּנעמען אירע פֿאַרשנדע אָבער פֿאַר־

זיכטיקע און שוואַרצע יידישע אויגן פון פּאָטערס פּנים, געשפּאַנט נאָכ־געפאָלגט דעם זיך בייטנדן אויסדרוק פון זיין געזיכט, די שאָטנס פון זיינע געדאַנקען און געפילן, וועלכע זענען איבער אים שנעל געלאָפן. . .

זי האָט זיי דורשטיק פאַרפאָלגט און פאַרשטאַנען. דעם שליסל צו דעם פּאָטערס נשמה האָט זי שוין לאַנג געהאַט. דאָס פאַרזיגלטע בוך איז איצט געלעגן פאַר איר אָפן און זי האָט עס געלייענט מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם און קלאַפּנדיק האַרץ, און וואָס מער זי האָט געלייענט, אַלץ טייערער איז איר דער פּאָטער געוואָרן. ער האָט איצט שוין נישט גע־טראָגן זיינע מיליטערישע קליידער, צו וועלכע ער איז געווען געוווינט פון קינדווייז אָן. זי האָט אים אָבער איצט געקליידט אין אַן אַנדער קלייד, געשאַפן פון איר פאַנטאַזיע, אַ קלייד פון ראָמאַנטישן גלאַנץ און פון אַ נסתר, געוועבט מיטן הייליקן שימער פון אַ מאַרטירער.

אויפן הר־הזיתים האָט דער אַלטער מאַן פּלוצלינג אַרומגענומען די קליינע טאָכטער און האָט זי לאַנג און שטום געפּרעסט צו זיין קראַנקער ברוסט, ווי אַ היילנדן טרייסט, ווי אַ בעסטע און איינציקע נחמה.

און אין דעם שטומען דרוק האָט ער אויסגעדריקט אַלץ, וואָס ער ליידט און פילט, און וואָס זי איז פאַר אים. . . און די קליינע, מונטערע און פלאַטערנדע שוואַלב האָט צוגעטוליעט דאָס קעפּל צום פּאָטערס ברוסט און האָט געוואַרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און מיט אַ זיסן און קאַלטן שוידער אויף אַ וואָרט, וואָס זאָל צערייסן דעם סוד, וועלכער איז געלעגן צווישן זיי און האָט זיי נאָך צעטיילט; אַז ער זאָל איר שענקען דאָס גרויסע פאַרטרויען, דאָס גרויסע דערוואַרטעטע גליק, וואָס זאָל עפענען די צוויי שווייגנדע און פאַרשלאָסענע הערצער, זיי עפענען און דערנאָך זיי צוריק צוזאַמענשמידן אויף אייביק אין דעמזעלבן זיסן און שוי־דערנדן סוד.

שוין לאַנג האָט זי געוואַרט אויף דעם וואָרט, ווי אַ פרויען־האַרץ וואַרט אויפן ערשטן און זיסן וואָרט פון דער ליבע. . .

אַלע אירע נשמה־אוצרות האָט זי געזאַמלט און אָנגעגרייט פאַר דעם מאָמענט. דער שטאָלצער און ווירדיקער ענטפער האָט שוין געוואַרט אויף אירע ליפּן, צוזאַמען מיטן הייסן און ברענענדיקן קוש, וועלכער זאָל באַווייזן אים, דעם אַלטן טייערן מאַן, ווי שטאָלץ זי איז מיט דעם פאַרטרויען און ווי דאָפּלט טייער ער איז איר געוואָרן.

דער שוידער פון דער זיסער וואַרטונג לויפט הין־און־צוריק אי־בער איר לייב און דאָס וואָרט קומט אָבער נישט. . . אַנשטאָט דעם האָט

ער איר שטיל צוגעפליסטערט, אריינקוקנדיק איר טיף אין פנים אין אין די שוואַרצע אויגן:

— מיר וועלן פאָרן אַהיים, נאַטאַשע!

און דאָס קלאַפנדיקע האַרץ האָט זיך מיטאַמאָל אָפגעשטעלט, אַזוי ווי עס וואָלט זיך אָפגעריסן פון לעבנס-נערוו. און זיי זענען געפאָרן אַהיים.

אין אָדעס האָבן זיי די רוסישע צייטונגען געבראַנגט די ידיעה וועגן דעם בלוט-בלבול און וועגן דער ראָלע, וואָס דער יונגער פּראָקוראָר גייט שפּילן אין דער געשיכטע פון דעם אָרימען שטעטל. מיט דעם ערשטן שנעל-צוג זענען זיי אָפגעפאָרן אַהיים.

## צוריק אין שלאָס.

אַז דער גענעראַל מיט נאַטאַשען זענען געקומען אין שלאָס אַרייז, האָבן זיי קיינעם אַ חוץ דער דינערשאַפט דאָרט נישט געטראָפן. דער יונגער פּראָקוראָר און זיין סוויטע זענען געווען אויפן יידישן בית-עולם, וווּ מען האָט געפאָרשט, געמאָסטן און געזוכט.

דערווייל האָט זיך געגרייט אַ וואַרעמעס פאַר 15 פאַרשוין, פאַר דער גאַנצער אויספאָרשונג-קאָמיסיע, און די דינערשאַפט האָט געדעקט אַ לאַנגן טיש אויף דער וועראַנדע און האָט זיך געטומלט. דאָס אָנקומען פונם גענעראַל און דער באַלעבאָסטע פון מאַיאָנטעק האָט געמאַכט דעם טומל גרעסער, כאָטש מען האָט זיך געריכט אויף זיי און מען האָט נאָך זיי אַרויסגעשיקט פערד.

דער געדאַנק אָבער, אַז דער שלאָס און אַלע צימערן זענען באַזעצט און פאַרפעסטעט פון פאָליציי און סישטשיקעס און אַז די גאַנצע געזעלשאַפט וועט זיך באַלד צונויפקומען און מען וועט זיך דאַרפן באַגעגענען מיט איר, האָט אָנגעהויבן נערווירן נאַטאַשען און שוידערן דעם אַלטן מאַן ווי אַ פיבער.

באַלד איז אָנגעלאָפן דער פאַרוואַלטער פאָן באַך, אַ גרויסער דייטש ווי אַן אָקס, מיט העלע פלאַקסענע האָר, ברעמען און וואָנסעס און מיט קעלבערנע אויגן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר די נייע באַלעבאַטים,

וועלכע ער האָט נאָך נישט געקענט. ער האָט אָבער באַלד געכאַפּט אַ שטרענגן אויסדרוק פון גענעראַל, פאַרוואָס ער האָט געלאָזט פאַרפּעסטעווען דעם פּלאַץ.

— באַ מיר איז נישט קיין קאַזאַרמע און נישט קיין פּאָליציייסקי אוּפּראַוולעני! צעוועצט זיי, די סוואָלאָטשעס ערגעץ אַנדערש. עס איז דאָ גענוג ערטער אין דער עקאָנאָמיע. צום אָוונט וויל איך, אַז דער שלאָס זאָל זיין אָפּגערייניקט פון דער פּאָליציייסקי שוואַל! — האָט שטרענג באַפוילן דער גענעראַל.

— נאָך סיִשטשיקעס פעלן דאָ! — האָט באַטאַשע געזאָגט מיט עקל און שוידער, ווי שטשורעס וואָלטן פאַרפלייצט איר הויז און געלאָפן איבער איר קערפּער.

פאָן באַכס ווייס און קעלבערן פּנים איז געוואָרן רויט. ער האָט זיך געוואָלט אַנטשולדיקן, עפּעס דערקלערן און פאַרשפּרעכן. זיין געבראָכענע און הילפלאָזע רוסישע שפּראַך האָט אים אָבער געבראַכט אין אַ גרעסערער פאַרלעגנהייט און ער איז געוואָרן נאָך רויטער.

זיצן האָבן אים די באַלעבאַטים נישט איינגעלאַדן און זיי אַליין זענען געשטאַנען, אַזוי ווי זיי וואָלטן קיין צייט נישט געהאַט און זיך ערגעץ־ווּ געאיילט. פאָן באַך האָט זיך פאַרבויגן און האָט פאַרלאָזט דעם קאַבינעט.

באַלד זענען צוגעפאָרן צו דער וועראַנדע עטלעכע עקיפּאַזשן און עס האָבן זיך גענומען פון זיי אַרויסקריכן דער פּראָקוראָר און זיין סוויטע, פּאָליציי און סטראַזשניקעס. נאַטאַשע און דער גענעראַל האָבן געקוקט אויף דער מחנה פון פענסטער פון קאַבינעט. די קולות און דאָס הויכע געלעכטער פון דער באַנדע, וועלכע האָט רוישיק פאַרנומען די וועראַנדע און די ערטער אַרום געגרייטן טיש, האָבן זיך צו זיי געטראָגן ווי אַ זיג־טומל פון אַ פיינדלעכער אַרמיי, וועלכע האָט איינגענומען און באַזעצט זייער שלאָס.

— קום פונדאַנען! — האָט פיבערהאַפט געזאָגט דער פאָטער צו דער טאָכטער און ביידע זענען מיט אַ הינטער־גאַנג אַרויס אין פּאַרק אַריין און זענען מיט אַ סטעזשקע אַוועק מיט שנעלע טריט, ווי פאַרפאָלגטע, אין געראַלנע אַריין און זענען שוין דאָרט געבליבן באַם „וויגאָקיר" ביז זייער הויז איז נישט אָפּגערייניקט געוואָרן פון די סיִשטשיקעס. דאָרט האָבן זיי זיך געהייסן געבן עפּעס עסן און דער גענעראַל

האָט געשיקט אַ פּאַראָבּעק, אַז ער זאָל אים אַהין באַלד ברענגען פון שטעטל בערל דעם בעל־אכסניה.

## דאָס ווידערזען.

ווידער האָבּן זיך די יוגנט־פריינט באַגעגנט אין זייער לעבּן באַם סוף פון זייער לעבּנס־וועג.

מיט אַן אָפּגרונט האָט זיך געענדיקט דער לאַנגער וועג און ביי־דע זענען געקומען צו דעם אָפּגרונט פון פאַרשידענע זייטן — איינער מיטן וועג פון רום און בונטרייכער קאַריערע פון אַ גענעראַל־אַדיוטאַנט; דער צווייטער איז געקומען צו דעמזעלבּן אָפּגרונט מיטן וועג פון אַ קליין שטעטלדיקן אָרימען יידישן לעבּן.

און ביידע זענען געשטאַנען אונטער דער שווערער לאַסט פון זייערע יאָרן, גלייך געבּויגן און צוזאַמענגעדרייט פון אומגליק און אומבּאַשרייב־לעכן ווייטיק. איין ווייטיק און איין בריענדער פיין אין ביידנס ברוסט!

ביידע האָבּן גלייך געפילט די בריענדיקע באַליידיקונג פון בלוט־בלבול, איין מאַכטלאָזער צאָרן האָט זיי ביידע גלייך געצונדן. ביידע זע־נען געווען איצט גלייכע יידן: דער גענעראַל מיט די צלמים פון גאָלד און דימענטן אויף דער ברוסט, און דער ייד אין לוסטערנעם כאַלאַט און שיך און זאָקן.

די לעצטע שפּורן פון זייער סאָציאַלן אונטערשיד זענען פאַר־שוונדן נאָך דער הריגה פון דער לאַנגער מלכה אין פּאַרק.

דער מערדערישער אינצידענט האָט אים פּולשטענדיק אָפּגעשליי־דערט פון זיין פאַמיליע און פון דער סביבה, ווו ער האָט פאַרבּרענגט זיין לעבּן. דאָס לעבּן איז איצט געווען אין פולער ליקווידאַציאָן. און פּלוצלינג איז אָנגעלאָפן דער בלוט־בלבול, ווי אַ נייע און צווייטע וואָר־נונג פון שיקזאַל.

באַגעגנט האָבּן זיך די צוויי פריינט שטום און אָן אַ באַגריסונג אויף די ליפּן, אַזוי ווי מענטשן באַגעגענען זיך בּאַ אַ מת.

נאַטאַשאַ האָט פאַרזיכטיק און אומבאַמערקט פאַרלאָזן דאָס צימער און האָט זיי געלאָזט אַליין.

ווען דער גענעראַל האָט זיך גוט איינגעקוקט אין זיין געבויגענעם און שטאַרק־געעלטערטן פריינט, אַזוי ווי ער וואָלט אין איין יאָר דורכ־געלעבט גאַנצע צוואָנציק, האָט ער זיך אויסגעגלייכט. דער קלאַנג פון זיינע שפּאָרן, אונטער וועלכע ער האָט זיך גענומען שפּאַנען הין־און־צו־ריק, האָט אין אים דערמאָנט, אַז ער איז נאָך אַ גרויסער שררה און אים מיטאַמאָל געמאַכט מונטער און אַנטשלאָסן. ער האָט אין אים דערוועקט דעם אַלטן, טאַפּפערן קריגער, דעם קעמפער.

דאָס לעבן האָט פּלוצלינג באַקומען אַ ציל און אַ ווערט, ער וועט דעם קריג צווישן די צוויי פיינטלעכע וועלטן אויסקעמפן פאַר זיך און פאַר זיין אַלטן און צוזאַמענגעבראָכענעם יוגנט־פריינט. ער האָט אים געוואָלט אַרומנעמען, צודריקן צו זיך און אים טרייסטן. דער קריגער אין אים האָט זיך אָבער געוועלט קעגן די ווייבלעך־צאַרטע געפילן, און ער האָט אים געפרעגט שטרענג מיט אַ שטייפער און אַזוי ווי געפרוירע־נער שטימע.

— ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט?

בערל האָט אויפגעשוידערט, אַזוי ווי מען מען וואָלט אים אויפגע־וועקט פון זיינע טרויעריקע געדאַנקן, און האָט זיך גענומען אַלץ דער־ציילן. דאָס פּלוצלעכע דערשיינען פון פּריסטאַוו און פון שטעטלס פאַר־דאַכט אויף אים.

דער גענעראַל האָט געשפּאַנט און האָט אים אויסגעהערט, נישט קוקנדיק אים אין פּנים אַריין, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַרן פּריסטאַוו און פאַרן זון.

בערל האָט שוין לאַנג געענדיקט זיין דערציילונג און דער גענע־ראַל שפּאַנט נאָך אַלץ, אָבער שנעלער און פיבערהאַפטער ווי פריער. באַ בערלען ציען די פיס אויף צו חלשן, ער וואַגט אָבער נישט זיך צו זעצן, ווען דער גרויסער מאַן שפּאַנט אַרום. פּלוצלינג שטעלט ער זיך פאַר אים אָפּ, קוקט אים אָן פאָרשנד דורך די גאָלדענע ברילן לאַנג אין פּנים אַריין און פרעגט אים שטיל:

— זאָג מיר, בערקאָ, ווי האָט באַ מיר געקענט געבוירן ווערן אַזאַ אויסוואורף, אַזאַ זונדל ווי דער קאַריערריסט איז?

— בערל האָט פון אָנפאַנג נישט פאַרשטאַנען די פראַגע און האָט אויף אים אויפגעהויבן אַ פּאָר צעטומלטע און פרעגנדע אויגן.

— איך גלויב, אַז ס'מוז זיין אין אייערע הייליקע ספרים... עס מוז דאָרט ערגעץ דערקלערט זיין... עס איז נישט מער ווי אַ שטראָף פון גאָט — האָט געזאָגט דער גענעראַל מיט אַ טיפן קרעכץ, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן די גאַנצע גסיסה פון זיין נשמה.

און ווידער שטייט ער געבויגן און צוזאַמענגעדרייט אונטער דער שווערער לאַסט פון דער גרויסער שטראָף, אָן ווערטער, אין דערזעלבער פאַרצווייפלונג ווי בערל.

די טיר האָט זיך שטיל און פאָרזיכטיק געעפנט און נאַטאַשע איז דערשינען. דער פאָטער האָט אויפגעשוידערט און האָט זיך צוריק אויסגעגלייכט.

— גיי אַהיים און באַרויק זיי אַלע אין שטעטל! כל־זמן איך לעב, וועל איך אייך שיצן און נישט לאָזן „אָבידיען״!

ווי אַ טרייסטנדע טויב איז נאַטאַשע צוגעלאָפן צום פאָטער און איז אים אַרויף אויפן האַלדז און האָט אים דאַנקבאַר געקושט. גערירט פון דער לאַשצענדער פרייד האָבן די אַלטע מענער זיך שיער נישט צעוויינט.

אַז בערל איז געגאַנגען אַהיים, האָבן אים אויפן וועג איבערגענומען צוויי סישטשיקעס און האָבן אים גענומען אויספרעגן, וואָס ער האָט געטאָן באַם גענעראַל. אַהיים איז ער שוין נישט געקומען. זיי האָבן אים אָפּגעפירט אויפן דאָרף און פאַרשפאַרט אין כאַלאָדנע מיט די איבעריקע יידן

## באַנאַכט.

באַגעגנט האָבן זיך פאָטער און זון באַנאַכט אויף דער וועראַנדע. נאַטאַשע איז געווען מיד פון וועג און איז שוין פון לאַנג געשלאָפן. דער גענעראַל האָט לאַנג נישט געוואָגט אַרויסצוגיין אויף דער וועראַנדע, ווו דער זון איז געזעסן געבויגן באַ אַ לאָמפּ מיט אַ ברייטן יאַפּאַנישן אַבאַזשור און האָט פאַרטיפט געשריבן דעם פּראָטאָקאָל פון דער אויספאָרשונג, געשריבן דעם נייעם בלוט־בלבול אויפן יידישן פאָלק.

אוממעגלעך איז געווען דעם אַלטן מאַן צו דערשיינען פאַר זיין זון

און אים אַריינקוקן אין פּנים אַריין, אַזוי ווי ער וואָלט מודה געהאַט צו דערזען אין דעם פּנים זיין אייגענע שאַנדע, זיין אייגן פאַרברעכן. ער איז עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען מיטן גראָז צו דער וועראַנדע און האָט זיך אַ געהילטער און אומבאַמערקטער פון דער נאַכט־דונקלהייט גענומען זיך איינקוקן אין דער פאַרגליווערטן פּראָפיל אונטערן אַבאַזשור, אים אויפסנייַ שטודירן, אַזוי ווי ער וואָלט געוועזן פאַר אים פרעמד און האָט עפּעס פּיינלעך געזוכט אַן ערינערונג, אַן ענטפער אויף זיינע פּלאָגנדע פראַגן.

ווי אַ שטומע און אומבאַוועגלעכע מאַסקע איז דער פּראָפיל געבליבן פאַרגליווערט איבער די פּאַפּירן אין איין אויסגאָס, אין איין אויסדרוק. אַן אויסדרוק פון אַ פּאַטאָלאָגישער שנאה, פון ליידנשאַפטלעכער, סאַדיסטישער פרייד און נקמה — אַן אויסדרוק פון אַן אינקוויזיטאָר. פון צייט צו צייט האָט דער פּראָקוראָר פעסט און צאָרנדיק געשלאָסן דאָס מויל און געקריצט מיט די ציין, אַזוי ווי ער וואָלט געזען פאַר זיך נישט קיין פּאַפּירן, נאָר שוין צעפּליישטע און געקרייציקטע קערפּערס פון זיינע פאַרמאַטערטע קרבנות, דאָס צאַפּלענדע פרישע בלוט פון געמוטשעטע און געפּייניקטע, ווי דאָס וואָלט פאַר אים געוועזן וויניק, און דער אומערטזעטלעכער אינקוויזיטאָר וואָלט פאַרלאַנגט מער. מער עינויים, מער צרות פאַר די מאַרטירער.

און וואָס מער דער פאָטער האָט זיך איינגעקוקט אין דעם פּנים, אַלץ מער איז ער אים געוואָרן אָפּשטויסנדער און טיפער איז געלאָפן דער שוידער איבער זיין לייב, און ער איז אָפּגעגאַנגען צוריק אין טונקעלן פאַרק מיט דערשטיקטע טריט אין סאַמעט־ווייכן טעפּיך פון גראָז, און האָט ווייטער געוואַנדערט צווישן די אַ־עיען. ווי אַ פאַרשאָלטענער האָט ער געוואַנדערט און געהערט דאָס האַמערן פון זיין קראַנקן האַרץ.

איבער זיין קאָפּ איז געהאָנגען דערזעלבער הימל וואָס אין קינדהייט, דיזעלבע לבנה, דיזעלבע סודותדיקע לאַסטשענדע און ווינקענדע שטערן. געהילט אין נאַכט־שאָטנס איז דער דופטיקער פאַרק געשטאַנען פאַרכישופט ווי דאַן, ווען ער איז געוועזן אַ יידיש ייִנגל — ווי אַ געהיימניש און אַ רעטעניש, וואָס רייצט, לאָקט, פאַרשפּרעכט און נאַרט... אַלץ איז ווי דאַן, און עס האָט זיך אויף אַ האָר נישט געענדערט... צוועקלאָז און נוצלאָז איז געוועזן דער גאַנצער טומל פון לאַנגן לעבן, ער האָט גאָרנישט דערגרייכט, גאָרנישט דעראָבערט... דאָס לעבן איז געבליבן אַ רעטעניש ווי דאַן, אַ רעטעניש אָן אַ פּתרון. ער האָט נאָר געמאַכט אַ

גרויסן קרייז און איז דאַן געקומען צום זעלבן פונקט, פון וועלכן ער איז אויסגעגאַנגען צוריק מיט 60 יאָר. עס איז נאָר צוגעקומען דער פרעמ־דער פּראָקוראָר דאָרט אויף דער וועראַנדע מיט דער פאַרפרוירענער מאַס־קע פון אַן אינקוויזיטאָר, וועלכער זיצט און שרייבט אַ דאָנאָס אויף זיין פּאָלק און אויף אים אַליין, אין אַזוי ווי די פּען דאָרט אויף דער ווע־ראַנדע וואָלט דערלאַנגט און געשטאָכן זיין האַרץ, אַ שטאָך נאָך אַ שטאָך...

דער ווייטיק ווערט אַלץ גרעסער און ער איז גרייט צו שרייען פון וואַנזין... עס אַרט אים שוין נישט דאָס צופּגעגנאַרטע לעבן, ער וויל עס נישט און דאַרף עס נישט... מיט אַ רעוואָלווער־שאָס וועט ער זיך דער־פון מונטער און טאַפּפער באַפרייען... ער וויל נאָר נישט שטאַרבן אַזוי אומגעריכט אַנטקעגן זיי, דעם אָרימען שטעטל, אין טאָל, וואָס איז אים איצט אַזוי טייער, עס אַזוי פאַררעטעריש פאַרלאָזן און שטאַרבן...

און ער גייט צוריק צו דער וועראַנדע און קוקט זיך ווידער איין און טאַפּט מיט זיינע פיבערהאַפּט־אָנגעשטרענגטע אויגן דעם פּנים פון זון, שטודירט זיינע געזיכטססציגע און פאַרגלייכט זיי מיט זיינע זכרונות, מיט די פּנימער פון די באַקאַנטע און פריינד, וועלכע האָבן פאַרקערט אין זיין הויז, וועלכע האָבן זיך געחברט מיט דער פאַרפלוכטער קאַצאַפּ־קע, זיין ווייב.

ווי דערלייזט און גליקלעך וואָלט ער געווען, ווען ער איבערצייגט זיך, אַז ער איז נישט זיין זון, נאָר אַ ממזר... די נאָז אָבער — די נאָז... מיטן קליינעם האָרב — איז יידיש... עכט יידיש. זיין נאָז, און אויך דאָס אויער... דאָס לינקע אויער, איז זיין... פאַרוואָס־זשע איז ער אַזוי גרויזאַם, אַזוי אינקוויזיטאָריש — פרעגט זיך דער אַלטער, געפּלאָג־טער פאָטער — פאַרוואָס איז נאַטאַשע אַזוי גוט ? אַזוי האַרציק !

פלוצלינג איז אים אַריין אין קאָפּ אַ געדאַנק אַרויפצוגיין און אים דערציילן זיין לעבנס־סוד, אַז אויך די מאַמע זיינע איז געווען אַן ערלע־כע פרוי און ער איז זיין זון און עס רינט אין זיינע אָדערן יידיש בלוט... און דאָס, וואָס ביז איצט איז פאָרגעקומען ווי אַן אוממעגלעכ־קייט, וואָס ער האָט מורא געהאַט צו אַנטפּלעקן אפילו דער געליבטער טאָכטער, אויס מורא, אַז ער זאָל נישט פאַרלירן איר ליבע, נישט פאַר־גיפטן איר לעבן מיט דעם פּאַטאַלאָגישן עקל צו יידן, וועלכן ער פלעגט תמיד זען אין זיינע אייגענע און אין זיין סביבה, דאָס וואָס עס פלעגט ביז איצט פאַר אים דערשיינען ווי אַ שרעקלעכער פאַנטאָם — איז אים

איצט פאַרגעקומען פאַר אַ לייכטע און גרינגע זאַך, פאַר אַ גויטוועגדיקייט פאַר אַ דערלייזונג.

און אַ טייוול איז שוין געשטאַנען איבער אים, האָט אים געשעפּטשעט אויפן אויער און אים געשטופּט אַרויפצוגיין און עס זאָגן דעם פּראָקוראָר.

אַ בייזע פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער זיינע אברים און האָט אויסגעלאָשן דעם בריענדיקן פּיין פון זיינע געדאַנקען... ער האָט שוין געזען פאַר זיך ווי די מאַסקע פון אינקוויזיטאָר בייט זיך, ווי די סאַדיסטישע פרייד אַנטלויפט און איר אָרט פאַרנעמט די שרעק, דיזעלבע שרעק, וואָס ער האָט אָנגעיאָגט אויפן אָרימען שטעטל...

און מיט די געפילן איז ער אַרויף אויף דער וועראַנדע און איז אויסגעוואַקסן פון דער נאַכט-טונקלקייט פאַרן זונס אויגן ווי אַ ווילדע נאַכט-געשטאַלט.

אַ בייזער און אומגעדולדיקער וואָלקן איז דורכגעלאָפן איבערן פּראָקוראָרס פּנים... ער איז אָבער באַלד פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך שנעל אויפגעהויבן פון אָרט מיט אַ געצווונגענעם זיסן און פריינדלעכן שמייכל, וועלכער האָט געמאַכט זיין פּנים נאָך שטייפער און ווי אויסגעהאַקט פון האָלץ, און אָפּשטויסנד...

ער האָט געוואָלט מאַכן אַ באַוועגונג צו אומאָרעמען דעם פאַטער, דער פאָטער האָט זיך אָבער אינסטינקטיוו פון אים אָפּגעווענדט.

פון טיש האָט אויפן פאָטער דראָענדיק אַ בליאַסק געטון דאָס קאַלטע שטאָל פון אַ רעוואָלווער... דער דראָענדיקער בליאַסק פון אַ רעוואָלווער און דער הילצענער אויסדרוק פון דעם זונס פּנים האָבן מיטאַמאָל אויסגעלאָשן די אַנטשלאָסנקייט, מיט וועלכער ער איז אַרויף אויף דער וועראַנדע...

דער געדאַנק אים צו אַנטפּלעקן זיין לעבנס-סוד איז אים ווידער פאַרגעקומען אוממעגלעך, ווייט און שרעקלעך... אַ פּשוטער זאָאָלאָגישער פּחד האָט אים פאַרשלאָסן דאָס מויל. אַ שרעק האָט ווי דער טויט געקוקט פון קאַלטן רעוואָלווער. דער גענעראַל איז געוועזן זיכער, אַז דער אינקוויזיטאָר וועט אים באַלד דערשיסן פון עקל, פון גרויל... דער מוטיקער סאָלדאַט האָט מיטאַמאָל פאַרלוירן זיין מוט. איבער זיין לייב איז שוין די טויט-אַנגסט געלאָפן מיט אַ קאַלטן שווידער און האָט זיך באַדעקט מיט אַ קאַלטן טויט-שוויס... ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף זיין

שטול און האָט געפרעגט מיט אַ טאָן, וועלכער האָט אין זיינע אייגענע אויערן זיך אָפּגערופן אַזוי פרעמד, אַזוי ווי אַן אַנדערער און נישט ער וואָלט דאָס געזאָגט:

וואָס? מיר מאַכן קאַריערע? אַ?

דער זון האָט עס אויפגעפּאַסט אין זין פון אַ פאַמיליאַריטעט פון אַ פאָטער מיט אַ קינד. אַ ציניש שמייכעלע פון אַ קאַריעריסט האָט אויס־געקרימט זיין בייז און שטייף פּנים. ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט און האָט דערשטיקט דאָס צינישע שמייכעלע.

— פּאַרדאָן, פּאַפּאַשאַ! מיר שיצן די אינטערעסן פון דער יוסטיץ און פון שטאַט — האָט באַמערקט דער פּראָקוראָר שטרענג מיט אַ טאָן פון פאָרוואורף.

— וואָט קאַק! לאָווקאָ! — האָט אויסגעשריגן דער פאָטער.

ביידע האָבן זיך איינגעקוקט מיט טיפע, איינגעגראָבענע בליקן.

ווי קעמפער האָבן זיך די בליקן אַרומגעכאַפּט, גרייט זיך צו ראַנג־לען...

אַ בייזער און אומהיימלעכער פלאַם האָט אויפגעפלאַקערט אין ביידנס אויגן... דער זון האָט נישט געדולדעט דעם פאָטערס איראָנישן שפּאָט איבער זיין קאַריעריזם און ער פלעגט אים תּמיד נערווירן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך צו אים צוגערירט מיט אַ גליענדיק אייזן — און אויך איצט...

פון פאָטערס עמפּערונג איבער דעם בלוט־בלבול האָט ער קיין אַנונג נישט געהאַט. אַזוי נאַטירלעך איז דאָס געווען אין די הויכע קרייזן, צו וועלכער עס האָט געהערט ער און אויך דער פאָטער.

און דער גענעראַל האָט זיך באַמיט צו באַוועלטיקן און צו רעדן רויק.

ער דאַרף נישט מאַכן קיין פאַלשע טריט, אַרויסגעבן און אויפ־דעקן זיינע קאָרטן. מיט אַזאַ הונט מוז מען זיין פאָרזיכטיק.

ער האָט דערזען אויפן טיש אַ שאַכטל מיט פּאַפּיראָסן און האָט פאַררייכערט, כאָטש ער פלעגט גאָרנישט רייכערן, נאָר אָפּצוּווענדן דעם כּעס, באַרויקן דאָס ברויזנדע בלוט, די ווילד־שפּרינגענדע געדאַנקען און דאָס האַרץ. ער מוז זיך צוימען און באַהערשן...

דער דופטנדער פּאַפּיראָס איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט אים דערמאַנט אָן די פריערע יאָרן, ווען ער איז געווען אַ יונגער אָפיציר און האָט גערייכערט און געטרונקען.

— ווּ האָסטוּ געקויפט אַזוינע גוטע פּאַפּיראָסן? — האָט ער פלוּצלינג געפרעגט דעם זון, שיקנדיק אין דער טונקעלער נאַכט אַריין אַ וואָלקן רויך.

— זיי געפעלן אייך? איך האָב מיט זיך אַ טויזנט. איך קען אייך געבן פינף הונדערט... ווינאָוואַט! איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז די דאָקטוירים האָבן אייך פאַרבאָטן צוּ רייכערן — האָט זיך געכאַפּט דער זון מיט אַ פאַרזאָרגטן טאָן, וועלכער האָט זיך אָפּגערופן אין פאָטערס אויערן אַזוי פאַלש, כמעט ווי אַ בייזער שפּאָט.

דער גענעראַל האָט אויסגעצויגן זיינע פיס אין די לאַקירענע שטיוול.

— אַמאָל אַ פּאַפּיראָס מאַכט נישט אויס... עס פאַרטומלט די געדאַנקען — האָט ער געזאָגט מיט אַ קרומען שמייכל, האָט ווידער אָנגעשטעלט טאַפּנדע און פאַרשנדע בליקן אויפן פּראָקוראָר. — איצט בין איך רויק, פולשטענדיק רויק און גרייט — איז באַ אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק.

— זאָג מיר נאָר, איליוּשאַ! — ער האָט אים אומישנע אָנגערופן באַם פאַרצויגענעם נאָמען, ווי אַ קינד, אום איינצושלעפן אין אים די וואַכנדע פאָרזיכט — און דוּ גלייבסט טאַקע אין ריטואַל... אַז די יידן דאַרפן בלוט אויף פּסח? — האָט אים קאַטעגאָריש געפרעגט דער פאָטער און האָט אומישנע זיך נאָך טיפער פאַרצויגן מיטן פּאַפּיראָס און צעלייגט אין שטוּל.

איליוּשאַ האָט זיך הויך צעלאַכט, ווי מען לאַכט איבער אַ קינדיש נאַיווער פראַגע... די שטומע נאַכט און דער איינגעשלאָפענער פּאַרק האָבן זיך אָפּגערופן אויף דעם געלעכטער מיט אַן אומהיימלעך ווידערקול... אַזוי ווי אַ טייוול וואָלט דאָרט שפּאָטיש געלאַכט גלייך מיטן פּראָקוראָר...

ער איז אָבער באַלד צוריק געוואָרן ערנסט. דאָס פּנים האָט זיך אויסגעצויגן און איז פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ פרומען און פאַרקלערטן אויסדרוק פון אַן אינקוויזיטאָר, וועלכער טוט זיין טרויעריקע אָבער הייליקע פליכט.

— מיר, יוריסטן, רעדן נישט פון גלויבן. מיר באַזירן אַלץ אויף פאַקטן, אויף טאַטזאַכן — האָט ער באַמערקט שטרענג, מיט אַ טאָן פון אַ נאָטאַציע.

— הם... פאַקטן... דאָס איז לויבנסווערט — האָט באַמערקט דער

פאָטער אין די ווינקלען פון זיינע ליפן האָבן קענגן זיין ווילן געמאַכט אַ קנייטש פון אַן אידאָגישן שמייכל — און די פּאַקטן ? דו האָסט זיי ?

— מער וויפיל מען דאַרף ! — האָט ענערגיש אויסגעשריגן דער פּראָקוראָר, האָט אויך פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן ווענטל פון שטול — אָט מאַך איך ווּעגן זיי אַן אויספירלעכן ראַפּאָרט צום יוסטיץ מיניסטער. . . איך וועל מוזן די גאַנצע נאַכט אַרבעטן... דער ראַפּאָרט מוז מאָרגן אָפּגיין. פּעטערבורג און די רוסישע געזעלשאַפט־לעכע מיינונג וואַרט אויף אים מיט אומגעדולד. גאַנץ רוסלאַנד איז פאַר־אינטערעסירט אין דער מערקווירדיקער געשיכטע. אין צוואָנציקסטן יאָר־הונדערט זאָל פּאָרקומען אַזאַ זאַך ! די האָר שטעלן זיך דאָך קאַפּויר ! אויף אַזאַ אופן זענען מיר קריסטן דאָך מיט אונדזער לעבן נישט זיכער.

דער פּראָקוראָר האָט זיך שנעל אויפגעהויבן פון אָרט און האָט זיך געגומען אין טיפער עמפּערונג פון דער „מערקווירדיקער געשיכטע", אויפגערעגט שפּאַנען הין און צוריק איבער דער וועראַנדע.

„נאָר רויק. . . באַוועלטיק דיך" — האָט צוגעשעפּטשעט דעם גע־נעראַל אַן אינעווייניקסטע שטימע, און ער האָט אומישנע צוגע־געבן :

— יאָ עס איז שרעקלעך. . . שרעקלעך — אין איז אַנטשוויגן גע־וואָרן אויף אַ ווײַלע. — און וואָס זענען די באַווייזן, אַז דער מאָרד איז באַגאַנגען געוואָרן פון ייד און איז אַ ריטואַלער ? — האָט ער כלומרשט רויק און נידעריק געפרעגט דעם זון.

— וואָס זענען די באַווייזן ? כאַ כאַ כאַ ! — האָט זיך ווידער בייז און הויך צעלאַכט פון דזגקעלן און לויערענדן פּאַרק — באַווייזן מיט פּאַקטן האָבן מיר גענוג, כאַ כאַ כאַ ! מיר האָבן זיי געפּאַקט. דאָס געזעץ אָבער באַפעלט אונדז, אַז די פּאַקטן פון דער אונטערזוכונג זאָלן בלייבן בסוד. דאָס געזעץ דערלויבט זיי נישט צו פאַרעפנטלעכן. . . נאָר דער יוסטיץ־מיניסטער האָט אַ רעכט זיי צו וויסן — האָט געענדיקט דער פּראָ־קוראָר מיט אַ יעזויטיש שמייכעלע און האָט פרום פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל ווי אין אַ תפילה.

דאָס געזעץ אויף די ליפן פון דעם קאַריעריסט און אינקוויזיטאָר און דער יעזויטיש פרומער שמייכל האָט זיך צוגערירט צום גענעראַל ווי אַ צעגליטער אייזן צום לייב.

ער איז אויך אויפגעשפּרונגען פון אָרט. בריענדע ווערטער האָבן אים געוואָרגן און זיך געריסן פון געשטיקטן האַלדז.

„קאַריעריסט! פראַכוואַסט! דו און דיין געזעץ זענען צוויי פראָכ־וואַסטן און לומפּן!“ האָט ער אים געוואָלט אויסשפּייען גלייך אין פּנים אַריין. דאָס בליאַסקענדע שטאָל פון רעוואָלווער אויפן טיש האָבן אָבער ווידער געדראָט און באַפוילן צו זיין פּאָרזיכטיק. און די ווערטער זענען פאַרקילט געוואָרן אויף די ליפּן, און ער האָט נאָר ווי אויסגעשפּיגן פון זיך דאָס געוויינטלעכע וואָרט זיינס „טשעפּוכאַ“! ענערגישער און ווייטער אויסגעשפּיגן ווי תּמיד.

דער זון האָט אויפגעצויגן דעם קאָפּ אויפן לאַנגן, דינעם האַלדז, ווי אַ בייזע און גיפטיקע שלאַנג פאַרן ביס.

— וואָס? — האָט ער געפרעגט דעם פאָטער מיט צוויי אויסגעשטאַרטשעטע, פינקלענדיקע, אינקוויזיטאָרישע אויגן.

דער פאָטער האָט זיך פאַר אים אָפּגעשטעלט, אַ ברוסט פאַר אַ ברוסט, ווי אַ קעמפער פאַר אַ קעמפער.

— איך גלייב נישט אין דער לעגענדע און אין דיינע פאַקטן. עס איז אַ פאָדלאָג! אַ פאַלסיפיקאַציע! — און ער האָט צוזאַמענגעביילט די פויסטן אין די הויזן־קעשענעס.

אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט, דערנאָך האָט זיך דער פּראָקוראָר ווידער הויך און בייז צעלאַכט. פאַלטש צעלאַכט. אין דעם געלעכטער האָט זיך געהערט דאָס קאָכן און ברויזן פון זיין קראַנקן, מיט פּאַטאָלאָגישן יידן־האַס פאַרפּעסטעטן בלוט.

— איר גלייבט נישט? וואָס? וועל איך אייך באַלד באַווייזן — און ער איז אַריינגעלאָפן צו זיך אין צימער אַריין און האָט באַלד פון דאָרט אַרויסגעטראָגן אַ פּאַק יידישע ספרים.

מיטן זעלבן יעזויִטישן און פרומען שמייכעלע האָט ער זיי צעבונדן, האָט אַרויסגענומען איין ספר, אין אַן אַלטן און צעריסענעם באַנד פון לעדער, האָט אים געעפנט און אים צוגעטראָגן צום פאָטער.

— און וואָס איז דאָס? האַ? — לייענט נאָר איבער. תּלמוד זאַ־ווילאַנסקי, טראַקטאַט פּסחים. אָט האָט איר דעם גאַנצן ריטואַל זייערן... און דאָ האָט איר בלוט, מענטשלעכעס בלוט... אויף דעם בלאַט. און נאָך אַ בלאַט... און אָט האָט איר אַ דריטן בלאַט. כאַ כאַ כאַ! דאָס וועלן מיר אַנאַליזירן, כאַ כאַ כאַ! עקספּערטן וועלן אונדז שוין באַווייזן דעם כאַראַקטער פון דעם בלוט. כאַ כאַ כאַ! פריער האָבן זיי דאָס יינגל געקוילעט אויף זייער בית־הקברות, אויסגעצאַפּט דאָס בלוט... דערנאָך געהאָנגען. כאַ כאַ כאַ! מיר קענען זיי די שווינדלער! — און דער פּראָ־

קוראָר האָט זיך גענומען צעוויקלען פאַרן פּאָטער די גאַנצע נעץ, וואָס ער האָט שוין אויסגעשפּינען אין זיין קראַנקן, סאַדיסטישן מח מיט דער ליידנשאַפטלעכער סאַפּיסטישער באַרעדזאַמקייט פון אַ געשיקטן פּראָקוראָר און מיט אַ בייזער ברויזנדער פרייד פון אַ צורר היהודים, פון אַן אייביקן און אומשטערבלעכן המן.

און דער פּאָטער איז געשטאַנען בלייך ווי דער טויט און האָט אים אויסגעהערט. שוין נישט איליושאַ, זיין אייגענער און גוט באַקאַנ־טער זון איז געשטאַנען פאַר אים. אַ טייוול מיט גרינע קעצישע אויגן איז אויסגעוואַקסן אויף דער ווערעַנדע פון דער טונקעלער נאַכט־שויס און ער רעדט און שפּריצט אויף אים מיט דער גאַל פון אַ פאַרריקטער און פאַטאַלאָגישער שנאה צו אַ גאַנץ פאָלק. דער פליכיוואַטער און גלאַנצענ־דיקער שאַרבן אויפן קליין פאַרשפּיצט קעפּל, דער דאַרער, לאַנגער האַלדז מיט אַ גרויסן קנאָפּ, וואָס שפּאַרט אונטער דאָס קעפּל — אַלץ איז פון אַ טייוול און נישט פון קיין מענטש. און די ווערטער פון דעם טייוול אָטעמען און בריען אים דאָס פנים ווי די גלוט פון גהינום.

נישט דעם זונס האַנט שוועבט פאַר דעם פנים און שווינגט מיט דעם אַלטן ספר אין דער לופטן. אַ שליח פון גהינום דראָט עס אים מיט דעם אַלטן ספר, פון וועלכן עס טראָגט זיך אַ דומפּיקער, פאַרלעגערטער קעלער־ריח פון אַלטע זאַכן. און ער וויל זיך דערמאַנען אין דעם גוט־באַקאַנטן און צוגלייך פרעמדן ריח. ער שטרענגט אָן אַלע זיינע כוחות, זוכט אין זכרון פיבערהאַפט שנעל און געפינט עס.

אַן אַלטער אָבער גוט באַקאַנטער ריח!... און די יוגנט, די קינדערשע יאָרן וואַקסן אויס לעבן דעם טייוול אַזוי בולט, אַזוי פריש... דער בית־המדרש, די אַלטע ספרים פאַרפלעקטע פון צייט און בלוט... דער מלמד... די קלעפּ, די פּעטש, וואָס ער פלעגט געבן איבערן פנים, איבער דער נאָז...

„וואָס איז דאָס? אַ חלום? אַווירקלעכקייט? ניין! עס איז גאָטס שטראָף! און דער טייוול איז זיין שליח!" און ער רוקט זיך אָפּ פון אים צו דער וואַנט נאָך אַ שריט און נאָך אַ שריט. דער טייוול אָבער גייט אים נאָך, רעדט איבער אים אין זיין פיבערהאַפטן וואַנזין און טיטשעט אים מיטן ספר אין פנים אַריין, אין דער נאָז.

דער גענעראַל האָט דורכגעפירט מיט דער האַנט איבער זיין נאַ־קעטן שאַרבן ווי אַ מאַן, וועלכער טרייבט אָפּ פון די אויגן אַ מאַרך־גע־שפּענסט און איז געקומען צו זיך. דער דומפּיקער קעלער־ריח פון אַלטן

ספר האָט אים געבראַכט צו דערווירקלעכקייט און האָט אין אים אָנגעזונדן אַ געדאַנק, אַ בייזן געדאַנק.

איצט איז ער ווידער געוועזן גרייט אויפצונעמען דעם קאַמף מיט דעם טייוול, וועלכער איז זיין אייגענער זון. ער וועט שוין זיין דער עקספערט און וועט שוין דערקלערן דעם כאַראַקטער פון דעם בלוט אויף דער גמרא. זיין אייגענע לעבנס־געשיכטע וועט ער דערציילן אין געריכט. ער וועט די נעץ פון דעם וואַנזיניקן פּראָקוראָר צערייסן און פון זיין באַשולדיקונגס־אַקט וועט בלייבן נאָר צעריסענער שפּינוועבס — אַ געלעכטער און אַ חוזק...

ער וועט אויפטרעטן אַלס פאַרטיידיקער פון די יידן קעגן דעם זון דעם באַשולדיקער. ער נעמט אויף דעם קאַמף!

מיט אַמאָל האָט ער זיך דערפילט צוריק רויק און מונטער, ווי ער פלעגט זיך פילן פאַר אַ שלאַכט, פאַר אַ דועל, וועלכע ער האָט געהאַט פיל אין זיין לעבן. דער רעוואָלווער אויפן טיש האָט אים איצט שוין נישט געשראָקן מיטן דראָענדן קאַלטן בליאַסק פון קאַלטן שטאָל. ער קוקט אויף דעם רעוואָלווער און לאַכט פון אים אין האַרצן, און זיין פּיקסירטער בליק באַוועגט דעם פּראָקוראָר אויך צו כאַפּן אַ קוק אויפן רעוואָלווער. אינסטינקטיוו דרייט ער זיך אום צום טיש און צוריק צום פאָטער און זייערע אויגן באַגעגנען זיך ווייטער און כאַפּן זיך אַרום אין אַ שטילן און דראָענדיקן קאַמף.

און אין היץ פון דעם קאַמף כאַפּט זיך באַם פאָטער אַרויס פּאָלגענדע ווערטער:

— טשעפּוכאַ, גאָספּאָדין פּראָקוראָר, דאָס ייִנגל האָט דערהרגעט דער פּריסטאַוו, וועלכער איז ספּעציעל געקומען אַהער פון פּעטערבורג. דער מאָרד איז געפּלאַנעוועט געוואָרן דאָרט, אין דעפּאַרטאַמענט פון אונדזער פּאָליציי, אָדער אין די פינסטערע קעלערן פון אַ שוואַרצמאהדיקן עכט־רוסישן פאַרבאַנד. דער בלוט־בלבול איז נויטיק פאַר אייך, פּעטערבורגער טשינאָווניקעס. אין מוטנע וואַסער וועט איר כאַפּן פיש און מאַכן אייער קאַריערע. די גאַנצע געשיכטע איז גענייט מיט ווייסן פאָדעם און נאָר אַ דוראַק זעט עס נישט. איך שטיי אָבער שוין פאַרן קבר און קען היינט מאָרגן שטאַרבן. מיין קאַריערע איז שוין געמאַכט, גאָספּאָדין פּראָקוראָר! און איך וועל נישט און קען נישט רויק שטאַרבן און ליגן אין דר׳ערד, ווען איך וועל עס צולאָזן. איך וועל נישט און קען נישט גלייכגילטיק צוקוקן, ווי איר ברענגט אַן אומגליק אויף אַן אָרים

און אומשולדיק שטעטל, אַ פאַרלוימדונג אויף אַ גאַנץ אומשולדיק פאָלק. איך וועל עס נישט דערלויבן — האָט שוין געטופּעט און גע־שריגן אין דער שטילער נאַכט דער אַלטער מאַן. — טוט עס, ווו איר ווילט. אָבער נישט אין מיין שטעטל... איך וועל פאָרן קיין פּעטערבורג, אויפטרעטן אין געריכט... איך וועל אייער טייוולישע ווערק צעשטערן! סיידן איך וועל נישט לעבן! גוטע נאַכט, גאָספּאָדין פּראָקוראָר! —
און דער גענעראַל האָט מיט די ווערטער פאַרלאָזן די ווע־ראַנדע.

ווי דערהרגעט פון אַ דונער איז געבליבן שטיין אינמיטן דער ווע־ראַנדע דער פּראָקוראָר און האָט מיט איבערגעקערטע אויגן פון שרעק לאַנג געקוקט אויף דער טיר, וווהין דער פאָטער איז שוין פון לאַנג פאַר־שוואונדן.

איין קלאַפּ און אַלץ איז צעשמעטערט, אַלץ פאַלט און צעשיט זיך, ווי אַ קאָרטן־שטיבל.

אַן אומגעריכטער קלאַפּ!...

## חלום אוןווירקלעכקייט.

ווען דער אַלטער מאַן איז ענדלעך איינגעשלאָפן, האָט אַ וויל־דער און שווערער קאָשמאַר, שווער ווי אַ באַרג ווידער צוגעדריקט זיין ברוסט.

ווי אַן אָפּגרונט האָט זיך דאָס לעבן אונטער אים געעפנט.

צוערשט איז פון דאָרט אויפגעשטאַנען פון איר קבר די שוועסטער, די לאַנגע מיאוסע יידענע, מיט די אויסגעקרומטע גרויסע ציין פון אַ פאַנטערע. דער טויט און דאָס קבר האָבן זי געמאַכט נאָך מיאוסער און ווילדער. אַ שמוציקע און טויט־געלבע האָט זי, ווי אַ ווילדע מכשפה, זיך געוואָרפן אויף אים, געשמיסן אים דאָס געלט אין פנים אַריין, געשריגן, געוויינט און זיך געריסן די צעשויבערטע און שטייפע האָר פון קאָפּ...

און ער לויפט פון איר ווילדן ווּט... לויפט אָן אַ סוף איבער בערג און טאָלן. ער פילט, אַז דער אָטעם שפּאַרט די ברוסט און וועט זי באַלד צערייסן... ער קען זיך אָבער נישט אָפּשטעלן, זיך אויסדרייען...

שוין נישט זי, נאָר דער טויט לויפט הינטער אים, שעלט און דראָט און קלינגט אַזוי שרעקלעך מיט די ביינער...

און ער כאַפּט אַרויס זיין רעוואָלווער און שיסט אין געשפּענסט, פייערט אָן אַ סוף, און אַז דער ווינט צעטראָגט דעם רויך, ליגט ווידער אויפן גראָז די פרעמדע יידענע, מיט צעוואָרפענע גלידער פון אַ דערשאָ־סענער פאַר־היסטאָרישער חיה און מיט אַ פּנים אויסגעקרימט פון שרעק און ווויט...

און יידן לויפן פון אַלע זייטן פון פּאַרק, ווי אונטערערדישע גע־שטאַלטן, ווילדע לויפן זיי, ווי צעלאָפענע חיות פון אַ טירגאָרטן, וואַרפן זיך אויף אים, ווי אַ לעבעדיקער באַרג, דריקן אים און שטיקן... און ער ראַנגלט זיך מיט דעם לעבעדיקן קנויל, דרייט זיך און בייסט זיך אַזוי לאַנג, ביז דער פּראָקוראָר קומט צו לויפן — ער, דאָס ווייב און דער רויטער קאַדעט מיט דער ביקס...

און מען שלאָגט זיך און מען בייסט זיך שוין אַלע איינינעם, צווייֹ פינדלעכע קרעפּטן און וועלטן דרייען זיך אין אוראַגאַן פון היהשער רציחה... ווי אַ מחנה פון פאַרהונגערטע און משוגענע וועלף שפּרינגען זיי איינע אויף די אַנדערע און בייסן זיך די בלוטענדע לעבעדיקע גאָרג־לען. ער וויל זיי צונעמען, שרייט און דערוואַכט...

אין אַ ים פון קאַלטן טויט־שווייס דערוואַכט ער...

זיין ערשטער געדאַנק איז געווען — צוגיין צום פענסטער און זען, צי דער פּראָקוראָר שרייבט נאָך זיין בלוטיקע פאַרלוימדונג אויפן יידישן פאָלק.

מיט שווערע, ווי מיט בליי אָנגעגאָסענע טריט האָט ער זיך צו־געשלעפּט צום פענסטער און האָט אויפגעהויבן דעם שווערן פוּיר־האַנג.

אויף דער וועראַנדע איז שוין געווען פינסטער. דאָס ערשטע מאָרגנ־ליכט האָט זיך געריקט פון מזרח־זייט, אַ גרוי און אַן אומזיכער ליכט, און האָט זיך געראַנגלט מיט די נאַכט־שאָטנס. די ביימער זענען געשטאַ־נען ווי פאַרגליווערטע אונטער דעם אומהיימלעכן, שטילן אָבער האַרט־נעקיקן קאַמף פון טאָג און נאַכט, פון ליכט און פינסטערניש...

גרויע און אומעטיקע זענען זיי געשטאַנען, ווי שוין פאַראורטייל־טע צום טויטע.

דער גענעראַל האָט געעפנט דאָס פענסטער און האָט זיך אַרונטערגע־

לאָזט אין אַ שטול, אָטעמענדיק די פרישע לופט מיט ברייטע און שווערע שלונגען.

די לופט אָבער האָט אים נישט דערפרישט און נישט געלינדערט. צוגלייך מיט איר האָט זיך אין ברוסט געגאָסן דער אומעט פון גרויען מאָרגן, פון גרויזאַמען קאַמף צווישן ליכט און פינסטערניש... אַזאַ פייכטער און געדיכטער אומעט. ווי אַ שמוציקער און גיפטיקער קליי האָט ער אָנגעפילט די ברוסט און זי געשפּאַרט און געדריקט פון אַלע זייטן... און זיך געוויקלט אַרום האַלדז ווי אַן עקלהאַפטער שלאַנג.

און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט דעם זון-אויפגאַנג שוין נישט זען, אַז דער גרויער, זיך קלעבנדיקער שלאַנג וועט אים דערווערגן באַם פענסטער...

געטריבן פון דער נישט גוטקייט פון אַ גסיסה האָט ער אָנגעצונדן אַ ליכט און זיך געלאָזט גיין צום צימער, וווּ דער זון איז געשלאָפן.

עס איז געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַ נודנער און אומעטיקער, ווי דאָס קאַלעמוטנע און אומזיכער ציטערנדע מאָרגנליכט, אַ פאַרצווייפלטע און לעצטע האָפנונג פון אַ גוסס.

ער וועט אויפוועקן דעם זון, אים אַלץ דערציילן און אים נאָר בעטן, אַז ער זאָל אים לאָזן רויק שטאַרבן...

נאָר שטאַרבן און מער גאָרנישט! און גערירט ביז טרערן פון רחמנות צו זיך אַליין, מיט זיין גרויזאַמען שיקזאַל, האָט ער געגלייבט, אַז דער זון וועט מיט אים אויך רחמנות האָבן און וועט אויפגעבן דעם בלוט-בלבול...

„איז ער דען קיין מענטש נישט? ער מוז דאָך האָבן אַ מענטשלעך האַרץ און האָבן רחמנות מיט אַ פאָטער!" — האָט ער געפּרוּווט זיך אַליין פאַרזיכערן דער מאַן אין זיין גסיסה און האָט מוטיק געעפנט די טיר פון צימער.

דער פּראָקוראָר איז געלעגן אויף אַ ברייטן טערקישן דיוואַן מיט אַ נאַקעטער האָריקער ברוסט, מיט איין פוס פאַרריסן און אַ שטאָלץ פאַרוואָרפענעם קאָפּ.

דער פאָטער האָט אויפגעהויבן דאָס ליכט איבער זיין געלעגער און האָט זיך איבער אים אָנגעבויגן... צווישן די ווי מאָך-געדיכטע האָר איז געלעגן אַ צלם, פון וועלכן ס'האָט זיך געצויגן אַ שוואַרץ שנירל אַרום זיין דינעם און לאַנגן האַלדז.

דער צלם האָט דעם פאָטער אויפגעשוידערט ווי עפּעס מיאוסעס

און אומהיימלעכס. . . ער האָט געוווּסט, אַז אין די סטודענטן-יאָרן האָט ער נישט געטראָגן קיין צלם.

„איז ער אַזוי פרום געוואָרן? אָדער דאָס איז גאָר צביעות און פאַלשקייט?"

ער האָט פאָרשנדיק איינגעגראָבן זיין בליק אין דעם פאַרוואָרפן־ליגנדיקן פנים, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט אַן ענטפער אויף זיין פראַגע, און דאָס פנים מיטן בייז־געשלאָסענעם מויל מיט זיינע שאַרף־אויסגעצויגענע און פאַרשפּיצטע געזיכטסטיציגע האָט געקוקט אויף אים נאָך גרויזאַמער ווי נעכטן, ווען ער האָט געוועבט פאַר אים די נעץ פון בלוט־בלבול, פון זיין פאָלקס אומגליק. און ווי האָפנונגסלאָז איז אים איצט פאָרגעקומען דאָס שטייפע און בייזע פנים און דער צלם אויף דער ברוסט! ווי דאָס פנים פון אַ תּליון האָט ער געקוקט אויף אים אומבויג־זאַם און אַנטשלאָסן אין זיין בייזן, מערדערישן ווילן. . . און ווידער האָט ער ווי פיבערהאַפט געטאַפּט די שטייפע ליניע פון פנים, געזוכט און גע־בלעטערט אין זכּרון און פאַרגליכן. . .

„אין וועמען? אין וועמען איז ער געראָטן?" — האָט ווי אַ ביי־זער און פאַסקודנער וואָרעם אים געטאָטשעט און געגאָגט אַ געדאַנק, און דער רחמנות מיט זיך אַליין איז געווען נאָך ביטערער און בריענ־דער. . . טרערן האָבן געגאָסן און געבריט זיינע באַקן.

און אַז די טויטע און פאַרגליווערטע מאַסקע פון פּראָקוראָר האָט אַ ציטער געטון אונטער דעם ליכט אין זיין ציטערדיקער האַנט, האָט דער פאָטער אין איילעניש, אָבער פאָרזיכטיק שטיל פאַרלאָזט דאָס צי־מער. . .

ער איז שוין געווען פעסט איבערצייגט, אַז דער תּליון וועט מיט אים נישט רחמנות האָבן.

## דאָס פאָלק אין גלות.

דאָס אָפּגעקילטע און באַפרישטע בעט האָט ווידער אַרומגעכאַפּט זיינע מידע אין נאָגנדע אברים און ער איז צוריק איינגעשלאָפן מיט אַ לאַנגן און מידן שלאָף. אויפגעוועקט האָט אים אַ שטאַרקער רויש און־

טערן פענסטער. דער גענעראַל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און איז צוגעלאָפן צום פענסטער. די גרויסע, אויף דאָרישע זיילן געשטיצטע וועראַנדע איז געווען פאַרפּלייצט מיט פּאָליציי, גויים און סישטשיקעס. רעכטס אין אַ גלייכער שורה און געהיט פון בלאַנקע און אין העלן זונען־ליכט גרויזאַם־בליאַסקענדע שווערדן זענען געשטאַנען די אַרעסטירטע יידן. מיט אַרונטערגעלאָזטע, איינגעבויגענע קעפּ זענען זיי געשטאַנען, ווי אַ פּאָלק געטריבן אין גלות. נאָר דער רב, דער זעלבער, וואָס האָט אים ווינטער מיט אַ דעפּוטאַציע דערלאַנגט באַם בריקל ברויט און זאַלץ, האָט פאַרריסן די אויגן צום הימל און זיינע בלוטלאָזע ליפּן און דאָס קליינע גרויע ציגן־בערדל האָט זיך צוזאַמען באַוועגט און געציטערט ווי אין אַ שטילער תּפילה. דער איבעריקער טייל פּנים איז געבליבן באַוועגלאָז, טונקל־בלוי, ווי אַן איבערגעבערענט אַש מיט אַן אויסדרוק פון אַ פאַרגלייווערטער פראַגע און פאָרוואורף צום הימל.

דער גענעראַל האָט נישט געקענט אָפּרייסן זיינע אויגן פון דעם פרעגנדן פּנים, אַזוי ווי די פראַגע, דער פאָרוואורף וואָלט געווען געריכטעט נישט צו גאָט, נאָר צו אים אַליין, דעם פאָטער פון דעם זון, דעם תּלין, וועלכער האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט אַהער צו פייניקן און צו שענדן.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט ציילן און אָנגעציילט צען יידן... בערל האָט אויפגעציטערט און אינסטינקטיוו אויפגעהויבן צו אים דאָס פּנים, אַזוי ווי ער וואָלט אויף זיך דערפילט די ציילנדיקע אויגן באַם פענסטער.

דער גענעראַל איז אָפּגעשפּרונגען. די זאַך איז געווען אַזוי אומגלויבלעך, אַזוי אוממעגלעך! ער איז צוגעלאָפן צוריק און האָט זיך גענומען רייבן די אויגן און דערנאָך ווישן די פון זיין הייסן אָטעם פאַרנעפּלטע שויבן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין נישט געגלויבט. עס איז אָבער געווען אַ ווירקלעכקייט און נישט קיין קאָשמאַר...

דאַן האָט אים אָנגעכאַפּט אַ פּחד, אַן אַבערגלויבישע שרעק... אַזוי ווי די שראָפּנדע האַנט פון אַ מלאך וואָלט פאַר אים אָנגעשריבן אויף דער וואַנט די דראָענדע און וואָרנענדע ווערטער, וועלכע זי האָט אַמאָל אָנגעשריבן אויף דער וואַנט פון בלשאַרצס פּאַלאַץ.

ער האָט פיבערהאַפט זיך גענומען אָנטון. די הענט האָבן אָבער געציטערט, און ער האָט בשום אופן נישט געקענט אַרויפציען דעם לינקן שטיוול, אַזוי ווי דער פוס וואָלט איבערנאַכט געשוואָלן געוואָרן.

דאַן האָט ער אָנגעקלונגען נאָכן לאָקיי.

אַז ער האָט דערזען אויפן לאָקייס פּנים דאָסזעלבע שפּאָטנדע און בייז־פריילעכע נקמה־שמייכעלע, וואָס ער האָט ערשט געזען אויף די אַלע פּנימער פון די אַלע פּאָליציייסקע און סישטשיקעס אויף דער וועראַנדע, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ בלינדער ווּט. מיטן שטיוול אין דער האַנט האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויפן לאָקיי ווי פון אַ באַהעלטעניש און האָט זיך גענומען אים שלאָגן איבערן קאָפּ און שרייען אין וואַנזיניקן כּעס:

— וואָן, וואָן! סוקין סין!

דער לאָקיי האָט זיך נישט געוועהרט קעגן די קלעפּ און איז נישט געלאָפן... אומבאַוועגלעך און אַ טויט־בלאַסער איז ער געשטאַנען און געקוקט אויף אים מיט צוויי איבערגעשראָקענע גרויסע אויגן, ווי מען קוקט אויף אַ מאַן אין ערשטן אויסברוך פון וואַנזין.

— באַרין! באַרין! גאָט איז מיט אייך, באַרין! — האָט געשעפּטשעט דער לאָקיי.

— וואָן! וואָן! אַנישט דערשיס איך דיך! און ער איז צוגעלאָפן צו דער וואַנט, ווו דאָס געווער איז געהאָנגען.

דער לאָקיי האָט זיך צוזאַמענגעדרייט ווי אַ פאַרפאָלגטער האָז און איז מיט איין שפרונג אַרויס פון קאַבינעט.

ווי דערשעפּט האָט ער זיך צוגעשלעפּט צום בעט און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן צעקנייטשטן געלעגער.

די ברוסט האָט זיך באַוועגט אַרויף און אַראָפּ ווי אַ בלאָז־זאַק, אַלע אברים האָבן געציטערט ווי אין אַן עפּילעפּטישן אָנפאַל. פון שפּיגל אין דער קליידער־שאַפע אַנטקעגן האָט אויף אים געקוקט אַ מאַן, וועלכן ער האָט אַליין נישט דערקענט.

און אַזוי איז ער לאַנג געזעסן און געקוקט אויפן פרעמדן און אומבאַקאַנטן מאַן אין שפּיגל, אַן אויסגעלאָשענער און דערשעפּטער, אַן געפילן און אָן געדאַנקען.

## ברידער און שוועסטער.

אויפגעשוידערט האָט אים און געבראַכט צו זיך שטימען פון צווייטן צימער, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ טיר פון דער קליי-דער-שאַנק.

געדעדט האָבן נאַטאַשע און דער פּראָקוראָר, צום ערשט איינציק-ווייז און דערנאָך מיטאַמאָל און אויפגערעגט.

— מען דאַרף זיך בארויקן... הויפּטזעכלעך רויק און געלאַסן — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט און האָט זיך צוריק אָנגעטון לאַנגזאַם און געלאַסן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך נאָר מיט דעם פּראָצעס אַליין געקענט באַרויקן. פּלוצלינג האָט ער דערהערט ווי אַ טרוקענעם טראַסק און נאַ-טאַשעס אַ קוויטש.

— ער שלאָגט זי ! — איז דורך אַ געדאַנק אין זיין מוח, האָט אים אָפּגעבריט ווי אַ בליץ און אָנגעצונדן דאָס בלוט.

אַ רגע איז געווען שטיל, אומהיימלעך שטיל, דערנאָך האָט זיך דערהערט נאַטאַשעס געוויין...

— יאָ, קיין צווייפל... אָבער רויק... נאָר רויק — האָט געזאָגט דער אַלטער מאַן צו זיך אין דער הייך, האָט געכאַפּט פון דער וואַנט אַן אַלטמאָדישן געלאָדענעם פּיסטאָלעט, האָט אים אַריינגעשטעקט אין קעשענע, איז אַרויסגעלאָפן און האָט האַסטיק געעפנט די טיר פון צווייטן צימער.

אין דער טיר האָט ער זיך צוזאַמענגעשטויסן מיטן זון אין וויצ-מונדיר, מיט אַ גרויסן בריליאַנטענעם צלם אויף דער ברוסט און מיט אַ פּאָרטפעל אונטער דער האַנט. דאָס פּנים פון דעם אינקוויזיטאָר איז גע-ווען נאָך שטייפער און גרויזאַמער ווי נעכטן אין שלאָף.

דער פאָטער האָט אויפגעשוידערט און האָט אינסטינקטיוו צוזאַמענ-געדריקט דעם רעוואָלווער אין קעשענע, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר אַן אָנפאַל...

זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט און אַרומגעכאַפּט ווי אין קאַמף... אַ רגע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט מיט הזסנדע און פאַרניכטנדע בליקן,

דערנאָך האָט זיך דער פּראָקוראָר מיט דער זייט אָפּגערוקט פון אים מיט א ציטערנדיקן עקל אויפן שטייפן פּנים, שוין מיט דעמזעלבן פּאַטאָלאָגישן עקל, מיט וועלכן ער און אַלע פון זיין סביבה פלעגן רעדן פון יידן.

און דער אויסדרוק פון עקל האָט דעם פאָטער איבערגעשראָקן און אויסגעלאָשן אין אים די ווילדע ווּט און דעם אַנטשלאָסענעם מוט און אים געמאַכטש וואַך...

— ער ווייסט אַלץ... ווייסט ער דען? — האָט אים ווי מיט א מעסער אַ שטאָך געטון אַ געדאַנק און ער האָט געמאַכט אַ שריט צוריק און באַפרייט דעם וועג פאַרן פּראָקוראָר.

— פּירט די פאַרברעכער אָפּ צוריק אין וואָלאָסט אַריין, איך פאָר אייך נאָך! — האָט באַפוילן דער פּראָקוראָר מיט אַ טרוקענעם און שוין געלאַנגווייליקטן טאָן דעם איספּראַווניק, וועלכער האָט געוואַרט אויף אים אויסגעצויגן אין דער טיר פון דעם לאַנגן קאָרידאָר.

— סלוּשאַיוּס, וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ! — האָט זיך נאָך מער אויסגעצויגן דער איספּראַווניק און איז אַרויס אויף דער וועראַנדע.

דער פּראָקוראָר האָט נאָך העכער אויגעהויבן דעם קאָפּ אויפן דינעם און דאַרן האַלדז און האָט זיך געלאָזט מיט שטאָלצע און בייזע טריט גיין צו דער טיר, אַרויפציענדיק די הענטשקעס אויף די הענט און זיך נישט אומקוקנדיק אויפן פאָטער.

און ווידער שטייט דער אַלטער מאַן אָנגעשפּאַרט מיטן שטערן אין גלאָז פון פענסטער און קוקט אויף דער וועראַנדע: די בליאַנקע בייזע שווערדן רינגלען ווידער אַרום די יידן פון אַלע זייטן. דער רב קוקט שוין נישט צום הימל. זיין קאָפּ הענגט שוין אויך טיף אויף דער ברוסט, ווי בא זיין געבויגענער און פון שאַנדע צוזאַמענגעדרייטער עדה... ווי אַן אָפּגעשניטענער הענגט דער אַלטער קאָפּ... און מען טרייבט זיי ווידער איבער דער ברייטער אַלעע צווישן די הויכע, הונדערט־יאָריקע טאָפּאָליעס... ווי אין גלות טרייבט מען זיי... עס ווייזט זיך אים אויס, אַז מען טרייבט אים אויך, צוזאַמען מיט בערלען, אַ באַזיגטן און געשמידטן... און ער פילט שוין גאָרנישט, נישט קיין צער און נישט קיין כעס... נאָר אַ נודנע פּוסטקייט אין דער נשמה און אַ שווערע בלייערנע מידקייט אין זיינע אַלטע אברים.

# דער פּאַטש.

דער געדאַנק, אַז דער אויסוואורף האָט דערלאַנגט נאַטאַשען אַ פּאַטש, אַז ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט אויף אַן אויסגעוואַקסענער שוועסטער און דאַמע, אויף זיין ליבלינג נאַטאַשע, האָט ווידער באַם גע־נעראַל אָנגעצונדן דעם מאַרך, דאָס בלוט אין די אָדערן... ער האָט געפילט דעם פּאַטש אויף זיך, אויף זיין פּנים... און אָט דאָס געפיל, צוזאַמען מיטן געפיל פון אַ מאַן, וועלכער האָט זיך אין ערשטן מאָ־מענט פון באַליידיקונג פאַרלוירן און האָט נישט געענטפערט אויף דער באַליידיקונג, אים נישט דערשאָסן אויפן אָרט ווי אַ משוגענעם הונט, האָט אים וואַנזיניק געמאַכט... ער איז צוריק אַריינגעלאָפן אין זיין טאָכטערס צימער.

— דער שופט האָט דיר אַ קלאַפּ געטון? אַ? — האָט ער גע־פרעגט נאַטאַשען.

זי האָט אויפגעהויבן איר קעפּל פון די הענט, אויף וועלכע זי איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויפן טיש און אָפּגעשטעלט אויפן פאָטער אַ פאַרוויינט פּנים. אַ קליינע און צוזאַמענגעדרייטע, האָט זי אויסגעזען ווי אַ פייגעלע, ווי אַ שוואַלב, וואָס טוליעט זיך אין אַ ווינקל אונטערן דאַך און באַהאַלט זיך פון שטורם... דעם פאָטערס שרעקלעכע געזיכט האָט זי אָבער באַלד פאַרענדערט. זי האָט אָנגעהויבן לאַכן, לאַכן מיט צוויי פאַרוויינטע אויגן... און ווי אַ רעגנבויגן שימערט פון אונטערן רעגן, אַזוי האָבן זיך געלויכטן די צוויי לאַכנדיקע און צוגלייך וויינענדע אויגן...

— ניטשעוואָ, פּאַפּאַשאַ! גאָרנישט! מיר האָבן זיך אַ ביסל צע־קריגט, אָבער גאָרנישט... טשעפּוכאַ! — האָט זי געפּרוווט באַרויקן דעם פאָטער און איז אים אַרויפגעשפּרונגען אויפן האַלדז און אים אַרומ־גענומען.

די לאַסקעס האָבן אים אָבער נישט באַרויקט, ווי בוימאייל קען נישט אויסלעשן קיין פייער... ער האָט דערפילט, אַז ער מוז עפּעס טון, און דאָס — באַלד, און אויב נישט. וועט די ברוסט צעריסן ווערן

פון אויפרעגונג און רציחה... איצט האָט ער שוין נישט געצווייפלט. אַז ער איז נישט זיין זון... מיט דער רציחה איז אויסגעוואַקסן אַ זי־כערקייט, אַז ער איז פון אַ קוטשער אָדער אַ לאַקיי, און אַז זיין ווייב איז געווען אַ שליאָכע... אַנדערש קען עס נישט זיין! און אין דעם מאַכטלאָזן, וואַנזיניקן כעס האָט ער זיך פאַרגעסן און ער האָט אויסגע־שריגן:

— שליאָכאַ! פּאָדלאַיאַ!

— נאַטאַשע איז אָפּגעשפּרונגען פון אים ווי פון אַ וואַנזיניקן... איר פּנים, אירע איבערגעקערטע און איבערגעשראָקענע אויגן האָבן אים געבראַכט צו זיך און די צוויי ווערטער האָבן אים אַליין איבערגעשראָקן אויף טויט.

— פּאַפּאַשאַ! וואָס האָסטו געמיינט? — האָט אים געפּרעגט די טאָכטער.

— אָ, גאָרנישט! גאָרנישט! מ׳קען פון זינען אַראָפּ... די גע־דאַנקען פאַרלירן — האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט, און ער האָט זיך דערשעפּט אַרונטערגעלאָזט אויף דער שטול, ווו נאַטאַשע איז ערשט געזעסן און ער האָט זיך גענומען טאַפּן און פירן מיט דער האַנט אי־בער דעם נאַקעטן און פאַרשוויצן שאַרבן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיך איבערצייגן, צי איז ער ווירקלעך נישט אַראָפּ פון זינען.

נאַטאַשע האָט זיך צוגעזעצט אויף זיין קני און האָט זיך ווידער אים גענומען לאַשטשען, גלעטן מיט אירע קליינע שיינע הענטלעך און באַרויקן. אַ ווײַלע זענען זיי אַזוי געזעסן, צונויפגעדרייט און צוזאַמענ־געגאָסן אין איין קנויל. פון שטומען צער און פאַרצווייפלונג.

— וואָן! מער קומט נישט זיין פוס אַהער... אויב ער קומט צו־ריק, וועל איך אים ווי אַ הונט אַרויסטרייבן פון דאַנען — האָט געזאָגט דער פאָטער און האָט זיך אויפגעהויבן.

„שליאָכאַ! פּאָדלאַיאַ שליאָכאַ! און ער איז אַ ממזר״ — האָט שוין ווי אַ פּיקהאָלץ געפּיקט אין מוח אַ געדאַנק, און דער געדאַנק איז אים געווען אַנגענעם און האָט געלינדערט ווי אַ קילנדער באַלזאַם דעם ברי־ענדן פיין און כעס.

— ער וועט שוין סיי ווי סיי נישט קומען! איך האָב אים שוין אַליין פון דאַנען אַרויסגעטריבן — האָט געזאָגט נאַטאַשע.

אָבער דאָס איז געווען ווייניק... ער האָט געדאַרפט טון נאָך עפּעס.

דער אויסדרוק פון קראַנקהאַפטן עקל, וועלכן ער האָט איבערגע־לייענט אויף זיין פּנים אין דער טיר, דאָסזעלבע טעמפּע און גרויזאַמע פּנים איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן. ער איז געווען זיכער, אַז דער זון ווייסט זיין לעבנס־סוד, אַז ער האָט אים געטראָפן, און אַז ער פילט צו אים אַן עקל ווי צו אַ ייד... ער איז אין דעם געווען פּונקט אַזוי זיכער, ווי אין דעם, אַז די גראָבע קאַצאַפּקע האָט געלעבט מיט אַ קוי־טשער און דער פּראָקיראָר איז אַ ממזר...

און ווילדע אומגעלומפּערטע געדאַנקען האָבן ווי שדים גענומען שפּרינגען אין זיין מוח און אים טרייבן הין און צוריק איבערן צי־מער.

צוערשט איז אים אַריין אַ געדאַנק, צו גיין אין וואָלאָסט אַריין, ווי עס קומט פאַר די אינקוויזיציע פון אומשולדיקע מענטשן, און אים פאַר אַלע סישטשיקעס און פּאָליצייסקע, פאַר דער גאַנצער אויספאָרשונג־קאָמיסיע אויספּאַטשן.

„נאַ! אָט האָסטו דערפאַר, וואָס דו האָסט געפּאַטשט אַ שוועסטער און אַ דאַמע!“

דאָס, וואָס ער האָט געפּאַטשש אַ דאַמע, איז אים פאָרגעקומען אומפאַרציילעכער ווי אַלץ... די דאַמע האָט אינגאַנצן פאַרשטעלט די שוועסטער... דערנאָך איז אויסגעקומען, אַז עס וועט זיין אַ דועל צווישן אים און דעם ממזר... ער וועט אים אַליין אַרויסרופן אויף אַ דועל. יאָ! די גאַנצע וועלט וויסן, אַז ער איז נישט זיינער... סיי־ווי־סיי וועט ער זיך אָפּזאָגן פון אים אַלס פאָטער... קיין ירושה וועט ער שוין אים נישט לאָזן... „קיין קאָפּיקע! נאָך היינט וועט ער מאַכן אַ נייע צוואה... יאָ! אַ דועל!...“

און דער געדאַנק איז אים פאָרגעקומען אַזוי נאַטירלעך, אַז ער האָט אים אָנגעהויבן צו באַרויקן...

ער נעמט זיך אָן פאַר זיין טאָכטער, פאַר אַ דאַמע, וועלכע איז געשלאָגן געוואָרן פון אַ כאַם... דאָס האָט פון אים פאַרלאַנגט דער כבוד פון מונדיר, די עטיק פון אַן אָפיציר און סאָלדאַט... און בײַ דעם געדאַנק האָט ער זיך אויסגעצויגן און האָט אויסגעסטאַרטשעט די ברוסט, ווי אויף אַ פּאַראַד, און אין די געדאַנקען האָט ער שוין געזען דעם זון דערשאָסן...

„ווי דען? ער איז דאָך אַ „שפּאַק“; אַ ציווילנער, ווי די אָפירן רופן די נישט־אָפיצירן... ער קען דען אַזוי שיסן ווי ער?... ער וועט

נאָך היינט, ווי אין די יונגע יאָרן, אַראָפּשיסן אַ דעקל פון אַ טשייניק, אַ היטל פון אַ קאָפּ, און וועט נישט פעלן...״

— דער פרישטיק איז דערלאַנגט! — האָט געמעלדעט אין דער טיר דערזעלבער לאָקיי, וועלכן ער האָט געשלאָגן פריער מיטן שטיוול איבערן קאָפּ. דער פריערדיקער שמייכל, וועלכער האָט אים אַזוי אויפגע־בראַכט, איז שוין נישט געווען אויפן לאָקייס גלאַטן און ברייטן פנים. ער איז געווען פאַרגליווערט אין אַ העפלעכער אונטערטעניקייט... דער געוויינטלעכע פנים פון אַ לאָקיי.

און דער לאָקיי האָט אונטערגעבראָכן דאָס שפּאַנען איבערן צימער און דעם לויף פון די אומגעלומפּערטע געדאַנקען.

דער גענעראַל האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן פרישטיק ווי אַ רעטונג... ער וועט זיך דערוויילן באַרויקן און נאָכן עסן וועט ער שוין זען, וואָס ער האָט צו טון... ער וועט עס אָבער אַזוי נישט לאָזן...

דער אומגעלומפּערטער געדאַנק פון אַ דועל איז שוין אָבער געלעגן צעטרעטן און פאַרלאָשן.

„און ווי איז, אַז ער איז מיין קינד? ווער קען עס וויסן?... דער טייוול אַליין וועט עס נישט וויסן...״

— קום פרישטיקן, טאָכטער!

און ער האָט גענומען נאַטאַשען אונטער דער האַנט העפלעך און גאַלאַנט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ פרעמדע דאַמע און נישט נאַטאַ־שע, זיין טאָכטער, און ער וואָלט געווען דער קאַוואַלער. ער האָט זי צוגעפירט צום טיש.

## נאָכן פרישטיק.

נאָכן פרישטיק האָט זיך דער גענעראַל פאַרשלאָסן באַ זיך אין קאַבינעט. אַ ווײַלע איז ער אַרומגעגאַנגען הין און צוריק און האָט אויפ־געדעגט געפירט הין און צוריק מיט דער האַנט איבערן נאַקעטן שאַרבן, וועלכער האָט זיך באַ אים אַזוי ווי צוזאַמענגעגאָסן אינאיינעם מיטן שטערן...

און אַזויווי ער וואָלט אָנגעטאַפּט און זיך איבערצייגט, אַז ער

איז פולשטענדיק רויק און באַם קלאָרן פאַרשטאַנד, האָט ער זיך צו־געזעצט צום שרייב־טיש און האָט זיך גענומען שרייבן פאָלגנדיקן בריוו:

„גנעדיקער הער! — האָט ער אַדרעסירט זיין אייגענעם זון — אַ מאַן, וועלכער הייבט אויף זיין האַנט און שלאָגט אַ דאַמע, מעג זי זיין אַן אייגענע שוועסטער, אַזאַ מאַן איז נישט ווערט צו טראָגן דעם נאָמען פון אַ רוסישן אַדלמאַן און צו זיין דער פאַרטרעטער פון געזעץ און די אינ־טערעסן פון דער יוסטיץ".

דאָס וואָרט „רוסישער אַדלמאַן" האָט אים אָבער ווי אָפּגעע־בריט...

„טשעפּוכאַ!" — האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן פון די ליפּן, און ער האָט צעריסן דעם בריוו און האָט אים מיט כעס אַריינגעשליידערט אין פּאַפּיר־קאָרב.

„רוסקי דוואָריאַנין!" — און ער האָט זיך אַליין דערפון צעלאַכט. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען בערל, זיין אָרים געבוירט־שטעטל אין טאָל, און די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט האָט פון אים שפּאָטיש און טייוליש געלאַכט... געלאַכט האָט איבער אים אויך דער פּאָרטרעט פון אַ גראַף סווינטשיצקי, איינער פון סווינטשיצקיס אורעלטערן, אין קליידער און געווער פון אַ מיטלאַלטערלעכן ריטער, וועלכער איז געהאָנגען איבער זיין טיש.

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער שפּאָט פון אים און פון זיין יוגנט־פריינט בערל, וועלכן מען האָט אַוועקגעפירט מיט בלאַנקע שווערדן, גלייך מיט אַלע יידן... אויף דעם פּנים פון דעם מיטלאַלטערלעכן רי־טער, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין אַ קרייץ־צוג און וועלכן ער אַליין האָט אויף להכעיס פאַרלאַנגט צו האָבן, צוזאַמען מיט דער איבעריקער בילדער־גאַלעריע, און האָט דעם פאַרלאַנג געשטעלט אַלס איינעם פון די תּנאים באַם קויפן סווינטשיצקיס מאַיאָנטעק, אויף דעם פּנים האָט ער פּלוצלינג דערזען דעמזעלבן פרעכן און בייז־פריילעכן און שפּאָטישן נקמה־שמייכל, וועלכן ער האָט אין דער פרי געזען אויף די פּנימער פון אַלע פּאָליצייסקע, און פאַר וועלכן ער האָט געשלאָגן דעם לאָקיי זיינעם.

פּלוצלינג האָט ער זיך ווידער דערמאַנט, ווי אַזוי מען האָט קינד־ווייז אים און בערלען געשמיסן מיט קראָפּעווע דאָ אין פּאַרק און דער־

נידריקט אויף אייביק. . און ווי דער לאַקיי אין דער פּ״י, אַזוי האָט אים דער פּאָרטרעט איצט אַריינגעוואָרפן אין אַ ווינט.

„צו וואָס פּאַר אַ טייוול הענגט דאָ דער מערזאַווועץ מיט דערפרע־כער מאָרדע?“ — האָט ער זיך אַליין געפרעגט אין דער הויך און האָט אָנגעקלונגען. אַ לאַקיי האָט אָנגעקלאַפּט און ער האָט געעפנט. דאָס איז געווען שוין אַן אַנדערער, אַ יונגערער, מיטן נאָמען מישקאַ.

— נעמט צו פון דאַנען דעם פּוילישן מערזאַווועץ! אַ דוראַק איז ער און ווייטער גאָרנישט! — האָט ער אָנגעוויזן אויפן פּאָרטרעט.

מישקאַ האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר פרעגנדע אויגן. ער האָט זיין האַר נישט פאַרשטאַנען.

— וואָס קוקסטו אויף מיר, דוראַק? איך זאָג דאָך דיר: נעם אַראָפּ דעם פּאָרטרעט און הענג אים אויף דאָרט צווישן די איבעריקע פּוילישע מאָרדעס. פון מיינעטוועגן קענסטו אים אפילו אין שטאַל אויפהענגען. . . פּאַסקודסטוואָ און ווייטער גאָרנישט! . . .

און מישקאַ איז אַרויפגעקראָכן אויפן טיש און האָט זיך גענומען אַראָפּנעמען דעם פּאָרטרעט. און עס האָט אַזוי לאַנג געדויערט. . . אַן אייביקייט, אַז דאָס געדולד האָט באַ אים געפּלאַצט און ער האָט זיך גענומען אויף אים שרייען, אַז ער זאָל עס מאַכן גיכער. און אַז מישקאַ האָט שוין ענדלעך אַרונטערגענומען דעם פּאָרטרעט און איז אַראָפּגעקראָכן פונם טיש, האָט ער באַמערקט, אַז ער האָט פאַרשטויבט דעם גרינעם גע־וואַנט פון טיש, און דער לאַקיי האָט זיך ערשט גענומען ווישן דעם שטויב מיטן אַרבל. דאָס האָט ער שוין נישט געקענט אויסהאַלטן, האָט אָנגע־כאַפּט מישקאַן באַם קאָלנער און האָט אים אַרויסגעשמיסן פון קאַבינעט מיטן פּאָרטרעט און האָט ווידער פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר.

דאַן האָט ער זיך צוריקגעזעצט צום טיש און האָט זיך ווידער גע־נומען שרייבן בריוו צום זון איינס נאָכן אַנדערן. . .

אין איין בריוו האָט ער פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל מער נישט באַ־טרעטן די שוועל פון זיין הויז, דערפאַר וואָס ער האָט אויפגעהויבן די האַנט אויף נאַטאַשען. דעם בריוו האָט ער צעריסן און האָט אָנגע־שריבן אַן אַנדערן, אין וועלכן ער האָט דעם זון געשליידערט אין פּנים אַריין די זעלבע ווערטער, וואָס ער האָט אים נעבטן באַנאַכט גע־זאָגט אויף דער וועראַנדע וועגן דעם בלוט־בלבול, אויך דעם בריוו האָט ער צעריסן. אַזוי האָט ער געשריבן און געריסן דאָס פּאַפּיר ביז ער האָט איינגאַנצן אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו שרייבן אַ בריוו און האָט

זיך גענומען שרייבן אַ נייע צוואה, אין וועלכער ער האָט זיין גאַנץ פאַר־מעגן אָפּגעזאָגט נאָר באַטאַשען און זיינע יידישע קרובים אין שטעטל. אין דער צוואה האָט ער אַרויסגעגעבן זיין לעבנס־סוד, האָט זיך מודה געווען. אַז ער איז אַ ייד, וועלכן מען האָט נאָך אין זיין קינדהייט גע־צוווּנגען צו שמד און האָט געבעטן נאַטאַשען, אַז זי זאָל אים באַגראָבן צווישן יידן אין זיין געבורט־שטעטל, לעבן זיינע עלטערן, און האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם בלוט־בלבול. . .

אַז ער איז געקומען צו זיין קבורה, האָבן זיך די טרערן שוין גע־גאָסן פון זיינע אויגן איבער די באַקן און אויף דער צוואה, און זיי האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן טינט אויפן פּאַפּיר אין ציטערנדע און לעבעדיקע פלעקן.

אַז ער האָט זיך אָבער געגומען איבערלייענען זיין צוואה האָט אים זיין ווידוי, אַז ער איז אַ ייד, אַליין איבערגעשראָקן און ער האָט צעריסן די צוואה אויף קליינע שטיקלעך, האָט די שטיקלעך אַריינגע־וואָרפן אין קאַמין אַריין, האָט זיי אונטערגעצונדן מיט אַ שוועבעלע און איז נישט אָפּגעטרעטן פון זיי, ביז זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַש.

און די זעלבע פייער־צונגען, וועלכע האָבן געלעקט און געצונדן דאָס פּאַפּיר, האָבן געצונדן זיין האַרץ, זיין מוח.

און ווידער האָט אים אַרומגעכאַפּט דער נודנער טעמפּער אומעט, וועלכער האָט זיך פאַרטאָג צעגאָסן אין זיין ברוסט פון דעם גרויסן מאָרגנליכט אין פּאַרק, דער אומעט פון אַ גסיסה, וועלכער ברענט נישט און טוט נישט וויי, נאָר ער דריקט צוריק צו דער ערד. . . פון וואַנען דער מענטש איז געקומען.

ער האָט דערפילט, אַז ער טוט נישט, וואָס ער דאַרף טון, אַז עפּעס מוז ער דאָך טון, און אַז אויב נישט, וועט ער דערשטיקט ווערן אין דעם ענגן קאַבינעט.

ער האָט געכאַפּט דאָס היטל, די הענטשקעס, אַ קאָזאַצקע נאַהאַיקע און איז אַרויס אין פּאַרק אַריין, מיט דער אַבזיכט צו גיין אין וואָלאָסט אַריין און צוזען די אינקוויזיציע.

# אַ היישעריק.

אַז ער האָט געעפנט דאָס טירל פון פאַרק האָט ער דערזען פון ווייטנס אַ מחנה מענטשן, וועלכע האָט זיך געצויגן איבערן ברייטן שטוי־ביקן וועג צווישן די טאָפּאָלן, וועלכער האָט געפירט באַרג־אַראָפּ אין שטעטל אַריין.

ווי אַ מחנה היישעריקן האָבן זיי זיך געצויגן גלייך אויפן פאַרק — יידן, ווייבער און קינדער.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס גייען זיי צו אים, בעטן זיין הילף און שוץ קעגן זיין אייגענעם זון דעם אינקוויזיטאָר.

„מיין זון! מיין אייגענער זון!“ — האָט זיך איצט געטראַכט דער געפלאָגטער פאָטער און אַ פּאניק האָט אים אַרומגעכאַפּט, אַן אַבערגלוי־בישער שרעק פאַר דער מחנה, וועלכע איז ווי אַ פיינדלעכע אַרמיי גע־גאַנגען גלייך אויפן שלאָס. ער האָט שוין געזען די אויפגערעגטע פּנימער און דראָענדע האַנט־באַוועגונגען פון די ערשטע רייען, אַזוי ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף אים מיט בייזע אָבזיכטן.

אין אין דעם פּאַניק האָט ער פאַרמאַכט הינטער זיך דאָס טירל, האָט אָנגעקלאַפּט דעם סטרוזש אין דער בודקע באַם טויער און האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל שליסן די טויערן און קיינעם צו אים נישט צולאָזן.

אַליין איז ער אַוועק צו זיך אין קאַבינעט אַריין און האָט זיך דאָרט פאַרשלאָסן.

## אויפן וועג צו דער אינקוויזיציע.

נאָכגעפאָלגט האָט דער פּראָקוראָר דער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע אין וואָלאָסט אַריין, צופוס.

ער האָט, נאָך דער נעכטיקער שפּעטער נאַכט־אַרבעט און נאָכן צו־זאַמענשטויס מיט דער שוועסטער, זיך געפילט מיד און דערשעפּט און האָט געוואָלט נעמען אַ שפּאַציר־גאַנג.

געגאַנגען איז ער צום דאָרף מיט אַ זייטיקער סטעזשקע, וועלכע האָט געפירט מיט אַ לאַנגן געדרייטן אומוועג דורכן פּאַרק און וואַלד.

ער האָט געוווּסט, אַז מען וועט אין וואָלאָסט אויף אים לאַנג וואַרטן, און דער געדאַנק האָט אים באַוועגט צו גיין נאָך לאַנגזאַמער און זיך אַפילו צוזעצן אויף אַ פערטל שעה.

„זאָלן זיי דאָרט וואַרטן! אַ פּראָקוראָר איז נישט קיין איספּראַווניק“, האָט זיך אַ טראַכט געטון דער יונגער גערשעלמאַן.

דער געדאַנק, אַז ער איז אַ פּראָקוראָר און אַז מען וועט דאָרט אויף אים וואַרטן מיט געדולד און רעספּעקט, וואָס געהערט צו אַ פּראָקוראָר און הויכער פּערזאָן ווי ער איז, אַז ער איז פּראָקוראָר פון פּעטערבורגער אָקרוזשנאָי סוד — דער שטאָלצער געדאַנק האָט אים איצט גע־שמייכלט און אָנגענעם געקיצלט.

דער אינצידענט מיט נאַטאַשען, דאָס וואָס זי האָט אים געבעטן צו פאַרלאָזן דעם שלאָס און זיך געפינען אַן אַנדער אָרט פאַר זיינע שמוציקע געשעפטן, דאָס וואָס זי האָט אים אַרויסגעטריבן, די באַליידיקונג און דער פּאַטש, מיט וועלכן ער האָט איר געענטפערט אויף דער באַליידיקונג, די גאַנצע געשיכטע האָט אים איצט שוין נישט געאַרט, ווי אין דעם ערשטן מאָמענט.

ער איז דאָך געווען גערעכט!

און דער געדאַנק, אַז ער איז תמיד גערעכט און שטייט אויף דער וואַך פון די העכסטע שטאַטס־אינטערעסן, און רעכנט זיך נישט מיט גאָרנישט, אפילו נישט מיט די סימפּאַטיען פון פאָטער און שוועסטער און האַנדלט קעגן די סימפּאַטיען און קעגן דער פאַמיליע — דער געדאַנק האָט אים פולשטענדיק באַרויקט.

„פאַרלירט ער דען נישט דאַדורך? ער ווייסט, אַז זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען האָבן אים אָפּגעטיילט פון פאָטער מיט אַ טיפן אָפּגרונט, און אַז ער האָט דאַדורך פיל פאַרלוירן... דער שלאָס מיטן גרויסן און רייכן פוילישן גוט וואָלט איצט געהערט צו אים און נישט צו דער רע־וואָלוציאָנערקע... עס אַרט אים אָבער נישט... שטאַט־אינטערעסן און איבערצייגונגען שטייען העכער!“

און פאַרוואָס פאַרלאַנגען דאָס אַלץ פון אים די הויכע שטאַטס־

אינטערעסן און זיינע איבערצייגונגען, און פּאַרזאָס איז נאַטאַשע אַ רעוואָלוציאָנערקע, וואָלט ער אַליין נישט געקענט דערקלערן. און ער האָט זיך נישט געבייטיקט אין אַ דערקלערונג... עס איז געווען פּאַר אים אַן אַקסיאָמע, אַן אָפענער אמת... אַזוי דענקט דער מיניסטער, זיין גרעפין און גאַנץ פּעטערבורג... פויערן דאַרף מען קנוטעווען. אַז נישט וועלן זיי ראַבעווען, צינדן און עס וועט נישט זיין נישט קיין פּריוואַט-אייגנטום און נישט קיין געזעלשאַפטס-אָרדנונג...

ער האָט אַזוי געטון און מען האָט אים דערפאַר טאַקע באַלד דערהויבן.

אינסטינקטיוו האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויפן בריליאַנטענעם צלם אויף דער ברוסט. די זון-שטראַלן האָבן זיך געשפּילט און שטאָלץ געפּרייט מיט די בליאַסקענדע בריליאַנטן, און זיין ברוסט האָט זיך אויך אָנגעפּילט מיט דערזעלבער שטאָלצער און בליאַסקענדער פרייד, מיט אַ בליאַסקענדער גאווה...

און די זשידעס האָבן דאָך געהרגעט דעם שגץ... צום ערשט אויסגעצאַפּט דאָס בלוט פון אים, געבאַקן מיט דעם זייערע מצות, און דערנאָך אים געהאָנגען... אַ כיטרע פאָלק דאָס איז!

אָ, ער קען זיי... און ער וועט עס באַווייזן ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר... גאַנץ רוסלאַנד וועט אים זיין דאַנקבאַר און ער וועט באַרימט ווערן אויף דער גאַנצער וועלט...

און ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ בייזער סאַדיסטישער פרייד איבער די יידן, וועלכע ער איז געגאַנגען פייניקן און אַנטדעקן זייערע גרוילטאַטן.

„און דער פאָטער איז אַ דוראַק, אַן אַלטער כריין, און נאַטאַשע איז אַן אַנאַרכיסטקע און באָמבע-וואַרפערקע... זי בונטעוועט עס דעם אַלטן דוראַק קעגן אים. אַן אַנדערער פאָטער וואָלט מיט אים שטאָלצירט... צו פינף און דרייסיק יאָר אַ פּראָקוראָר... צו פערציק יאָר אַ מיניסטער — און ער איז נאָך נישט צופרידן... האָט נישט קיין רעספּעקט פאַר אים...

און אַ צאָרן, אַ בייזער און אַ טעמפּער האַס האָט זיך ווידער צעגאָסן איבער זיינע אָדערן, ווי נעכטן בײַנאַכט.

„מיט חסדים האָט אים דער צאַר באַשאָטן, און ער איז אַזוי אומדאַנקבאַר און אומטריי... בײַ אַזאַ גענעראַל וואָלט ער צוגענומען די פענכיע מיט אַלע אָרדנס, און נאַטאַשען וואָלט ער פאַרשיקט קיין סיביר,

גלייך מיט אַלע באַמבע־וואַרפערס... ער וועט עס זאָגן דער גרעפין...
זאָלן זיי זען, אַז די שטאַטס־אינטערעסן שטייען בײַ אים העכער פון אַלץ, אפילו פון די געפילן פון אַ זון און אַ ברודער...

און אין די געדאַנקען האָט ער שוין צוגענומען בײַם פאָטער די פענסיע און דעם צאַרס אַלע חסדים, און נאַטאַשען האָט ער פאַרשיקט קיין סיביר...

„אַהין איז איר וועג" — האָט זיך געפרייט דער ברודער, — „זאָל זי זיך נאָר מיט מיר אָנהייבן" — האָט זיך געטראַכט דער אינקוויזיטאָר — „איך וועל זיך שוין מיט זיי נישט צערמאָנירן, איך בין נישט קיין מענטש פון סענטימענטן..."

און ער איז ווידער שטאָלץ דערמיט, וואָס ער האָט נישט קיין סענטימענטן, איז נישט קיין „באַבאַ", איז אייזן־פעסט, ווי אַ שטאַטס־מאַן און פּראָקוראָר דאַרף זיין...

יאָ, זי פאַרשיקן! דאָס גוט בײַ איר קאָנפיסקירן... וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער געהאַט עס צו קויפן פאַר איר? אַ זון איז דאָך בילכער פון אַ טאָכטער, ובפרט אַזאַ זון ווי ער? ער איז דאָך נישט אַזאַ קרעטין ווי יענער דער קאַדעט...

און ער האָט זיך גענומען קוקן אַרום זיך, אויף דעם ווייט צו־וואָרפענעם הונדערטיערעקן פאַרק, אויפן אַלטן, שטאָלץ־אַראָפּקוקנדיקן גאָטישן שלאָס, קוקן מיט אַ נאָגנדער און בריענדער קנאה.

„איך אַרבעט דורך די נעכט, אפילו אין זומער, ווען גאַנץ פּע־טערבורג פאַרברענגט אין אויסלאַנד, אין מאָנטע קאַרלאָ, אין קור־ערטער, האָב איך צו טון מיט שמוציקע זשידעס, ברענגען כבוד און ערע דער פאַמיליע און מער גאָרנישט... ווו איז גערעכטיקייט?"

און ער דערמאָנט זיך, אַז ער וואָלט איצט געקאָנט זיין אין אויס־לאַנד, אין פראַנקרייך, האָבן די שענסטע פרויען, נאַכט־אָרגיען און ראַ־פינירטן געשלעכטס־געניס...

און עס כאַפּט אים אַרום אַ בייזער, מאַכטלאָזער ווּט, וועלכער טרייבט אים און מאַכט אים פעיק אויף אַלץ...

און ווידער דערמאַנט אים אַ געדאַנק אָן דעם, אַז מען וואַרט דאָרט אויף אים...

„זאָלן זיי וואַרטן, צום טייוול! זיי קאָנען וואַרטן!"

און ער טראַכט זיך, אַז ער וועט עס אַזוי נישט לאָזן, אַז ער וועט טעלעגראַפיש אַרויסרופן די מוטער, זיך קלאָגן פאַר דער גרעפין... מען

„עס דעם אַלטן כריין אַרויסרופן קיין פעטערבורג... נאַטאַשען פאַרשיקן קיין סיביר...

„ווי דערלויבט זי זיך, מיך, אַ פּראָקוראָר, אַ שטאַטסמאַן, אַרויס־צוטרייבן... ווען איך טו מיין פליכט, מיין שטאַטס־פליכט?"

אַן אויפגערעגטער און ווטענדער שליסט ער צוזאַמען די ציין, הייבט זיך אויף פון דער באַנק און לאָזט זיך גיין אין דאָרף אַריין, מיט דער אַבזיכט צו טרייבן די אַרעסטירטע יידן צוריק אין שלאָס אַריין, זיי קנוטעווען און פייניקן דאָרט פאַר זייערע אויגן, דעם פאָטער און נאַטאַ־שען אויף להכעיס, ווייל זיי ווילן עס נישט ליידן.

„דאָרט וועל איך זיי אונטערזוכן און אויספאָרשן... און לאָמיך זען, אַז אַ גענעראַל פון רוסישער דינסט זאָל מיך נישט לאָזן, מיר נישט געבן דעם פלאַץ דערפאַר..."

און אין דעם מאָמענט איז דער גענעראַל פון רוסישער דינסט שוין נישט געווען זיין פאָטער, נאָר אַ פרעמדער, אַ שונא, זיינער און דעם צאַרס, מיט וועלכן ער איז געווען גרייט זיך אָפּצורעכענען, ווי מיט די זשידעס און רעוואָלוציאָנערן, און צו טון אַלץ...

# באַם בריקל.

ער איז געקומען צום בריקל.

אַ שמאָל טייכל מיט אַ ברייטער לאָנקע האָבן אָפּגעטיילט דאָס דאָרף פון פאַרק... דאָס טייכל האָט זיך געדרייט און געשלענגלט צווישן ביימער, האָט זיך ערטערווייז קאָקעטיש פאַרשטעקט און פאַרלוירן צווישן הויכן און געדיכטן גראָז, ערטערווייז האָט עס ווידער אויפגעבליאַס־קעט צווישן די ביימער און האָט געפינקלט אין זונען־ליכט מיט זיין אויבערפלעכע, ווי אַ גרין־גאָלדענער רוקן פון אַ ריזן־שלאַנג, דאָס שטיי־נערנע בריקל האָט אַרומגעכאַפּט דעם שלאַנגס רוקן, ווי אַן אייזערנע פויסט...

און די שלאַנג האָט זיך אַזוי ווי געדרייט און געריסן פון דער אייזערנער פויסט, גרייט צו בייסן און צו אַנטלויפן...

אויף דער לאָנקע האָט אַ שיקסל געפּאַשעט יונגע געל־גרינע גענדז־

לעך, אַזוינע פּוּכלינקע און פרישינקע... אַן אַנדער שיקסל האָט זיך געבּאָדן און זעטוּקט מיט אַ קינדערשער פרייד אין גרין־גאָלדענעם וואַסער... און דאָס וואַסער איז זיך צעלאָפן אַרום איר אין גרויסע געגילטע רייפן, די רייפן זענען געלאָפן צוריק, האָבן זיך ווידער געטוליעט צום קינדס בראָנזענעם ברוסטל, עס געהאַלדזט, זיך געפּרייט און שטיפעריש געשפּילט מיט דעם, ווי אַ לאַשטשנדע מוטער מיט אַ קינד...

דאָס וואַסער האָט אַלע מאָל מיט אַ מיטערלעכן שטאָלץ אויפגעדעקט און געוויזן אין אַ בליאַסקענדן זונען־שיין די ערשטע צאַרטע, זיך אונזיכער און צניעותדיק שניידענדע ליניען פון צוויי שוין יונגפרוילעכע בּרוסטן... געוויזן, זיך באַרימעריש געררייצט מיט זיי און צוריק צניעותדיק פאַרדעקט, אַזוי ווי עס וואָלט זיך פאַרשעמט מיט דעם רייף־ווערנדיקן געשלעכט... מיט דער וואַקסנדער יונגפרוי... אָדער מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע...

דער פּראָקוראָר האָט אויפגעשווידערט פון דעם צניעותדיקן און צוגלייך רופנדן שפּיל פון די בליאַסקענדע וואַסער־רייפן, און האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט ווי אַן איינגעגראָבענער.

דאָס שיקסל האָט זיך דערשראָקן, פאַרשעמט פאַרן פּלוצלינג דערשינענעם „באַרין“ און האָט באַהאַלטן דעם קליינעם בראָנזענעם קערפּער אין וואַסער ביז אין האַלדז, און האָט אים שוין נישט געוואָלט אויפדעקן...

די פון דער זון באַגילטע און פלאַטערנדע וואַסער־רייפן האָבן זיך אויך מיט אַמאָל איבערגעשראָקן און זענען פאַרגליווערט געוואָרן אין אַן אומרויקער וואַרטונג...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער גראַפיניע און איר אַלטן און פאַרמלאָזן צעוואַקסענעם און פעטן קערפּער, אין וועלכן די שאַרפע פערפומען האָבן שוין נישט געקענט דערשטיקן דעם סטערוועס־געררוך... אַן עקל און צוגלייך אַ באַגער האָט אָפּגעבריט זיין לייב, האָט אָנגעצונדן אין אים דאָס בלוט און פאַרנעפּלט דעם מוח, ווי אַ זיסער אָבער שטאַרקער ווין, אַזוי אַז דער קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן באַ אים צו דרייען און גרינגע רינגען האָבן אָנגעהויבן צו טאַנצן פאַר די פאַרנעפּלטע, מיט בלוט אָנגעגאָסענע און באַגערנדע אויגן...

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און קלאַפּענדן האַרצן האָט ער זיך גענומען וואַרטן, אַז דאָס שיקסל זאָל ווידער אויפדעקן דעם קליינעם בראָנזענעם קערפּער, די פרישע און צניעותדיקע געצייכנטע פרויען־ליניען.

דאָס שיקסל האָט אָבער אַרונטערגעלאָזט די אויגן און האָט פאַר־שעמט געקוקט טיף אין וואַסער.

דאַן האָט ער אין זיין אומגעדולדיק שוידערנדער און קראַנקער תאווה זיך גענומען שרייען אויף דעם שיקסל און זי טרייבן פון וואַ־סער.

דאָס שיקסל איז אויפגעשפרונגען ווי אַן איבערגעשראָקענער פויגל און האָט זיך געלאָזט לויפן, שפריצנדיק מיט די קריסטאָלענע און צאַפּ־לענדע וואַסער־טראָפּנס. . .

דאָס אַנדערע שיקסל האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר די גענדזלעך, וועלכע האָבן זיך געבאָדן און געטונקט אין וואַסער און איז אַריינגעפאַלן אין טייך אַריין זיי אַרויסצוטרייבן, פאַרקאַשערנדיק הויך דאָס קליידל און אויפדעקנדיק צוויי ווי אַלבאַסטער ווייסע פיסלעך און אירע פרויען־גלידער. . .

און די אויגן פון דעם פעטערבורגער בעל־תאווהניק זענען צוגע־פאַלן צו די צאַרטע און נאָך אומזיכערע גלידער מיט אַ בעסטיאַלער זשעדנער פרייד, ווי אַ ווילדער בלוט־דורשטיקער טיגער פאַלט צו צו הייסן און דאַמפנדן בלוט. . .

דאָס ערשטע שיקסל איז שוין געשטאַנען אויף יענער זייט ברעג צו אים מיטן רוקן, דער גאַנצער קליינער, ווי פון בראָנז אויסגעגאָסענער קערפּער, האָט געציטערט פון שרעק. . . פון שרעק האָבן די ציטערנדע הענטלעך בשום אופן נישט געקענט אַרויפציען אויף די נאַסע גלידער דאָס לייוונטענע און שמוציקע העמדל. . . זיינע דורשטיקע און איבערגע־קערטע אויגן זענען געלאָפן פון איין שיקסל צו דער צווייטער, פון איין גענוס צום צווייטן, ביידן געטאַפּט און געשמוצט מיט זיין מיאוסער און קויטיקער תאווה, וועלכע איז געווען קויטיקער און שמוציקער, ווי די העמדלעך אויף זייערע יונגע אָבער שוין פרוויליכע קערפּערס. . .

און ווידער שטייט פאַר זיינע אויגן דער נאַקעטער ווי פון וואַקס געקנעטענער קערפּער פון דער גרעפין, מיט די צוויי אַראָפּהענגנדיקע ברוסטן ווי טאַרבעס. . .

דער געדאַנק, אַז באַלד וועלן די שיקסלעך אַנטלויפן און ער וועט פאַרלירן דעם בלוטיקן גענוס, האָט אים אָנגעצונדן ווי אַ וואַנזין.

מיט אַ געשריי פון אַ ווילדער בעסטיע איז ער אַריבערגעלאָפן דאָס בריקל און איז געלאָפן גלייך אויף די קינדער, גרייט זיי צו פאַרגוואַל־

דיקן, צו זעטיקן זיין קראַנקע און פלאַקערנדע תאווה, דעם צינדענדן און קויטיקן באַגער זיינעם.

די קינדער האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי און האָבן זיך גענומען לויפן, דאָס ערשטע שיקסל נאַקעט, מיט אַ האַלב אַרויפגעצויגענעם העמדל.

דער האַרצרייסנדער געשריי פון די איבערגעשראָקענע קינדער האָט דער פּראָקורזשָר געבראַכט צו זיך און האָט אים אָפּגעשטעלט אַ פּאַרסאַפּעטן און שווייסיקן...

דער באַגער האָט אים אָבער נאָך געוואָרגן באַם גאָרגל ווי אַ פאַרצויגענער שלייף. דער פאַרכאַפּטער אָטעם האָט געשפּאַרט די ברוסט און זי געוואָלט צערייסן... און ער דאָט זיך ווידער אַ וואָרף געטון נאָך די שיקסלעך...

אַנטקעגן איז אָבער געלאָפן רייטנדיק דער פּריסטאַוו...

ער איז געלאָפן נאָך אים.

— ווי דערלויבט איר זיי דאָ צו באָדן זיך און שמוצן דאָס וואַסער פון פּאַרק? — האָט ער זיך צעשריגן אויפן פּריסטאַוו.

דער פּריסטאַוו איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און האָט זיך אויסגעצויגן פאַר אים אַ בלייכער און איבערגעשראָקענער.

## די גובערנסקע שטאָט.

צוויי טעג האָט נאָך געדויערט די אינקוויזיציע. דער וואָלאָסט, ווו די יידן זענען געווען פאַרשפּאַרט און ווו מען האָט זיי געפּאָרשט, איז בעווען באַלאַגערט מיט גויים.

די פּאָגראָם-שטימונג איז געוואַקסן.

יידן האָבן שוין מורא געהאַט אַהין צוצוגיין.

פּאָן באַך האָט אויף נאַטאַשעס ווונק איינגעלאַדן דעם פּראָקוראָר צו זיך, און ער האָט שוין באַ אים געגעסן און געגעסן, און האָט זיך שוין מער נישט געזען נישט מיטן פאָטער און נישט מיט דער שוועסטער. אויפן דריטן טאָג האָט מען דעם מנין יידן געקאָוועט אין קייטן, אָפּגעשיקט מיט אַ שטרענגער וואַך אין דער גובערנסקער טורמע און דער

פּראָקוראָר גערשעלמאַן איז זיי נאָכגעפאָרן, איבערלאָזנדיק אין שטעטל אַ פּאָר סישטשיקעס, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט עס צו טעראָריזירן מיט רעוויזיעס און מיט זייערע שפּיאָנירנדע בליקן.

און דער שוואַרצער אומעט פון דעם נייעם בלבול האָט זיך ווי אַ געדיכטע שוואַרצע כמאַרע אָנגערוקט אויפן גאַנצן יידישן ישוב אין רוסלאַנד. די שאַנדע האָט זיך געלייגט אויפן גאַנצן יידישן פאָלק, צום מיינסטן האָט עס אויפגערודערט די יידן פון דער גובערנסקי שטאָט, וועלכע האָבן דערפילט די פליכט עפּעס צו טון, אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג.

דער קאַזיאָנער רב האָט ווידער גערופן אסיפות איינע נאָך דער אַנדערער. געוויינטלעך האָט זיך פאַר דער אָרגאַניזאַציאָן פון דער פאַרטיידיקונג גענומען דער באַרימטער אַדוואָקאַט. זיין אוניווערזיטעטס-חבר, דער פּראָקוראָר, האָט באַלד אַליין דעמיסיאָנירט.

דאָס שוואַרץ-מאהדיקע בלעטל און דער פּראָקוראָר גערשעלמאַן אַליין האָבן שוין אָבער געשאַפן די נייטיקע שטימונג באַם גובערנאַטאָר און ביי די איבעריקע הויכע טשינאָווניקעס פון ד״ר גובערניע. און די יידישע משתדלים און די פני פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע פלעגן מיט זיי האָבן געשעפטן, זיי געבן כאַבאַר און זענען מיט אַלעמען געווען גוטע ברידער — האָט מען שוין איצט איבעראַל באַגעגנט ווי פרעמדע און אומבאַקאַנטע, מיט צאָרניקע און עמפּערטע פּנימער, אַזוי ווי זיי אַליין וואָלטן געצאַפּט דאָס בלוט פון שגץ.

פון פּראָקוראָר גערשעלמאַן אַליין איז שוין אָפּגערעדט.

אַז דער באַרימטער אַדוואָקאַט מיטן באַרימטן יידישן פּאָדריאַדטשיק און גביר פון שטאָט, וועלכער האָט אויסגעבויט דעם גרעסטן טייל פון וויטעס בראָנפן-מאָנאָפּאָלן, אַז זייביידע זענען געקומען צו אים אין גובערנאַטאָרס הויז, און פאָרגעשטעלט פון גובערנאַטאָר אַליין אים פאָרגעלייגט פאָרזקע פאַר די יידן, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט אַ ווייסער פון ענטריסטונג, אַזוי ווי די צוויי משתדלים וואָלטן אים פערזענלעך העכסט באַליידיקט.

אַ ווײַלע האָט ער אויף זיי געקוקט מיט זיינע צוויי גרינע אויגן, ווי אַ ווילדע קאַץ, וואָס גרייט זיך צום בלוט-דורשטיקן שפּרונג, האָט זיך שנעל אומגעדרייט צו דער דעפּוטאַציע מיט דער פּלייצע און האָט שנעל, ווי פאַרפאָלגט, פאַרלאָזן דאָס צימער.

אפילו דער כוליגאַן, דער גובערנאַטאָר, האָט זיך דערפילט באַליי-

דיקט און האָט זיין פריינט, דעם פּאָדריאַדטשיק איינגערוימט אויפן אויער, אַז ער איז דער גרעסטער פּאָדליעץ נישט נאָר אין פעטערבורג, נאָר איבער גאַנץ רוסלאַנד.

— וואָס פאַרלאַנגט איר פון אים ? ער לעבט דאָך מיט אַן אַלטער זעכציקיעריקער גרעפין — האָט געזאָגט דער גובערנאַטאָר און האָט מיט עקל אויסגעשפּיגן אין אַ זייט.

## דער גענעראַל פּאָרט אויך זיך משתדל זיין.

און אין דער זעלבער צייט האָט זיין פאָטער, ווי פון אַ יעגער פאַרפאָלגטע חיה, זיך פאַרשפאַרט אין זיין קאַבינעט און איז שוין פון דאָרט נישט אַרויסגעגאַנגען און האָט קיינעם אַ חוץ נאַטאַשען צו זיך נישט צוגעלאָזט.

פאַרן שטעטל איז דאָס געווען דער לעצטער קלאַפּ, וועלכער האָט עס דערטשמיעליעט שוין צום איבעריקן. אַלע זייערע האָפנונגען אויפן גענעראַל, וועלכער וועט מער נישט דערלאָזן און וועט זיך אָננעמען פאַר די יידן אפילו באַם קיסר אַליין, די אומבאַשטימטע געפילן צום אַלטן גענעראַל און די אַנונגען, וועלכע האָבן זיך איבערהויפּט די גאַנצע צייט געוועבט און געפלאָכטן אין די פאַרצווייפלטע יידישע נשמות און פאַר וועלכע זיי האָבן נישט געהאַט נישט קיין נאָמען און נישט קיין לאָגישע דערקלערונג, די אילוזיע איז צערינען געוואָרן ווי אַ נעפּל.

דאָס וואָס דער גענעראַל האָט קיינעם נישט געוואָלט זען און אויפנעמען, האָט באַטייט, אַז ער איז נישט בעסער פאַרן זון, אַז ער גלייבט אויך אין דעם בלוט-בלבול און איז אַזאַ צורר-היהודים ווי אַלע, דעם סימן האָבן זיי געהאַט דערפון, וואָס ער האָט דערלויבט צו אַרעסטירן זיין חשוב, דעם אַלטן בעל-אכסניה, וועלכער איז געווען באַ אים פאַרן אַרעסט. און באַלד איז געבוירן געוואָרן אַ לעגענדע, אַז ער אַליין האָט אים געהייסן אַרעסטירן און מען האָט אים פון שלאָס אָפּגעפירט אין וואַלאָסט אַריין. און דער פאַקט, וואָס דער גענעראַל גלייבט אויך אין בלוט-בלבול און איז אויך אַ יידישער צורר, האָט געשמערצט מער ווי דאָס גרויסע אומגליק אַליין.

אַז אין שטעטל איז אָבער אָנגעפאָרן דער באַרימטער אַדוואָקאַט מיטן קאַזיאָנע ראַבינער און זענען נאָך אַ לאַנגער חקירה ודרישה צוגע-פאָרן צום גענעראַל אין הויף אַריין, ווו דער גענעראַל האָט זיי אויפגע-נומען, האָט זיי אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר שטונדן באַ זיך אין קאַבינעט און איז דערנאָך, מיטן זעלבן צוג מיט וועלכן זיי זענען אָפּגעפאָרן, צוזאַמען מיט דער טאָכטער אויך געפאָרן אין דער גובערנסקי שטאָט — נאָך דעם פאַקט האָבן די יידן פון שטעטל ווידער געהאָפּט און געגלייבט, אַז דער גענעראַל וועט זיי פאַרטיידיקן און וועט בעפרייען די אומשולדיקע.

## דעם פּאָטערס וויזיטן.

דער גענעראַל און זיין טאָכטער האָבן ווידער געמאַכט וויזיטן באַם גובערנאַטאָר, באַם מאַרשאַלעק און באַ די איבעריקע הויכע טשינאָווניקעס פון דער גובערניע. איבעראַל האָט מען זיי עמפּפאַנגען מיט אַ פריינדלעכן רעספּעקט, מיט אַ גרעסערן ווי באַם ערשטן וויזיט; איבעראַל האָט מען באַלד אָנגעהויבן רעדן פון בלוט-בלבול, וואָס האָט פּאַסירט אין זייער שטעטל און געמאַכט צאָרניקע פּנימער, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען פאַר-אַנטוואָרטלעך פאַר זייער שטעטל. יעדער האָט זיך געאיילט אַרויסצו-ווייזן זיינע עכט-רוסישע אַנטריסעמיטיזם-געפילן איבער די יידן, די בלוט-זייגערס, וועלכע לעבן צווישן די קריסטן און זויגן זייער בלוט; יעדער האָט זיך געאיילט צו לויבן פאַרן פּאָטער און שוועסטער דעם יונגן פּראָקוראָר:

— אָ, ער וועט שוין אויפדעקן די זשידאָווסקע מאַכינאַציעס, ער וועט די מערדערישע געשיכטע שוין אַרויספירן ווי בוימאייל אויפן וואַ-סער... דער יונגער-מאַן וועט ווייט גיין... אַ מיניסטער וועט ער ווערן... אַ גרויסער שטאַטס-מאַן... אַ קאָפּ-מענטש... אַ דוצענד אַזוינע קעפּ און רוסלאַנד וואָלט געמאַכט פּראָגרעס.

אַזוינע קאָמפּלימענטן האָבן זיך געשאָטן פון אַלע זייטן. יעדער האָט זיך געאיילט אָנצוטון מיט די קאָמפּלימענטן דעם פּאָטער פון יונגן פּראָקוראָר אַ נחת-רוח.

די קאָמפּלימענטן האָבן געווירקט אויפן אומגליקלעכן פּאַטער ווי מען וואָלט אים געשמיסן מיט בייטשן. ער איז געוואָרן פון זיי רויט און בלוי און איז געווען גרייט אויסצושרייען זיינע געפילן, אַז עס איז אַ בלבול, אַז יידן טרינקען נישט קיין קריסטלעך בלוט, אַז ער איז גרייט צו שווערן דערפאַר, אַז זיין זון איז אַ קאַריעריסט און אַ מערזאַוועץ, אַז ער איז איבערהויפּט נישט זיין זון, נאָר פון אַ קוטשער אָדער לאַקיי. די יידנפאַרעסערישע שטימונג אָבער, דער טירישער האַס, וועלכן ער האָט איבעראַל באַגעגנט צו יידן, האָבן באַ אים צוגענומען דאָס לשון און דעם מוט צו עפענען דאָס מויל און ער האָט געאיילט צו געזעגענען זיך.

געמאַכט האָט ער די אַלע וויזיטן אין דער האָפנונג צו געפינען אַ מיטל, אַ וועג ווי אַזוי צו העלפן באַפרייען די יידן און געפינען דעם אמתן מערדער, צו באַווייזן, אַז געהרגעט האָט דעם שגץ דער פּריסטאַוו, וועלכן מען האָט אַרויסגעטריבן פאַרן צונעמען קאַזיאָנע געלט. די וויזיטן און די רייד פון הויכע טשינאָווניקעס האָבן אָבער באַ אים צוגענומען אַלע האָפנונגען, אַז דער אמת וועט באַוויזן ווערן און ער האָט זיך אומגעקערט אין האָטעל אַריין אַ צעבראָכענער און ווידער אַן אויסגעלאָשענער, אָן געדאַנקען און אָן געפילן.

נאָך איין געפיל האָט פון צייט צו צייט אויפגעפלאַקערט און באַלויכטן דעם תוהו ובוהו פון זיין נשמה, דאָס איז געווען אַ געפיל פון פערזענלעך געפאַר און אַ באַדערפעניש אין זעלבסטשוץ.

מער ווי תמיד האָט ער זיך איצט אין דעם יידישן האָטעל מיטן טיפּישן יידישן באַלעבאָס אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט באָרד און פאות און מיטן טיפּיש־יידישן האָטעל־משרת, געפילט אַלס ייד, אַרומגערינגלט פון שונאים און קריסטן.

און די שונאים האָבן שוין אויף אים געלויערט און געשפּיאָנירט פון יעדן ווינקל. זיי האָבן נאָר אַרויסגעקוקט, אַז ער זאָל מאַכן איין פאַלשן שריט, וועלכער זאָל אַרויסגעבן זיין יידישע אָפּשטאַמונג און דאַן וועלן זיי פאַרוואַרפן דעם שטריק אויפן האַלדז און אים פאַנגען.

די פריינדלעכע און רעספּעקטפולע שמייכלען, מיט וועלכע די הויכע טשינאָווניקעס אין דער גובערניע האָבן אים עמפּאַנגען, האָט ער איצט אין האָטעל אויסגעטייטשט קאַפּויר, אַזוי ווי די חוצפהדיקע שמייכלען וואָלטן געזאָגט: „מיר קענען דיך, ברודערקע, ווער דו ביסט. . . אַ זשיד און אַ זשוליק גלייך מיט אַלע זשידעס. . . אָפּגענאַרט דעם צאַר, יעדן. . .

האָסט אָרדנס, אַ גרויסן טשין, רייכטום און דאָס קריכטלעכע יינגל האָסטו געהרגעט גלייך מיט קהל. . . פּאַרוואָס האָט עס פריער, אין סווינטש־צקיס ממשלה נישט פּאַסירט ? אַזוי ווי דו האָסט אָפּגעקויפט דאָס שטעטל — אַה־האַ ! די יידן האָבן באַקומען די זיכערהייט, אַז דו וועסט זיי דעקן, שיצן. . . מיר קענען אייך אָבער, וואָס פאַר אַן אומה איר זענט. . ."

געפלאָגט פון די געדאַנקען האָט ער געשפּאַנט איבערן קליינעם האָטעל־צימער ווי אַ פאַרוווּנדעטער בער אין אַ שטייג און האָט געשוי־דערט פון יעדן קלאַפּ און רויש אין קאָרידאָר.

און אַז באַם האָטעל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ קארעטע און ער האָט דורכן פענסטער דערזען דעם גובערנאַטאָר, וועלכער האָט זיך געאיילט אים אָפּצוגעבן דעם וויזיט, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ פּאַניק, אַ חיהשער פחד פון אַ חיה, וועלכע דערזעט אַ יעגער פאַר איר נאָרע. געטריבן פון דער שרעק האָט ער אָנגעקלאַפּט נאַטאשען אין צווייטן צימער, אַז זי זאָל אַריינקומען.

## דעם גובערנאַטאָרס וויזיט.

נאַטאַשאַ האָט שוין באַגעגנט דעם גובערנאַטאָר אין קאָרידאָר און האָט אים אַריינגעפירט צום פאָטער. דער געגעראַל האָט אים באַגעגנט אַ צעטומלטער, זיצנדיק אין ווינקל פון דיוואַן ווי אַ חיה וועלכע טוליעט זיך צום ווינקל פון דער נאָרע.

נאַטאַשאַ איז געוואָרן בלייך און אויך צעטומלט פון פאָטערס אומ־העפלעכקייט און האָט זיך געאיילט דערלאַנגען דעם גובערנאַטאָר אַ שטול. דער גובערנאַטאָר האָט באַמערקט איר באַוועגונג, האָט צו איר אַ שפּרונג געטון און האָט געוואָלט באַ איר אויסכאַפּן די שטול.

— ניין, דאָס קען איך מיר נישט דערלויבן, אַז איר, אַזאַ שיינ־הייט, זאָלט מיך באַדינען — האָט מיט שטאָלץ געזאָגט דער קאַ־וואַליר.

נאַטאַשאַ איז רויט געוואָרן פון אומגעלומפּערטן קאָמפּלימענט און האָט זיך גענומען האַמפּערן מיט אים.

דער גובערנאַטאָר איז געבליבן פעסט אין זיין העפלעכן באַשלוס,

און די אַלגעמיינע פאַרלעגנהייט איז געוואָרן נאָך גרעסער. און אום צו צעטרייבן די פאַרלעגנהייט, האָט דער גובערנאַטאָר ווידער זיך גענומען רעדן פון בלוט־בלבול און לויבן דעם פּראָקוראָר, אַז ער איז אַ קאָפּ... און וועט ווערן אַ מיניסטער, און אינגיכן אַרויספירן רוסלאַנד פון דער בלאָטע.

— רוסלאַנד וועלן ראַטעווען אַ טוץ שטאַטסמענער ווי אייער זון, גענעראַל! — האָט ער זיך געווענדט צום פאָטער פון שטאַטסמאַן און פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, בעטנדיק פריער דערצו אַ דערלויבניש באַ נאַ־טאַשען.

און ווידער דענקט דער גענעראַל, אַז דער גובערנאַטאָר מיינט עס אים, דעם ייד אין אים, אַז ער ווייסט שוין זיין לעבנס־סוד, אַז דער זון האָט אים אונטערגעשיקט אים אויסצופאָרשן.

און ווידער זעט ער זיך אין די געדאַנקען אַ געבונדענעם און גע־שמידטן אין קייטן פאַר באַטרוג... פאַר לעבנס־לאַנגן באַטרוג...

די קייטן טוט אים אָן דער זון, וועלכער איז געבוירן פון אַ לאַ־קיי אָדער פון אַ קוטשער. ער, דער ממזר, מיטן גובערנאַטאָר מיטן פעטן, רויטן קאַרק פון אַן אָקס, קאָוועט אים און פירן אים אין טורמע... אין טויט־שרעק וויל ער עס אָפּלייקענען און איז אויך גרייט צו פאַרלוימדן ייִדן, צוצוגעבן, אַז זיי האָבן ווירקלעך געהרגעט דעם שגץ, ווייל זיי דאַרפן בלוט אויף פסח, פאַר זייער ריטואַל.

נאַטאַשעס אומעטיקע און פיינלעכע פּנים ברענגען אים אָבער צו זיך, גיבן אים מוט און ער שטייט אויף אַ ציטערנדער און וואַרפט בייז און עמפּערט צו דעם גובערנאַטאָר זיין געוויינלעכן „טשעפּוכאַ!"

„וואָס איז אַ טשעפּוכאַ"? פרעגט אים דער גובערנאַטער מיט אַ פרעגעדיק, חניפהדיק שמייכעלע.

„די גאַנצע געשיכטע... דער בלוט־בלבול... יידן נוצן נישט קיין בלוט... די אַלטע לעגענדע איז שוין פון לאַנג אָפּגעלייקנט אפילו פון די פויפּסטן" — רופט אויס דער גענעראַל און ציטערט פון אויפ־רעגונג.

און נאַטאַשע וואַרפט אים צו אַ דאַנקבאַרן, ליבנדן בליק, אַזאַ זיסן און דערמונטערנדן שמייכל, אַז פון דעם שמייכל צעגייט זיין פחד, דער נאַרישער שרעק, אַלע מאַרך־געשפּענסטער און עס ווערט אים גרינג, ליכ־טיק, און וואַרעם אויפן האַרצן.

און זי נעמט זיך אַליין הייס און באַגייסטערט, שטייענדיק אינ־

מיטן צימער אין אַ פּאָזע פון אַן אַדוואָקאַט, צעקלאַפּן דעם בלבול און באַוויזן זיין לעכערלעכקייט. און דער גובערנאַטאָר איז נישט בייז און נישט ענטריסט.

אומגעקערט! ער קוקט אויף איר מיט צוויי לויכטנדע און באַוווּנדערנדיקע אויגן און ווינקט אים צו מיט אַ שמייכל ווי איינער זאָגט:

— ווי געפעלט זי אייך? מאָלאָדיעץ! מאָלאָדיעץ!

און לאַנג רעדט די קליינע נאַטאַשע. און זי איז שוין נישט קליין, נאָר וואַקסט אין איר ערלעכער פאַרטיידיקונג, אין איר שיינער און ליידנשאַפטלעכער באַגייסטערונג און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גרויסער מו־טיקער געשטאַלט פון אַ קעמפער און פאַרטיידיקער. רעדט מיט אַזאַ ברייט און טיף וויסן אין יידישער רעליגיאָן און געשיכטע, אַז דער אַלטער פאָטער שטייט מיט אַן אָפן מויל און שטוינט, ווו האָט זיך עס צו איר גענומען... ביז דער גובערנאַטאָר שפּרינגט נישט אויף פון אָרט און הויבט נישט אָן צו קלאַפּן בראַוואָ.

דאַן ווערט זי ווידער רויט און פאַרשעמט און גייט אָפּ אין אַ זייט מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ. דער גובערנאַטאָר לויפט אָבער צו צו איר, כאַפּט זי באַ ביידע קליינע, ווי פון העלפאַנט־ביין געטאָקטע, הענטלעך, קושט זיי און טרייסלט זיי אין אַ באַגייסטערטן דאַנק.

— ווי געפעלט זי אייך? ווונדערבאַר! ווונדערבאַר! אַזוי טאַקע זאָלט איר אויפטרעטן אין געריכט און פאַרטיידיקן די יידן. ווי מיר האָבן אַ גאָט אויף דער וועלט!... כאַ, כאַ, כאַ! דאָס וועט זיין אַ שפּאַס, דער ברודער וועט באַשולדיקן און די שוועסטער וועט פאַרטיידיקן! כאַ, כאַ, כאַ, אַ געטלעכער שפּאַס, מיין ערן־וואָרט! בראַוואָ! בראַוואָ! פון היינט אָן און ווייטער בין איך פאַר פרויען־רעכט. פרויען זאָלן קריגן אַלע רעכט... אַן ערשטקלאַסיקער אַדוואָקאַט וואָלט אַרויס פון אַזאַ באַרישניע, ווי אייער טאָכטער.

און דער גובערנאַטאָר קאָן זיך גאָר נישט אָפּלויבן פון איר, און הערט נישט אויף צו דערשיטערן די לופט פון קליינעם צימער מיט זיין הויכן געלעכטער און באַגייסטערטער באַס־שטימע. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט זיי איינגעלאַדן אויף וואַרעמעס און זיי זאָלן טאַקע באַלד פאָרן מיט אים אין זיין קאַרעטע.

— באַם וואַרעמעס וועט זיין דער פּראָקוראָר, דער מאַרשאַלעק. דאַן וועט איר אַלץ איבערחזרן, די גאַנצע פאַרטיידיקונגס־רעדע, פאַרן

— פראַקטפּול! שפּאַס! דאָס וועט זיין אַ געטלעכער פּראָקוראָר... אָ, האָט זיך נישט אויפגעהערט פרייען דער באַגייסטערטער גובערנאַטאָר.

דער געדאַנק אָבער, אַז זיי וועלן זיך באַגעגענען מיטן פּראָקוראָר, האָט אויף ביידע, אי אויפן פאָטער, אי אויף דער טאָכטער, אָנגעיאָגט אַן אומעט. דער אומבאַשטימטער פּחד, די מאַרך־געשפּענסטער האָבן ווי־דער באַפאַלן דעם מוט פון גענעראַל.

די אַנגסט אָבער פאַר זיין לעבנס־סוד, פאַר זיינע און נאַטאַשעס געדאַנקען, וועלכע זיי האָבן אויסגעלייגט און אַנטדעקט דעם שונא, דאָס געפיל פון זעלבסטשוץ האָט אים באַפוילן אָנצונעמען די איינלאַדונג. אַ ווײַלע האָבן די גאַנץ פאַרשידענע און אַנטקעגנגעזעצטע געפילן און גע־דאַנקען געקעמפט איינס מיטן אַנדערן, ווי צוויי קעגנערישע קרעפטן; און דער גענעראַל האָט געהייסן דער, אויף זיין באַשלוס וואַרטנדער, טאָכטער, זיך אָנטון. מען האָט זיך שוין געלאַזט גיין פאָרן. אין דער לעצטער מינוט האָט דער ווידערווילן צום זון און דער מוט פון אַלטן סאָלדאַט געזיגט, און דער גענעראַל האָט זיך אַנטשיידן אָפּגעזאָגט.

— ניין! מיר קענען נישט אָננעמען אייער פריינדלעכע איינלאַ־דונג. מיר ביידע און דער יונגער פּראָקוראָר זענען אין קאָנטערס און מיר קענען זיך נישט באַגעגענען בײַ איין טיש.

— אָ! — האָט אויסגעשריגן דער גובערנאַטאָר מיט אַ באַשטימטן טאָן און האָט אַ פאַרוווּנדערטער פאַרריסן דעם קאָפּ. אין זיינע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַן אומבאַשטימט פייערל.

און אַזוי ווי דער אומבאַשטימטער אויסרוף און דאָס פייערל וואָלטן אים ווידערשפּראָכן, האָט זיך דער אַלטער מאַן אויפגערעגט צעשריגן אויפן יונגן גובערנאַטאָר:

— יאָ, מיין הער! מיר זענען אין קאָנטערס; איך גלייב, אַז עס איז דאָ עפּעס העכערס פון אַ קאַריערע... אַז צוליב אַ קאַריערע קנוטע־וועט מען נישט קיין גויים און מען מאַכט נישט קיין בלוט־בלבול אויף יידן! יאָ, מיין הער, איך בין דאַקעגן און וועל זיך נישט שעמען מיינע אָנזיכטן אויסלייגן אפילו פאַרן צאַר באַטיושקאַ!

דער גובערנאַטאָר האָט פריינטלעך געשמייכלט, האָט פאַרזוכט אויס־צודריקן אויפן פּנים זיין מיטגעפיל! און האָט בײַ דער ערשטער געלעגנ־הייט זיך געזעגנט און איז אָפּגעפאָרן.

## דער פּאָטער זעט זיך מיטן זון.

פּאַרנאַכט, ווען דער גענעראַל איז געזעסן איינער אַליין אין צי־מער און נאַטאַשע איז אַוועקגעגאַנגען איינקויפן אין די קלייטן, איז אים באַפאַלן דער זעלבער אומעט, די גסיסה־נוידנעקייט ווי דאַן באַנאַכט, ווען ער איז געשטאַנען מיט דעם ליכט אין האַנט פאַרן זונס בעט, גרייט אים צו דערציילן זיין טראַגעדיע און בעטן באַ אים גנאָד, אַז ער זאָל אים לאָזן רויק שטאַרבן און רויק ליגן אין קבר.

געפּלאָנט און געטריבן פון דעם זעלבן דריקענדן אומעט, איז ער אַרויס פון האָטעל, האָט גענומען אַן איזוואָשטשיק, און איז אַוועק צום זון, וועלכער האָט געלעבט אין גובערנאַטאָ־ס הויז, אין אַ פליגל, צוזאַמען מיטן גובערנאַטאָרס סעקרעטאַר, זיין יוגנט־פריינט, פירשט שאַ־כאָווסקאָי.

פאַרן דינער, וועלכן ער האָט געבעטן צו מעלדן וועגן אים דעם פּראָקוראָר פון פּעטערבורג, איז ער געשטאַנען נישט ווי קיין גענעראַל און נישט ווי דער פּאָטער פון דעם פּראָקוראָר. אין דעם מאָמענט האָט זיך דער שטאָלצער מאַן געפילט אַזוי קליין און אומבאַהאָלפן ווי יעדער ייד פון זיין שטעטל, וועמענס לעבן און שיקזאַל איז געלעגן אין די הענט פון דעם גרויזאַמען באַשולדיקער. מיט דעם זעלבן גראַד הכנעה און כמעט אַ ציטערדיקער איז ער דערשינען פאַר זיין זון.

דער פּראָקוראָר איז שוין געזעסן באַ זיינע פּאַפּירן, אונטער אַ גרויסן אַבאַזשור. ער האָט זיך נישט אויפגעהויבן פון אָרט, האָט נאָר אויסגעדרייט די אויגן צום פּאָטער און האָט אָנגעשטעלט אויף אים זיי־נע קאַלטע גרינע אויגן.

אַ ווײַלע האָבן זיי זיך שטום אָנגעקוקט, דערנאָך האָט דער פּאָ־טער אַרונטערגעלאָזט די אויגן. ער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן דעם זונס קאַלטן און לויערנדן בליק.

— זעצט זיך, פּאַפּאַשאַ! — האָט אים איינגעלאַדן דער פּראָקוראָר און האָט אים אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף אַ שטול לעבן אים.

— איר האָט דאָ אין שטאָט אַ געשעפט? — האָט ער געפּרעגט

אין אַ ווייַלע אַרום דעם פּאָטער, נעמענדיק אַ פּאַפּיראָס פון אַ שאַכטל.

דער פּאָטער האָט אים נישט געענטפערט און האָט זיך גענומען דרייען אין דער האַנט זיין היטל.

דער זון האָט פאַררייכערט, זיך פאַרצויגן און נישט אַראָפּגעלאָזט די גרינע, לעכערנדע אויגן פון אַלטן מאַן, וועלכער איז געזעסן פאַר אים אין שטול אַ צוזאַמענגעדרייטער און אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד.

— הער מיך אויס, אַליאָשאַ! — האָט ער אים אָנגערופן באַם קינדישן נאָמען. אַרויסרעדנדיק דאָס וואָרט „אַליאָשאַ" האָט ער דערפילט ווי ס'האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין האַרץ און אַז ער וועט זיך באַלד צעוויינען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אום זיך צו באַוועלטיקן.

— איך בעט דיך... וואַרף אַוועק די גאַנצע געשיכטע... זאָל זי עמעצער אַנדערש טון, נישט דו — און ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו אַליאָשאַן. די אויגן פון אַ מאַן, וועלכער בעט זיך באַם תּלין, אַז ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן, קוקן נישט מיט אַזאַ טיפן אומעט, מיט אַזאַ צאַפּלענדער האָפענונג און פאַרצווייפלונג, ווי דער פּאָטער האָט איצט אַרויפגעקוקט צום זון. נישט גאָר אַ תּלין, אַ שטיין וואָלטן גערירט די צוויי אויגן פונם אַלטן, צוזאַמענגעדרייטן מאַן אין שטול, און ער וואָלט זיך צעוויינט קוקנדיק אויף זיין שטומער און אומבאַהאָלפענער טראַגעדיע.

אַ ציטער איז דורכגעלאָפן אויף דעם פריצייטיק-אָפּגעלעבטן און פאַרוועלקטן, גרין-געלבן פּנים פון דעם פעטערבורגער טשינאָווניק; אַ בייזער, גרויזאַמער ציטער.

נאָר די גרינע אויגן האָבן געפינקלט אומהיימלעך, ווי די אויגן פון אַ קאַץ קוקן און פינקלען פון דער נאַכט-פינסטערניש אויף אַ מענטש אין אַ בייזן און שרעקלעכן חלום...

— האָט איר זיך, פּאַפּאַשאַ, גוט איבערלייגט, כ'מיין אַריינגעטראַכט אין דער באַדייטונג פון אייערע ווערטער? — האָט אים קאַלט, כמעט נאַכלעסיק, געפרעגט נאָך אַ קורצער פויזע דער זון, לאָזנדיק הויך דעם רויך פון מויל.

— לאָז עס אָפּ, מיין קינד! איך בעט דיך... שענד נישט מיין גרויע עלטער — האָט זיך ווייטער באַ אים געבעטן דער פּאָטער, אַזוי ווי איגנאָרירנדיק און איבערשפּרינגענדיק די לעצטע פראַגע זיינע.

דער פּראָקוראָר האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. איבער דעם קאַלטן פאַרפרוירענעם פּנים איז ווידער דורכגעלאָפן דער פריערדיקער דראָענדער

ציטער, אַ ציטער, וועלכער האָט ווי אַ ווייטער דערשטיקטער דונער גע־מעלדעט דעם אָנקומענדיקן שטורם.

דער ציטער האָט אויסגעלאָשן באַם פאָטער די לעצטע האָפ־נונג.

„אוּם גאָטעס ווילן! אין וועמען איז דער מענטש געראָטן?" — האָט זיך געפרעגט דער אַלטער אין זיין גייסטיקער גסיסה.

— פון אַ גענעראַל פון רוסישן דינסט, פון אַ מאַן, וועלכער איז באַשאָטן מיט די חסדים פון דריי רוסישע צאַרן, האָב איך עס נישט דער־וואַרטעט — האָט זיך אָנגערופן דער פּראָקוראָר מיט אַ טאָן פון אַ טיפער אַנטוישונג.

דער פאָטער איז אויך די פראַגע איבערגעשפּרונגען.

„דער אַלטער גענעראַל פון רוסישן דינסט, די חסדים פון די דריי רוסישע צאַרן... איז דען נישט אַלץ, זיין גאַנץ לעבן, אַ גאָרנישט, אַן אויסגעבלאָזן איי אין פאַרגלייך מיט זיין איצטיקער גסיסה?"

— וואַרף עס אַוועק אַליאָשאַ! לאָז מיך רויק שטאַרבן! — האָט ער זיך ווייטער געבעטן באַ אים ווי באַ אַ תּלין.

דער זון איז שוין געוואָרן אומגעדולדיק...

— פּאַפּאַשאַ! איך האָב געגעבן אַ שבועה צו דינען דעם צאַר און דעם געזעץ טריי... איך וווּנדער מיך אויף אייך... אַנשטאָט מיך צו אונטערשטיצן אין מיין שווערן חוב פאַר דער מלוכה, שטערט איר מיר... הייניק אַז די רעוואָלוציאָנערע פּרעסע פאַרפאָלגט מיך און שמוצט מיך... איצט זענט איר געקומען... — און דאָס פּנים פונם אינקוויזיטאָר האָט זיך פלוצלינג פאַרצויגן מיט אַ פרומען קנייטש פון אַ פאַרפאָלגטן און מאַרטירער פון פליכט.

„לייגסט, הינטישער זון, קאַריעריסט!" — האָט געוואָלט אויסשרייען דער אַלטער מאַן אין די פלאַמען פון זיין אויפברויזענדן און שטורמישן צאָרן. דער ייד אָבער אין אים, דער יידישער גלות, וועלכן ער האָט איצט געפילט און געטראָגן אין זיך צוזאַמען מיט זיין פאָלק, האָט אים פאַרשלאָסן דאָס מויל און האָט אים געהייסן זיך באַוועלטיקן, רעדן מיט הכנעה...

# דעם פּאָטערס טרערן.

— איך וועל דיר שענקען מיין הויז אויפן ענגלישן פּראָספּעקט — האָט ער געפּרווט ווי יעקב איבערקויפן דעם עשיו.

דער זון איז אָפּגעשפּרונגען צו דער וואַנט, ווי אַן אָפּגעקאָכטער פון באַליידיקונג.

— כּאַבאַר? מיר כּאַבאַר? איר זענט פון זינען אַראָפּ! — האָט ער געריטשעט, ווי אַ פאַרווונדערטע און גרויזאַמע חיה.

זיינע גרינע אויגן האָבן געקוקט אויפן פּאָטער פון דעם האַלבּ־טונקעלן ווינקל, ווי די אויגן פון אַ פּאַנטערע, איידער זי וואַרפט זיך אויף איר קרבן, אַזוי ווילד און בלוט־דורשטיק...

אַ ווײַלע איז געווען שטיל און דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ כּליאָפּ, אַזוי ווי אַ שטיין וואָלט געפאַלן אין אַ טיפן ברונען, אַ כּליאָפּ נאָך אַ כּליאָפּ און דערנאָך אַ געוויין.

דער ייד, דער צוזאַמענגעבראָכענער און צוזאַמענגעדרייטער ייד, האָט געוויינט אין דער שטיל, אין זיין אומבאַהאָלפענעם אומעט און ווייטיק, אין זיין פאַרצווייפלטן שמערץ.

— ווילסט נישט? ווילסט נישט רחמנות האָבן אויף אַן אַלטן פּאָ־טער? אַ? — האָט ער כליפּענדיק געשטויסן פון זיך מיט גרויס מי און אָנשטרענגונג די ווערטער.

דער זון האָט געקוקט אויף אים פון זיין ווינקל איבערראַשט און צוגלייך מיט עקל און האַס.

דער פּאָטער האָט שוין איצט אָבער נישט באַמערקט דעם עקל און דעם האַס. איז דען נישט אַלץ גלייך געווען?

— וויפיל ווילסטו פּאָרוקע פון אַ מענטש? — האָט אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט דער פּאָטער, זיך אויפהייבנדיק פון אָרט אַ ביסל אַ באַ־רויקטער.

אַ בייזער, גרויזאַמער פלאַם האָט זיך אָנגעצונדן אין דעם פּראָקו־ראָרס גרינע אויגן.

— דרייסיק טויזנט! — האָט ער צוגעשליידערט פון זיין ווינקל.

דאַן גיב איך פּאַרוקע... פאַר דעם בערל... פאַר דעם בעל־אכסניה!

און דער פּאָטער האָט זיך גענומען מיט אַלטע, ציטערנדיקע הענט טאַפּן אין די קעשענעס און זוכן דאָס טשעק־ביכל.

ווי אַ טיגער איז דער פּראָקוראָר צוגעשפּרונגען צום פּאָטער פון זיין ווינקל.

— איר... איר שענדעט מיט אייער אויפפירונג דעם מונדיר פון אַ רוסישן אָפיציר... עס איז אַ שאַנדע! — האָט ער געשיפּעט ווי אַ שלאַנג און האָט גיפטיק געאָטעמט אים גלייך אין פּנים אַריין.

דער ייד, דער צעבראָכענער און בעטנדער, דער גלות אין אים איז פאַרשווונדן...

דער גענעראַל האָט זיך אויסגעצויגן גרויס און מעכטיק ווילד...

— אַך, דו הינטישער זון! איך שענד מיין מונדיר? ווי אַ הונט וועל איך דיך דאָ דערשיסן! צעשניידן אויף שטיקלעך!

און ער איז אָפּגעשפּרונגען פון אים, האָט מיט אַ שנעלער יונגער באַוועגונג אַרויסגעכאַפּט דעם קלינג פון שיידל און האָט אים אַ שווינג געטון אין דער לופטן איבערן זונס קאָפּ.

— פּאַפּאַשאַ! — האָט אויסגעשריגן דער פּראָקוראָר אין טויטשרעק און איז אָפּגעשפּרונגען צו דער וואַנט.

דאָס וואָרט „פּאַפּאַשאַ" האָט אין אים אָנגעצונדן אַ וואַנזיניקן ווּט.

— וואָריאָש, סוקין סין! איך בין דיר נישט קיין פּאָטער... דיין מוטער איז אַ שליאָכע און האָט דיך געהאַט פון אַ קוטשער אָדער אַ פּראָכוואָסט אַ דוואָרניק! — האָט געשריגן דער פּאָטער אין וואַנזין, פּאָכנדיק מיטן שווערד פאַרן פּראָקוראָרס פּנים.

און דאָס פּנים איז געווען בלייך און אויסגעקרימט פון זאָאָלאָגישן שרעק מיט אַ טויטאַנגסט...

ווען די שרעקלעכע ווערטער האָבן געפּלאַצט און זיך צעריסן אין צימער האָבן זיי דעם פּאָטער אַליין איבערגעשראָקן.

ער האָט שנעל אַרונטערגעלאָזט דעם קלינג און געבליבן פאַרגליווערט.

באַלד האָט ער באַהאַלטן דעם קלינג אין שיידל, האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און איז אַנטלאָפן, ווי אַ פאַרפאָלגטער פאַרברעכער.

— פאַרגעסט נישט, גענעראַל, אַז איר האָט באַליידיקט אַ פּראָקו־ראָר אין דער צייט, ווען ער האָט געטון זיין דינסט־פליכט ! — האָט אים נאָכגעשריגן דער זון שוין אין דער טיר.

דער גענעראַל איז אָבער שוין געלאָפן פון די טרעפּ, ווי מען לויפט פון אַ הויז, וועלכעס איז אין פלאַמען.

די זעלבע נאַכט האָט דער זון טעלעגראַפירט דער מוטער, אַז דער פאָטער איז אַראָפּ פון זינען און האָט געפאָדערט, אַז זי זאָל באַלד קומען.

## נאָכן לעצטן פאַרזוך.

דיזעלבע נאַכט, נאָכן לעצטן האָפנונגסלאָזן פאַרזוך צו ווירקן אויפן זון, איז דער גענעראַל גערשעלמאַן מיט נאַטאַשען אָפּגעפאָרן אַהיים. דער לעצטער צוזאַמענשטויס מיטן זון האָט בּאַ אים אויסגעלאָשן אינגאַנצן דעם בריענדן פּיין פון געוויסן, דעם דראַנג צו העלפן און פאַרטיידיקן די יידן פון שטעטל.

אַלץ איז אַוועק אין רויך פון דער הייסער און לעצטער שלאַכט. אונטערן שטאָלענעם טראַסק פון די רעדער האָט ער פאַרבראַכט די נאַכט אין קופּע פון דעם וואַגאָן מיט אָפענע אויגן און שלאָפלאָז, אָבער שוין גלייכגילטיק צו אַלץ אויף דער וועלט, צום לעבן ווי צום טויט. . . ער איז געלעגן און האָט געזופּט אין זיך דעם גערויש פון דעם לויפנדן און אין דער נאַכט ווייט הילכנדן צוג, ווי מען זופּט אַ פאַר־טויבנדן געטראַנק. . . דער טראַסק האָט פאַרטומלט אין קאָפּ יעדן געדאַנק, איבערגעשריגן אַלע אינערלעכע קולות און געפילן און ער האָט זיך גע־פילט פאַרשטומפּט, אָבער באַרויקט.

נאַטאַשע איז געלעגן אַנטקייגן אים צוזאַמענגעדרייט אין אַ ווינקל פון דיוואַן, ווי אַ קליין צונויפגעדרייט פייגעלע אין נעסט ווערנד דעם שטורם.

נאָר ווען איר האָט ער געפילט, ווען איר האָט זיך אַ מידער געדאַנק נאָך געקימערט און געגראָבן אין מוח, אַז זי וועט בלייבן אַליין אין דער גרויסער פיינטלעכער וועלט אַרומגערינגלט פון שונאים און אַז

ער מוז עפעס טון, זי נאָך באַם לעבן צו שיצן און באַפרייען פון די שונאים, אַז זיי זאָלן נאָכן טויט איבער איר קיין שליטה נישט האָבן.

וואָלט זי ווייניקסטנס חתונה געהאַט. אָבער מיט וועמען? מיט אַ גוי? נאָך אַ גוי? נאַטאַשע פאַר אַ גוי? — האָבן ווי פונקען אין דער נאַכט אויפגעבליצט שווערע, נודנע געדאַנקען.

און דער געדאַנק, אַז נאַטאַשע וועט חתונה האָבן פאַר אַ גוי, איז אים מיט אַמאָל פאַרגעקומען אומגעלומפּערט און ווילד.

דער צוג האָט אָבער געליאַרעמט און געטראַסקעט אין דער שטילער נאַכט און האָט אויך די נודנע געדאַנקען איבערגעשריגן און אויסגעלאָשן...

צו דער סטאַציע פון שטעטל איז דער צוג צוגעגאַנגען שוין אין גרויען און אומעטיקן ליכט פון אַ רעגנדן און פאַרכמאַרעט נאַסן מאָרגן.

אַז דער גענעראַל האָט דערזען דורכן פענסטער אויף דער פּלאַטפאָרמע יידן און די באַלעגאָלעס פון שטעטל, מיטן לאַנגן ווי אַ זשוראַף חיים־הערשן, אָרימע און גרוי־אומעטיקע געשטאַלטן, ווי דאָס מאָרגנליכט אַליין איז געווען, האָט אַלץ צוריק דערוואַכט אין דער ברוסט און געבלוטעט ווי אַ געעפנטע און עקלהאַפטע מכה.

און די געשטאַלטן האָבן אים שוין געזוכט מיט זייערע איבערגעשראָקענע און פיבעריק־ברענענדע אויגן.

ער איז כמעט אָפּגעשפּרונגען פון פענסטער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פון די זוכנדע יידישע בליקן.

אין איילעניש איז ער אויסגעשטיגן שוין נישט אויף דער פּלאַטפאָרמע, נאָר פון דער צווייטער זייט, ווו עס האָבן שוין אויף אים אומגעדולדיק געוואַרט די פערד, איז שנעל, ווי אַ פאַרפאָלגטער, אַריין אין קאַרעטע און איידער דער צוג, וואָס האָט אים פאַרשטעלט פון די יידן, איז אָפּגעפאָרן פון דער סטאַנציע, האָבן די פערד זיך שוין געטראָגן צווישן די פאַרוויינטע, נאַסע פעלדער, מיט די שווערע זאַנגען וואָס האָבן זיך נאָכן רעגן אומעטיק געבויגן צו דער ערד ווי די יידישע געשטאַלטן אויף דער פּלאַטפאָרמע פאַרן צוג.

און אַז זיי זענען שוין געווען ווייט, כמעט פאַרן שטעטל, האָט זיך דער קוטשער אויסגעדרייט צו זיי מיטן פּנים און באַמערקט גלייכגילטיק:

— און נעכטן האָב איך די גענעראַלשע, די באַרינע הייסט עס, געבראַכט.

דער גענעראַל האָט זיך דערמאַנט אין די ווערטער, וועלכע ער האָט וועגן איר צוגעשליידערט דעם פּראָקוראָר און האָט אויפגעשוידערט, אַזוי ווי עפּעס קאַלטעס און מיאוסעס וואָלט זיך צו אים צוגערירט. ער האָט געכאַפּט אַן איבערגעשראָקענעם בליק אויף דער טאָכטער און האָט זיך פאַרדוקט טיף אין ווינקל פון דער קאַרעטע.

די יידן פון שטעטל, וועלכע האָבן געליווערט מיט פּראָשעניעס אין די הענט פאַרן פּאַרק, אין הויף און אויף אַלע סטעזשקעס, ווו זיי האָבן נאָר געהאָפּט אים צו באַגעגענען און בעטן שוין קעגן זייער אומגליק. דאָס ווייב, די גראָבע קאַצאַפּקע מיטן פאַרשוויצטן רויטן פּנים — אַלץ צוזאַמען האָט אים צוריק פאַרטריבן אין קאַבינעט ווי אַ בער אין דער נאָרע. אַהין האָט מען אים שוין דערלאַנגט עסן און טרינקען.

מיט דער קאַצאַפּקע האָט שוין געקעמפּט נאַטאַשע.

דעם זונס טעלעגראַמע האָט זי שוין נישט געטראָפן און זי איז אַליין געקומען.

זייערע געשפּרעכן אויף דער וועראַנדע האָט ער געהערט דורכן פענסטער און די קאַצאַפּקע האָט נישט אויפגעהערט צו קלאָגן זיך און צו פייערן, אַז דער פאָטער אירער איז פון זינען אַראָפּ און טראָגט שוין נישט קיין גאָט מיט קיין צלם אין האַרץ.

אינסטינקטיוו האָט ער דאַן געטאַפּט די ברוסט, זיך דערמאַנט אין צלם, וואָס ער האָט אין ציטערנדן ליכט דערזען דאַן באַנאַכט, וועלכער איז געלעגן אויפן פּראָקוראָרס האַריקער ברוסט, אַזוי ווי פאַרלוירן צווישן מאָך. אין זיינע געדאַנקען האָט ער דעם זון גערופן נאָר פּראָקוראָר, אַזוי ווי דער באַגריף „זון" וואָלט געווען שוין צערונען און פאַרשוווּנדן.

דעם ווייבס גראָבע, פון בראָנפן הייזעריקע, שטימע, פלעגט אויף אים ווירקן ווי אַ צעגליט אייזן. ווען נאַטאַשע פלעגט איר אָפּענטפערן מוטיק און פרעך און זייער הייס געשפּרעך פלעגט איבערגיין אין קריג, פלעגט ער ווערן אויפגערייצט און גרייט אַראָפּצוכאַפּן אַ קאָזאַצקע נאַהייקע פון דער וואַנט, אַרויסלויפן זי שלאָגן און זי אַרויסטרייבן פון שלאָס צום טייוול.

— צו וועלכן טייוול איז זי ווידער געקומען? וואָס וויל זי פון מיר, די שליאָכע? — פלעגט ער אין זיין גרויסן בלייערנעם אומעט פרעגן זיך אַליין אין דער הויך.

דאָס וואָרט „שליאָכע" פלעגט אים איבערשרעקן. ער פלעגט אויפ־

ציטערן און זיך אַרומקוקן, צי קיינער האָט עס גישט געהערט און שפּאַנען הין־און־צוריק איבערן קאַבינעט, זיך נעמען בלעטערן דאָס גאַנצע צוזאַמענלעבן מיט איר, די פאַרגאַנגענהייט, און זוכן דאָרט דעם קוטשער, אָדער דעם „פּראָכוואָסט", פון וועלכן זי האָט געקענט האָבן דעם פּראָקוראָר און דעם רויטן קאַדעט.

— איך אַליין בין געווען שוואַרץ, נישט רויט — פלעגט ער רעדן מיט זיך אַליין און קוקן אויף זיך אין שפּיגל.

דאָס לאַנגע שפּאַנען מיט די פלאָגנדע געדאַנקען פלעגן אים מיד מאַכן. דאַן פלעגט ער זיך אויסציִען אויפן ברייטן דיוואַן און דאָרט ליגן אויסגעצויגן שעהן־לאַנג שוין אַן אויסגעלאָשענער, אָן געדאַנקען און געפילן, ווי אין אומבאַוווסטזיין פון אַ גסיסה.

## די „פּראָשעניע" צום צאַר.

אין איינע פון זיינע נעכט, וועלכע פלעגן זיך ציִען צווישן אומרויק־וואַכנדיקן שלאָף און דרימלענדיקן באַוווסטזיין, ווי אַן אומענדלעך־לאַנגער וועג אין אַ מדבר, ווו דער מידער וואַנדערער איז געווען שוין נישט ער, דער גענעראַל־אַדיוטאַנט גערשעלמאַן, נאָר אַן אַנדערער און פרעמדער מענטש, וועלכער האָט אָבער געליגן באַ אים זיינע מידע און ווי מיט בליי אָנגעגאָסענע פיס און גלידער — אין איינער פון אַזעלכע נעכט, ווען עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער לעבט שוין אַן אייביקייט, אַז זיינע געדאַנקען און געפילן און זיין קערפּער אַליין זענען אַלט ווי אַ באַלזאַמירטע מומיע און פון דעם לעסטיקן לעבן וועט קיינמאָל קיין סוף נישט זיין — האָט אים אויפגעוועקט פון דעם וואַכעדיקן שלאָף אַ נייער געדאַנק.

פלוצלינג און אומדערוואַרטעט האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דער געדאַנק, אָבער אַזוי העל און דערלייזנד האָט ער באַלויכטן דעם מוח, די נשמה, אַז ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און פיבערהאַפט שנעל גענומען זיך אָנטון.

ער האָט זיך באַלד אָבער ווי אין עפּעס דערמאָנט און האָט אָנ־

געקלונגען צום דינער, דער דינער איז אָבער לאַנג נישט געקומען און ער איז געוואָרן אומגעדולדיק און האָט ווידער געקלונגען.

אַז דער פאַרשלאָפענער לאָקיי איז ענדלעך דערשינען, האָט ער אים שטרענג באַפוילן, אַז ער זאָל אים דערלאַנגען זיין פּאַראַד-מונדיר מיט דער געאָרגי-עווסקע לענטע און מיט דער בריליאַנטענער שווערד.

דער לאָקיי האָט לאַנג געקוקט אויף אים און זיך פון שלאָף געקראַצט אין קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען דעם גענעראַלס באַפעל.

און ווי דאַן, ווען ער האָט אים געשלאָגן מיטן שטיוול, איז ער געוואָרן אויפגערעגט און האָט זיך גענומען אויף אים שרייען.

דער לאָקיי האָט זיך ווידער איבערגעשראָקן, איצט אָבער שוין פאַר זיין האַרס פאַרשטאַנד. ער איז אַוועק, איז ווידער לאַנג נישט געקומען און דער אומגעדולדיקער מאַן האָט געמוזט אַליין גיין צו זיין גאַרדעראָב און האָט פון דאָרטן זיך באַלד געבראַכט דעם מונדיר און האָט זיך אַליין גענומען אָנטון פאַרן שפּיגל, ווי צו אַ פּאַראַד.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אָנגעצונדן אויפן שרייבטיש צוויי סטעאַרינאָווע ליכט, האָט זיך פייערלעך געזעצט אין אַ שטול, האָט אַרויסגענומען פון אַ שופלאָד פּאַפּיר און האָט מיט אַ ברייטער, צעוואָרפענער האַנטשריפט אָנגעשריבן: „צו זיין קייזערלעכער מאַיעסטעט, דעם צאַר באַטיושקאַ“.

אַז ער האָט אָנגעשריבן דעם פולן טיטל פון צאַר, האָט ער דורכגעלאָזט פאַר זיך אַלע גרויסע אותיות פון לאַנגן טיטל, ווי ער פלעגט דורכלאָזן אַ פּולק אויף אַ „סמאָטר“ און האָט זיי ערטערווייז אויסגעפּילט און פאַרריכט מיט דער פען. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן טיטל, האָט ער מיט קלענערע אותיות זיך גענומען ווייטער שרייבן, אָבער לאַנגזאַם און פלייסיק-פייערלעך, ווי דער מונדיר זיינער האָט פייערלעך געבליאַסקעט אין ציטערנדן שיין פון די סטעאַרינאָווע ליכט.

אין דעם בריוו אָדער „פּראָשעניע“, ווי ער האָט אים באַטיטלט, האָט ער אין נאָמען פון דער דריי-איינקייט, פון פאָטער, זון און הייליקן גייסט, און ווי אַן אַלטער רוסישער גענעראַל און אָפיציר, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין אַזוי פיל און אַזוי פיל שלאַכטן מיטן שונא פון צאַר און רוסלאַנד, זיך געשווירן, אַז די יידן נוצן נישט קיין בלוט אויף פסח און זענען קיינמאָל נישט באַגאַנגען קיין ריטואַלן מאָרד, און האָט

נעבעטן דעם צאַר באַטיושקאַ דעם בלבול אויף די יידן פון זיין שטעטל אָפּצושטעלן.

„אויב אייער מאַיעסטעט וועט מיר שענקען אייער קייזעלעך פאַר־טרויען, דאָס פאַרטרויען, וואָס איך האָב געהאַט בײַ דריי רוסישע צאַרן, וועלכע איך האָב געדינט טריי און איבערגעבן, נעם איך זיך אונטער צו געפינען דעם ריכטיקן מערדער פון דעם פראַוואָסלאַוונעם יינגל און אים איבערגעבן אין די הענט פון געזעץ".

אַז ער האָט געענדיקט דעם מערקווירדיקן דאָקומענט, האָט ער אים אויפסניי איבערגעשריבן, נאָכן איבערשרייבן ווידער דורכגעלאָזט אַלע אותיות און שורות פאַר זיינע אויפמערקזאַמע אויגן, ווי אַן אַרמיי אויף אַ פּאַראַד, זיי פאַרריכט און אויסגעפילט, און אַז ער האָט געענדיקט די אַרבעט, איז דער קאַבינעט שוין געלעגן אין ליכט פון אַ העלן זונגן־אויפגאַנג.

העל און ליכטיק איז אים געווען אויף דער נשמה, אַזוי ווי דער גרויסער און אויסגעשריבענער בויגן פּאַפּיר צווישן די צוויי סטעריגאַווע ליכט וואָלט געווען ער אַליין, שוין זיין אייגענער טויטער און אויף איי־ביק באַרויקטער קערפּער, באַפרייט פון מידן לעבן מיט זיינע פּלאָגן און פון לאַנגער וואַנדערונג.

און לאַנג איז ער נאָך געזעסן אין דער שטול פאַר דעם בויגן פּאַ־פּיר, ווי פאַר זיין אייגענער טרומנע מיט די ליכט צוקאָפּנס, אַ שטילער און רויק פאַרקלערטער. . .

די מאָרגן־לופט האָט געטראָגן מיט זיך דעם פרישן דופט פון פּאַרק און האָט געוויגט די פלאַמען פון די ליכט.

די פלאַמען האָבן זיך געבויגן אין אַלע זייטן, געציטערט און גע־קעמפט אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך נישט געוואָלט אויסמישן מיטן זון־שיין און פאַרלירן זייער אייגענעם, מעלאַנכאָליש־טרויעריקן שיין פון טויט און אייביקער רו.

און דער גענעראַל האָט זיי לאַנג נישט אויסגעלאָשן, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַרן טומל פון אויפשטייענדן מאָרגן און אַלטעגלעכ־קייט, ביז די טירן האָבן נישט אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין קאָרידאָר און דער שלאָס האָט נישט אָנגעהויבן זיין אַלטעגלעך לעבן. דאַן איז ער אויפגעשטאַנען פון שטול ווי אַ דערוואַכטער, האָט פאָרזיכטיק צוזאַמענגע־לייגט דעם בויגן פּאַפּיר אין אַ קאָנווערט, האָט אים פאַרחתמעט מיט זיין זיגל און האָט אויסגעלאָשן די ליכט.

פאַרזיכטיק און אומבאַמערקט האָט ער אין דעמזעלבן פּאַראַד־אוני־פאָרם פאַרלאָזן דעם שלאָס און דעם פּאַרק און האָט אַליין אָוועקגעטראָגן דעם פּאַקעט אויף דער פּאָסט, וואָס איז געשטאַנען איבערן וועג, וועלכער האָט געפירט אין שטעטל אַריין.

## פאַר דער פּאָסט.

די פּאָסט איז נאָך געווען געשלאָסן און האָט געוואָרפן פון זיך אויפן וועג אַ לאַנגן און געדיכטן שאָטן.

דער גענעראַל האָט זיך געלאָזט שפּאַנען הין און צוריק אין דעם שאָטן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואַרט נישט אין דרויסן, נאָר אין אַ פּאָדער־צימער באַם צאַר אַליין פאַר אַן אוידיענץ.

עס איז נאָך געווען פרי און דאָס שטעטל האָט ערשט געטריבן די בהמות אין טשערעדע אַריין. איצט האָט ער שוין קיין מורא געהאַט פאַר די יידן און איז פון זיי נישט געלאָפן. דער פּאַקעט אין דער האַנט האָט פאַרענטפערט אַלע זייערע טענות און אויסגעגליכן דעם שטרייט צווישן אים און זיי, צווישן אים און זיין אייגן געפּלאָגטעס געוויסן. . .

אַנטקעגן האָט אַ ייד געטריבן אַן אַלטע קו מיט אַן אָפּגעבראָכענעם האָרן. די קו האָט נאַכלעסיק געוואָרפן פון זיך דאָס מיסט, וועלכעס איז געפאַלן אויף איר אייגענעם שאָטן און דער אומגעלומפּערט גרויסער שאָטן איז אַלע מאָל אָפּגעשפּרונגען, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אויס־מיידן דעם פאַלנדן שמוץ. . . דער ייד, אין אַ צעשפּיליעט כאַלאַטל אי־בער די גאַטקעס, איז געוואָרן אומגעדולדיק פון דער קוס געשלעפּטע און אַלטע טריט, האָט אויף איר גענוקעט און זי געשאָלטן.

דער גענעראַל איז אים געגאַנגען אַנטקעגן. דער ייד האָט זיך אי־בערגעשראָקן פאַר אים און פאַר זיינע פּאַראַד־קליידער און האָט זיך שנעל פאַרשפּיליעט און אַזוי ווי פאַרשעמט פאַר זיינע גאַטקעס און פאַר דער אַלטער קוס אומהעפלעכקייט.

דער גענעראַל האָט אים אָפּגעשטעלט און האָט זיך גענומען באַ אים אויספרעגן וווהין ער טרייבט די קו, וויפיל זי גיט מילך, וויפיל בהמות דאָס שטעטל פאַרמאָגט און וואָס די עקאָנאָמיע נעמט איצט פאַר

דער פּאַשע פון אַ קו. די קו איז שוין לאַנג אַליין אַוועק מיט אירע אַלטע און מידע טריט, און דער גענעראַל מיטן ייד זענען נאָך אַלץ געשטאַנען. דער ייד שוין קנייטשנדיק דאָס היטל אין דער האַנט און ענטפערנדיק דעם פריץ אויף אַלע זיינע נייגעריקע און מאָדנע פראַגן.

פון בלבול און אומגליק האָבן זיי ביידע אַזוי ווי אויסגעמיטן צו רעדן. ווייזט אויס, אַז דער פּאָסטמייסטער, אַן אַלטער גוי מיט אַ גרויסן פליכעוואַטן קאָפּ ווי אַ באַק־דייזשע, האָט אים דערזען פון פענ־סטער פון זיין ווינונג און איז אַרויסגעלאָפן אויפן גאַנעק.

אַז דער גענעראַל האָט אים דערזען, האָט ער פונווייטנס אים געוויזן דעם פּאַקעט, אַזוי ווי ער וואָלט אים דערמיט שטום דערקלערט זיין פריי דערשיינען, האָט זיך געזעגנט מיטן ייד, צולייגנדיק זיין האַנט צום דאַשעק, ווי אַ סאָלדאַט, האָט אים געהייסן איבערגעבן אין שטעטל, אַז ער וועט אַראָפּנעמען פון זיי דעם בלבול און וועט זיי אינגיכן באַ־פרייען; איז מיט יונגע, מונטערע שריט אַרויף אויפן גאַנעק און איז אַריין אין פּאָסט אַריין, באַגלייט פון פּאָסטמייסטער.

אַ ווײַלע האָט אים דער ייד נאָכגעקוקט, דערנאָך האָט ער זיך אַ ריס געטון פון אָרט און האָט זיך גענומען לויפן אין שטעטל אַריין, פּאַר־פאָלגט פון זיין שאָטן, וועלכער איז אים נאָכגעלאָפן מיט אַ ווילדן טאַנץ.

אַז דער פּאָסטמייסטער האָט גענומען פון זיינע הענט דעם פּאַקעט אויפן צאַרס נאָמען, האָט זיך זיין פנים באַלויכטן מיט אַן איבערראַשטן שמייכל פון אונטערטעניקער ערפורכט און ער האָט אָנגעהויבן שנעל צו שאָקלען מיט זיין גרויסן פליכעוואַטן קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט אויסדריקן, אַז ער פאַרשטייט אַלץ, דאָס פערזענלעכע און פריע דערשיינען פון גענעראַל אַליין און פון זיינע פּאַראַד־קליידער.

מיט גרויס ערפורכט האָט ער אַליין צוגעקלעבט די מאַרקעס צום פּאַקעט, אים פאַרזיכטיק אָפּגעוויגן און מיטן זעלבן יראת הכבוד אויסגע־שריבן און דערלאַנגט דעם גענעראַל אַ קוויטאַנציע.

אַז דער גענעראַל האָט פאַרלאָזן די פּאָסט, האָט ער אַליין פאַר אים אונטערטעניק געעפנט די טיר און האָט אים לאַנג נאָכגעקוקט, ביז ער איז פאַרשוווּנדן אין פּאַרק.

# די שנעלע ווי־קונג.

שנעל איז דעם גענעראַלס בריוו אָדער פראַשעניע אָנגעקומען אין די ריכטיקע הענט און שנעל איז געווען די ווירקונג פון דעם מערק־ווירדיקן דאָקומענט. דער פראָקוראָר איז שוין געווען אין פעטערבורג, האָט שוין געהאַט אָפגעגעבן זיין ראַפּאָרט וועגן דעם בלוט־בלבול צום יוסטיץ־מיניסטער. די פרעסע פון לאַנד, די שוואַרצע ווי די ליבע־ראַלע, האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן פון אים און פון דעם פאַר־פאַסטן בלוט־בלבול און דער יונגער קאַריעריסט האָט געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ נייעם סוסאַנין, וועלכער גייט ראַטעווען דעם רוסישן צאַר און רוסלאַנד.

און פלוצלינג האָט מען אים גערופן אין יוסטיץ־מיניסטעריום, און דער שטעל־פאַרטרעטער פון מיניסטער, וועלכער איז שוין געווען אין אויסלאַנד אויף זיין זומער־אורלויב, האָט אים דערלאַנגט זיין פאָטערס בריוו צום צאַר. דער זון האָט זיך גענומען לייענען דעם דאָקומענט און זיך בייטן אין קאָלירן.

— גענעראַל אַדיוטאַנט ! פון צאַרס סוויטע ! — האָט באַמערקט דער געהילפס־מיניסטער מיט אַ פאָרוווּרף און האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דער אַלטער איז משוגע. . . מען דאַרף אים פאַרשליסן אין אַ משוגעים־הויז ! — האָט אויסגעשריגן דער זון אַליין ווי אַ וואַנ־זיניקער און האָט עמפּערט אַ שליידער געטון דעם בויגן פּאַפּיר אויפן טיש.

אין דערזעלבער צייט האָט דער גענעראַל גערשעלמאַן זאָרגלאָז אָפּגעוואַרט דעם צאַרס ענטפער. ער האָט קיין מינוט נישט געצווייפלט, אַז זיין בריוו, זיין שבועה וועט מאַכן אַ רושם אין די הויכע ספערן און מען וועט דעם בלוט־בלבול אַרויסנעמען פון זיין זונס הענט און איבער־געבן אין זיינע, אין די שטרענגע, אָבער ערלעכע הענט פון אַן אַלטן סאָלדאַט. ער האָט זיך שוין געגרייט צו אַרעסטירן דעם אַמאָליקן פּריס־טאַוו פון שטעטל, און רעדנדיק מיט זיך אַליין אויפן קול, פלעגט ער עמ־

פערט אויסשרייען: „איך וועל דיר שוין ווייזן, דו הינטישער זון, ווו ראַ־קעס ווינטערן!“ ער האָט ווידער שפּאַצירט אין פּאַרק, זיך אינטערעסירט מיט דער ווירטשאַפט, פלעגט שוין ווידער אויסהערן פאָן באַכס לאַנגע ראַפּאָרטן אין דייטש און גיין אין גראַלניע אַריין, צו וועלכער מען האָט איצט צוגעבויט אַ האָלץ־זעגעריי.

איינמאָל האָט ער געהייסן דעם דינער קויפן צוויי ווענטקעס און האָט געבעטן נאַטאַשען, אַז זי זאָל מיט אים גיין כאַפּן פיש. נאַטאַשע האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם געדאַנק מיט באַגייסטערונג און ביידע האָבן פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג אויפן ברעג פון אַ ווייטער פון שלאָס „אָזיע־רע“ שטומע און ערנסטע, אַזוי ווי זיי וואָלטן געציטערט, אַז מיט זייע־רע שטימען זאָלן זיי נישט איבערשרעקן און צעטרייבן די פיש.

אַז זיי זענען געקומען אַהיים מיט זייער קאַרגן פאַנג, האָט דער פּאַרק זיך שוין געהילט אין די געדיכטע שוואַרצע שאָטנס פון אַ סוף־חודשדיקער זומער־נאַכט. דער פאָטער איז מיט אַן אומוועג, אַז ער זאָל זיך נישט באַגעגענען מיטן ווייב, אַריינגעגאַנגען אין זיין העלפט, נאַטאַ־שע איז געגאַנגען אין קיך אַריין זאָרגן פאַר אָוונט־ברויט. די האַלטאַנקע צווישן דיביימער איז געווען באַלויכטן און פון דאָרט האָבן זיך גע־טראָגן שטימען פון געסט.

נאַטאַשע האָט זיך אָפּגעשטעלט און איינגעהערט מיט אַן איבערגע־שראָקן האַרץ.

איין שטימע האָט געהערט צום פּראָקוראָר; די צווייטע, אַ דינע און פון צייט צו צייט אומאַנגענעם קוויטשענדע, איז איר געווען גאַנץ אומבאַקאַנט. מען האָט געגעסן אָוונט־ברויט און די מוטער האָט זיי גאַסט־פריינטלעך באַדינט מיט איר גראָבער, הייזעריקער שטימע.

— און ווי געפעלט אייך דעם גענעראַלס בריוו צום צאַר, שאַר־מאַנט? אַ? כי־כי־כי — האָט די פרעמדע שטימע געפרעגט די גענע־ראַלשע.

— וואָס פאַר אַ בריוו?

— וואָס, איר ווייסט גאָרנישט? כי־כי־כי — האָט זיך צעלאַכט דער קוויטש. נאַטאַשע איז צוגעגאַנגען צו דער אַלטאַנקע און האָט אַריינ־געקוקט. זי האָט פאַר זיך דערזען באַם טיש אַ קליין מענטשעלע מיט אַ פליכעוואַטן און גאַנץ נאַקעטן און שפּיציקן קאָפּ, וועלכער האָט אין ליכט געגלאַנצט ווי אַ גרויסער ביליאַרדן־באָל. די דינע און קוויטשעדיקע שטי־מע, דאָס געבונדענע סערוועטל אַרום האַלדז, האָבן אַזוי ווי נאָך פאַר־

קלענערט די פיגור און איר געגעבן אַ קינדישן און אָפּשטויסנדן אויסדרוק פון אַ נישט דערוואַקסענעם מענטש, אָדער אַ קאַרליק.

— פון וואַנען האָט זיך נאָך דער טייוול גענומען ? — האָט זיך געפרעגט נאַטאַשע, באַטראַכטנדיק אים דורכן שפּאַלט גלייך אין פּנים אַריין.

דער גאַסט האָט לאַנג געלאַכט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פאַרכלי־ניעט מיט זיין „כי־כי“, און דער פּראָקוראָר און די מוטער האָבן אויפ־געהערט צו עסן און געקוקט אויף אים מיט דער אַנגסט, וואָס מען קוקט אויף אַ מענטש, וואָס ווערגט זיך בּאַם עסן.

— איר וואָלט איר, דער מאַמאַשאַ אייערער, דערציילט פון דעם דאָקומענטל. . . כי, כי, כי. . . שאַרמאַנט ! שאַרמאַנט ! כי, כי, כי — האָט זיך פאַרגעניגנט געפרעגלט דער גאַסט. נאַטאַשע האָט אויף זיך דערפילט דאָס פאַרגעניגנטע געלעכטערל, ווי דאָס לויפן פון מייז איבערן לייב.

— וואָס פאַר אַ בריוו איז דאָס, אַליאָשענקע ? — האָט די מוטער אומאַנטשלאָסן און אַנגסטלעך געפרעגט איר זונדל.

דער פּראָקוראָר האָט מיט פאַרדרוס אַראָפּגעריסן פון זיך די סער־וועטקע, האָט זי אַ וואָרף געטון אויפן טיש און האָט זיך גענומען איר איבערגעבן דעם אינהאַלט פון פּאָטערס פּראָשעניע, מיט אַ ציטערנדער און פון כּעס געוואָרגענער שטימע.

די גענעראַלשע האָט אים אָבער נישט אויסגעהערט ביזן סוף. זי האָט פּלוצלינג אויסגעשריגן ווי אַ פאַרוווּנדעטע און האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ. דאָס קליינע מענטשעלע איז אויפגעשפרונגען פון אָרט, האָט אַ פליעסקע געטון מיט די הענט, איז אונטערגעשפּריגען און האָט זיך אַ וואָרף געטון צו דער באַלעבאָסטע מיט אַ קוויטש : „מאַטושקאַ, גאָט איז מיט אייך !. . .“ און זי געכאַפּט בּאַם פּולס, און זיך גענומען זי מונטערן.

נאַטאַשע איז אַנטלאָפן פון איר פאַרשטעלטן פּלאַץ ווי פון אַן אָפּגרונט.

# דער גאַסט.

אין אַ שעה אַרום איז דער גאַסט, וועלכער האָט געהייסן פּאָן אָטאָ און האָט געטראָגן דעם טיטל „זיינער מאַיעסטעטס לייב־אַרצט“, שוין געזעסן אין גענעראַלס קאַבינעט. אין טיפן פאָטעל האָט ער אויסגעזען נאָך קלענער ווי פריער אין דער האַלטאַנקע. נאַטאַשע איז געזעסן צוזאַמענגעדרייט אויפן דיוואַן. דער גענעראַל האָט געשפּאַנט הין־און צוריק, מיט אויפגערעגטע, פיבערהאַפטע טריט. נאַטאַשע האָט אַנגסט־לעך פאַרפאָלגט די טריט, און האָט געזען ווי די ליטקעס ציטערן אויף זייער וועג.

— אַ פּראַכטפול גוט, גריגאָרי מיכאַילאָוויטש! שאַרמאַנט, מאָן שער אַמי! איך לויב דיין געשמאַק... אַזאַ פּאַרק! כי, כי, כי, שאַרמאַנט, זאָג איך דיר, וויפיל דו האָסט דעם פּאָליאַק באַצאָלט, איז ווערט, כי, כי, — האָט נישט אויפגעהערט צו לויבן דאָס גוט דער לייב־מעדיק. און זיין „כי, כי“ איז ווידער שוידערנד געלאָפן איבער נאַטאַשעס לייב הין און צוריק ווי אַ מחנה מייז.

דער גענעראַל האָט זיך פּלוצלינג פאַר אים אָפּגעשטעלט און האָט זיך דראָענד אויסגעצויגן:

— זאָג נאָר מיר, דו אַלטער פוקס, וואָס פאַר אַ טייוול האָט דיך פּלוצלינג געבראַכט אַהער?

נאַטאַשע איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט. דער דראָענדער קלאַנג פון פאָטערס שטימע האָט אָפּגעשטעלט איר האַרץ און דאָס בלוט אין די אָערן. דער לייב־אַרצט האָט זיך אויך דערשראָקן אויפגעהויבן פון אָרט.

— צו דיר בין איך געקומען, מאָן שער אַמי! גלייך צו דיר... איך בין פאַרבייגעפאָרן, זיך באַגעגנט מיט דיין זון אין קאַזאַטין אויפן וואָקזאַל... נו, דערציילט ער מיר, אַז דו האָסט אָפּגעקויפט דאָס גוט. טראַכט איך מיר: אָט, איך וועל זיך אַריבערכאַפּן און זען מיין אַלטן פריינט, כי, כי, כי... וואָס דען? — און פון אַנגסט, אַז דער אַלטער

פריינט זיינער גליובט אים נישט, האָט ער זיך גענומען לויבן זיין זון, דעם פּראָקוראָר.

— אַ גרויסער מאַן, זאָג איך דיר! אַ קאָפּ-מענטש! אָ, דער יונ-גערמאַן וועט ווייט גיין... זייער ווייט! — און אַלס באַווייז, אַז ער וועט ווייט גיין, האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטון אין שפּיציקן, נאַקעטן שאַרבן זיינעם.

— לייגסט דייטשוק, נישט צוליב דעם ביסטו געקומען, דו אַלטער פוקס! — האָט אויסגעשריגן דער גענעראַל.

דער לייב-אַרצט האָט אַ קוועטש געטון מיט די פּלייצעס און האָט זיך ווידער פאַרכלינעט מיט אַ קינסטלעך-פאַרגעניגטן „כי, כי, כי", כאָטש מען האָט געקענט זען פון זיין פוקסענעם און איבערגעשראָקענעם פּנים, אַז ער איז ווייט פון געלעכטער.

— שאַרמאַנט! שאַרמאַנט; כי-כי-כי, ווי געפעלט אייך דער פּאַפּאַ-שאַ, באַרישניאַ? — האָט ער אויסגעשטרעקט די הענט, ווי נאָך הילף, צו דער טאָכטער. — אָ, גענעראַל גענעראַל! דערזעלבער טאַפּפערער סאָלדאַט וואָס אַמאָל. כי-כי-כי אומזיסט, ברודערקע, האָסטו אויפגעגעבן דעם דינסט, כי, כי, כי, איך וואָלט עס נישט דערלויבט!... בשום אופן נישט דערלויבט — האָט ער זיך פּלוצלינג גענומען פּאַטעטיש קלאַפּן אין זיין ברוסט. — אַ קאָרפּוס, אַ פערד און מאַרש אין וועג אַריין! כי, כי, כי. געדענקסט, גריגאָרי מיכאַילאָוויטש, דיין דועל מיטן פירשט באַ-ריאַטינסקי אין טאַשקענט?... אַ? שאַרמאַנט! שאַרמאַנט! 30 יאָר איז דאָ אין דער געשיכטע... איך בין דאַן עס געווען דער דאָקטאָר... ווי היינט געדענק איך עס — האָט ער זיך געווענדעט שוין צו נאַטאַ-שען — איך שטיי מיר... דאָס האַרץ קלאַפּט און טראַכט מיר... ער וועט אים דאָך שיסן... דער פירשט האָט זיך מיט יעדן געקריגט אין פּולק. אָ, דער פירשט! אַ בויאַן און ברעטיאָר ערשטער קלאַס! טראַך! טאַראַראַך!... איך זע, דער בויאַן פאַלט ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, כי, כי, כי, שאַרמאַנט! שאַרמאַנט! — און ער האָט זיך גענומען קלאַפּן דעם אַלטן פריינד זיינעם איבער די פּלייצעס, אַזוי ווי ער וואָלט אים איצט דערמונטערט דערפאַר, וואָס ער האָט מיט 30 יאָר צוריק אונטער-געשאָסן דעם פירשט.

— און ווי איז איצט דיין געזונט, ברודערקע? אַ? דאָס האַרץ אַ שטייגער? — האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן דער לייב-אַרצט ערנסט אין

בלומרשט מיט אַ פאַרזאָרגט פּנים האָט ער צוגעלייגט דעם פליכעוואַטן, גלאַנציקן קאָפּ זיינעם צום גענעראַלס ברוסט.

ווי פאַרטומלט און פאַרטשאַדעט פונם דאָקטאָרס תניפה און פון זיין מיאוסן „כי, כי, כי,״ האָט דער גענעראַל, ווי אַ געלעמטער מאַנעקין, זיך געלאָזט אויסהערן און אויסקלאַפן.

— ניטשעוואָ! אויף אַ יאָר 15 וועט נאָך סטאַיען. מאָלאָדיעץ! שאַרמאַנט! ווי געזאָגט, אַ קאָרפוס, אַ פערד, און מאַרש אין פעלד אַריין! כי, כי, כי, — האָט געטשאַדעט אַרום זיך און זיך געדרייט דער אַלטער פוקס. און אויס אַנגסט, אַז מען גלויבט אים נישט, אַז מען וועט אים כאַפּן באַ ליגנט און ער וועט אַריינפאַלן אין אַ נעץ, איז ער מיט אַ פלוצלינגדיקן שפרונג אַריבער צו אַ נייער טעמע:

— און ווי געפעלט דיר, מאָן שער אַמי, דער ריטואַל-מאָרד? וואָס? אַ שיינע געשיכטע? אַ? גענומען אַ פראַוואָסלאַוונע יינגל, געמאַכט כיק, און געבאַקן מצות... דאָס איז אַ פאָלק, כי, כי, כי — און ער איז ווידער געפאַלן אין ווייכן פאָטעל און האָט זיך ווידער פאַרכליניעט מיטן „כי, כי, כי,״ אַזוי ווי דער כיק פון די יידן איבערן גענעראַל פונם פראַוואָסלאַוונע יינגל און די מצות וואָלטן אים געבראַכט דעם גרעסטן שפּאַס און פאַרגעניגן.

— און דו גלייבסט אין דער געשיכטע? — האָט אים געפרעגט דער גענעראַל און זיין שטימע האָט ווידער בעפלאַצט מיט אַ דראָענדן קלאַנג אין נאַטאַשעס אויערן.

פון דעם קלאַנג איז דער לייב-אַרצט ווידער געוואָרן ערנסט און מיט אַמאָל איבערגעריסן זיין געלעכטערל.

— גלייבן? צו וואָס גלייבן? — האָט ער אויפגערעגט געקוויטשעט פון אַ פאָטעל — איך בין נישט קיין טעאָלאָג און נישט קיין גייסטלעכער... אַ פּאָפּ בין איך?... איך בין אַ מאַן פון וויסנשאַפט... מיין אויפגאַבע איז אַ קוק צו טון אויף דער געשיכטע פון וויסנשאַפטלעכן, מעדיציניש̈ן שטאַנדפונקט, און זאָגן מיין מיינונג און אַ סוף... די הענט אין די קעשענעס... פּאָליטיק איז נישט מיין פאַך, כי, כי, כי!

— אָ, זעסטו צוליב וואָס ער איז געקומען? — האָט איבערראַשט אויסגעשריגן דער פאָטער שוין צו דער טאָכטער — צו וואָס דרייען מיטן עק, דו אַלטער פוקס?... דו וואָלסט עס גלייך געזאָגט — האָט אים פאָרגעוואָרפן דער גענעראַל.

געכאַפּט באַ אַ ליגנט, האָט זיך דער אַלטער פוקס ווידער גענומען

שפּרינגען און דרייען ווי אין אַ פּאַרצווייפּלטן קרייז, און איז מיט אַ שפּרונג, ווי איבער אַ רייף, אַרויף אויף אַ נייער טעמאַ.

— און איר, באַרישניאַ, זיצט דאָ אין אַלטן פּוילישן שלאָס ווי אַ פאַרכישופטע שיינהייט און וואַרט אויפן ריטער ביז ער וועט נישט קומען און אויסכאַפּן די פּרינצעסין און ער וועט מיט איר אַוועק אויף זיין רי־טערלעך פערד ? כי, כי, כי, דו וואָלסט זי באַדאַרפט קיין פּעטערבורג ברענגען — האָט ער זיך שטרענג געווענדט צום פאָטער. — די געזעל־שאַפט צייגן אָט די קליינע פּרינצעסין, און נישט האַלטן זי פאַרשפּאַרט אין שלאָס. . . וואָס פאַר אַ טאָלק איז דאָס ? — און האָט שוין נישט אויפ־געהערט צו שיטן און צו לאַכן, נישט אַראָפּלאָזנדיק די באַגערגדע אויגן פון אַן אַלטן נואף און פאַסקודניאַק פון נאַטאַשען.

און נאַטאַשע האָט נישט אויפגעהערט צו פילן די לויפנדע מייז איבער איר קערפּער, שוידערן און אַרונטערלאָזן דעם קאָפּ אַלץ נידע־ריקער און נידעריקער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך באַ איר אָנגעפילט מיט אַ טשאַד פון שטיקנדע גאַזן, און אַז דער לאָקיי האָט ראַפּאָרטירט, אַז דער פּראָקוראָר וויל אים זען און בעט ער זאָל אַריינגיין צו אים אין פליגל, און דער אַלטער פוקס איז מיט אַ שפּרונג שנעל ווי אַ פאַרפאָלגטער אַרויס פון קאַבינעט, האָבן פאָטער און טאָכטער באַפרייט אויפגעאָטעמט, ווי מענטשן, וועלכע מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון אַ טיפן שטינקעדיקן גרוב אויף דער פרייער און פרישער לופט.

## נאַטאַשע אויף דער וועראַנדע.

נאַטאַשע האָט זיך נישט דערלויבט צו פרעגן דעם פאָטער וועגן דעם בריוו, וואָס ער האָט געשיקט קיין פּעטערבורג צום צאַר, פון וועלכן זי האָט זיך דערוווסט מיט גרויסער איבעראַשונג נישט פון אים, נאָר פון דעם לייב־מעדיק.

נאָכדעם ווי פּאַן אָטאָ האָט זיי פאַרלאָזט און זיי זענען געבליבן אַליין אין קאַבינעט, האָט זי לאַנג געוואַרט, אַז דער פאָטער זאָל איר אַליין דערציילן וועגן דעם. דער בריוו האָט זי געשראָקן ווי אַ לויערנד גע־פאַר. זי האָט אָבער אומזיסט געוואַרט. ער האָט געשפּאַנט הין־און־צוריק

שנעלער ווי תמיד, אַזוי ווי ער וואָלט געלאָפן פון איר און אירע פראַגן. צורירן זיך צו זיינע ווונדן האָט זי מורא געהאַט. ער איז די לעצטע צייט געווען נערוועזער און אומגעדולדיקער ווי תמיד אפילו מיט איר. און זי האָט אים געלאָזט אַליין מיט זיינע פּלאָגן.

דער בריוו האָט איר אָבער אַנטפּלעקט דעם גהינום פון פּאָטערס נשמה אין איר פולן גרויל.

אַז זי איז אָבער אַרויסגעגאַנגען פון פּאָטערס קאַבינעט אויף דער וועראַנדע, און די קילע דופטענדע נאַכט־לופט האָט זיך צוגעטוליעט צו איר פּנים און דער ברוסט, האָט נאַטאַשע פּלוצלינג דערפילט, אַז די זאַנפט־געגלעטע און פון דער לופט געלאַשטשעטע ברוסט איז מיד... לעבנס־מיד...

זי האָט עס דערפילט צום ערשטן מאָל אין איר יונגן לעבן, וואָס האָט געציילט ערשט דאָס 22־סטע יאָר.— דאָס צעשפּאָלטענע לעבן פון דער פאַמיליע, דער קאַמף פאַר די לעצטע דריי יאָר, האָבן זי שנעל פאַרמאַטערט.

געגלעטע און געלאַסטשעטע פון דער שטילער נאַכט איז זי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער וועראַנדע ווי אַ מידער וואַנדערער באַ די פיס פון אַ הויכן באַרג, אויף וועלכן ער ז'אַרף ערשט אַרויפקלעטערן. און זי האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז זי וועט דעם שפּיץ פון באַרג נישט דערגרייכן, אַז עס פעלן איר די כוחות פאַר דעם.

איר זאַנפטע, ליבנדע נאַטור האָט זיך דערפילט מיד פאַרן קאַמף. זי איז אינגאַנצן נישט געווען קיין קעמפער. זי האָט נאָר געקענט ליבן, אַלע, אפילו די מוטער מיט דעם רויטן קאָדעט סעריאָזשע, און זי האָט צום ערשטן מאָל דערפילט, אַז דער שפּאַלט אין זייער פאַמיליע האָט צעריסן איר לעבן, צעשפּאָלטן איר נשמה און פאַרביטערט מיט אַ גיפט איר האַרץ...

דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט זי דערפילט, ווי אין די טיפענישן פון איר נשמה גריבלט זיך שטיל אַ בייז געפיל, אַ געפיל פון פאַרדרוס און אַנטוישונג קעגן דעם פּאָטער, אַזוי ווי ער וואָלט זי פערזענלעך אָפּגענאַרט.

דאָס געפיל האָט זי אָבער באַלד איבערגעשראָקן.

זיין לעבן, זיין טראַגעדיע איז נאָך אַלץ געבליבן פאַר איר אַ רעטעניש און אַ סוד, ווי פריער.

ער האָט דעם שלייער נישט אַראָפּגענומען און זי האָט אַלץ גע־
טאַפּט אין דער פינסטער.

און דער באַרג איז געשטאַנען פאַר איר אַזוי הויך, און זיין שפּיץ
אַזוי וייט...

צו וואָס? און וווהין? האָט זי זיך אַליין געפרעגט.

און זי האָט נישט געוווּסט, וווהין דער וועג וועט זיי ברענגען און
מיט וואָס דער פאַרביטערטער, פאַרשטעקטער קאַמף אין זייער פאַמיליע
וועט זיך ענדיקן.

און די פאַרפירערישע נאַכט האָט זיך אַלץ געטוּליעט צו דער מי־
דער ברוסט, איר געשעפּטשעט אויפן אויער אַזוינע שווידערנד לאָקנדע
ווערטער, אַזוינע זיסע סודות...

די אַלטע ביימער, די הונדערט־יעריקע עדות פון ליבע און ליידן
אין דעם פּאַרק, האָבן זיך געסודעט און אַזוי ווי געקוקט אויף איר מיט
מיטלייד און באַדויערן.

די דופּטנדע נאַכט־לופט האָט זיך געגאָסן אין די לונגען, ווי אַ
זיסער און קרעפּטיקנדער וויין, וועלכער האָט געצונדן דאָס יונגע בלוט
און פאַרגיפטעט דאָס האַרץ מיט אַ פלאַטערנדן באַגער, מיט אַזאַ דור־
שטיקן פאַרלאַנג...

ליבע האָט געזוכט דאָס יונגע האַרץ. איר יונגפרוילעכע ברוסט,
אין נישט קיין קאַמף...

זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם גובערנאַטאָרס סעקרעטאַר, אָן דעם
שיינעם און יונגן פירשט שאַכאָווסקאָי.

פאַרוואָס זאָל זי אים נישט נעמען? ער איז גרויס און זי איז אַזוי
קליין... איז דען נישט דער קאָנטראַסט אַזאַ שיינער? פאַרוואָס אָבער
האָט ער אויף איר צום לעצטן מאָל געקוקט מיט אַזאַ מיטלייד אין די
אויגן? פאַרוואָס פאַרדינט זי מיטלייד? איז זיווירקלעך אַזוי אומגליק־
לעך? טשעפּוכאַ! זי איז אַ רייכע גוטבאַזיצערין, איר מאַיאָנטעק איז
ווערט דריי מיליאָן רובל און זי קען תמיד חתונה האָבן פאַרן שענסטן
פירשט אָדער גראַף.

און פּלוצלינג האָט זי זיך דערמאַנט אָן דר. הערצלס פּאָרטרעט,
וועלכן זי האָט דערזען צום ערשטן מאָל אין איר לעבן בא בערל דעם
בעל־אכסניה, און אָן דעם געוואַלטיקן רושם, וואָס דאָס קעניגלעכע פּנים
האָט דאַן אויף איר געמאַכט.

— איז ער ווירקלעך אַזוי שיין? — האָט זי דאַן געפרעגט בא

בערלען און בערל האָט איר געענטפערט מיט אַ לאַנגן „פססס", פון וועלכן זי האָט זיך דאַן אַזוי צעלאַכט...

— און דו וואָלסט חתונה געהאַט מיט אַזאַ מאַן? — האָט זי געפרעגט דער פאָטער, און זי איז פאַרשעמט געוואָרן, האָט אָבער דאָך מוטיק געענטפערט, מיט אַ פלאַקער אין די אויגן.

— געוויס! וואָס פאַר אַ פראַגע?

— איז דאָס אַ ייד! — האָט באַמערקט דער פאָטער, קוקנדיק אויף איר מיט פאָרשנדע בליקן איבער די ברילן.

— און אַז אַ ייד איז וואָס? — האָט זי צאָרנדיק אויסגעשריגן אויפן פאָטער, אַזוי ווי ער וואָלט זי באַליידיקט. און דער פאָטער מיט בערלען האָבן געקוקט מיט גליקלעכן שטאָלץ און ליבע.

— פאַרוואָס דער פאָטער? — האָט זיך איצט געפרעגט נאַטאַשע, פילנדיק אַ גרויל איבערן לייב.

און אַז בערל האָט טרויעריק באַמערקט, אַז דער שיינער, גרויסער מענטש איז שוין טויט, האָט זי דאַן פלוצלינג דערפילט אַ ריס אין האַרץ און האָט אויסגעשריגן פון ווייטיק. אויך דער פאָטער איז שטאַרק באַטריבט געוואָרן. פונקט ווי אַן אייגענער וואָלט געשטאָרבן.

— אַך, ווען ער לעבט, אָט דער יידישער פרינץ, און קומט איצט און כאַפּט זי אויס... ווי געטוליעט וואָלט זי זיך צו זיין מעכטיקער ברוסט און ווי געקושט וואָלט זי זיין שוואַרצע באָרד פון אַן אַסירישן קעניג — טראַכט זיך באַטאַשאַ, און דער באַגער, דער ליבעס־דורשט נאָגט אין איר האַרץ שטאַרקער, און די הייסע, טרוקענע ליפן ציען זיך ווי צו אַ קוש.

## דאָס געשפּרעך אין פּאַרק.

און אַזוי ווי זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער וועראַנדע און האָט פאַרטרויט דער טונקעלער נאַכט אירע יונגפרוילעכע געדאַנקען, די טרוימען פון איר מיידלש האַרץ, האָט דער ווינט צו איר צוגעטראָגן פון דער טיפער אַלעע דאָס פאַרגעניגנטע „כי, כי" פון דעם גאַסט און די הילצערנע בייזע שטימע פון ברודער.

די צוויי שטימען האָבן זיך דערנענטערט צו דער וועראַנדע. אירע געדאַנקען און טרוימען האָבן זיך צעפלויגן ווי אַ מחנה פון איבערגעשראָ־קענע טויבן. נאַטאַשאַ האָט זיך אינסטינקטיוו צוזאַמענגעדרייט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געוואָלט מאַכן אומבאַמערקבאַר.

— דער בריף טראָגט אַלע צייכנס פון וואַנזין... איך וועל אים פאַרשפאַרן אין אַ משוגעים־הויז! — האָט גערעדט דער ברודער מיט גע־שלאָסענע ציין.

— לאָווקאָ! כי, כי, כי... דיין אייגענעם פאָטער? — האָט אים איבערגעפרעגט פאָן אָטאָ מיט זיין פאַרגעניגנדן קוויטש.

— די אינטערעסן פון דער מלוכה און פון געזעץ שטייען באַ מיר העכער פון אַלעם! — האָט געזאָגט די הילצערנע שטימע פון פּראָקוראָר און האָט אָפּגעהילכט אין דער נאַכט און אין דער שוועסטערס אויפגע־שוידערטער נשמה, ווי דאָס זעגן פון אַ זעג איבער איר אייגן לייב.

— לאָווקאָ! כי, כי, כי... איר וועט גיין ווייט, יונגערמאַן... זייער ווייט, כי, כי, כי.

דער סאַרקאַסטישער טאָן פון קאָמפּלימענטן איז ווייזט אויס נישט געפעלן געוואָרן דעם פּראָקוראָר. אַ ווייל'ע זענען זיי געגאַנגען שטום.

— איר האָט דאָך מיט אים גערעדט? זעט איר דען נישט, אַז ער איז צערודערט? נישט באַ די געדאַנקען?

— זעען זע איך עס נאָך נישט, כי, כי, כי... עס קען אָבער זיין, אַז איר, אַלס זיין זון, זענט נענטער צו אים און זעט עס בעסער פון מיר, דעם פּסיכיאַטר, כי, כי כי.

— רעדט מיט אים נאָך אַ פּאָר מאָל, וועט איר זען! — האָט גע־זאָגט דער פּראָקוראָר מיט פאַרדראָס און געקרענקטן ערגער.

— מיר וועלן זען... כי, כי, כי, מיר וועלן פּרובירן... איבע־ריקנס, אַזאַ בריף, כי, כי, כי... איין מאַן אַנטקעגן גאַנץ פּעטערבורג, אַנטקעגן גאַנץ רוסלאַנד! כי, כי, כי. דאָס איז קוראַזש אָדער וואַנזין. איינס פון די ביידע, כי, כי, כי. מאָלאָדיעץ, גענעראַל! אַ קאָרפּוס, אַ פערד און אין שלאַכט!... זאָגט נאָר מיר — האָט פּלוצלינג שוין ערנסט אַ שפּרונג געטון אין זיין געשפּרעך דער פּסיכיאַטר — באַזיצט איר נישט זיינע שריפטן... אַ מין טאָג־בוך אָדער ענלעכע פּאַפּירן? פון זיי קען מען זיך בעסער איבערצייגן, איר פאַרשטייט? כי, כי, כי, איר גיט עס נאָר מיר און מיר וועלן עס שוין עקזאַמענירן, כי, כי, כי.

און נישט געבנדיק דעם פּראָקוראָר קיין צייט צו ענטפערן, האָט

דער פוקס געטון אַ נייעם שפרונג און האָט ווידער געפרעגט גאַנץ ערנסט:

— זאָגט נאָר מיר, מאַן שער אמי, פון וועלכער גובערניע זענט איר דוואָריאַנעס?

זיי זענען שוין געשטאַנען גאַנץ נאָנט פאַר דער וועראַנדע און זייערע צוויי טונקעלע געשטאַלטן האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער טונקעלער נאַכט ווי צוויי שוואַרצע פלעקן — אַ גרויסער און אַ קלענער. ביז דער פּראָקוראָר האָט געענטפערט זענען פאַריבער עטלעכע מינוטן. אַזוי ווי ער וואָלט געטראַכט אויף דעם ענטפער.

— אַנטקעגן וואָס פרעגט איר דאָס?

— אַנטקעגן וואָס? אַנטקעגן גאָרנישט. גלאַט אַזוי, כי, כי, כי... אויס נייגעריקייט און מער גאָר נישט. איך פאַרזיכער אייך, מיין יונגער פריינט, כי, כי, כי. וואָס פאַר אַן אינטערעס האָב איך?

— מיר זענען קורלענדער דוואָריאַנעס — האָט געענטפערט דער פּראָקוראָר צווישן די ציין, און האָט זיך געלאָזט גיין ווייטער.

— קורלענדער? — האָט באַוווּנדערט און צוגלייך סקעפּטיש אַ קוויטש געטון פאָן אָטאָ — איך בין דאָך אַ קורלענדער באַראָן, כי, כי, כי. איך קען דאָך דעם גאַנצן באַלטישן אַדל, און פון קיין גערשעלמאַן האָב איך עפּעס נישט געהערט. מיין ערן־וואָרט, נישט געהערט! כי, כי, כי, איך קאָן דאָך אונזער גאַנצע העראַלדיע פון אויסנווייניק. ווי איך געדענק נאָך קרילאָווס פאַבעל — און דער דער גאַסט האָט זיך פּלוצלינג געגומען הויך דעקלאַמירן די פאַבעל „דער מדברניק און דער בער".

— נאַ דיר, גאָרנישט געהערט... מיר האָבן דאָך גראַמאָטעס... פּאַפּירן! — האָט באַמערקט דער פּראָקוראָר שוין גאַנץ שטיל, ווי אַן איבערגעשראָקענער.

— אַזוי! אינטערעסאַנט! זייער אינטערעסאַנט! אַ טשיקאַווע מעשה. מיין ערנוואָרט, כי, כי, כי!

דער פּראָקוראָר האָט אָנגעהויבן שטעלן גרעסערע טריט און זיך דערווייטערן אין דער ריכטונג פון פליגל. דער באַראָן איז אים נאָכגעלאָפן ווי אַ קליינער, שוואַרצער טייוול, און נאַטאַשאַ האָט נאָך לאַנג געהערט צווישן דיביימער זיין באַוווּנדערנדן קוויטש און זיין עקלהאַפטן „כי, כי, כי".

און אַז זייערע טריט און זייערע שטימען זענען אָפּגעשטאָרבן און

די שטילע ביימער האָבן זיך ווידער גענומען סודן מיט דער טונקעלער נאַכט, האָט נאַטאַשען אַרומגעכאַפּט אַ פּאַניק. פון אַלע זייטן איז שוין געקראָכן אויף איר דאָס לויערנדע געפאַר. די נאַכט האָט שוין געהאַלטן פאַרשטעקט אונטער איר שוואַרצן פאַרדעק אומצייליקע שונאים, אַ באַלאַגערנדע אַרמיי, וועלכע האָט אַרומגערינגלט דאָס שלאָס פון אַלע זייטן און האָט זיך געגרייט עס צו שטורמען. מיט פאַרמאַכטע אויגן איז זי אַריין אין קאָרידאָר, איז ווי אַ פאַרפאַלגטע אַרויף אויף די טרעפּ צו זיך און האָט זיך פאַרשלאָסן אין איר שלאָפצימער.

## די נאַכט פון שרעק

לאַנג האָט נאַטאַשע נישט געקענט בלייבן באַ זיך אין צימער. די געפאַר איז געוואַקסן פאַר אירע אויגן אין איר גאַנצער שרעקלעכער און דראָענד גרויזאַמער געשטאַלט.

דער זון, דער אויסוואָרף, האָט צופעליק אויפגעדעקט פאַר איר אַלע זיינע קאָרטן... דעם פסיכיאַטער האָט ער געבראַכט מיט זיך ווי אַ תּלין, וועלכער זאָל פאַר אים אַרויפוואַרפן דעם שטריק אויפן האַלדז פון אייגענעם פאָטער. און ווער ווייסט, וואָס מען וועט דערנאָך מיט זיי בײדע טון? קיין סיביר זיי פאַרשיקן אָדער סתּם דערווערגן... אַלץ איז צו דערוואַרטן... עס קען זיין נאָך היינט באַנאַכט. דער אויסוואָרף איז אויף אַלץ פעיק...

אַ ווינטל האָט לייכט געשאָקלט די ביימער אונטער די פענסטער, און דאָס שטילע מורמלען פון די צווייגן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין איר איבערגעשראָקענער פאַנטאַזיע אין אַ שטילן געוויש, אין די פאָרזיכטיקע טריט פון פיינד, וועלכע האָבן זיך געגנבעט, געקראָכן פון אַלע זייטן פון פינסטערן נאַכט־שויס און זענען שוין געווען גרייט אַריינצושפּרינגען אין פענסטער, זי כאַפּן באַם גאָרגל און דערווערגן.

געיאָגט פון אַן אומבאַגרייפלעכן שרעק איז זי אַרונטערגעלאָפן צוריק די טרעפּ און האָט אָנגעקלאַפּט צום פאָטער.

דער גענעראַל האָט זיך אויך געהאַט פאַרשלאָסן און האָט לאַנג נישט געענטפערט.

— עפן, פאַפּאַ! דאָס בין איך, נאַטאַשע! — האָט זי זיך גענומען רייסן זיין טיר. אַ ציטערנדע און מיט קלאַפּענדע ציין. און וואָס מער זי איז געשטאַנען פאַר דער טיר, אַלץ גרעסער איז געוואַקסן איר שרעק און שטאַרקער דער שוידערנדער ציטער פון איר גאַנצן אומבאַהאָלפענעם קליינעם קערפּער.

דער פאָטער האָט איר געעפנט אין נאַכט־העמד.

— צינד אָן ליכט, פאַפּאַ! — האָט אים באַפוילן די טאָכטער. און ער האָט נישט געפרעגט, וואָס איז מיט איר, וואָס אַזוינס האָט זי אַזוי שפעט צו אים געבראַכט.

איר ציטערנדע שטימע האָט אים אָנגעשטעקט מיט דעם זעלבן שטומען פחד. לאַנג האָט ער געזוכט שוועבעלעך. זיינע הענט האָבן געציטערט און אים נישט געדינט.

ערשט, אַז ער האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און דערזען איר בלייך פנים, איר קליינעם אויפציטערנדן קערפּער, האָט ער זי געפרעגט, וואָס מיט איר איז.

— לאָמיר אַנטלויפן פונדאַנען, פאַפּאַשאַ! מיר זענען אין געפאַר. די אויסוואורפן זענען אויף אַלץ פעיק.

נאַטאַשעס געדאַנקען זענען געשטאַנען פאַר דעמזעלבן אָפּגרונט, צו וועלכן עס האָבן אים געבראַכט זיינע אייגענע. ביידענס נשמות זענען געווען אין פלען פון איין טויט־שרעק...

און נישט ענטפערנדיק קיין וואָרט האָט ער זיך גענומען שנעל אָנטאָן, מיט פיבערהאַפטע ציטערנדע הענט, אַזוי ווי דער שלאָס וואָלט געשטאַנען אין פלאַמען, אָדער וואָלט שוין געווען אַרומגערינגלט פון שונא.

אַז ער האָט אָבער אַרויפגעצויגן אויף זיך די שטיוול, האָט אים דער קלאַנג פון זיינע שפּאָרן געבראַכט צו זיך און האָט אים געגעבן מוט. ער האָט מאָמענטאַל פאַרטריבן דעם אַבערגלויבישן נאַרישן שרעק און אויפגעוועקט אין דער ברוסט דעם אַלטן סאָלדאַט, וועלכער האָט אויף זיין לעבן שוין נישט איינמאָל זיך באַגעגנט מיט דער געפאַר און האָט געקאָנט איר מוטיק קוקן אין פנים אַריין און טראָצן...

זיינע באַוועגונגען זענען געוואָרן איינגעהאַלטן און רויקער און אַז ער האָט אַרומגעגאַרטלט די רייט־הויזן מיט דעם לעדערנעם פאַסעק, האָט ער זיך געפילט שוין גאַנץ באַרויקט. רויק האָט ער אָנגעהויבן אַראָפּנע־

נעמען די רעוואָלווערן פון דער וואַנט, דרייען די באַראַבאַנען און קוקן, צי זיי זענען געלאָדן.

נאַטאַשע האָט עס אַלץ פאַרפאָלגט מיט באַוווּנדערונג.

— צוואָס איז דאָס פאַפאַשאַ?

— צו וואָס? גערשעלמאַן איז קיינמאָל נישט געלאָפן פון אַ געפאַר — האָט דער גענעראַל קאַטעגאָריש געענטפערט.

— ווייסטו, פאַפאַשאַ, צוליב וואָס זיי זענען געקומען אַהער?

— געוויס ווייס איך.

נאַטאַשע האָט אים אָבער דאָך מיט שנעלע געהאַקטע רייד דערציילט אַלץ, וואָס זי האָט געהערט אויף דער וועראַנדע.

אַ בייזער פלאַם האָט זיך אָנגעצונדן אין זיינע אויגן, דער פלאַם פון אַ מאַן וואָס לאָדעט זיין ביקס און גרייט זיך צום אָנפאַל. ער איז אָבער געבליבן רויק און האָט זיך אויסגעלאַכט פון איר נאַרישער שרעק.

פונדעסטוועגן האָט ער געמוזט גיין שלאָפן מיט איר אין איר צימער.

אויף די טרעפ האָט ער זי גענומען אויף די הענט ווי אַמאָל, ווען ער איז געווען יונג און זי אַ קינד און האָט זי אַרויפגעטראָגן ווי אַ יונגער און טאַפּפערער קריגער. די גאָלדענע רעוואָלווערן האָבן געקוקט אויף איר פון טיש ווי אַ צופערלעסיקע און שטאַרקע וואַך. די שרעק האָט פאַרלאָזט איר נשמה און נאַטאַשע איז איינגעשלאָפן.

## די דערוואַכונג.

ווען נאַטאַשע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און ברייט געעפנט די פענסטער, איז דער פאַרק שוין געשטאַנען אין העלן ליכט פון אַ שפּעטער מאָרגן-שעה. אַ רעגן האָט באַנאַכט אויסגעוואַשן און דערפרישט די ביימער און דעם גרינעם טעפיך צווישן זיי און זיינע טראָפּן האָבן זיך נאָך געלויכטן אין זון-שיין אויף די בלעטער און אויפן גראָז ווי צעשיטע דימענטן.

די דאָ און דאָרט בליאַסקענדע וואַסער־טראָפּן און די אַרום זיי פלאַטערנדע זונענשטראַלן, האָבן באַלויכטן דעם אַלטן פּאַרק מיט דעם צנועהדיקן חן און זיסן שמייכל פון אַ שייגעם מיידלשן טרוים. . .

און אין קעגנוואַרט פון דעם שמייכלענדן מאָרגן און דעם פּאַרקס דופטנדע פרישקייט איז די איבערלעבטע נאַכט צערונען געוואָרן ווי אַ בייזער חלום.

דער גענעראַל איז שוין נישט געווען אין צימער. די רעוואָלווערן זענען אָבער נאָך געלעגן אויף זייער אָרט און האָבן געוווּנקען צו נאַטאַ־שען ווי טרייע דינער און באַשיצער. נאַטאַשאַ האָט זיך אָבער אָפּגעווענדט פון זייערע קאַלטע שטאָלענע בליקן. זי האָט זיך פאַרשעמט פאַר איר פּחד און פאַר די אומגעלומפּערטע געדאַנקען איבער איר אייגענעם ברודער — אַ מענטש איז ער דאָך, און נישט קיין בלוטדורשטיקע חיה!

פון דער וועראַנדע האָט זיך געטראָגן אַ קיצלענדער ריח פון שטאַרקן קאַפע און די קוויטשענדע שטימע פון דעם לייב־אַרצט.

נאַטאַשאַ האָט זיך אַרויסגעבויגן פון פענסטער און זיך איינגע־הערט:

— איך לויב! דאָס איז קוראַזש, צום טייוול. . . נעמען און אָנ־שרייבן אַזאַ בריף. . . באַ דער איצטיקער שטימונג פון אונדזערע ספּערן אַנטקעגן יידן. . . גרויסער, זייער גרויסער קוראַזש, כי־כי־כי. . .

— דעם קוראַזש וועל איך האָבן אויך אין געריכט — האָט אים רויִק געענטפערט דער גענעראַל — די מיטלאַלטערלעכע לעגענדע איז שוין לאַנג צעקלאַפּט.

— שאַרמאַנט! שאַרמאַנט, מאָן שער אַמי! כי, כי, כי.

— און דו, פּראָפעסאָר, מאַן פון דער וויסנשאַפט, גלויבסטו אויך אין דער נאַרישער לעגענדע? מילא ער, דער „פּראַכוואָסט". . . פאַרשטיי איך. . . ער דאַרף מאַכן אַ קאַריערע, ווערן מיניסטער. . .

— ער וועט ווערן. . . ער וועט ווערן. . . אומבאַדינגט. . . אַ גרוי־סער שטאַטס־מאַן. . . כי, כי, כי. . . — האָט זיך געפּרוּווט אויסדרייען דאָס פּיקסל פון אַן ענטפער אויף דער פראַגע.

— דו גלויבסט אויך? ענטפער מיר! — האָט פאַרלאַנגט דער גענעראַל מיט אַ באַפעלנדן בייזן טאָן.

— גלויבן? גלויבן?. . . הע. . . הע. . . — האָט אָנגעהויבן צו

שטאַלען דער פּראָפעסאָר און האָט זיך באַלד אַרויסגעדרייט מיט זיין ציניש געלעכטערל:

— פאַרוואָס נישט גלויבן? וואָס אַרט מיך, אַז איך גלייב? גלויבן מיין פריינט, מאַכט זעליש, כי, כי, כי.

נאַטאַשאַ האָט שוין געהערט דאָס ריטשען פון פאָטער, אַ ריטשען פון אַ צערייצטן לייב, און אָן ווערטער. אין דער אַלעע האָט זיך באַוויזן די מוטער, געפירט אונטערן אָרעם פון פּראָקוראָר. אין זון-שיין האָט דער בריליאַנטענער צלם אויף זיין שטאָלצער און אויסגעסטאַרטשעטער ברוסט און די גאָלדענע קנעפּ פון זיין וויצע-מונדיר געבליאַסקעט מיט דעם זעלבן בייזן שטאָלץ ווי זיינע אויגן אויפן פאַרגליווערטן פּנים. אַ באַליידיקטער שטאָלץ האָט זיך אויך אויסגעצויגן אויפן רויטן פּנים פון דער פעטער גע-נעראַלשע.

— עדואַרד קאַרלאָוויטש! קומט, עס איז שפּעט! — האָט אים אָפּ-גערופן דער פּראָקוראָר. ער און די מוטער האָבן נישט אויפגעהויבן די אויגן צו דער וועראַנדע. דער לייב-אַרצט האָט איבערגעריסן זיין כי-כי-כי, און האָט זיך צו זיי אַ-וואָרף געטון.

— עי, דו, דייטשוק... קום אַריין צו מיר שפּעטער... מיר וועלן זיך דורכשמועסן. איך וועל דיר ווייזן, אַלטער פוקס, ווער עס איז משוגע, איך צי דו — האָט אים נאָכגעשריגן דער גענעראַל.

נאַטאַשאַ איז פאַרציטערט געוואָרן. אַלע דריי זענען אַ ווײַלע גע-שטאַנען ווי פאַרגליווערטע און האָבן זיך דערנאָך גענומען שנעל דער-ווייטערן ווי פאַרפאַלגטע און פאַרראַטענע.

אַז זייערע טריט האָבן נאָך געהילכט צווישן די טאָפּאָליעס, האָט דער אַלטער סאָלדאַט זיי נאָכגעשיקט אַ הויכע און עקלהאַפטע קללה... אַ קללה פון אַ רוסישן סאָלדאַט...

נאַטאַשע איז אָפּגעשפּרונגען פון פענסטער און האָט פאַרדעקט דאָס פּנים פון שאַנדע, פּונקט אַזוי ווי אַ בייטש וואָלט אים אויסגעשמיסן.

# דער לעצטער באַזוך אין שטעטל.

דער לייב-אַרצט מיטן פּראָקוראָר און מיט דער אָנפאָרנדער פּאָליציי האָבן נאָכאַמאָל אויסגעגראָבן דעם הרוג, אים ווידער עקזאַמענירט און געפאָרשט. אין אָט דער אַרבעט איז בײַ זיי אַוועק דער טאָג אויפן דאָרף. דער טאָג איז געווען אַ הייסער און דער פּאַרק מיטן שלאָס זענען געשטאַנען ווי פאַרהלשטע פון היץ און אויך דער גענעראַל האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען פון היץ און פון די פּלאָגנדע געדאַנקען און געפילן. . . ער האָט געפרוווט שרייבן אַ שעה. ער האָט די לעצטע צייט זיך גענומען שרייבן עפּעס אַ ווערק אָדער אַ פאַרטיידיקונגס-רעדע קעגן דעם בלוט-בלבול. ער איז אָבער באַלד מיד געוואָרן, האָט זיך צוגעלייגט, אָבער נישט אויף לאַנג, איז באַלד ווידער אויפגעשטאַנען פון זיין דיוואַן און איז אַוועק מיט אַ היגטערשט טירל אין פּאַרק און מיט אַן אומוועג אין שטעטל אַריין, האָט באַזוכט בערלס אכסניה, האָט גערעדט מיט דער אַלטער און אומגליקלעכער שרה און מיטן רויטן משרת, זיי געטרייסט און פאַרזיכערט, ווי אַ בעל-חוב וואָס קען נישט צאָלן זיינע חובות, אַז עס וועט זיך אויסלאָזן מיט גאָרנישט. באַלד זענען אַהין זיך צוזאַמענגעלאָפן די ווייבער און די קרובים פון די אַרעסטירטע, מען האָט זיך גענומען וויינען איבער אים, פאַלן צו די פיס און בעטן בײַ אים שוץ. ער האָט יעדן געפרוווט באַרויקן, צוזאָגן און איז אַרויס פון דאָרט ווי פון אַ גיהנום. די ווייבער האָבן אים אָבער נאָכגעיאָגט מיט אַ געוויין איבערן מאַרק און ווי אַ פאַרפאָלגטער איז ער אַריין אין „אויפּראַווע" און האָט זיך געבעטן, אַז מען זאָל צעטרייבן די ווייבער מיט די קרובים און האָט ווידער צוגעזאָגט מיט שבועות, אַז ער וועט אַלץ טון, יעדן שיצן.

דער יידישער „סטאַראָסטע" איז אויך געווען צווישן די אַרעסטירטע קרבנות און איז געזעסן אין טורמע. ער האָט געהייסן זיך ברענגען די חשובסטע באַלעבאַטים, וועלכע זענען שוין אַליין געלאָפן פון אַלע זייטן. אויף דער אסיפה האָט ער געפאָרשט, אויסגעפרעגט אַלע איינצלהייטן פונקט ווי זיין זון דער פּראָקוראָר האָט עס געטון אויפן דאָרף,

און האָט אַלץ אַרויפגענומען אויפן פּאַכּיר. די געשיכטע האָט צוגענומען בײַ אים כמעט דעם גאַנצן טאָג. דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין געשטאַנען אַרום דער אופּראַווע. אַז ער האָט געענדיקט, האָט ער געבעטן אַז אַ פּאָר באַלעבאַטים זאָלן אים אָפּפירן אַהיים, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַרן עולם, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן און פּאַרן געוויין פון די ווייבער.

נאַטאַשע האָט נישט געוווּסט, ווו דער פאָטער איז פאַרשוווּנדן און איז געוואָרן אומרויק. זי האָט אים געזוכט אין פּאַרק, איבערן גאַנצן שלאָס. בייזע פאָרגעפילן האָבן זיך גענומען ווי שלאַנגען זויגן איר האַרץ און עס קלעמען. זי איז אַוועק אים זוכן אין געראַלניע, און אַז זי האָט אים דאָרט נישט געטראָפן, איז זי אַוועק צו פאָן באַכן, וועלכער האָט געהאַט זיין וווינונג אין אַ ווייט ווינקל פון פּאַרק, ווו עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די פעלדער מיט אַ פאָלוואַרק, און האָט אים אין ערגעץ נישט געקענט געפינען.

אַז ער איז אין שטעטל, איז איר אויף די געדאַנקען נישט געקומען.

אַז דער גענעראַל און נאַטאַשע זענען ביידע אַוועק פון שלאָס, האָט אַן איבערגעקויפטער לאָקיי געמעלדעט דערפון דעם פּראָקוראָר. ער האָט אַוועקגעוואָרפן די אויספאָרשונג אין וואָלאָסט און איז האַסטיק געקומען צוריק אין שלאָס, איז אַריין צום פאָטער אין קאַבינעט אַריין, האָט געעפנט אַלע שופלאָדן פון טיש און האָט גענומען וואַרפן דעם פאָטערס פּאַפּירן און זוכן. געזוכט האָט ער אַ טאָג-בוך, אַ צוואה אָדער ענלעכע דאָקומענטן, וועלכע וואָלטן געקאָנט קאָמפּראָמיטירן זיין פאַרשטאַנד. פאַר־פאָלגט האָט ער דערמיט צוויי זאַכן. דער פאָטער האָט פאַרזעצט זיין הויז אין פּעטערבורג, זיינע אַנדערע גיטער און האָט מיטן געלט געקויפט נאַ־טאַשען דעם פּוילישן מאַיאָנטעק. אַלס יורש האָט ער זיך געפילט באַ־רויבט און האָט געוואָלט עס באַקעמפן. דער איינציקער וועג דערצו איז געווען אים צו מאַכן פאַר משוגע, אים פאַרשפּאַרן אין משוגעים־הויז און גרינדן איבער אים אַן אַפּיטרָאָפּס.

ווייטער האָט דער בריוו צום צאַר קאָמפּראָמיטירט זיין פאַמי־ליען פון עכט־רוסישן שטאַנד און דאָס האָט געדראָאָט צו רואינירן זיין קאַריערע.

איבעריקנס האָט אים די געשיכטע איצט געפרייט. איצט, אַז ער איז אויפגעטרעטן קעגן דעם בלוט־בלבול, איז דעם אינקוויזיטאָר

געווען לייכטער צו פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן. דער פּסיכיאַטער פאָן אָטאָ וועט אים שוין העלפן... דער הינט האָט שוין פאַרשטאַנען דעם ווונק און וועט שוין טון, וואָס מען דאַרף און וואָס מען וויל... פון פאָטערס נשמה־טראַגעדיע האָט דער פּראָקוראָר קיין אַנונג נישט געהאַט. צום ערשט האָט דעם קאַריעריסט געפעלט אויגן פאַר אַזעלכע זאַכן, און ווען עמעצער אַנטדעקט אים, וואָלט ער עס אויך נישט געגלייבט.

זיין פאָטער אַ ייד? צו אומגעלומפּערט און אוממעגלעך וואָלט געווען אַזאַ געדאַנק, אַז ער זאָל אַ מינוט אין אים גלויבן, אים קענען נעמען אויפן געדאַנק. זיין פאָטערס געגנערשאַפט צום בלוט־בלבול איז געווען באַ אים נאָר אַן אַרט ליבעראַליזם, אַ פאַרברעכערישער פּריידין. ער האָט אים באַגעגנט באַ פיל מיליטערישע פּערזאָנען און הויכע באַאַמטע אין רוסלאַנד און זיי האָבן אים תמיד עמפּערט.

בכלל האָט ער די מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן אים און זיין פאָ־טער, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן שוין צוריק מיט יאָרן און האָבן זיי שוין פון לאַנג צעטיילט מיטן אָפּגרונט, וועלכער איז געוואַקסן אַלץ ברייי־טער און ברייטער, אָט דעם רעוואָלוציאָנערן פּריידין פון פאָטער, האָט ער צוגעשריבן נאַטאַשעס איינפלוס. דאָס האָט זי, די רעוואָלוציאָנערקע, כּסדר געבונטעוועט אַנטקעגן אים, פאַרפּאָלגט דערביי אירע אייגענע עגאָיסטישע אינטערעסן... אָט האָט זי זיין גאַנץ פאַרמעגן אויסגענאַרט פאַר זיך אַליין... זי וועט עס נאָך פאַרוועגדן פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן, מאַכן באָמבעס און הרגענען דעם צאַר...

און אין דעם פּראָקוראָרס גרויזאַמער און קראַנקער פאַנטאַזיע איז שוין דער צאַר געלעגן צעריסן פון אירע באָמבעס...

„קיין סיבּיר דאַרף מען זי פאַרשיקן" — האָט זיך געטראַכט דער אינקוויזיטאָר, וואַרפנדיק די פּאַפּירן. אין דעם מאָמענט איז ער געווען גרייט אַליין מיט די אייגענע הענט זי צו הענגען. דער כּעס האָט אין אים געזאָטן דערפאַר, וואָס זי האָט דערהרגעט דעם צאַר און דערפאַר, וואָס זי האָט באַהאַלטן אַלע וויכטיקע פּאַפּירן און ער געפינט גאָרנישט, נישט די צוואה פון משוגענעם אַלטן און נישט קיין אַנדערע פּאַפּירן, וועלכע וואָלטן געקענט באַווייזן דעם פּסיכיאַטער פאָן אָטאָ, אַז דער „אַלטער כריין" איז וואַנזיניק.

באַלד אָבער האָט ער דערהערט אויף דער וועראַנדע דעם פאָטערס בייזע שטימע, וועלכע האָט געשריגן אויפן לאָקיי, אויפן זעלבן לאָקיי, דורך וועלכן ער האָט אים שפּיאָנירט. מיט ציטערנדע הענט האָט דער

פּראָקוראָר שנעל פאַרמאַכט די שופלאָדן פון פּאָטערס שרייב־טיש, האָט געכאַפּט אַ פאַרצווייפלטן און שטעלן קוק אויף דער גרויסער אייזערנער שאַפע, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל צווישן דער טיר און דעם ווענעציאַנישן פענסטער, צו וועלכן ער האָט געזוכט אַ שליסל און האָט נישט געקענט געפינען. ווי אַ געפּאַקטער גנב איז ער דורך דעמזעלבן פענסטער דורכגעשפּרונגען אין פּאַרק אַריין און איז מיט אַ זייטיקער סטעזשקע אַוועק צוריק אין דאָרף צום וואָלאָסט, ווו עס האָבן אויף אים געוואַרט די אונטערזוכונגס־קאָמיסיע מיט דעם לייב־מעדיק פאָן אָטאָ.

געקומען איז דער אַלטער מאַן פון שטעטל אַ דערשעפּטער, אַן אויסגעלאָשענער און צו אַלעם אויף דער וועלט שוין אַ גלייכגילטיקער.

אַ קערפּערלעכע מידקייט און אַ שווערע גייסטיקע אַפּאַטיע האָבן אים צוגעקאָוועט צום טיפן שאָקל־שטול אויף דער וועראַנדע, און אַזוי איז ער לאַנג געזעסן באַוועגלאָז, אָן געדאַנקען, אָבער שוין אָןליידן, אין דער צייט ווען נאַטאַשע איז נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן איבער די ווייטע ווינקלען פון גרויסן מאַיאָנטעק און האָט אים געזוכט מיט שווערע און באַגנדע פאָרגעפילן.

אויף דער פּאַרק און די ביימער זענען געשטאַנען שטומע און באַוועגלאָזע אונטער דער לאַסט פון הייסן זומער־טאָג. ווי אין אַ טיפן פאַרחלשטן שלאָף האָבן זיך לייכט געוויגט דאָ און דאָרט פויגלען אויף די צווייגן. נאָר די שמעטערלינגען זענען אַרומגעפלויגן און געפלאַטערט צווישן די קוסטעס, קאָקעטירנדיק אין די זונען־שטראַלן מיטן פיל־פאַרביקן בליאַסק פון זייערע פליגל און היישעריקן האָבן געגרילצט און געזונגען אין גראָז זייער מאָנאָטאָנעס אומדערמידלעכעס ליד.

די זון האָט אָנגעהויבן איבערצוגיין אין מערב זייט און באַלד האָבן אירע משופּעדיקע שטראַלן שוין געוואָרפן אויפן פּאַרק און אויפן שלאָס דעם מעלאַנכאָלישן גלאַנץ פון אַ געענדיקטן טאָג, פון אַ צאַנקענדן און אויסגייענדן לעבן. . .

איינגעוויגט פון שטילן פּאַרק, האָבן זיך דעם גענעראַלס מידע און אויסגעלאָשענע אויגן פאַרמאַכט, און ער איז איינגעשלאָפן אין שטול.

געשלאָפן איז ער אָבער נישט לאַנג. ער האָט באַלד דערפילט אויף זיך אַ פּאָר שאַרפע בליקן, און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי אַן איבערגעשראָקענער.

פאַר אים איז געשטאַנען נאַטאַשע און האָט געקוקט אויף אים מיט טרויעריקע און פאָרוואורפספולע אויגן. און דער בליק איז אים

מיט אַמאָל פאָרגעקומען אַזוי טיף אין ניי אין איר, אַז ער איז אויפ־געשפרונגען.

אירע דיגנע ליפּן זענען געווען צוזאַמענגעדריקט אין אַ בייזן אויס־דרוק, וועלכער האָט איר פּנים געגעבן דעמזעלבן אומפאַרגעסלעכן אויס־דרוק, וועלכן ער האָט געזען בײַ איר ברודער, ווען ער איז בײַנאַכט גע־זעסן אונטערן גרינעם אַבאַזשור אויף דער וועראַנדע און האָט מיט גע־שלאָסענע ציין געשריבן דעם בלוט־בלבול, די מסירה אויפן יידישן פאָלק.

און אין דעם נייעם און גרויזאַמען אויסדרוק פון דער טאָכטערס פּנים האָט זיך אַזוי ווי מיט אַמאָל איבערגעריסן די לעצטע לעבנס־האָפע־נונג, זיין לעצטע טרייסט. דעם אַלטן מאַן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער שאַרפער בליק פון די צוויי שוואַרצע אויגן האָבן דורכגעדרונגען זיין נשמה, און האָבן דאָרט דערזען זיין לעבנס־סוד. אַ פּאַנישע שרעק האָט פאַרכאַפּט די נשמה און האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן זיין קראַנק האַרץ.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען פאַר זיין אייגענער טאָכטער ווי אַ צע־טומלטער פאַרברעכער. באַלד האָט ער אָבער באַמערקט אויף זיך זיין גענעראַלסקן פאַראַדנעם מונדיר מיט די צלמים, מיט וועלכן ער איז אין שטעטל געגאַנגען. און אַזוי ווי דער מונדיר און די צלמים וואָלטן גע־ווען דער סימבאָל פון זיין פאַרברעכן, האָט ער זיך מיט ציטערנדע הענט געכאַפּט אָראָפּצושפּיליען די צלמים און האָט נישט געקענט.

## די פאַרשוועכטע צלמים.

— איוואַן! איוואַן! — האָט ער אַ רוף געטון דעם לאָקיי.

און זיין רוף האָט זיך אָפּגערופן אונטער דער וועראַנדע און אין פּאַרק מיט אַזאַ פאַרצווייפלטן קלאַנג, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געפונען אין דער גרעסטער געפאַר.

איוואַן איז האַסטיק געקומען צו לויפן אויפן פאַרצווייפלטן רוף פון זיין האַר.

— נעם אַראָפּ אָט די גאַנצע טשעפּוכאַ! — האָט ער שטרענג באַפוילן דעם דינער, אָנווייזנדיק אויף זיין ברוסט.

— באַרין! גאָט איז מיט אייך... דאָס זענען הייליקע צלמים... דעם צאַרס גנאָד — האָט געוואַגט צו באַמערקן דערזעלבער לאַקיי, נישט וויניקער איבערגעשראָקן פון דער גאָטסלעסטערנדער באַמערקונג פון זיין האַר ווי פון די קלעפּ איבערן קאָפּ מיטן שטיוול אין דעם פרימאָרגן, ווען עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער אַלטער גענעראַל איז פון זינען אַראָפּ.

— וואָס? אַך, דו כאַם! — האָט אַ ברום געטון דער גענעראַל ווי אַ פאַרוווּנדעטער לייב און האָט אין ווילדן ווּט אָפּגעריסן פון זיך די צלמים מיט די מעדאַלן, אַ שטיק נאָך אַ שטיק און געוואָרפן זיי שליידערן דעם לאַקיי אין פּנים אַריין.

— נאַ דיר! נאַ דיר!

אַ טויט־בלייכער און אַ פאַרלעצטער אין זיינע הייליקסטע געפילן, האָט איוואַן זיך גענומען צלמען, קלויבן די פאַרשוועכטע און הייליקע זאַכן און זיי קושן.

— אָ, וואָס פאַר אַ זינד!... ווי קען מען באַרישניאַ? — האָט ער זיך געווענדעט צו נאַטאַשען — הייליקער יעזוס... זיי מיר מוחל, מלכּה פון הימל — האָט אַזוי ווי פון ווייטיק געקרעכצט דער פרומער לאַקיי און האָט זיך צעכליפּעט.

— וואָן! וואָן! — האָט געשריגן אויף אים דער גענעראַל אַ בלויער פון כּעס און אויפרעגונג.

— ווי איר ווילט, באַרין! איך קען גיין... אָבער אַ זינד איז דאָס... אָ, אַ גרויסע זינד.

און אַ געבויגענער אונטער דער לאַסט פון דער גרויסער זינד איז ער אַנטלאָפן אין די צימערן.

און נאַטאַשע האָט די גאַנצע סצענע צוגעקוקט אַ שטומע און באַוועגלאָזע, מיט אַן אומהיימלעכן בייזן פלאַם אין אירע צוויי שוואַרצע יידישע אויגן...

און אַז דער לאַקיי איז אַוועקגעגאַנגען האָט זי זיך שטום, אָן אַ באַמערקונג אויסגעדרייט צום פאָטער מיט די פּלייצעס, איז קאַלטבלוטיק אַרונטערגעגאַנגען די וועראַנדע, האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ מאַרמאָרענער באַנק אין געדיכטן שאָטן פון אַ צווייג־רייכן קאַשטאַנען־בוים און האָט זיך רויק פאַרטיפט אין איר בוך...

איר שטומע און רויקע באַנעמונג איז פאָרגעקומען דעם פאָטער נאָך דראָענדער און האָט אים נאָך מער געשראָקן... ער האָט גענומען שפּאַנען הין און צוריק איבער דער וועראַנדע, האָט אָבער לאַנג נישט געקענט קומען צו זיך און באַהערשן זיין אומרו און זיין אויפרעגונג און איז באַלד ווידער אויסגעוואַקסן פאַר נאַטאַשען.

— וואָס פאַר אַ בוך לייענסטו עס? — האָט ער זי געפרעגט שטרענג.

— דעם תלמוד אין פראַנצויזישער איבערזעצונג — האָט אים רויק געענטפערט די טאָכטער, און ווידער אויף אים אויפגעהויבן די זעלבע געהיימנישפולע און זוכנדע בליקן, וועלכע האָבן אים פריער אויפגעוועקט פון שלאָף.

דער פאָטער האָט דעם פרעמדן קוק פון דער טאָכטער נישט אויסגעהאַלטן און האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן.

אַ שוידער פון אַ געכאַפּטן גנב איז דורכגעלאָפן איבער זיין קערפּער.

— האָט זי זיך באַליידיקט פאַר די פאַרשוועכטע צלמים? — האָט זיך געפרעגט דער גענעראַל, מיט אַ געפיל פון אַ פיינלעכער חרטה. — איך הייס דיך נישט לייענען זייער תלמוד! הערסט? — האָט ער זיך פּלוצלינג אויף איר צעשריגן נאָך אַ לאַנגער און שווערער פּויזע. ער איז געווען זיכער, אַז איצט גלייבט זי שוין אין בלוט-בלבול און זוכט זיינע שפּורן אין תלמוד.

אַן אַרויסרופנדער און בייזער שמייכל האָט זיך אָנגעצונדן אין אירע פינקלדיקע און נייגיריקע אויגן.

— זייט ווען האָסטו אָנגעהויבן קאָנטראָלירן מיין לעזע-שטאָף? דו פלעגסט עס פריער, ווען איך בין געווען יונגער קיינמאָל נישט טון — האָט זי באַמערקט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

— זייער תלמוד איז אַ טשעפּוכאַ! זעסטו, די ביבל איז פאַר אונז, קריסטן אויך הייליק... אָבער דער תלמוד... — האָט כמעט געשטאַמלט דער פאָטער. אין גרעסטער פאַרלעגנהייט האָט ער זיך שנעל און מיליטעריש צו איר אויסגעדרייט און האָט זיך געלאָזט גיין אין פּאַרק אַריין, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון דער טאָכטער און פון אירע פרעמדע און פאָרשנדע בליקן און אומדערוואַרטעטע פראַגן, פון זיין גאַנצן לעבנס-פּלאָנטער.

נאַטאַשע האָט אים נאָכגעקוקט און נאָכגעשריגן:

— פונדעסטוועגן וואָלט דיר נישט קאַליע געמאַכט, אַז דו זאָלסט זיין אַ ביסל פּאָרזיכטיקער מיט דיינע לאָקייען. די געשיכטע וועט נאָך פאַרמסרט ווערן קיין פּעטערבורג.

דער פאָטער האָט זיך שנעל אויסגעדרייט, אַזוי ווי ער וואָלט געקריגן אַ קויל אין רוקן אַריין.

— וואָס? מיינע דינער שפּיאָנירן מיר נאָך... אין מיין אייגן הויז?

— יאָ! — האָט אים שטרענג און בייז, כמעט מיט אַ נקמה־טאָן, געענטפערט נאַטאַשע.

דער גענעראַל האָט זיך געלאָזט לויפן צוריק.

— ווי אַ הונט וועל איך אים דערשיסן! — האָט ווידער אין ווילדן ווּט געשריגן דער אַלטער מאַן.

נאַטאַשע איז אויפגעשפּרונגען און האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג מיט איר קליינעם און קינדישן קערפּער, היפּנאָטיזירנדיק אים אָבער מיט די אויגן ווי אַ בייזע לייבן־צוימערין.

— דו וועסט אויפהערן, צי ניין? גאָט מיינער! פאַרוואָס קומט עס מיר? — און זי האָט זיך גענומען פאַרצווייפלט ברעכן די הענט.

איר פאַרצווייפלטער וויי־געשריי האָט אים צעריסן דאָס האַרץ, ער האָט געוואָלט זי אַרומנעמען און זי צודריקן צו זיין קראַנקער און פאַרמוטשעטער ברוסט. דער געדאַנק אָבער, אַז זי לייענט דעם תּלמוד, אַז אירע אומרויקע יידישע אויגן, איר מוח זוכן און טאַפּן עפּעס דאָרט אָן אין אָפּגרונט פון זיין לעבן; דער שווידערנדער פּחד, אַז עס קען זיין, אַז זי ווייסט שוין אַלץ און האַסט אים שוין מיט אַ פאַטאַלאָגישן האַס, ווי די גאַנצע פאַמיליע האַסט דעם זשיד. דער געדאַנק האָט פאַרקילט דאָס בלוט אין זיינע אָדערן, פאַרחלשט דאָס האַרץ און האָט אים געמאַכט באַוועגלאָז.

# סעריאָושאַ קומט נאָך אַמאָל.

באַנאַכט איז געקומען פון מאָסקווע דער רויטער קאַדעט סעריאָזשע, ווען נאַטאַשע איז אינדערפרי אַרויסגעגאַנגען צו דער טיי אויף דער וועראַנדע, איז ער פאַר איר אויסגעוואַקסן ווי אַ שטומער רויטער טייוול פון תהום, מיט אַ יאַגד-ביקס אין דער האַנט. גאַנץ פרי האָט ער שוין געהאַלטן אַ פריש-דערשאָסענע ווילדע קאַטשקע באַ די פיס און זיינע פינגער זענען געווען אויסגעשמירט אין איר טריפנדן און וואַרעמען בלוט.

ווי אַ רויטער גזלן איז ער געשטאַנען פאַר איר און האָט צו איר אויסגעשטרעקט זיין האָריקע עשו-האַנט מיטן פויגל אַלס אַ מתנה.

— זדראַסטווי, שוועסטערל! דאָס איז פאַר דיר און פאַרן פאַפאַשאַ צום וואַרעמעס — האָט געשמייכלט סעריאָזשע און האָט געקרומט זיין קליין פנים מיט אַ קרומען און אומרויקן שמייכל.

נאַטאַשע האָט אים לאַנג אָנגעקוקט, אַזוי ווי פאַר איר וואָלט געשטאַנען אַ שרעקלעך געשטאַלט פון יענער וועלט.

— אַנטלויף, און דאָס באַלד! הערסט? אַז דער פאַפאַשאַ וועט דיך, מערדער, דערזען, וועט ער דיך דערשיסן! — האָט זי צו אים געזאָגט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

סעריאָזשע האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ ווי אַ פאַרברעכער.

— שנעל, שנעל זאָלסטו פאַרשווינדן פון טאַטנס אויגן! הערסט? — האָט אים געאײַלט די שוועסטער, אַ ציטערנדע ווי פאַר אַ געפאַר.

דער קאַדעט האָט זיך אויסגעדרייט ווי אַ פאַרשטויסענער און איז פאַרשוווּנדן אין פאַרק. פון דאָרט האָבן זיך אָבער באַלד אָנגעהויבן צו טראָגן זיינע שיסערייען, איין הילכנדער שאָס נאָכן צווייטן, אין וועלכע ער האָט אויסגעגאָסן זיין בייז געמיט. די ראָבן זענען זיך צעפלויגן פון דער שיסערײַ אין אַ טויט-שרעק און האָבן זיך גענומען מחנותווייז טראָגן איבערן פאַרק אין אַ פאַנישן טומל.

פאַר נאַטאַשעס אויגן איז אויסגעוואַקסן די פאַראַיאָריקע, אין פאַרק דערשאָסענע יידענע, וועלכע האָט דאַן געקוקט אויף איר מיט אירע טויטע

אָבער מיטן טויט־שרעק זיך לויכטנדע און נישט אויסגעלאָשענע אויגן. דער איבערגעלעבטער גרויל האָט ווידער געקוקט אויף איר פון פּאַרק, פון דעם אָרט, וווּ די יידענע איז געלעגן דריי טאָג אונטער איר שוואַרצן צודעק, און האָט זי איצט ווידער צוגעקאָוועט צו איר אָרט, ווי אַ גע־שפּענסט פון יענער וועלט.

פון ווייטנס, צווישן די טאָפּאָליעס פון דער אַלעע האָבן זיך אָנ־געהויבן צו באַווייזן יידן און ווייבער אין פּאַטשיילעס, זשעסטיקולירנדע און דראָענדע.

אַ געמישט געפּיל פון שרעק און צוגלייך פון האַס האָט מיט אַמאָל אָפּגעבריט איר האַרץ. זי איז שנעל אַרויף די טרעפּ צו זיך אין צימער אַריין און האָט זיך דאָרט פאַרשלאָסן ווי פון פיינדלעכע פאַרפאָל־גער.

# דער גלח.

דעם גענעראַלס נעכטיקער באַזוך אין שטעטל האָט די יידן אויף ס'ניי געגעבן מוט און האָפענונגען. דער באַזוך האָט זיי נאָך אַמאָל באַוויזן, אַז ז'ער פאָטער איז קעגן דעם זון און מיט דעם שטעטל. די פּעדים פון סימפּאַטיע און אומבאַוווּסטער פאַרוואַנדשאַפט, וואָס האָבן פריער פאַר־בונדן דאָס שטעטל מיטן אַלטן גאָטישן שלאָס, זינט ער איז איבערגע־גאַנגען אין די נייע הענט און זענען דערנאָך צעריסן געוואָרן דורך דעם אומגליק, האָבן נאָכן גענעראַלס נעכטיקן האַרציקן וויזיט זיך צוריק צו־זאַמענגעבונדן.

דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטון צוריק אין הויף אַריין מיט זיי־ערע פאַרביטערטע הערצער, מיט זייער אייביקער נויט, און האָט זיך צעזעצט אויף די מאַרמאָרענע בענק, אייניקע מיט „פּראָשעניעס" אין די הענט און האָבן געוואַרט אויפן גענעראַלס אַרויסגאַנג ווי אין די ערשטע צייטן, ווען דער מאַיאָנטעק איז איבערגעגאַנגען אין זיינע הענט. מיט דער אוידענץ פלעגט זיך אָנהייבן יעדער טאָג פון זיין איינזאַם לעבן אין דעם שלאָס. די אוידיענץ פלעגט אים געבן אַן אילוזיע פון מאַכט און רייכטום. ער פלעגט זי טעגלעך דורכפירן אין נאַטאַשעס באַגלייטונג

מיט דער אָפיציעלער פּאָמפּע פון אַ מיניסטער, וואָס דערשיינט פּנַר דעם אויף אים וואַרטנדיקן עולם מיט שטראָף און גנאָד אויף זיינע ליפּן.

די אילוזיע האָט דעם אַלטן מאַן אָבער פאַרשאַפט מער גייסטיק פאַרגעניגן, מער פרייד ווי דעם מעכטיקסטן מיניסטער און הערשער, ווייל ער האָט אויף זיינע ליפּן געהאַט פאַר די אָרימע יידן און פאַר זייער בי־טערער נויט נאָר גנאָד און הילף.

אויך איצט, אַז די געראַלעגנדע יידן אונטער זיינע פענסטער האָבן אים אויפגעוועקט פון זיין שפּעטן און מידן שלאָף, וועלכער פלעגט זיך באַ אים אָנהייבן ערשט מיטן זון־אויפגאַנג, נאָך אַ שלאָפלאָזער, געפּלאָג־טער נאַכט, און ער האָט דערזען פון פענסטער דעם לאַנגן באַלעגאָלע, וועלכער האָט איבער בערלס אַרעסט נישט באַקומען דאָס געהאַלט פאַר די יתומים; מאָשקע דעם קצב, מיט די ווייסע פלעקן אין זיין שוואַרצער באָרד, ווען ער ביקלעך און טעלעצעס פלעגן שטענדיק פאַרלויפן אין געגעראַלס פעלדער און פאַרנומען ווערן פון דער עקאָנאָמיע; המן דעם מעקלער און די אַלע גוט־באַקאַנטע געשטאַלטן פון זיינע פריערדיקע אוי־דיענצן, האָט דער גענעראַל זיך געגומען שנעל אָנטון, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז די יידן זאָלן נישט ווערן אומגעדולדיק, זאָלן זיך נישט צעגיין און ער זאָל זיך נישט פאַרזוימען.

דער עולם האָט זיך אָבער נישט געאיילט, האָט זיך געמיטלעך צע־זעצט, ווער אויף די טרעפּ פון דער וועראַנדע און ווער אויפן גראָז, איי־נער האָט דערציילט דעם צווייטן זיין ביטער האַרץ און זיין נויט. די פרויען פון די אַרעסטירטע האָבן געבראָכן די הענט, געקרעכצט, געוויינט און אויסגעהערט דעם באַלעגאָלעס טרייסט, אַז דער גענעראַל וועט אַלע־מען באַפרייען.

נאָר המן דער מעקלער איז זיך געשטאַנען פון ווייטנס. אונטער־געשפּאַרט אָן אַ בוים, האָט ער געראָכערט אַ דין פּאַפּיראָסל נאָך אַ פּאַ־פּיראָסל און האָט מיט פאַראַכטונג געשפּיגן אָן אַ זייט; געשפּיגן אויף די קרעכצן פון די ביטערע הערצער און אויפן באַלעגאָלעס טרייסט, גלאָצנ־דיק אויף אים מיט אַ בייזער פרייד פון זיינע גריבע קעצישע אויגן.

פון דער צווייטער זייט פּאַרק, מיט דער סטעזשקע, וואָס האָט גע־פירט אין דאָרף אַריין, איז אָנגעקומען דער גלח. אַז ער האָט דערזען פאַר זיך די יידן און יידענעס גאָרגלענדע און אין געמיטלעכע און אומ־געצוווגנענע פּאָזעס, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען אויפן מאַרק אָדער אין

שוּל און נישט פאַרן פּאַלאַץ פון אַ פּראַוואָסלאַוונעם גענעראַל-אַדיוטאַנט, איז ער געבליבן שטיין אַן איינגעגראָבענער, זיין רויט און פאַרשוויצט פּנים איז געוואָרן כּיטאַמאָל בּלוי פון כּעס און באַליידיקונג. זיין גרויסער מע-שענער צלם האָט אַ ציטער געטון אויף זיין מעכטיקער ברוסט.

דאָס גאָרגלען פון די יידן האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעריסן, איי-ניקע זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער.

— אָ, אָ, גאַנץ קהל! — האָט ער אַ ריטשע געטון מיט זיין הייזעריקער שטימע, ווי אַ געקוילערטער אָקס — פּריער קוילעט איר, פּיאַווקעס, אַ קריסטלעך קינד און דערנאָך זוכט איר פּראָטעקציעס? דער צאַר אַליין וועט אייך אָבער דאָ שוין נישט העלפן — האָט זיי געדראָט דער כּומר מיט אַ האָריקן קולאַק אין טרייסלענדיק דערביי מיט זיין געדיכטער פערדישער גריווע.

— גאָט וועט נישט באַליידיקן און אַ חזיר וועט נישט אויפעסן — האָט אויף אים באַלד אויסגעשאָסן דאָס רוסישע ווערטל אַ בּחור מיט בּלויע פענסנע אויף זיין האָרבאַטער נאָז — דעם אַרעסטירטן שוחטס אַ זון — אַן עקסטערניק און דער צווייטער משׂכּיל פון שטעטל נאָכן לערער פון דער תּלמוד תּורה.

די ווייבער מיט די יידן זענען פאַרציטערט געוואָרן פון בּחורס ווערטער. דער גלח האָט אין דעם בּלוט-בּלבול געשפּילט די ערשטע פידל און איז געוואָרן די שרעק פאַרן גאַנצן שטעטל. אויפגעציטערט האָט פון דער באַליידיקונג אויך דער גלח אַליין.

— וואָס? איך חזיר? — האָט אַ ריטשע געטון דער כּומר ווי אַ בער.

— נו, זענען דען די יידן נישט ווערט, וואָס עס קומט אויף זיי? — האָט זיך אויפגעכאַפּט המן דער מעקלער, ווי אַ בייזער ווינט — וואָס הערסטו, באַטיושקאַ, וואָס אַ לאַפּאַצאַן וועט פּלוידערן! זדראַסטוויטיע, באַטיושקאַ! און דער מעקלער האָט זיך צו אים צוגערוקט און אים דער-לאַנגט די האַנט, מעשׂה גוט-ברודערשאַפט.

— פּאַשאָל וואָן, זשיד פּאַרכאַטי! — האָט זיך אויף אים צעשריגן דער גלח — ווער בין איך דיר? אַ חבר, וואָס שטופּסט מיר דיין זשי-דאָווסקי פאַרפּלוכטע לאַפּע? וואַרט! איך וועל אייך, זשידעס ווייזן... קיין סיביר וועט איר בײַ מיר גיין!... — האָט געדראָט דער הייזערי-קער און בּלוי-רויטער פון כּעס און באַליידיקונג גלח, האָט שטאָלץ צו-

זאַמענגענומען אויף דער ברוסט זיין גלחישע קאַפּאָטע און איז אַוועק אין פּאַרק אַריין.

דער עולם האָט אים באַגלייט מיט שטומע און אַנגסטלעכע בליקן, נאָר דער עקסטערניק מיט דער פּענסנע האָט געקוואָלן פון זיין חכמה און המנס פאַרלעגנהייט.

— אַ חשוב באַם כומר! כאַ־כאַ־כאַ. . . — האָט הילכיק געלאַכט דער משכיל און זיך געהאַלטן באַ די זייטן.

דער עולם האָט זיך גענומען אים מוסרן. המן דער מעקלער איז דערווייל געקומען צו זיך פון „קאָנפוז" און האָט אויך אָנגעהויבן זיך פייניטלעך צו רוקן אויפן בחור און זיך מיט אים זידלען.

באַלד איז געקומען צוריק דער גלח אין דער באַגלייטונג פון דער גענעראַלשע אַליין.

— איר זעט? — האָט ער איר אָנגעוויזן מיט אַ פּאַטעטישער האַנט־באַוועגונג אויף דער מחנה יידן און ווייבער.

— הימלישע מלכה! — האָט אויסגעשריגן מיט אַ פּליעסק אין די הענט די גענעראַלשע און האָט זיך איבערגעצלמט, אַזוי ווי זי וואָלט פאַר זיך דערזען נישט קיין מענטשן, נאָר שדים. — פּעטרושאַ! פּעטרושאַ! — האָט זי אָנגעהויבן שרייען איבערן גאַנצן פּאַרק און רופן דעם גערטנער פּעטרושאַ.

די יידן און די ווייבער האָבן דערווייל אָנגעהויבן זיך צוזאַמענרוקן און צוזאַמענפּרעסן, ווי אַ סטאַדע פון איבערגעשראָקענע שאָף.

פּעטרושאַ איז האַסטיק געקומען צו לויפן פון דער אָראַנזשעריע, שלעפּנדיק מיט זיך די לאַנגע, גומענע קישקע, מיט וועלכער ער האָט באַגאָסן דאָרט די וואַזאָנעס זיינע מיט די בלומען.

— פאַרוואָס לאָזסטו זיי אַריין? וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז זייער „דוך" זאָל זיך דאָ נישט געפינען! — איז זי באַפאַלן דעם וועכטער ווי אַ בייזער הינט.

— וואָס זאָל איך טון, באַרינינאַ? איך טרייב זיי ווי די חזרים. . . און דער באַרין באַלעוועט זיי. . .

— וואָן! וואָן פון דאַנען, זשידעס פאַרפלוכטע! — האָט זיך פּעטרושאַ גענומען טרייבן דעם עולם.

— אין שטעטל גייט! דאָרט איז אייער אָרט און נישט דאָ! — האָט געשריגן די גענעראַלשע אַ ציטערנדע פון עקל, אַזוי אַז די יידן

האַלטן מיט זייערע טריט, מיט זייער אָטעם פּאַראומרייניקט דעם פּאַרק מיט די לופט.

— מיט דער קישקע, מיט דער קישקע באַגיס זיי! — האָט געעצהט דער גלח און פּעטרושאַ האָט אים געפאָלגט, האָט שנעל אָנגעשטעלט די קישקע און געלאָזט אויפן עולם אַ בליאַסקענדיקן שטראָם וואַסער.

— גוט! גוט אַזוי! — האָט פּאָטאַקעוועט המן דער מעקלער מיט אַ בייזער פרייד, שטייענדיק אַליין פונדערווייטנס אין אַ זייט פון דעם שפּריץ.

די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן און באַליידיקט אָפּצורוקן, די ווייבער אָבער האָבן זיך צעקוויטשעט.

— גיס, גיס!... נישקשה, זאָל ער גיסן... גאָט וועט אים באַצאָלן — האָט זיך געטרייסט איין יידענע, זיך בייגנדיק דערבײַ פון שפּריץ צו דער ערד.

— דאָס בלוט פון האַלדז, רבונו של עולם! — האָט געווונטשן פּעטרושאַן אַ צווייטע יידענע, וועלכע האָט געהאַלטן אַ בויגן פּאַפּיר אין דער האַנט מיט אַ בקשה און האָט אים געשטופּט אין בוזים אַריין, אַז ער זאָל נישט פאַרשפּריצט ווערן.

דער גלח האָט געהירזשעט ווי אַ פערד פון דעם פאַרגעניגן, וואָס דאָס בילד האָט אים פאַרשאַפט.

פּלוצלינג אָבער האָט אָפּגעהילכט אַ טרוקענער טראַסק און פּעטרושאַ, וועלכער האָט געקריגן דעם טראַסק פון באַלעגאָלע, האָט זיך איבערגעקערט אויפן גראָז מיט די פיס אַרויף און האָט זיך געכאַפּט באַ דער באַק.

— אויף מיר זאָלסטו נישט שפּריצן... איך בין אויך געווען אַ סאָלדאַט... אַ יעפרייטער מיט צוויי בענדלעך... מיין פעטער איז אַ גענעראַל... דעם קיסרס לייב־מעדיק, דו הינטישער זון! — האָט געשריגן איבער אים דער לאַנגער באַלעגאָלע, גרייט אים דורס צו זיין מיט די פיס אין לאַנגע שטיוול.

— אַך! — האָט אויסגעשריגן די גענעראַלשע, ווי אַ פאַרווונדעטע, אַזוי ווי דעם פּאַטש פון באַלעגאָלע וואָלט געקריגן נישט פּעטרושאַ, נאָר זי אַליין.

דער גלח האָט אויך עפּעס געוואָלט אויסשרייען, האָט זיך אָבער פאַרכלינעט פון רציחה און האָט נאָר אַ ברום געטון, ווי אַ געקוילעטער.

אין דער אַלעיע האָט זיך באַוויזן דער פּראָקוראָר, פאַן אָטאָ און סעריאָזשאַ, אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַרן בילד, ווי איינגעגראָבענע.

פּעטרושאַ האָט זיך אויפגעהויבן אַ צעטומלטער פון אָרט און האָט זיך גענומען מיט דער האַנט ווישן דאָס בלוט, וואָס האָט באַ אים געריגען פון די ציין.

— אַ פּראָקוראָר ביסטו צי ניין? וואָס שווייגסטו? — האָט זיך צעשריגן די מאַמע אויפן זון.

אַז דער פּראָקוראָר האָט פאַר זיך דערזען דעם צעבלוטיקטן געריטנער, די צעטומלטע יידן, וועלכע האָבן נישט געוווסט, וואָס מיט זיך צו טון, צי זאָלן זיי בלייבן שטיין, אָדער אַנטלויפן, און האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דעם לאַנגן באַלעגאָלעס אַרבעט, איז ער מיט אַמאָל געוואָרן גרין פון כעס און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט אַ פייכטקייט, וואָס איז געווען געמישט פון בלוט און גרינע גאַל.

— סעריאָזשאַ! מיט דער ביקס און איבערן קאָפּ! — האָט אַ ריטש געטון דער פּראָקוראָר — וואָן! — האָט ער זיך צעשריגן אויף די יידן און צעטופּעט מיט די פיס אין אַ וואַנזיניקן ווט און מיט שוים אויף די ליפּן.

די יידן מיטן לאַנגן באַלעגאָלע האָבן זיך אָנגעהויבן צו רוקן אונטער די קלעפּ פון קאַדעטס אויפגעהויבענער ביקס. דער גלח האָט זיך אָבער דערמיט נישט צופרידנגעשטעלט און האָט אונטערגעטריבן דעם קאַדעט:

— מיט פּאָראָך... מיט שרויט, ווי שפּערלינגען!

פאַן אָטאָן איז דעם גלחס געדאַנק אויך שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט זיך אָפּגערופן דערויף מיט אַ פאַרגעניגטן „כי, כי, כי".

און סעריאָזשאַ האָט געפאָלגט, האָט שנעל אויסגעדרייט די ביקס מיט דעם מויל אויף די אַנטלויפנדע יידן און ווייבער און האָט אָנגעהויבן צו שיסן אויף זיי ווי אויף שפּערלינגען.

אין אַ פּאַנישן שרעק האָבן די יידן זיך אָנגעהויבן צו וואַרפן מיט געשרייען אין אַלע זייטן.

— יידן, פאַלט צו דער ערד! פאַלט צו דער ערד! — האָט געשריגן דער לאַנגער באַלעגאָלע, און האָט זיך אַליין אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג פון זיין גרויסן קערפּער אויפן גראָז.

די גאַנצע געשיכטע האָט געדויערט בלויז אַ רגע.

פון דער וועראַנדע איז שוין געלאָפן נאַטאַשע מיט אַן אוממענטש־לעכן געשריי:

— סעריאָזשאַ! ראַזבאָיניק!

אַרויסגעלאָפן איז אויך נישט טויט נישט לעבעדיק דער גענעראַל אַליין...

אַז ער האָט דערזען פאַר זיך דעם רויטן קאַדעט, מיט דער ביקס אָנגעשפאַרט צום אַקסל, האָט ער זיך אַ ציִ געטון צוריק, ווי פאַרן מלאך־המוות, אַזוי ווי די ביקס וואָלט געווען געצילט אויף אים.

אַז דער קאַדעט האָט אָבער דערזען דעם פאָטער, האָט ער די ביקס אַרונטערגעלאָזט.

— אַהער גיב די ביקס, ראַזבאָיניק! — און נאַטאַשע האָט מיט אַ שטאַרקן ריס אַרויסגעכאַפּט די ביקס פון ברודערס האַנט און האָט זיך אויף איר אָנגעשפאַרט, אַן אָטעמלאָזע און אַ דערשעפּטע פון לויפן, אַז זי זאָל נישט אומפאַלן פון איבערלעבטער שרעק און אויפרעגונג.

די יידן אין די ווייבער זענען אויפגעשפרונגען פון דער ערד און זענען זיך צעלאָפן ווי דערשראָקענע האָזן.

דער קאַדעט איז ווי פאַרשוווּנדן, ווי פון אונטער די הענט, אַזוי ווי די ערד וואָלט אים איינגעשלונגען.

— מיין לעבן האָבן מיר די זשידעס פאַרדאָרבן! — האָט זיך אָנגערופן דער פּראָקוראָר אַ ציטערנדער פון עקל און כעס צום לייב־מעדיק, וועלכער האָט זיך דערויף צעלאַכט מיט זיין עקלהאַפטן כי, כי, כי.

דער גענעראַל האָט אויפגעשווידערט פון זונס ווערטער און האָט אים צוגעוואָרפן אַ שנעלן און צעשראָקענעם בליק...

ער האָט זיך אָבער באַלד באַוועלטיקט און זיך מוטיק אויסגעגלייכט, ווי אויף אַ פּאַראַד, ווען ער פלעגט דורכלאָזן אַ פּולק אין אַ צערעמאָניע־מאַרש.

זיינע ביסטרע און פינקלדיקע בליקן פון אונטער די געדיכטע און טיף אָנגערוקטע גרויע ברעמען זענען געפאַלן אויפן גלח, וועלכער האָט אים שטום באַגריסט מיט אַן אומזיכערער קאָפּ־באַוועגונג, אַזוי ווי ער וואָלט עס נישט געוואַגט צו טון...

אַ געפיל פון עקל געמישט מיט האַס האָט זיך אָנגעצונדן אין גע־נעראַלס האַרצן, אַז ער האָט פאַר זיך דערזען דעם פאַרשוויצטן און רויטן גלח, מיט אַ פּראָפיל פון אַ פערד. דאָס געפיל האָט שנעל אַרומ־געכאַפּט אַלע זיינע אברים, ווי אויסגעבראָכענע פלאַמען.

עס איז געווען אַ געפּיל פון זײַן אַלטן און אומבאַוווּסטן, לאַנג אָנ־געזאַמלטן האַס צו דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע, צו וועלכער ער האָט תמיד געפּילט אַ ווידערווילן; צו זיין גאַנצער סביבה, פאַר וועלכער ער האָט זיך תמיד געדאַרפט באַהאַלטן, שפּילן אַ פרעמדן, און וועלכע האָט פאַרגוואַלטיקט מיט דער ראָלע זיין נשמה.

— וואָס דאַרפסטו דאָ האָבן, דו פּאָפּ איינער?... — האָט אויף אים אַ רעווע געטון דער גענעראַל מיט זיין געדיכטער באַס־שטימע, ווי ער פלעגט שרייען אויף פּאַראַדן.

דער פּאָפּ האָט מיט אַמאָל פאַרלאָרן דאָס גאַנצע בלוט פון זיין רויטן פּנים, וועלכער האָט זיך פּלוצלינג פאַרוואַנדלט אין אַש־קאָליר.

די גענעראַלשע האָט שנעל אָנגעהויבן צו פינטלען מיט אירע אויגן און וואַרפן אַרום זיך שוץ־זוכנדע בליקן.

— גענעראַל! — אויב איר האָט נישט קיין רעספּעקט פאַר דער רוסישער יוסטיץ, האָט כאָטש ווייניקסטנס רעספּעקט פאַר אַ פאַרטרעטער פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע — האָט זיך געווענדט דער זון צום פאָ־טער מיט אַ געדעמפטער און מיט מי באַוועלטיקטער שטימע, וועלכע האָט זיך אַזוי ווי מיט געוואַלט אַרויסגעריסן פון זיין האַלדז און פון צווישן זיינע פעסט געשלאָסענע געל־פוילע ציין.

און ווידער שטייען פאָטער און זון פּנים אל פּנים, און אַזוי באַנט איינער צום צווייטן, אַז יעדער פילט אויף זיין געזיכט דאָס גליען פון צווייטנס אָטעם און ברויזנדן האַס.

זיי שטייען און מעסטן זיך מיט פלאַקערנדיקע בליקן, ווי צוויי טויט־פיינט פאַר אַ קאַמף.

אַלע קוקן אויף זיי, פאַרגליווערטע און מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס. נאָר נאַסטאַשע בליקט אויף די צוויי טויט־פיינט מיט די זעלבע נייגעריק פיינטלעכע בליקן, מיט וועלכע זי האָט נעכטן אויף דער וועראַנדע אויפ־געוועקט דעם פאָטער פון זיין שלאָף און וועלכע זענען אים דאַן פאָרגע־קומען אַזוי ניי־פרעמד אין איר, און אויך דראָענד.

אַ פאַרטרעטער פון אַ פּראַוואָסלאַוונער קירכע?... שעם דיך, פּאָפּ! — האָט זיך צו אים אויסגעדרייט דער גענעראַל — אַזאַ פאַרטרע־טער, ווי דו, שענדעט די פּראַוואָסלאַוונע קירכע...

דאָס בלוט האָט צוריק פאַרפאַרבט דעם גלחס פּנים.

— איך קען דאָך נישט גלייכגילטיק צוקוקן ווי זשידעס קוילענען אַ פּראַוואָסלאַוונע ייִנגל פאַר זייערע צוועקן.

— זאָגסט ליגנט, פּאָפּ! איך ווייס, ווער עס האָט געקוילעט. און איך ווייס, וואָס פאַר אַ חלק דו האָסט גענומען אין דער עקלהאַפטער געשיכטע. . .

זיינע פינגער האָבן זיך צוזאַמענגעדריקט דערביי אין אייזערנע קולאַקעס, מיט וועלכע ער איז געווען גרייט זיך צו וואַרפן אויף דעם גלח און אים אויסזעצן אַלע ציין, אויסגיסן אין די קלעפּ זיין לאַנג אָנגעזאַמלטן צאָרן און האַס.

אַ פיבער האָט געשווידערט דעם גאַנצן קערפּער זיינעם, און אום זיך צו באַוועלטיקן האָט ער זיך שנעל אויסגעדרייט, איז מיט יונגע טריט אַרויף אויף דער וועראַנדע, אַריין אין הויז אַריין, לאָזנדיק אַלעמען הינטער זיך מיט אָפענע מיילער, און האָט זיך פאַרשלאָסן אין קאַבינעט ווי אַ פאַרפאָלגטער.

## דער נייער האַרץ־שלאַג.

— קום, באַטיושקאַ, מיט אונדז פרישטיקן! — האָט איינגעלאַדן די גענעראַלשע דעם גלח אויף דער וועראַנדע, דעם מאַן אויף צו להכעיס. און אַז דער פּאָפּ האָט זיך פּרובירט אָפּזאָגן, האָט זי זיך כמעט אויף אים צעשריגן, אַזוי, אַז ער האָט געמוזט נאָכגעבן.

און צו ווייזן, אַז זי איז נאָך באַלעבאָסטע, האָט זי אַרויסגערופן דעם לאָקיי, האָט אים באַפוילן צו גרייטן צום טיש און האָט זיך אַליין גענומען רוישיק פונאַנדערשטעלן די טעלער, וואָס ער האָט באַלד געבראַכט.

אָנגעשפּאַרט אויפן ברודערס ביקס, איז נאַטאַשע נאָך אַלץ געשטאַנען ווי אַ וואַך בא דער וועראַנדע און האָט פאַרפאָלגט די מיט האַס אויסגעקרומטע און פאַרגליווערטע פּנימער פון די מענטשן, מיט אירע נייגעריקע און אַזוי ווי איבער זיי בייז שפּאָטנדע בליקן.

אַז די גענעראַלשע האָט אָנגעהויבן הויך צו רופן דעם קאַדעט צום פרישטיק, האָט זיך נאַטאַשע אָנגערופן:

— אים זאָלסטו אַהער נישט רופן, אויב זיין קאָפּ איז דיר טייער.

— וואָס ? ווער וועט אים טשעפּען ? אפשר דו ?

— איך ? איך שטיי מיר פונדערווייטנס. . . איר וועט זיך אַליין, אָן מיר, די גאָרגלען צערייסן — האָט איר מיט אַ גלייכגילטיקן שפּאָט געענטפערט די טאָכטער.

— פונווייטנס שטייט זי — האָט די מוטער אַ קריץ געטון אויף איר מיט די ציין. — פון דעם דאָקלאַד, וואָס דער אַלטער נאַר האָט גע־שריבן, האָסטו געוווּסט !

— אויב זי האָט געוווּסט ! — האָט זיך אָנגערופן דער שנעל אי־בער דער וועראַנדע הין און צוריק שפּאַנענדער פּראָקוראָר — זי האָט אים אַליין נאָך פאַרפּאַסט. . . איך דערקען איר סטיל מיט איר שפּראַך.

— און אַז יאָ ? — האָט טראָציק אויפגעהויבן איר קעפּל נאַ־טאַשע.

דער ברודער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געכאַפּט איר טראָציקן בליק.

— יאָ, טאָ וואָס ! — האָט אומבאַשטימט אַ זיפץ געטון דער גלח.

— וואָס־זשע, ער איז דיר קיין ברודער נישט ? זיין קאַריערע איז דיר נישט טייער ? — האָט געשיפּעט די גענעראַלשע ווי אַ שלאַנג, וועל־כער מען האָט אָנגעטראָטן אויפן קאָפּ.

— אויף אָט אַזוי פיל אָ, נישט ! — האָט איר געענטפערט נאַטאַ־שאַ, אָנווייזנדיק אויפן נאָגל.

— יאָ, פאַרלוירן די קאַריערע — האָט אַ קרעכץ געטון פאָן אָטאָ, און איז ווי אַ צעבראָכענער און פאַרצווייפלטער מענטש דערשעפּט געפאַלן אין שטול. — אַ שאָד, מיין יונגער פריינט ! . . . אַזאַ גלענצנדע קאַריע־רע ! — האָט מעלאַנכאָליש באַמערקט פאָן אָטאָ, קרימענדיק דערביי די בלוטלאָזע און גלאַט־געגאָלטע ליפּן.

— ווער רעדט דאָ וועגן קאַריערע ? — האָט געקרעכצט ווי אַ טיף פאַרוווּנדעטער דער פּראָקוראָר. - אַ שאַנדע צו ווייזן זיך אין פּעטער־בורג, צו שאַנדע און צו שפּאָט האָט דער אַלטער משוגענער געמאַכט דעם נאָמען גערשעלמאַן. . . איך וועל אים אָבער אין משוגעים־הויז פאַר־שפּאַרן ! — האָט געשריגן און געטופּעט דער זון.

— בעסער הענג אויף. . . דעם אייגענעם טאַטען, כאַ, כאַ, כאַ — האָט זיך הויך צעלאַכט נאַטאַשע, און פאָן אָטאָ האָט זיך אויך דערויף אָנגערופן מיט זיין כי, כי, כי.

— מערזאַווקאַ! — האָט איר צוגעוואָרפן די מוטער פון צווישן די ציין, און האָט איר געוויזן דערביי אַ קולאַק.

נאַטאַשע האָט זיך דראָענד אויסגעצויגן אויף דער ביקס.

— וואַרט! מיר וועלן זיך מיט דיר אויך אָפּרעכענען! — האָט איר געפּטראַשעט די מוטער — סעריאָזשאַ! סעריאָזשאַ! קום צום טיש — האָט זי גערופן דעם קאַדעט פון פּאַרק. — קומט, גאָספּאָדאַ, צום טיש! — האָט זי איינגעלאַדן די געסט.

— איך וועל, מאַמאַשאַ, אין קיך עסן! — האָט זיך אָנגערופן דער קאַדעט פון הינטער אַ בוים, נישט וואַגנדיק אַרויסצוגיין אויף דער וועראַנדע.

— וואָס וועט איר מיר טון? — האָט מיט אַ שפּאָטנדן טאָן געפרעגט נאַטאַשע דעם ברודער.

— איר וועט שוין זען, מאַדמואַזעל! — האָט דער פּראָקוראָר איר געענטפערט.

— אפשר אונטערוואַרפן פּראָקלאַמאַציעס? אָדער גאָר אַ געקוילעטע קריסטלעך ייִנגל און מאַכן אויף מיר אַ בלוט-בלבול? כאַ, כאַ, כאַ!

— פאַרשטאָפּט איר דאָס מויל, מאַמאַ! — האָט געקריצט מיט די ציין דער פּראָקוראָר.

דער גלח האָט ווידער אַ טיפן זיפץ געטון, און פאָן אָטאָ האָט אָנגעהויבן איינצונעמען נאַטאַשען:

— באַרישניאַ! קראַסאַוויצאַ! צו וואָס?... זענט איר דען נישט קיין ברודער און שוועסטער... אַזאַ עכט-רוסישע פאַמיליע ווי די גערשעלמאַנס זענען, כי, כי, כי... פוי, אַ שאַנדע, מיינע הערן!

— איך שעם מיך איצט צו טראָגן דעם נאָמען! דער נאָמען איז אַ שאַנדע! — האָט געשריגן דער פּראָקוראָר, און אין זיין בייזער און ציטערנדער שטימע האָבן געקלונגען טרערן פון פאַרדראָס און ווייטיק.

— אויב דער נאָמען גערשעלמאַן איז אַ שאַנדע, האָט איר עס איה, הער פּראָקוראָר צו שאַנדע געמאַכט... — האָט אים שטיל צוגעוואָרפן די שוועסטער.

ער איז צו איר אַרונטערגעלאָפן מיט איין שפּרונג און האָט אויפגעהויבן זיינע קולאַקעס פאַר איר פנים.

דאַן האָט זי אויפגעהויבן איר שטימע:

— יאָ, איר האָט אים געמאַכט צו שאַנדע... מיט אייערע שטראָף-

עקספעדיציעס אין אָרלאָווער גובערניע... מיט די צום טויט פאַרקאַטע־
וועטע פויערים... מיט דעם בלוט־בלבול און מיט... —

די צוויי ציטערנדע קולאַקעס פאַר איר פּנים האָבן זי אַזוי אויפ־
געררייצט, אַז זי איז געווען גרייט אים אויפצווואַרפן נאָך זיין עקלהאַפטע
ליבע מיט דער אַלטער גרעפין און זיין גאַנץ אומנאַטירלעך און מיאוס
לעבן.

דער ברודער האָט עס אָבער נישט דערלאָזט. מיט איין האַנט האָט
ער אויסגעריסן די ביקס און מיט דער צווייטער איר אַרונטערגעלאָזט אַ
קלינגענדן און ווייט הילכענדן פּאַטש...

נאַטאַשאַ האָט אויסגעשריגן און האָט זיך ווי אַן אונטערגעשאָסע־
נע אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן.

אַ מינוט איז געווען שטיל, ווי אַלע וואָלטן פאַרשטמיעלעט און פאַר־
גליווערט געוואָרן פון דעם פּאַטש.

דערנאָך האָט זיך פּאָן אָטאָ אַ ריס געטון פון זיין שטול און איז
אַרונטערגעלאָפן פון די טרעפּ.

— באַרישניאַ, קראַסאַוויצאַ! לאָזט מיך קושן אייער הענטל — האָט
זיך גענומען שפּרינגען אַרום איר דער לייב־מעדיק, ווי אַ פּיקסל, און
קושן איר הענטל.

נאַטאַשאַ האָט איר האַנט אַרויסגעריסן און איז אָפּגעשפּרונגען פון
אים, ווי פון אַ מיאוסן שרץ.

— עס איז אַ שאַנדע! שעמט זיך, פּראָקוראָר! אַן אַדלמאַן פּאַטשט
נישט קיין דאַמע! — האָט ער זיך גענומען שפּרינגען פאַרן פּראָקוראָר
און זשעסטיקולירן מיט די הענט.

— גוט אַזוי! גוט! עס קומט איר! — האָט אים צוגעפּסקענט די
מוטער.

— מערזאַוועץ! איך וועל דיך דערשיסן! — האָט געשריגן פון
פענסטער דער גענעראַל, צילנדיק אויפן זון פון אַ גרויסן פּיסטאָלעט,
איז אָבער באַלד פאַרשווונדן געוואָרן פון פענסטער און איז געלאָפן מיטן
זעלבן געשריי דורך די צימערן אויף דער וועראַנדע.

דער פּראָקוראָר האָט זיך גענומען אָפּרוקן.

— דערזשי! האַלט אים! — האָט פון דער וועראַנדע געשריגן
דער פאָטער צום קאַדעט, וועלכער איז אַרויסגעשפּרונגען פון צווישן די
ביימער און האָט פאַרשטעלט דעם עלטערן ברודער דעם וועג..

— ווי דערלויבסטו זיך צו שלאָגן נאַטאַשען ? — האָט זיי געפרעגט דער קאַדעט, אָנכאַפּנדיק איר בײַ די לאָצן.

דער פּראָקוראָר האָט איר אָפּגעשמויסן מיט אַ קולאַק איבערן פּנים. סעריאָזשע האָט מיט אַ שפּרונג איר געכאַפּט פאַרן גאָרגל.

— שלאָג ! שלאָג ! איבער דער מאָרדע ! — האָט געשריגן דער פאָטער, וועלכער איז געווען פעסט אַרומגענומען פון דער טאָכטערס קליינע הענט און פאָן אָטאָ. . .

די מוטער האָט זיך מיט אַ קוויטש אַ וואָרף געטון צום ליבלינג זיירן צו הילף.

— סעריאָזשאַ ! ראַזבאָיניק ! אַ ברודער ! אַ פּראָקוראָר ! — האָט זי געשריגן, לויפנדיק צו די צוויי ברידער, און דער פּאַרק האָט זיך אָפּגערופן אויף איר גראָבער מענערישער שטימע און אויף דער גאַנצער ווילע דער סצענע מיט אַ ווילדן און שפּאַטנדן ווידער־קול.

דער גלח האָט זיך גענומען שנעל צלמען. . .

— גענעראַל ! מאָן שער ! אַ שאַנדע פאַר אַן אַדלמאַן ! — האָט געשטאַמלט פאָן אָטאָ, טאַנצנדיק אַרום דעם גענעראַל און ציטערנדיק, אַז דער פּיסטאָלעט, וועלכן נאַטאַשע האָט געוואָלט אַרויסרייסן פון פאָטערס הענט זאָל אויף איר נישט אויסשיסן און דערהרגענען.

— וואָן ! וואָן פון מיר, אַלטער פּיקס, ליגנער ! פאַלטשער העפלינג ! — האָט געשריגן אויף איר דער גענעראַל אין ווילדן ווזט.

געשריגן האָט אויך די גענעראַלשע אויפן קאַדעט, וועלכן זי האָט מיט מי אָפּגעריסן פון איר ליבלינג, און אויפן מאַן, האָט איר געשאָלטן און גערופן גאָטסלעסטערער, כריסטאָפּראָדאַוועץ און זשידאָווסקי באַטקאַ.

פאָן אָטאָ איז געלאָפן פון איין גרופּע צו דער צווייטער, געמאַכט מיט די הענט איבערן פּליכעוואַטע קעפּל, האָט אַלעמען געמוסרט, געשטראָפט, איינגענומען, ביז נאַטאַשע האָט מיט איר פאַרצווייפלט־רופנדער שטימע אַלעמען איבערגעשריגן און פאַרשטומט.

אין אירע שוואַכע אָרעמס האָט זי געהאַלטן דעם לאַנגן קערפּער פון פאָטער, וועלכער האָט פון אַ נייעם הארצשלאַג אָנגעהויבן זיך אַרונטערלאָזן און ציען צו דער ערד מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ, און האָט גערופן צו הילף דעם דאָקטאָר פאָן אָטאָ.

# אויפן גסיסה-בעט.

אַלע זענען געווען זיכער, אז נאָך דעם האַרצשלאַג וועט דער קראַנ-קער מאַן זיך שוין נישט דערהאָלן, אז זיינע שעהן און מינוטן זענען דערפאַר געציילטע.

די איבערצייגונג האָט געהאַט פאַן אָטאָ אַליין, נישט קוקנדיק דערויף, האָט דער חולה גופא, ווי נאָר ער איז געקומען צום באַוווסט-זיין אין זיין בעט, און נאַטאַשע אים שוין מער צום בעט נישט צוגע-לאָזט. . .

ביידן איז די ראָלע פון דעם פראָפעסאָר, וועלכן דער צאַר אַליין האָט געשיקט, געווען גוט קלאָר. זיין קעגנוואַרט האָט געבראַכט מיט זיך דאָס געפיל פון גרויל און אָפשיי. . . נאַטאַשע האָט פשוט געציטערט, אַז דער פראָפעסאָר זאָל איר דעם פאָטער נישט פאַרסמען. . . דערפאַר האָט זי באַלד איינגעלאַדן דעם דאָקטאָר פון שטעטל, אַ טיפּישן ייד פון די ישיבה-בחורים מיט זייער אַ שלעכטער רוסישער אויסשפּראַך, וואָס האָט גע-גרילצט און געסקריפּעט ווי אַ נישט-געשמירטער וואָגן, און מיט אַ האַנט-באַוועגונג פון אַ תלמודיסט.

אַזוי ווי דער פראָפעסאָר האָט דערזען באַם קראַנקנס בעט דאָס זשידאָווסקי דאָקטאָרל, האָט ער באַלד אַוועקגערופן נאַטאַשען אָן אַ זייט און האָט זיך געווענדט צו איר מיט אַ באַליידיקטן שטאָלץ:

— ווייסט איר, מאַדמואַזעל, אַז איך בין פראָפעסאָר-טעראַפּעוט פאָן אָטאָ, זיין מאַיעסטעטס לייב-מעדיק, אַ מאַן מיט אַן אייראָפּעישן נאָ-מען, אַן אויטאָר פון באַרימטע ווערק איבער מעדיצין און פיזיאָלאָ-גיע?

— עס קאָן זיין! — האָט אים נאַטאַשע צוגעוואָרפן גלייכגילטיק.

— נישט עס קאָן זיין, עס איז אַזוי! — האָט אַ טופּע געטון דאָס קליינע מענטשעלע און האָט אַרויסגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר צעצויגע-נע, מיט באַליידיקונג און עמפּערונג פלאַקערנדע אויגן.

— טאָ וואָס ווילט איר פון מיר?

— צוואָס האָט איר איינגעלאַדן דעם זשיד, אז איך, פאַן אָטאָ, אַ גרויסער מעדיצינישער אויטאָריטעט און אייער פאָטערס יוגנט־פריינט איז דאָ דאָ?

אַ שאָטן פון אומגעדולד איז דורכגעלאָפן איבער נאַטאַשעס פנים און האָט אָנגעצונדן אירע אויגן מיט אַ בייזן פלאַם.

— הערט, פּראָפעסאָר! איך וועל מיט אייך זיין אָפנהאַרציק. . געקומען זענט איר אַהער מיט די אָבזיכטן פון אַ שונא און נישט פון קיין יוגנט־פריינט. . . אָט דאָס איז דער גרונד, וועלכער לאָזט מיך נישט געברויכן אייער מעדיצינישע הילף.

נאַטאַשאַ האָט זיך צו אים גראָב אויסגעדרייט און איז צוגעגאַנגען צום פאָטערס בעט אין צווייטן עק פון אַ גרויסן צימער.

דער באַליידיקטער שטאָלץ האָט זיך אויף אַ ווײַלע אויסגעלאָשן אין פּראָפעסאָרס פנים. ער האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט צו פּראָטעסטירן, צו פאַרענטפערן זיך, נאַטאַשאַס בליקן און אומגעדולדיקע האַנט־באַוועגונגען, וועלכע האָבן אים שטרענג אָנגעוויזן אויפן קראַנקן אין בעט, האָבן באַ אים צוגענומען דעם מוט.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך אַ דריי געטון אויפן אָרט, ווי אַ פּיקסל, וואָס וויל כאַפּן זיין אייגענעם עק, האָט זיך צוריק אויסגעגלייכט אין אַ באַוועגונג פון אַ באַליידיקטן און האָט פאַרלאָזט דאָס צימער.

אין קאַבינעט האָבן אויף איר געוואַרט דער פּראָקוראָר. דער קאַדעט און די גענעראַלשע, און דער פּראָפעסאָר האָט זיך גענומען פּראָטעסטירן פאַר זיי.

— מאַדאַם! איך בין באַליידיקט אין אייער הויז! העכסט באַליידיקט! — האָט ער נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן.

דער פּראָקוראָר האָט זיך אָבער שוין נישט צוגעהערט צום פּראָפעסאָרס „גאַלימאַטיאַ", ווי ער האָט באַ זיך אין די געדאַנקען גערופן זיינע אומעטיקע פּלוידערייען, ווי אַזוי ער האָט אַמאָל געדינט צוזאַמען מיטן פאָטער און וואָס פאַר איבערגעגעבענע פריינט זיי זענען געווען, מעשיות וועלכע ער האָט שוין געהערט פון אים פיל מאָל און וועלכע האָבן זיך סותר געווען, ווי איין ליגנט דעם צווייטן.

שפּאַנענדיק הין און צוריק איבערן צימער, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, האָט דער פּראָקוראָר איצט געהאַט דעמזעלבן אויסדרוק, ווי דאַן באַנאַכט, ווען דער פאָטער האָט אים דערזען אויף דער וועראַנדע, שרייבנדיק אונטערן יאַפּאַנישן אַבאַזשור דעם בלוט־בלבול.

די דאָן האָט זיין פנים אויסגעזען ווי אַ פאַרגליווערטע ליים-געלבע מאַסקע פון אַן אינקוויזיטאָר. וועלכער פייניקט עמעצן אין זיינע סאַדיסטישע מחשבות און איז נישט געזעטיקט מיטן געפייניקטנס ליידן און ווייטיקן. ווי דאַן האָט זיין קראַנקער מוח געשפּונען אַ מיאוסן געוועב פון האַס און פאַרלוימדונג. איצט אָבער איז דער פאַרלוימדעטער געווען זיין אייגענער פאָטער, וועלכער האָט געהאַלטן באַם שטאַרבן. . .

אין דעם געוועב האָט דער פאָטער געדאַרפט פאַרפלאָנטערט ווערן ווי אַ נאַר, עובר-בטלניק און משוגענער, וואָס זאָל רעכטפאַרטיקן זיין אויפטריט קעגן דעם בלוט-בלבול; די פאַרפלוכטע זשידאָווסקע סימפּאַטיעס זיינע און דעם ראַפּאָרט צום צאַר.

אין דעם שפּינען האָט אים געדאַרפט העלפן דער פּראָפעסאָר, אַלס עקספּערט, און דער פאַקט, וואָס דער פּראָפעסאָר איז באַליידיקט און קלאָגט זיך פאַר דער מוטער און זשומעט דאָרט אין ווינקל, ווי אַ מיאוסע און טרויעריקע פליג אין אַ שטילן און הייסן זומער-טאָג, האָט אים פאַרשאַפט אַ בייז פאַרגעניגן. עס האָט אים נאָר באַנג געטון, וואָס דאָס זעלבע אַלטע אייזל האָט אים נישט אויסגעפּאַטשט, ווייניקסטנס איבערן פליכעוואַטן, און ווי אַ נוס שפּיציקן קעפּל.

„אַזוי אים צוהאַלטן מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער אַזוי לאַנג שנעלן מיט די פינגער איבערן נאַקעטן און געל-שמוציקן שאַרבן, אַז ער זאָל זיך אָנגיסן מיט בלוט און ווערן רויט ווי אַ בורעק" — האָט זיך געטראַכט שפּאַנענדיק דער סאַדיסט. און אין זיין צעשפּאַלטענעם קראַנקן געדאַנק האָט ער שוין אַליין געהאַלטן דעם קליינעם פאָן אָטאָ צווישן די פיס, ווי מען האַלט אַ פאַרשולדיקט און פאַרשטומפּט קינד, און האָט אים געשנעלט מיט די פינגער ביז בלוט.

אַ פאַרפלייצטע און געטריבענע פון דעם קראַנקן פאַרגעניגן, וואָס עס האָט אים פאַרשאַפט דער געפּלאָגטער פּראָפעסאָר און דאָס, וואָס דער אַלטער כריין פּגרט דאָרט אין צווייטן צימער און אַלץ וועט זיך אויסדרייען צוריק צו זיין גונסטן, האָט די קראַנקע פאַנטאַזיע זיינע געאַרבעט נאָך שנעלער און העלער.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער פאַרפאַסונג פון פּראָפעסאָרס עקספּערטיזע אין זיינע געדאַנקען, וועלכע ער האָט געזאָלט אים דיקטירן, האָט ער זיך גענומען שפּינען אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי צוצונעמען באַ דער שוועסטער דעם גרויסן מאַיאָנטעק.

„טאַקע אויפן גרונט פון דער עקספּערטיזע וועט ער באַשטרייטן

די אַקטן און פּאַפּירן אין געריכט... ער איז שוין לאַנג עובר־בטל...
אפילו דאַן, ווען ער האָט געקויפט דעם מאַיאָנטעק אויף איר נאָמען...
מיט דער מאַמעס געלט האָט ער אים געקויפט... און זי וועל איך קיין
סיביר פאַרשיקן... יאָ, פאַרשיקן, ווי אַ רעוואָלוציאָנערקע און ניהיליסט־
קע"... — און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם פון די בילדער, ווי אַזוי נאַ־
טאַשע פאָרט אין באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרמען קיין סיביר און אַזוי
ווייטער, איז ער צוגעגאַנגען צום שרייב־טיש, האָט אַרויסגענומען פון זיין
פּאָרטפעל פּאַפּיר און האָט מיט אַ באַפעלנדער האַנט־באַוועגונג איינגעלאַדן
צום טיש דעם פּראָפעסאָר.

— זעצט זיך און שרייבט! — האָט ער כמעט אַזוי ווי באַפוילן
דעם לייב־מעדיק, און יענער האָט אים געפאָלגט.

15־טער יולי ...... 19. איך, אונטערצייכנטער, לייב־מעדיק פון זיין
מאַיעסטעט" — האָט ער זיך גענומען דיקטירן די עקספּערטיזע און דער
עקספּערט האָט אים נאָכגערעדט און געשריבן.

אַז עס איז אָבער געקומען צום אָרט, ווו דער זון האָט דיקטירט,
אַז דער גענעראַל־אַדיוטאַנט איז נישט באַם קלאָרן פאַרשטאַנד, האָבן זיך,
פּראָטעסטירנדיק אויפגעהויבן פון די ערטער, אי דער עקספּערט, אי דעם
משוגענעמס פרוי, די גענעראַלשע.

— עס איז אַ זינד, איליושאַ... אַזוי אויף אַ פאָטער... — האָט
זי באַמערקט אָן מוט און אומזיכער.

— אַ זינד? כי, כי, כי! עס איז מער פון אַ זינד... עס איז
פּאָדלאָג, אַ קרימינאַל, צום טייוול! — האָט זיך צעלאַכט דער פּראָפע־
סאָר.

— וואָס? — האָט אַ ריטשע געטון דער פּראָקוראָר אויףביידן,
און זיין לייב־געל און אָפּגעלעבט פּנים פון אַ דעגענעראַט איז מיט
אַמאָל געוואָרן גרין און זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו שליידערן אויף
זיי בליצן.

— ניין! ווי איר ווילט... נאָר איך, מאָן שער, וועל אַזוינע זאַכן
נישט שרייבן... פאָרט אַ יוגנט־פריינט... און דערצו נאָך אַ פּאָד־
לאָג.

ער האָט מיט אַ באַוועגונג פון פּראָטעסט אַוועקגעוואָרפן די פּען,
האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אויסגעשריגן מיט אַ מעלאַנכאָלישן
זיפץ.

— אַך, מאַדאַם, נישטאָ די יוגנט! קאַווקאַז... טשערקעסקעס... רועלן... פאַריבער... און מיר שטאַרבן!

און אַ מידער געגעץ האָט אויסגעקרימט זיין מויל מיט די פוילע און עקלהאַפטע ציין.

אויף אַזאַ ווידערשטאַנד האָט זיך דער פּראָקוראָר נישט געריכט, און זיין גאַנץ שפּינוועבס איז מיט אַמאָל צעריסן געוואָרן.

— פּאַזוואָלטיע! — האָט ער געעפנט ברייט דאָס מויל.

פאָן אָטאָ איז אָבער צוגעגאַנגען צו אים, האָט אים אַרומגענומען מיטביידע הענט אַרום דער טאַליע און זיך מיט ליבשאַפט צוגעדריקט צו זיין בויך.

— ניע מאָגו! ניע מאָגו, מיין פריינד! אַ קונץ שרייבן? איר גיט מיר פאַקטן! פאַקטן, פאַקטן דאַרף איך! אַ טאָג-ביכל עפּעס... די צוואה... שריפטן... קורץ, שוואַרץ אויף וויס... אַזוי שרייבט מען נישט! איר זוכט נאָר דאָרט — האָט אַ ווינק געטון דער אַלטער פוקס אויף דער אייזערנער שאַנק — אָ, איר וועט שוין געפינען! און ער איז מיט אַ שפרונג צו צום גלח, וועלכער האָט געעפנט די טיר און גע-בראַכט מיט זיך אַ שטאַרקן גערוך פון דאַרף און דזשעגעכץ, לאָזנדיק דעם פּראָקוראָר אַן אומבאַוועגלעכן און אַ צוגעקאָוועטן צו זיין אָרט פון איבעררעשונג און מאַכטלאָזן כעס.

## דער ווידוי.

אַז די גענעראַלשע האָט דערזען דעם גלח מיט די הייליקע מכשירים צום ווידוי האָט זי פאַרקלעמט באַם האַרץ און זי האָט זיך צעוויינט, צום ערשטן מאָל, ווי זי וואָלט ערשט רעאַליזירט, אַז דער מאַן, וואָס ליגט דאָרט אין דעם צווייטן צימער אויפן קראַנקן בעט, האַלט באַם שטאַרבן.

און אַז דער זון האָט אויף איר אָנגעשטעלט זיינע בייזע אינקווי-זיטאָרישע אויגן האָט זי, טרייסלענדיק זיך מיטן גאַנצן פעטן און גראָבן קערפּער אירן, געכליפּעט:

— וואָס-זשע, ער איז מיר נישט קיין מאַן? ווי עס איז... אָבער

געלעבט האָבן מיר צוזאַמען... קינדער געהאַט... אָ, באַטיושקאַ, פאַר־מוטשעט האָבן מיר אים... מיר זענען אַליין שולדיק און אַ שווערע זינד אויף דער נשמה גענומען... אַ מענטש איז ער געווען אַ גוטער, אַ זינד צו לייקענען.. נישט קוקנדיק, וואָס ער פלעגט זיך אָפּט בייזערן אויף „טשודאַטשען" — האָט זיך געקלאָגט די גענעראַלשע פאַרן גלח און האָט זיך נאָך העכער צעוויינט פון חרטה און האַרץ־קלעמעניש.

דער גלח האָט דערויף טיף געזיפצט און געענטפערט מיט זיין אומבאַשטימטן : „יאַ טאַוואָס"...

פאָן אָטאָ האָט זיך צוגעזעצט אויפן דיוואַן, האָט מעלאַנכאָליש צו־זאַמענגעדרייט זיין קליינע פיגור און איז טרויעריק פאַרשטומט געוואָרן. דער מלאך פון טויט האָט אויף דעם אַלטן העפלינג פאַרטשעפּעט מיט זיין פליגל, איבערגעשראָקן און אויף אַ ווײַלע פאַרטריבן פון קאָפּ אַלע זיינע פאַסקודנע געדאַנקען און טייוולישע פּלענער.

דער פּראָקוראָר איז שוין איצט געשטאַנען פאַר אים דאָרט באַם טיש ווי אַ גרויזאַמער און מיאוסער טייוול, וועלכן ער וואָלט איצט שוין געדראָפּעט מיט זיינע נעגל.

און אַזוי זענען אַלע לאַנג געבליבן שטום און אומבאַוועגלעך ווי שוין אין קעגנוואַרט פון אַ מת. אפילו באַם זון אַליין האָט זיך דער שפּין אין מוח אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט אין זיין אַרבעט און האָט אויפגע־הערט צו שפּינען זיין שפּינעכץ. די בייזע און גיפטיקע גאַל זיינע האָט זיך אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט צו קאָכן, די מיט האַס פאַרשאַרפטע גע־זיכטס־ציגע זענען געוואָרן ווייכער און מענטשלעכער. ער איז צוגעגאַנ־גען צום פענסטער און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס און זיך פאַרקוקט אויפן פּאַרק.

די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ שטילן און פאַרזיכטיקן סקריפּ און דער קאַדעט האָט אַריינגעשטעקט זיין רויטן און פלאַכן קאָפּ מיט קורצע, שיטערע און האַרטע האָר ווי אַ חזיר, געכאַפּט אַרום זיך אַן אַנגסטלעכן און אומזיכערן בליק און איז אויף די שפּיץ־פינגער צוגעגאַנגען צו דער מוטער און זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר שטיל און פאַרזיכטיק.

די זון האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרגיין און אָוונט־שאָטנס האָבן שוין אָנגעהויבן צו הילן דעם פּאַרק און שטיל זיך גליטשן דורך די פענסטער, ציטערנדע און וואַרטנדע. די לעצטע זונען־שטראַלן זענען אַרי־בערגעשפּרונגען איבערן פּראָקוראָרס אויסגעקראָכענעם קאָפּ באַם פענסטער און זיך גענומען שפּילן מיטן גאָלד פונם גלחס קלויסטער־בגד, וועלכער

האָט אַרויסגעקוקט און געשימערט פון אונטער זיין צעשפּיליעטער פּאַרו-סיגענער קאַפּאָטע.

אַריינגיין צום קראַנקן און מיט אים זאָגן ווידוי האָט מען נאָך נישט געקענט. די גאַנצע מאַכט און אַפּטרופּסות איבער דער סיטואַציע האָט גענומען אין אירע הענט די קליינע, אָבער מעכטיקע נאַטאַשאַ, פאַר וועלכער עס האָט אַלץ איצט געציטערט, באַזונדערס די קאַצאַפּקע, איר מוטער אַליין.

און נאַטאַשאַ איז נישט אָפּגעגאַנגען פון פאָטערס בעט און איצט איז זי דאָרט געזעסן מיט צוויי זשידעס, מיטן דאָקטאָר און מיט אַ פעלדשער פון שטעטל.

דער געדאַנק אַליין איז געווען אומדערטרעגלעך פאַר די פּראַוואָ-סלאַוונע מענטשן און האָט טיף פאַרלעצט זייערע רעליגיעזע געפילן. אום צו זאָגן ווידוי מיטן שטאַרבנדיקן האָט מען באַדאַרפט האָבן איר דער-לויבעניש און צונעמען די זשידעס פון צימער.

נאַטאַשע איז אָבער לאַנג נישט אַרויסגעגאַנגען, נישט קוקנדיק דע-רויף, וואָס זי האָט דעם גאַנצן טאָג נאָך אין איר מויל נישט געהאַט, און אַלע זענען געזעסן שטומע און וואַרטנדע, ווי פאַראורטיילטע. ענדלעך איז זי דערשינען מיט פאַרוויינטע אויגן, באַגלייטנדיק דעם דאָקטאָר.

די מוטער איז אויפגעשפרונגען פון איר אָרט און האָט זיך איר געוואָרפן אויפן האַלדז מיט אַ געוויין. פאָן אָטאָ איז ווי אַ הינטל אַראָפּ-געשפרונגען פון דיוואַן און האָט זיך אַ לאָז געטון צום יידישן קאָלעגע אים אויספרעגן, ער האָט זיך אָבער אין מיטן וועג דערמאַנט אָן זיין ווירדע פון אַ לייב-מעדיק און פּראָפעסאָר, האָט זיך שטאָלץ אויסגעגלייכט און זיך אומגעקערט צוריק אויף זיין אָרט.

דער דאָקטאָר איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער, פאַרלעגענער און צעשראָקענער, ווי אַ מאַן, וועלכער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמ-דער און פיינדלעכער סביבה און ווייסט נישט, וווהין צו גיין.

נאַטאַשע האָט עס באַלד באַמערקט, האָט זיך באַפרייט פון דער מוטערס אָרעמס מיט אַן אומגעדולדיקער באַוועגונג און האָט אַרויסגע-פירט דעם דאָקטאָר, ווי מען פירט דורך אַ מענטש דורך בייזע און גע-פערלעכע הינט.

דאַן האָט זיך דער פּראָקוראָר ערשט אויסגעדרייט פון פענסטער.
— גייט, באַטיושקאַ, און איספּאָוועדועט אים — האָט זיך גע-

חענדט צום גלח דער פראָקוראָר מיט אַ שטרענגן און באַפעלנדן טאָן — זאָל ער וויניקסטנס שטאַרבן ווי אַ קריסט און ווי אַ פראַוואָסלאַווגער.

דער גלח האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— איך. . . טאַוואַס. . . איך בין גרייט — און ער האָט שנעל פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די אויבערשטע קאַפּאָטע און איז געבליבן שטיין אין גאָלדענעם העמד, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשטעקט אַ פּאָר שווערע און פאַרשטויבטע שטיוול.

ער האָט אַ טיפן זיפץ געטון און האָט זיך גענומען צוגרייטן זיינע הייליקע מכשירים. ער האָט אָנגעצונדן דאָס ווייַרויך-געפעס און אַ שאַר-פער טשאַד פון בשמים האָט זיך צעטראָגן איבערן צימער. אַ צוגעגריי-טער האָט ער געוואָרפן אַ וואַרטנדן בליק אויפן פראָקוראָר.

— גייט מיטן באַטיושקאַ, מאַמאַשאַ! — האָט באַפוילן דער זון צו דער מוטער.

די גענעראַלשע האָט הויך אויסגעשנייצט איר קיילעכדיקע, ווי אַ ציבעלע, נאָז און האָט זיך געלאָזט גיין אין באַגלייטונג פון גלח אין צווייטן צימער, ווו דער קראַנקער איז געלעגן.

באַלד האָט זיך פון דאָרט אַרויסגערוקט דורך דער האַלב-אָפענער טיר מיט איין זייט דער פעלדשער און, מורא האָבנדיק זיך אַרומצוקוקן, איז ער שנעל ווי אַ גנב אויף די שפּיץ-פינגער אַרויס פון צימער, אָנ-בייגנדיק דעם קאָפּ ווי פאַר אַ שפּרונג, אָדער אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו כאַפּן מיט אַ האַק איבערן האַלדז-נאַקן.

*

*   *

דער גענעראַל איז געלעגן באַם אָפענעם פענסטער מיט האַלב-צו-געמאַכטע אויגן. אַ שטיל און פריש ווינטל האָט געשאָקלט די צווייגן פון אַן אַלטן קאַשטאַן-בוים און זיי האָבן זיך געשאָקלט פאַרן פענסטער, ווי אין אַ שטילער און פאַרקלערטער תפילה. און פון הינטער די מידע האַלב-צוגעמאַכטע וויעס האָט דער קראַנקער פאַרפאָלגט די לייכטע און גלייכע באַוועגונגען פון די צווייגן, דעם פלי פון אַ זינגענדיקן קאָמאַר, וועלכער האָט זיך געדרייט אין אָפענעם פענסטער; דעם זונען-אונטערגאַנג, וועל-כער האָט שוין געצונדן זיינע לעצטע שטראַלן און געגילדט מיט זייער צעשמאָלצן גאָלד די שפּיצן פון די הויכע הונדערט-יעריקע טאָפּאָליעס

און געפּאַרבט די, איבערן פּאַרק אומבאַוועגלעך־הענגענדע, וואָלקנס מיט
פאַנטאַסטישע זוימען פון געמישטע קאָלירן. אייניקע מיט פיאָלעט־רויט,
אַנדערע מיט אַ בלוי־אָראַנזש פאַרב. באַלד האָט זיך אין אייניקע ערטער
דאָס בלויע אויסגעלאָשן, דאָס רויטע איז געוואָרן געדיכטער און האָט
פאַרוואַנדלט די וואָלקנס אין צעריסענע און פלאַקערנדיקע שטיקער פון
צעשמאָלצענעם גאָס־אייזן, וועלכער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט נידעריקער
און נידעריקער, גרייט צו קאַפּען אויף דעם פּאַרק מיט גרויסע פייער־
פלעקן.

דאָס האַרץ איז געווען באַ אים רויִק און אַזוי ווי פאַרכאַפּט פון
דעם מעלאַנכאָלישן גלאַנץ און שיינקייט פונם אָפּשטאַרבנדיקן זומער־טאָג,
וועלכער האָט געקוקט אויף אים אין פענסטער. דער פולס אָבער האָט
זיך באַ אים געקלאַפּט מיט לאַנגע פויזעס און אומרויִק. דער לעבנס־
שאַרפער אינסטינקט, וועלכער איז אויף דער וואַך באַ קינדער און באַ
זקנים, האָט אים אָבער געזאָגט, אַז ער וועט נאָך היינט נישט שטאַרבן,
אַז דער מלאך־המות איז אָפּגעגאַנגען פון זיין בעט.

ער האָט געהערט ווי נאַטאַשע מיטן דאָקטאָר זענען אויף די שפּיץ־
פינגער שטיל און פאָרזיכטיק אַרויסגעגאַנגען. ער האָט געפילט די אָנ־
וועזנהייט פון פעלדשער אין ווינקל אויף אַ שטול. און די אָנוועזנהייט
האָט אים געגעבן דאָס זיכערהייטס־געפיל, וואָס עס גיט אַן אייגענער אין
געטרייער שומר. ער האָט געפילט ווי דער נעפל, וועלכער האָט געהילט
און געדריקט זיין באַוווסטזיין, צערייסט זיך און צעטראָגט זיך ביסלעכ־
ווייז און די געדאַנקען זיינע הייבן אָן צו ווערן קלאָרער, ווי דער הימל
נאָך אַ שטורם, צווישן דעם צעריסענעם נעפל האָבן זיך ווי העלע שטראַלן
באַוויזן אַלטע און גוט באַקאַנטע געשטאַלטן און דערינערונגען... די
אַלטע און אייביק־פרישע יוגנט־יאָרן... און אַ וואַרעמע פרייד האָט זיך
צעגאָסן איבער זיין האַרץ.

ער און בערל... ווי ער קריכט אויפן עפּלבוים אין פּאַרק, ווי די
עפּל פאַלן מיט אַ קלאַפּ אויפן גראָז... ער הערט דעם שווערן און אי־
בערגעריסענעם אָטעם פון זיין חבר, וועלכער כאַפּט די עפּל אונטערן
בוים... ער הערט דאָס קלאַפּן פון זיין אייגן האַרץ... דער חבר זיי־
נער גיט פּלוצלינג אַ געשריי... ער שפּרינגט אַרונטער און צערייסט די
פלודערן... דער שאָדן צערייסט מיט שרעק און ווייטיק זיין האַרץ...
אַ פעסטע האַנט כאַפּט דאַן אַרום זיין האַלדז ווי אַן אייזערנער רייף...
מען פירט אים, און נאָך אים דעם ווייַנענדיקן חבר... ער קוקט זיך אום

אוּן זעט פאַר זיך זײַן פוּן שרעק אויסגעקרוּמט פּנים מיט צוויי דיקע פּאַהקעלעך אוּן ער גיט זיך אַ ריס אים צוּ פאַרטיידיקן... מיט אַמאָל אָבער וואַקסט בערל אויס, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ זקן מיט אַ ברייטער זילבערנער באָרד אוּן מיט וואָנסעס, וועלכע האָבן גרינע פלעקן פוּן שמעק־טאַבאַק... בערל הייבט אויף די האַנט צוּם הימל, גלאָצט אויף אים מיט בייזע אויגן ווי אַ שטראָפנדער נשיא, שרעקט אים מיטן בית־דין של מעלה אוּן הייסט אים קוּמען צוּ קבר ישראל... אַ שווערער אוּמעט פוּן אַ גסיסה צעגיסט זיך ווי אַ צעשמאָלצענער בליי איבער אַלע זײַנע גלידער אוּן בריט אָפּ דאָס האַרץ, וועלכעס הויבט זיך ווידער אָן צוּ וואַרפן... ער וויל מאַכן אַ באַוועגוּנג זיך אויסצוּדרייען, קען אָבער נישט, דרייט נאָר אויס דעם קאָפּ אוּן דערזעט אין דער טיר דאָס רויטע פּנים פוּן דער קאַצאַפּקע אוּן הינטער איר אַ ווילדע, פרעמדע אוּן פּאַטלאַטע פיגוּר אין אַ גאָלדענער בוּנדע.

די פיגוּר רוּקט זיך אויף אים נענטער אוּן נענטער, ווי דער מלאך־המות. אַז ער דערהערט אָבער דעם גלחס הייזעריקע שטימע, דעם דוּמפּיקן גערוּך פוּן זײַנע פאַרשימלטע קלויסטער־בגדים, פוּן שווייס, פוּן ווײַרויך אוּן דזשעגעכץ, צינדט זיך אין אים אָן דער אַלטער, לעבנסלאַנג אָנגעזאַמלטער עקל, ווידערווילן אוּן צאָרן. אין פלאַמען פוּנם צאָרן שפּרינגט ער אַרוּנטער פוּן בעט, כאַפּט אַ לייכטער פוּן דער קאָמאָדע אוּן וואַרפט זיך אויפן גלח מיט דעם זעלבן וווּט, ווי ער פלעגט זיך וואַרפן מיט דער בלויזער שווערט אויפן טערק, אוּן שרייט נישט מיט זײַנער, נאָר מיט אַ געליגענער שטימע, וועלכע ער אַליין דערקענט נישט, אַזוי פרעמד קלינגט זי אין זײַנע אייגענע אויערן:

— וואָן! וואָן! פאַרשטוּנקענער פּאָפּ!

## די אייזערנע שאַנק.

די ערשטע איז אַרויסגעלאָפן די גענעראַלשע אוּן דערנאָך שוין דער גלח, אַ פאַרשוויצטער, אַ רויטער אוּן אַ שרעקלעכער אין זײַן גרויסער צעשויבערטער געשטאַלט, געקליידט אין די קלויסטער־בגדים. ביידע האָבן אויסגעזען ווי די געצנדינער, פאַר וועלכע מען האָט צעשמעטערט

ווייער-גאָט, פאַרשוועכט זייערע הייליקסטע געפילן און וועלכע לויפן פון זיין גרימצאָרן...

די געגעראַלשע איז געפאַלן אויף די קני פאַרן הייליקן בילד אין ווינקל, האָט זיך געגומען שנעל צלמען, זיך שנעל בוקן און איבערבעטן, דעם דערצערנטן גאָט, און היפּטזעכלעך וויינען, האַרציק און ביטער וויינען, אויס פאַרצווייפלטן רחמנות אויפן גאָטס-לעסטערער, וועלכער איז איצט געווען שוין פאַרפאַלן אויף אייביק פון אַלע וועלטן און אָן אַ שום תּיקון.

דער גלח האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ שטול, בישט אַרויס-לאָזנדיק די הייליקע מכשירים פון דער האַנט און האָט אַ קרעכץ געטון ווי אַ געקוילעטער:

— אַרויסגעטריבן... ס׳הייסט!...

אַ בייזער און צופרידענער שמייכל האָט באַלויכטן דאָס אומבאַוועג-לעכע פּנים פון פּראָקוראָר, קיין בעסערע מתנה האָט מען אים פון יע-נעם צימער נישט געקענט ברענגען.

— איר הערט, פּראַפעסאָר? — האָט ער זיך געווענדעט צום דייטש אויפן דיוואַן — גוט! ער וויל זיך נישט מתוודה זיין, זאָל ער פגרן ווי אַ הונט הינטערן פּלויט... אָן דער ברכה פון דער קירכע — האָט ער זיך געווענדעט ווי צו זיך אַליין און זיך אויסגעגלייכט ווי אַ תּלין פאַר זיין קרבן.

די מוטער איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ וויי-געשריי:

— איליושאַ! קריסטוס איז מיט דיר! אַ פּאָטער איז ער דיר, צי ניין?

דערויף האָט דער זון אויף איר אַזאַ קריץ געטון מיט די ציין און אַזאַ גלאַנץ געטון מיט די אויגן, אַז די ווערטער זענען שוין פאַרשטיקט געוואָרן פון שרעק אין איר גאָרגל און האָבן שוין נישט געקענט אַרויס-גיין. זי האָט פאַרדעקט דאָס פּנים, איז אָפּגעגאַנגען אין אַ ווינקל און האָט ווייטער געוויינט.

פאָן אָטאָ איז צום גאַנצן אינצידענט געבליבן גלייכגילטיק, אַזוי ווי ער וואָלט עס דערוואַרטעט, נישט גערירט זיך פון דיוואַן און מען וואָלט געקענט גלויבן, אַז דאָס קליינע און ווי אַ קנויל צוזאַמענגעדרייטע מענ-טשעלע, איז נאָר איינגעשלאָפן אויפן דיוואַן, ווען עס זאָל זיך נישט גע-ווען טראָגן זיין דראָבנע געלעכטערל, דאָס כי-כי-כי, וועלכעס האָט זיך

געטראָגן פון דיוואַן איבערן צימער, ווי דאָס גיסן פון רעגן־וואַסער אונ־טער אַ פענסטער.

אַזוי זענען אַריבער עטלעכע מינוטן.

— איצט קענט איר זיך גיין, באַטיושקאַ — האָט זיך געווענדעט צום גלח דער פּראָקוראָר — איר האָט אייער פליכט געטון... איר וועט נאָר מיר מוזן איבער אַלעם דעם, וואָס האָט פּאַסירט, אויסשטעלן אַ צייגניש.

— איך בין גרייט... צו יעדער צייט — האָט געענטפערט אונ־טערטעניק דער גלח, האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און האָט צונויפ־געבונדן צוריק זיינע מכשירים, אָנגעטון די אויבערשטע קאַפּאָטע זיינע און האָט זיך לאַנגזאַם און אומאַנטשלאָסן געלאָזט גיין צו דער טיר, זיך אַרומקוקנדיק, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט עפעס נישט צו פאַר־געסן אָדער נישט צו דערטון ווי געהעריק.

— מאַמאַשאַ! איך וועל אייך בעטן צו פאַרלאָזן דאָס צימער — האָט ער זיך געווענדעט צו דער מוטער — איך און דער פּראָפעסאָר האָבן דאָ עפעס צו דערליידיקן און איך בעט אייך איר זאָלט אונדז נישט שטערן.

די גענעראַלשע האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר איבערגעשראָ־קענע און זיך בעטנדע אויגן.

דעם זונס בליקן האָבן אָבער באַ איר צוגענומען דעם מוט צו פּראָטעסטירן און ווידערצושטיין.

— ווי דו ווילסט, איליושאַ, איך קען גיין... אָבער אַ זינד איז דאָס... איך בין דאָך אַ ווייב... און דו ביסט אַ קינד... אָ, אַ גרוי־סער זינד — און זי האָט זיך נאָך העכער צעוויינט און פאַרלאָזט דעם קאַבינעט.

פאַן אָטאָ איז מיטאַמאָל אַראָפּגעשפּרונגען פון דיוואַן, ווי אַ הינטל, וואָס איז גערופן פון זיין באַלעבאָס.

דער פּראָקוראָר איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט אַ גע־שריי געטון: „פּאָליציי!" און ווי פון דער ערד אַרויס איז פאַרן פענ־סטער אויסגעוואַקסן דער פּריסטאַוו, האָט צוגעלייגט די הענט צום דאַ־שעק און האָט אונטערטעניק דערקלערט: „סלושאַיוס, וואַשע פּרעוואָס־כאָדיטעלסטוואָ".

— גייט אַרויף אויפן צווייטן שטאָק... מיט די טרעפּ... אין דער באַרישניאַס צימערן... איר וועט זי דאָרט טרעפן מיטן זשיד, דעם דאָק־

סאָר פון שטעטל... דעם זשיד זאָלט איר הייסן גיין אַהיים... די באַ־רישניאַ זאָלט איר אַרעסטירן אין איר צימער און זי נישט אַרויסלאָזן ביז איך וועל אייך נישט באַפעלן.

— פּראָקוראָר... אַן אייגענע שוועסטער... איך פּראָטעסטיר! — האָט זיך אויפגעכאַפּט דער פּראָפעסאָר.

— שטערט מיר נישט! — האָט אויף אים אַ טופּע געטון דער פּראָ־קוראָר.

דער פּריסטאַוו האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט.

— דו האָסט מיך פאַרשטאַנען? — האָט אויף אים אַ געשריי געטון דער פּראָקוראָר.

— יאָ, אָבער... — האָט אומאַנטשלאָסן געשטאַמלט און געוואַקלט זיך דער פּריסטאַוו, האָט זיך אָבער באַלד פאַרכאַפּט, אונטערטעניק צוגע־וואָרפן: „סלושאיוס" און איז פונקט אַזוי שנעל פאַרשוווּנדן פון פענ־סטער, ווי ער איז דערשינען.

דאַן האָט דער פּראָקוראָר געעפנט אַ טיר און אויף דער שוועל אין שטוב איז, אָן אַן איינלאַדונג, דערשינען אַ געשטופּלטער סוביעקט, צוויי גלעזערנע אויגן פון אַ וואַלד־גזלן און מיט אַ פּאָר פייער־רויטע און פאַרדרייטע וואָנסעס.

— עפן די שאַנק! — האָט אים באַפוילן דער פּראָקוראָר מיט אַ רויק און כמעט גלייכגילטיקן טאָן און האָט אים אָנגעוויזן אויף דער איי־זערנער שאַנק אין ווינקל.

דער פּאַרשוין איז צו צו דער שאַנק אויף די שפּיץ־פינגער, מיט פאָרזיכטיקע און געשיקטע טריט פון אַ גנב, האָט אַרויסגענומען פון די זייטן־קעשענעס זיין געצייג און האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דער ערד פאַר דער שאַנק און זיך גענומען צו זיין מלאכה.

— געניאַל! געניאַל! — האָט אויסגעשריגן פאָן אָטאָ, איז צוגע־לאָפן צום סוביעקט און האָט זיך גענומען דרייען אַרום דער שאַנק, ווי אַ טכוירל אַרום אַ שטייג מיט עופות.

און אַזוי ווי דער פּראָקוראָר און פאָן אָטאָ זענען געשטאַנען גע־בויגן איבערן סוביעקט, וועלכער האָט זיך געפּאָרעט מיטן שלאָס פון דער שאַנק, איז אין דער טיר דערשינען דער גענעראַל, אַ צעשויבער־טער, מיט אַ צעשפּיליעטן שלאָפראָק, אָנגעטון אויפן נאַכט־העמד און אויף די גאַטקעס, אַ ציטערנדער און נאָך נישט קיין אויסגעלאָשענער פון דער אויפרעגונג, וואָס דער גלח האָט אים געבראַכט.

נאָך דער אויפרעגונג האָט ער זיך שויז נישט געקענט צוריק לייגן און באַרויקן. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז מיט דער אויפרעגונג װעט אויסגעלאָשן ווערן זיין לעבנס-אָטעם, און ער האָט די אויפרעגונג אין זיך דערפּאַר געגערט ווי מען נערט דאָס פייער אונטער אַ דאַמף-קעסל, כּדי עס זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן. און מיט איר צוגלייך זע-נען געוואַקסן זיינע קרעפטן, די באַוועגונגס-פרייהייט פון דיינע אָפּגע-שוואַכטע מוסקולן אין די הענט און אין די פיס.

דאָס האָט אים געטריבן עפּעס צו טון, עפּעס צו אונטערנעמען, כאָטש ער האָט אַליין נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טון און וואָס ער זאָל אונטערנעמען. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן און זוכן זיינע קליידער און היפּטוזעכלעך די שטיוול, אַזוי ווי די שטיוול וואָלטן אים געקענט געבן אי אַ פּלאַן וואָס צו טון, אי די נויטיקע כּחות פאַר דער אויספי-רונג פון דעם פּלאַן. ווי אויף צו להכעיס אָבער האָט ער די שטיוול נישט געקענט געפינען. ער האָט שוין געוואָלט קלינגען און רופן אַ לאַקיי, באַ-טאַשען, פּלוצלינג האָט ער אָבער דערהערט דאָס פאָרקען זיך באַם שראַנק אין צווייטן צימער.

דאַן האָט ער אויף זיך אַרויפגעוואָרפן דעם שלאָפראָק, האָט אָנ-געטון די שטעק-שיך און איז אומבאַמערקט דערשינען אין דער טיר.

דער ערשטער, וועלכער האָט אים באַמערקט, איז געווען פאָן אָטאָ. ער האָט אויסגעשריגן, אַזוי ווי ער וואָלט פאַר זיך דערזען אַ מת פון יענער וועלט און איז אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זייט. נאָך אים איז אויך אויפ-געשפּרונגען דער סוביעקט.

מיט אַ שפּרונג פון אַ יונגן-מאַן איז דער גענעראַל צו צו דער וואַנט, האָט אַרויסגעכאַפּט פון דאָרט אַן אַלטן, פאַרזשאַווערטן און קרו-מען קלינגע פון טערקישן שווערד, וועלכער איז געהאָנגען איבער זיין שרייב-טיש מיט נאָך אַנדערע אַלט-מאָדישע וואַפן און האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפן פּראָפעסאָר מיט אַן אוממענטשלעכער שטימע:

— אַך, דו היגטישער זון! אָט צוליב וואָס דו ביסט געקומען! קוילן וועל איך דיך!

אין טויט-שרעק האָט זיך דאָס קליינע מענטשל געלאָזט לויפן אַרום דעם צימער, לויפן און זיך דרייען ווי אַ פאַרפאָלגט פּיקסל, און שרייען:

— גענעראַל! פּראָקוראָר! פּאָליציי! שיצט מיך!

ער איז פאַרלאָפן אונטער דעם פּראָקוראָרס פליייצעס, האָט זיך דאָרט אַרונטערגעלאָזט אויף די קני און זיך באַהאַלטן אַ ציטערנדער און צעשראָקן־פלאַפלענדער.

דער קלינג האָט זיך שוין אויפגעהויבן איבערן פּראָקוראָרס קאָפּ. דער סוביעקט אָבער האָט געכאַפּט די פאַרוואָרפענע האַנט פון גענעראַל מיט אַ שפּרונג פון אַ ווילדער קאַץ און דער קלינג איז אַרויסגעפאַלן פון דער שוואַכער און ציטערנדער האַנט און איז אַרונטערגעפאַלן מיט אַ צעבראָכענעם און הייזעריקן קלאַנג.

דער אַלטער, קראַנקער מאַן האָט נאָך געהאַט כּוח זיך אויסדרייען צו דער וואַנט נאָך אַן אַנדער געווער, האָט אָבער דעם וועג שוין נישט געקענט דורכמאַכן, האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דער ערשטער ווייכער שטול און האָט זיך געכאַפּט באַם האַרץ.

דאָס האַרץ האָט זיך געוואָרפן שנעל, און דער אַלטער האָט זיך גענומען צוהערן צו דעם ריטם פון די קלעפּ, וועלכע ער האָט שוין גוט געקענט און פאַרשטאַנען בעסער פונם גרעסטן פּראָפעסאָר. דער ריטם איז געווען אַ שטאַרקער און ענערגישער ווי כּסדר, אָבער צו זיין אייגענער באַוווּנדערונג קיין געפערלעכער.

פון שפּיגל, וועלכער האָט געדינט אַלס אַ טירל צו דער קליידער־שאַנק, האָט אָבער אַ קוק געטון אויף אים זיין צעשויבערט געשטאַלט און האָט פּלוצלינג פאַרכאַפּט אַלע זיינע געדאַנקען, אפילו די שרעק פאַרן האַרץ און פּולס. אַ גיפטיק רחמנות צו זיין אייגן און פאַרוואַנדלט גע־שטאַלט האָט אָפּגעבריט זיין האַלדז און דער אַלטער האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין און אומבאַהאָלפן קינד.

פאָן אָטאָ איז אינצווישן אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און איז דורכגעלאָפן אין דער טיר אין קאָרידאָר אַריין, ווי אַן איבערגעשראָקענער שטשור.

אויפן פּראָקוראָרס ווונק האָט אויך דער סוביעקט, שטיל און אומ־באַמערקט, פאַרלאָזט דאָס צימער.

— אַ פלוך אויף דיר ! . . . ווי דו האָסט מיין לעבן פאַראומערט... —

האָט געכליפּעט דער אַלטער, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אויף דער צעכראַס־טעטער און האָריקער ברוסט, ווי אַ באַליידיקט קינד כליפּעט.

— גיט מיר דעם שליסל פון שאַנק ! — האָט זיך געווענדט צו אים דער זון!

— וואָס דאַרפסטו דאָ, אויסוואורף! — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון פּאַטצ'ס ברוסט אַ דערוואָרגענע שטימע, ווי פון אַ טיפן גרוב.

— איך זוך אונדזערע אַדל־פּאַפּירן — האָט אים באַלד געענטפערט דער פּראָקוראָר מיט אַ הילצערנער שטימע, אָבער שוין גאַנץ רויק.

דאָס וואָרט „אַדל־פּאַפּירן" האָט זיך צוגערירט צו זיין האַרץ, צו אַלע זיינע קראַנקע און צעבראָכענע אברים ווי אַ היילנדער באַלזאַם, ווי אַ דערלייזונג. אין קראַנקן און פאַרוויסטעטן האַרץ האָט זיך אָנגעצינדן די בייזע און צוגלייך זיסע פרייד פון אַ מאַן, וועלכער זעט ווי זיין שונא איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אין זיין אייגענער נעץ, וואָס ער האָט געשטעלט פאַר אים.

— צו וואָס דאַרפט איר זיי, גאָספּאָדין פּראָקוראָר? – האָט אים געפרעגט דער גענעראַל שוין מיט אַ שפּאָטענדן טאָן, און האָט זיך צוריק אויפגעהויבן פון אָרט אַ געהיילטער און מוטיקער.

— „איצט וועל איך דיך אָנלערנען. . . וועסט מיך האָבן צו געדענקען, דו הינטישער זון", האָט אַזש געשווידערט דער פאָטער פון דער נקמה, וועלכע ער איז געגאַנגען נעמען פון דעם אינקוויזיטאָר. ער איז צוגעגאַנגען צו אים גאַנץ נאָנט און האָט אים אַריינגעקוקט טיף אין פּנים אַריין.

— איך מוז זיי זען! — האָט געדעמפּט געענטפערט דער פּראָקוראָר.

— אַזוי? דו מוזט זיי זען? — אַ ווײַלע האָט ער אים שווייגנד שאַרף באַטראַכט, אַזוי ווי ער וואָלט איצט זיך ערשט גענומען שטודירן דעם פּרצוף פון אַ פרעמדן מאַן אָדער גנב, וואָס ער האָט געכאַפּט באַ זיין שאַנק און האָט באַמערקט שטיל, שוין פולשטענדיק באַוועלטיקט:

— אונדזערע פּאַפּירן זענען פאַרברענט געוואָרן.

— ווען? — האָט געפרעגט דער זון אויפציטערנדיק.

— ווען? כאַ, כאַ, כאַ! שוין לאַנג אַז זיי זענען פאַרברענט. . . זייער לאַנג. גאָספּאָדין פּראָקוראָר! איך גלייב אַז אַן ערך פון צוויי טויזנט יאָר, כאַ, כאַ, כאַ! — דער פאָטער האָט געצויגן די ווערטער און דאָס נקמה־געלעכטער מיט די געפילן פון אַ מאַן, וועלכער דרייט לאַנג און פאַרגעניגנד דעם קלונג אין זיין פריינדס ברוסט, דרייט אים אין אַלע זייטן, אַז די ווונדן זאָלן ווערן טיפער, בלוטנדער און פיינלעכער, און

פרייט זיך אַליין מיט דער בלוטיקער אַרבעט, ווי מיט זיין אייגענע רפואה און דערלייזונג.

דער זון אָבער קוקט אויף אים נישט מיט קיין קלענערער פרייד... די ווערטער און דאָס ווילדע געלעכטער טשאַדען באַ אים אין קאָפּ, פאַר זיינע גייסטיקע אויגן, ווי דאָס לעצטע צאַנקען פון אַן אויסגעלאָשענעם פאַרשטאַנד. . .

— יאָ, ער איז וואַנזיניק! — טראַכט זיך דער זון און אַ זיסע פרייד בריט און פּיבערט זיין לייב. . . עס טוט אים נאָר באַנג, וואָס פאָן אָטאָ איז נישטאָ און קען עס נישט הערן.

און אַז דער פאָטער דערזעט נישט אויף זיין פּנים נישט קיין פּיין און נישט דעם ווילדן בעסטיאַלישן כּעס, וועלכן ער האָט דערוואַרט צו זען, כאַפּט אים שוין אַליין אָן אַ ווילדער צאָרן, אַזוי ווי דער קערפּער, וועלכן ער האָט ערשט אַזוי געשטאָכן מיט דער קלינג וואָלט געווען אַ פאַנטאָם, אַ גייסט, און דער גייסט וואָלט זיך אומפאַרוווּנדעט אַרויסגע-דרייט פון זיין מערדערישער האַנט און געשפּעט פון אים און זיין מאָרד-וואָפן.

— וואָס? איר גלייבט מיר אפשר נישט, האַ? אַז מיינע פאַפּירן זענען פאַרברענט געוואָרן? איך בין געווען צוגעשריבן נישט צום קור-לענדישן אַדל. סודאַר, נאָר צו אַ גרעסערן און עלטערן. איך בין אַ כּהן. סודאַר! ווייסט איר, וואָס דאָס באַטייט? אַ ירושלימער אַדלמאַן בין איך. . . און עס קען זיין, אַז איך שטאַם נאָך פון מלכות בית-דוד אויך. . . כאַ, כאַ, כאַ, ווער ווייסט? אונדזערע פאַפּירן זענען פאַרברענט געוואָרן נאָך דאַן, ווען די רוימער האָבן צעשטערט אונדזער בית-המקדש און אונדזער מלוכה, כאַ, כאַ, כאַ! ווער ווייסט?

און דער אויסדרוק פון זון בלייבט אַלץ דערזעלבער, אָן פּיין און אָן דעם פאַטאָלאָגישן עקל, מיט וועלכן ער פלעגט כּסדר רעדן פון יידן און וועלכן דער פאָטער האָט איצט אַזוי אומגעדולדיק דערוואַרט. . . ער קוקט אויף אים מיט די גרינע אויגן און שמייכלט ווי אַ טייוול. . . וואָס הייסט דאָס?

— און דו ביסט אַ ממזר. . . געבוירן פון אַ סטאַראָווערקע און פון אַ קוטשער אָדער סתּם אַ „פּראָכוואָסט", אַ שיכּור. . . ווען דו זאָלסט זיין מיין זון, האָבן יידיש בלוט אין דיינע אָדערן, וואָלסטו נישט געמאַכט באַ מיר, דיין אייגענעם פאָטער דיינעם, קיין רעוויזיעס, נישט געבראָכן זיין שאַנק. . . דו וואָלסט געהאַט מיטלייד מיט מענטשן און אַ געפיל פון אמת

אין דיין האַרץ. . . דו וואָלסט נישט געווען קיין אינקוויזיטאָר, קיין תּלין. . . דיין מאַמע איז געווען אַ שליאָכטע! — שליידערט דער מאַן צום צווייטן מאָל זיין אייגענעם זון אין פּנים אַריין אין ווילדן צאָרן און פּאָכעט פאַר זיין פּנים מיט געשלאָסענע פויסטן.

און דאָס פּנים ווערט פלוצלינג בלייך. . . דערנאָך באַדעקט עס זיך מיט אַן אַנדערער פאַרב, אַזאַ קויטיקע און קאַלעמוטנע, אַ פאַרב פון גאַל און בלוט און שמוציקן מאַרך. זייזעלבע פליסיקייט גיסט אָן זיינע גרינע און איבערגעקערטע אויגן און שוימט שוין אויף זיינע ליפּן. דאָס פּנים פאַרקרימט זיך ווי פון אַן עפּילעפּטישן אָנפאַל. דערזעלבער אָנפאַל הייבט אָן צו שוידערן און וואַרפן זיינע הענט, און די הענט כאַפּן דעם פאָטער באַם גאָרגל. . .

— ניע סמעי! זאָלסט נישט וואַגן באַליידיקן מיין מוטער, דו אָבי־מאַנשטשיק, דו זשיד פאַרפלוכטער — שרייט דער פּראָקוראָר ווי אַ פאַר־ווונדעטער טיגער. און ווי אַ טיגער וואַרפט ער זיך אויפן זקן, טרייסלט זיין קערפּער. . . ווי באַ אַ טיגער וואַקסט באַ אים דער וווט אַלץ גרעסער און ווערגט שוין אים אַליין און דעם אַלטן מאַן, וועלכער ליגט שוין אונטער זיינע נעגל אויפן דיוואַן און רופט פאַרצווייפלט צו הילף די טאָכטער, אַז זי זאָל אים רעטן פון זונס מערדערישע הענט. . .

אין קאָרידאָר איז אין דערזעלבער צייט פאָרגעקומען אַן אַנדערער קאַמף: נאַטאַשאַ האָט געקעמפט באַם פּריסטאַוו איר וועג צום פאַרלאָזטן פאָטער.

מיט איין האַנט האָט זי געעפנט די טיר און האָט אויסגעשריגן אוממענטשלעך: „קין״!

דער קין־געשריי האָט אים איבערגעשראָקן און ער איז אָפּגעשפּרונ־גען.

— זשידאָווקאַ פּראָקלאַטאַיאַ! — האָט זיך אַרויסגעריסן פון פּראָ־קוראָרס ברוסט ווי פון אַ פינסטערן קעלער.

ער האָט זיך אַרויסגעדרייט און פאַרלאָזט דאָס צימער.

נאַטאַשאַ האָט אויסגעשריגן ווי אַ פאַרווונדעטע און איז אָפּגעשפּרונ־גען פון אַלטן מאַן ווי פון אַ פאַרפּעסטעטן, ווי פון אַ מצורע.

זי איז אָפּגעשפּרונגען נאָך אינסטינקטיוו אין באַוווּסטלאָזז.

דער טויזנט־יעריקער האַס און עקל צום זשיד איז דאָך אויך אי־

בערגעגאַנגען צו איר מיט דער מוטערס מילך, מיט דער דערציונג פון דער סביבה און האָט געדרימלט אין די טיפענישן פון איר נשמה ווי דער נאַטור־אינסטינקט. . .

די „פאַרפלוכטע זשידאָווקאַ" האָט דעם אינסטינקט אויפגעוועקט. ער איז אַרויס מיט איין שפּרונג, איבערגעקערט איר פּרייזין, איר פּאַטער־ליבע, אַ גרויל האָט אין דעם מאָמענט אַלץ איבערוועלטיקט און פאַרניכ־טעט, אָנגעצונדן אין איר אַ מאָמענטאַל געפיל, פאַר וועלכן זי האָט זיך דערנאָך געשעמט און געפּלאָגט דאָס גאַנצע לעבן.

## דער לעצטער חלום.

באַנאַכט האָט זיך דעם גענעראַל ווידער געחלומט בערל דער בעל־אכסניה.

צוערשט איז דער ייד געזעסן אויף דער ערד פאַר אַ ליכט אויף אַ בענקל און האָט געזאָגט קינות מיט זיין וויינענדן און האַרצרייסנדן ניגון, און ער אַליין האָט געוויינט אין שלאָף. און נאַטאַשע, וועלכע האָט שוין געוואַכט איבער אים אַ טאָפּלט געפּלאָגטע און האָט אים שוין קיינעם נישט געוואָלט אָנפאַרטרויען, האָט אים געמוזט אויפוועקן פון שלאָף.

אַז ער איז נאָך אַמאָל איינגעשלאָפן, איז בערל שוין געשטאַנען איבער זיין בעט מיט אַ פּאָר פלאַקערנדע אויגן פון אַ שטראָפנדן נביא און האָט אים געטייט מיטן פינגער אויפן גלח, וועלכער האָט געדויכערט מיט ווייררויך־געפעס אין איין האַנט און מיט דער אַנדערער האַנט גע־האַלטן פאַר אים אַ גרויסן גאָלדענעם צלם צו קושן. . . דערנאָך האָבן סאָלדאַטן מיט בלויזע שווערדן אָפּגעריסן בערלען פון זיין בעט און אים אַוועקגעפירט. און דער אַלטער און שטאָלצער ייד וואַנדערט מיט אַ פּאַר־ריסענעם קאָפּ איבערן ווייטן עטאַפּ פון סיביר, וואַרפט מיט די הענט און קלינגט מונטער און פריילעך מיט די קייטן, אַזוי ווי ער וואָלט געגאַנגען צום טאַנץ. . .

דער גענעראַל לויפט אים נאָך, רופט אים און שרייט אים נאָך

אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן און וואַרטן אויף אים. דער שניי-שטורעם מיטן ווינט דערטראָגן אָבער נישט צום ייד זיין שטימע. ער לויפט אים נאָך מיט אַלע כוחות און פאַלט אַ דערשעפּטער אויפן קאַלטן און פראָסטיקן שניי.

דאַן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און האָט זיך אויפגעזעצט.

דער ייד, דער פעלדשער, איז שוין נישט געווען, אויף זיין אָרט האָט ער באַם בלויען און טונקעלן ליכט, וואָס איז געפאַלן פון אַ טיש-לאָמפּ אונטער אַ בלויען אַבאַזשור, באַמערקט נאַטאַשען, וועלכע איז איינ-געשלאָפן אַ זיצנדע, אין אירע קליידער.

אין אָפענעם פענסטער האָט אַריינגעקוקט אַ וואַרעמע און שטילע יולי-נאַכט מיט אַ טונקל-בלויען הימל און מיט געהיימנישפול ווינקענדיקע און ציטערנדע שטערן. דער פאַרק איז געשטאַנען באַוועגלאָז און פאַר-שטומט און די נאַכט-שטילקייט האָט געשטערט נאָר אַ „קוקו״ און דער געדעמפטער געזאַנג פון היישעריקן אין גראָז, וועלכער האָט זיך געטראָגן אין אָפענעם פענסטער ווי דאָס גרילצן פון ווייטע זעגן. . .

דער גענעראַל האָט אַראָפּגעלאָזט די פיס פון בעט, האָט זיך אויפ-געהויבן און אַ שאָקל געטון מיטן גאַנצן געוויכט פון זיין קערפער. דער-נאָך האָט ער מיט די פיס געמאַכט עטלעכע טריט איבער דעם האַלב-טונקעלן צימער, אַזוי ווי ער וואָלט זיי אויסגעפּרוווט, צי זיי וועלן אים דינען. . .

אַז ער האָט געזען, אַז די פיס דינען אים און ער האָט זיך דער-פילט אויף זיי פעסט, און, ווי עס האָט זיך אים געדאַכט, פעסטער ווי תמיד, האָט ער געכאַפּט אַ פאַרזיכטיקן קוק אויף זיין איינגעשלאָפענעם שומר, האָט זיך פאַרזיכטיק אַרויסגעגנבעט פון צימער אין קאַבינעט אַריין, האָט אין דער קליידער-שאַפע מיטן שפיגל געפונען זיינע קליידער, האָט זיך פאַרזיכטיק און איילנדיק אָנגעטון, האָט אַרויסגענומען פון שרייב-טיש זיין רעוואָלווער, האָט אים אַריינגעשטעקט אין דער הויזן-קעשענע און איז שטיל אַרויסגעגאַנגען אין פאַרק.

# דער לעצטער טאַט.

אין פליגל, אונטער דעם פאַרמאַכטן לאָדן, האָט ער באַמערקט אַ פייערל, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך אַ שפּאַרינע און האָט געוואָרפן אויפן פייכטן און פון טוי גלאַנציקן גראָז אַ שמאָלע און ציטערנדיקע שיין.

דער גענעראַל איז מיט שטילע און געגנבעטע טריט צוגעגאַנגען צום פענסטער און איז צוגעפאַלן צו דער שפּאַרינע.

דאָרט האָט ער דערזען דעם פּראָקוראָר, אַ שטייענדיקן און דראָענד זשעסטיקולירנדיקן פאַר דער מוטער און פאַר דעם לייב־מעדיק, וועלכע זענען געזעסן אַרום אַ טיש מיט פּאַפּירן און האָבן אים אויסגעהערט מיט געבויגענע קעפּ.

ער האָט זייערע רייד נישט געקענט הערן, האָט אָבער באַלד פאַר־שטאַנען און דערפילט, אַז הינטער דעם פאַרמאַכטן לאָדן ווערט אָפּגע־האַלטן אַ באַראַטונג וועגן אים: אַז אויף דער פאַמיליען־באַראַטונג ווערן איצט געשמידט פאַר אים קייטן. . .

אינסטיקטיוו האָט ער אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער פון דער קע־שענע.

די גענעראַלשע האָט אָבער אויסגעדרייט איר קאָפּ צום פענסטער און האָט זיך איינגעהערט, אַזוי ווי זי וואָלט הינטער אים דערפילט די אָנוועזנהייט פון אַ מענטש. . .

דאַן האָט ער זיך צוזאַמענגעדרייט ווי אַ גנב, איז אָפּגעשפּרונגען פון פענסטער און האָט זיך אָנגעהויבן דערווייטערן פון זיינע שונאים איבערן ווי אַטלאַס ווייכן גראָז, וואָס האָט פאַרשטיקט זיינע טריט.

באַלד האָט די טונקעלע נאַכט דערהערט זיין נצחון־געלעכטער און בייזן שפּאָט איבער זיינע שונאים מיט זייערע פּלענער, וועלכע זענען שוין געווען געכאַפּט אין נעץ פון זיין אייגענעם פּלאַן.

דעם פּלאַן האָט אָנגעצונדן אין זיין מוח דער זעלבער בערל, וועלכן ער איז נאָכגעלאָפן אין שלאָף און האָט נישט געקענט דעריאָגן. אין שלאָף איז באַ אים דער געדאַנק געבוירן געוואָרן, צום ערשט ווי אַן

אינסטינקטיווער און בלינדער דראַנג, ווי אַ צאַנקענדיק ליכט אין דער טיפעניש פון זיין אומבאַוווּסטזיין, צעפלאַקערט האָט זיך אָבער דאָס ליכט אין אַ העל פייער פון העלדישן און ליידנשאַפטלעכן דראַנג דאַן, ווען ער האָט דערזען דורך די לאָדנס דעם שיין און די אינקוויזיטאָרן אַרום דעם טיש מיט די פאַפירן... און מיט דעם נייעם פייער אין זיין נשמה זענען געוואַקסן זיינע פיזישע כוחות, די קראַפט פון זיינע אַנט־שלאָסענע טריט איבער די אַלעיען פון דעם הונדערטיעריקן איינגעשלאָ־פענעם פאַרק.

און דער באַזיצער פון דעם פאַרק אין? פון דעם אַלטן פרעכטיקן שלאָס איז שוין געווען נישט קיין רוסישער גענעראַל־אַדיוטאַנט, נאָר אַ ייד... אָבער נישט ווי איינער פון דעם שטעטל, וואָס איז געלעגן איצט אין טאָל אין קראַמפּן פון אַ מרה־שחורה, אין טויט־אַנגסט פאַר יעדן לייכטן שאָרך, פאַר יעדן ווינט, וואָס פלעגט מיט אַ קלאַפּ אין אַ לאָדן אַרויסרופן אין דער ק־אַנקער פאַנטאַזיע זיינער די געשטאַלטן פון דעם גרויזאַמען פראָקוראָר, וואָס גייט אַרעסטירן און שמידן אין קייטן, און פון פאָליציי און סישטשיקעס, — צווישן די הויכע טאָפּאָליעס פון דעם הונ־דערטיעריקן פאַרק איז איצט אַרומגעגאַנגען אַ ייד, אַ זיגער, אַ גבור, ווי די חשמונאים. ווי זיי האָט ער דורכגעמאַכט אַ גרויסן קאַמף, אַ ריזן־קאַמף, אָבער מיט זיך אַליין, און איז פון דעם קאַמף אַרויס אַ זיגער; און ער איז שוין נישט געווען דער אַלטער מאַן מיט אַ קראַנק און איבערגע־וואַקסן האַרץ.

דער זיג איבער זיך אַליין האָט אים יונג געמאַכט און אים געגעבן די אַמאָליקע טאַפּפערקייט, מיט וועלכער ער פלעגט זיך אויסצייכענען אין אַלע זיינע שלאַכטן. און דאָס, וואָס ער איז איצט געגאַנגען טון, האָט פאַרלאַנגט דעם זעלבן מוט און קוראַזש, וועלכן עס האָבן באַדאַרפט אָט יענע אַמאָליקע שלאַכטן זיינע...

און ער האָט עס געטון...

ווען זיינע שונאים זענען זיך צעגאַנגען שלאָפן און דאָס ליכט אין דער שפאַרינע איז אויסגעלאָשן געוואָרן, האָט ער מיט שנעלע אָבער פאָרזיכטיקע טריט פון אַ יונגן און טאַפּפערן אויסקוקער, וועלכער קריכט אונטערן פאַרדעק פון דער פינסטערער נאַכט צום פיינטס פאָזיציעס, זיך פאַרגנבעט צום פליגל, וווּ דער פראָקוראָר איז איינגעשטאַנען, און איז אַריינגעקראָכן דורך אַ פענסטער.

מיט אַן עלעקטריש לעמפּל האָט ער, ווי אַ גנב, זיך באַלויכטן

דעם וועג אין דעם צימער, ווו זיי זענען געזעסן, האָט געעפנט אין טיש אַ פּאָרטפּעל מיט פּאַפּירן, די גאַנצע „דיעלאָ“ פון „בלוט־בלבול“, האָט די פּאַפּירן אַריינגעוואָרפן אין קאַמין און האָט זיי אָנגעצונדן, אַזוי ווי עס וואָלט געווען וויכטיק. . .

אומזיכער און ציטערנדיק, אַזוי ווי געשראָקענע, האָבן די פייער־צונגען גענומען לעקן און טוליען זיך צו די פּאַפּירן און אָפּשפּרינגען פון זיי, אַזוי ווי עס וואָלט זיי געפעלט דער מוט צו דעם טאַט.

דער גענעראַל האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע נאָך אַ שוועבעלע, דער־מונטערט און געטריבן פון דעם צינדער און פון זיינע מוטיקע און פלאַ־קערדיקע אויגן האָבן די פייער־צונגען גענומען ברענען און פאַרצערן די פּאַפּירן מיט אַ בייזן און אַטאַקירנדיקן גערויש, און ווען די פּאַ־פּירן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טליענדיקן און פאַרקוילטן אַש, האָט דער גענעראַל פאַרלאָזט דעם פליגל און דעם שלאָס אויף איי־ביק. . .

## איינזאַם בלייבט נאַטאַשע.

די ערשטע, וועלכע האָט באַמערקט דאָס פאַרשווינדן פון דעם גע־נעראַל, איז געווען נאַטאַשע.

זי האָט אין שלאָף דערפילט די צייט, ווען זי דאַרף אים געבן דעם רעצעפּט. און ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי אים שוין נישט געטראָפן אין בעט. זי איז אַריינגעלאָפן אין קאַבינעט, צוגעלאָפן צום טואַלעט, איז אַרויס אויף דער וועראַנדע, האָט אים געזוכט און גערופן, אָבער אָן אַ רעזולטאַט.

געקלעמט פון בייזע פאָרגעפילן, פון אַ וואַקסנדער און נאָגנדער אַנגסט, האָט זי געמאַכט אַן אַליאַרם און געשטעלט אויף די פיס באַנאַכט די גאַנצע דינערשאַפט פון הויף.

באַלד האָבן אים שוין געזוכט אַלע מענטשן פון שלאָס, מיט לאַמ־טערן און מיט שטורקאַצן; מען האָט אים געזוכט אין אַלע טיפע און פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון דעם גרויסן הונדערטיעריקן פאַרק; מען איז אַרויסגעפאָרן מיט אַ שיפל און מיט אַ נעץ און לאַנגע קרוקעס אויפן טייך,

וועלכער האָט זיך אויסגעגאָסן אין אַן אָזיערע, וואָס איז געווען פאַרוואַקסן מיט „טשערעט״; מען האָט אים געזוכט אין אַלע ברונעמס, מען האָט אויפגעהויבן אויף די פיס אַלע פאַראָבקעס פון די טאָקן, אים ד אָ ר ט געזוכט, געטעלעפאָנירט אויף דער באַן־סטאַציע, און דער פּראָקוראָר האָט באַלד אַרויסגערופן דעם פּריסטאַוו מיט סטראַזשניקעס און סאָטסקיס פון דאָרף, און קיינער האָט אפילו די שפּורן פון דעם פאַרשווּנדענעם נישט געקענט אַנטדעקן.

און די נאַכט איז געוואָרן אַלץ פינסטערער און פינסטערער; ווי אַ געדיכטע פיינטלעכע אַרמיי האָט זיך די פינסטערניש גערוקט פון אַלע זייטן, כּדי צו פאַרדעקן דעם פאַרשווּנדענעם.

לאַנג, ווי אַן אייביקייט, האָט זיך די קורצע זומער־נאַכט געצויגן פאַר דער פאַרצווייפלטער און איינציקער טאָכטער. זי איז געווען זיכער, אַז נאָר די בלינדע און שוואַרצע נאַכט פאַרדעקט אים פון אירע זוכנדע און אָנגעשטרענגטע אויגן, און אַזוי ווי נאָר דאָס מאָרגנליכט וועט פאַר־טרייבן די פינסטערניש, וועט זי אים ערגעץ־ווו דערזען, און גאַנץ נאָענט, אַ לעבעדיקן, אָדער אַ טויטן.

לעבעדיק, צי טויט — די פראַגע איז פאַרשטעלט געוואָרן פון אַן אַנדערער, פון דעם פאַרצווייפלטן און פלאָגנדיקן באַגער אים נאָכאַמאָל צו זען, אַרומנעמען זיין קאָפּ, קוקן אים אין פּנים אַריין, אין דעם באַקאַנטן און טייערן פּנים; מעג ער זיין טויט, אַבי אים נאָכאַמאָל צו זען.

דאָס מאָרגנליכט האָט אָבער מיט זיך גאָרנישט געבראַכט: קיין בשורה, קיין שפּור, קיין טרייסט! — קאַלט און גרויזאַם האָט דער גרוי־ער מאָרגן אַ קוק געטון איר אין פּנים אַריין, אויף איר און אויף איר גרויס אומגליק.

גלייך ווי דער קאַלטער און גרויער מאָרגן, האָט אויף איר אַ קוק געטון דער ברודער און זון פון דעם פאַרשווּנדענעם. מיטן פּאַפּיראָס אין מויל האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט מיט מידע און צעבראָכענע פיס איבער דער וועראַנדע, מיט אַ לעבלאָז־פאַרשטיינערט און ליים־געל פּנים. זיינע קאַלמוטנע גרינע אויגן, וועלכע האָבן, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט און נאָך אַ לאַנג־ווּנטענדן בראַנד פון אויפרעגונג און האַס, זיך אַרומגעלייגט מיט שוואַרצע און טיפע פלעקן, האָבן אויף איר אַ קוק גע־טון גרויזאַם און ווילד, ווי אַ חורבה, וועלכע רויכערט זיך נאָך בייז און ווּטענד אין מאָרגנליכט נאָך אַ נאַכט־שׂרפה.

ווען זי האָט דערזען זיין ווילדן אויסזען, דעם צעשויבערטן און דראָענד־פאַרשפּיצטן קאָפּ, אויף וועלכן דער ווינט האָט נישט געלאָזט איינליגן און האָט געוואָרפן אין אַלע זייטן דאָס ביסל האָר, וואָס דאָס פעטערבורגער לעבן האָט נאָך איבערגעלאָזט דעם „טשינאָווניק" און וואָס פלעגט קוים באַדעקן זיין שאַרבן, — ווען זי האָט דערזען אויף דער ווערעאַנדע דאָס ברייטע און פּירעקעדיק שטומפּע פּנים פון דער דרים־לענדער מוטער, וועלכעס האָט איצט שוין נישט אויסגעזען רויט, ווי שטענדיק, נאָר קויטיק־גרוי און אָפּשטויסנדיק אַלט און מיאוס, מיט די בייזע קנייטשן, — ווען זי האָט באַמערקט אין דער טיפער און ווייכער שטול דעם לייב־מעדיק פאָן אָטאָ, וועלכער איז געלעגן ווי אַ פּיקסל צוזאַמענגעדרייט און איינגעשלאָפן מיט זיין פאַרוואָרפן פליכעוואַ־טע קעפּל און מיט אַן אָפן מויל, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פאָר שוואַרצע און פוילע ציין, — האָט זי, אין דער דראָענדער און פיינדלעכער סביבה, ערשט דערפילט איר עלנד און שוצלאָזיקייט, דעם גרויל פון איר גרויסן פאַרלוסט.

און קיינער פון זיי, נישט דער ברודער און נישט איר אייגענע מוטער, האָבן פאַר איר נישט געהאַט קיין איין וואָרט פון מיטלייד, נישט קיין בליק פון אייגענע. גרויזאַם און קאַלט האָבן זיי זי באַגעגנט. נקמה, בייזע פרייד און האַס האָט זי דערזען אין זייערע בליקן. געשווידערט פון די בליקן און פון דער קאַלטער און פרישער מאָרגנלופט איז זי אַרויף צו זיך אין צימער אַריין, האָט זיך פאַרשלאָסן, ווי אַ פאַרפאָלגטע, און האָט זיך אַ וואָרף געטון מיט די קליידער אין בעט אַריין.

און ווען דאָס אייגענע בעט, די אייגענע קישנס, האָבן טרייסטנד אַרומגענומען דעם מידן און צעבראָכענעם קערפּער אירן, האָט זי ערשט דערפילט דעם ביטערן גיפט פון איר פאַרלאָזנקייט. ווי אַ טיפע און אומ־באַגרינדעטע באַליידיקונג האָט דער גיפט אין איר געברענט.

האָט זי עס פאַרדינט? און אויף וועמען האָט ער זי, די איינציקע און ליבנדע, פאַרלאָזט? איז זי אים אויך נמאס געוואָרן, ווי די גאַנצע פאַמיליע? — זי איז דאָך תמיד געווען מיט אים, אויף זיין צד — און זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ פאַרצווייפלטן געוויין, וואָס איז געוואַקסן גלייך מיטן באַוווסטזיין פון איר אומגליק און עלנד. און באַלד איז דאָס געוויין איבערגעגאַנגען אין ספּאַזמען פון אַ היסטעריקע. איר קליינער קערפּער האָט זיך געוונדן וואַרפן און ציטערן אונטער דעם אָנפאַל, ווי אַ טיף־פאַרווונדעטער און בלוטנדער פויגל. איר ווײ־געשריי האָט זיך

געטראָגן איבער אַלע צימערן, און קיינער איז צו איר נישט אַרויפגעקו־מען, קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן אויף איר שרייענדן פּיין נישט מיט קיין ביסל וואַסער און נישט מיט קיין טרייסט־וואָרט, — אפילו איר אייגע־נע מוטער!

איינזאַם איז געבליבן נאַטאַשע, עלנד און פאַרשטויסן

## דער זון משפט דעם פאָטער.

ערשט באַטאָג האָט זיך דער פּראָקוראָר אַרומגעקוקט, אַז די פּאַ־פּירן מיטן גאַנצן בלוט־בלבול, וועלכע ער האָט געמוזט מיטפירן מיט זיך, צוליב פאָן אָטאָס עקספּערטיזע איבערן געהרגעטן שייגעץ, זענען פאַר־שווונדן.

באַלד האָט ער אַנטדעקט זייערע שפּורן אין דעם אַש פון קאַמין און האָט זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען פאַרברענט געוואָרן. . .

געוויינטלעך איז ער געווען זיכער, אַז פאַרברענט האָט די פּאַפּירן נישט קיין אַנדערער, ווי דער גענעראַל, און אַז ער איז באַגאַנגען אַ גרויסן שטאַטס־פאַרברעכן.

די מוטער האָט עטלעכע מאָל געחלשט, קינסטלעך אָדער ריכטיק, האָט זיך געקלאַפּט מיט דעם קאָפּ אין דער וואַנט און געמאַכט ווילדע היסטעריקעס. . . פאָן אָטאָ האָט זי געהאַלטן אין איין מינטערן, און האָט געטאַנצט אַרום איר אַזוי מונטער און לעבעדיק, אַזוי ווי איר חלשן וואָלט אים פאַרשאַפט אַ פאַרגעניגן און אים פּלוצלינג געגעבן אַן אָנגענעמע און פריילעכע באַשעפטיקונג אין לעבן.

אויך דעם זון איז די געשיכטע, טיף אין האַרץ, געווען זייער אָנ־גענעם. . . ער האָט פאַר זיך געהאַט אַ נייעם פאַרברעכן, און דערצו נאָך אַ העכערס און אַ גרעסערס, און יעדעס פאַרברעכן האָט אים אָנגעפילט מיט אַ באַזונדערער און אייגנטימלעכער בייזער פרייד, אַ פרייד, מיט דער וויכטיקייט פון זיין אייגענעם לעבנס־באַרוף, פון זיין עקזיסטענץ אַלס דער שומר פון געזעץ און פון אָרדנונג.

באַשולדיקן, שטראָפן, פייניקן, — דאָס איז געווען די אַטמאָספערע, אין וועלכער ער האָט זיך געקענט פילן גוט און מונטער, ווי דער פיש

אין וואַסער. דאָס, וואָס דער פאַרברעכער איז זיין פאָטער, האָט אים פאַרשאַפט נאָך אַ גרעסער פאַרגעניגן; דאָס פאַרגעניגן צו קענען באַווייזן, אַז ער שטעלט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּ, אפילו פאַר דער ליבע צו אַ פאָטער, אַז געזעץ און פרינציפּ שטייט בײַ אים העכער פון אַלץ אין לעבן...

„איז ער גאָר זיין פאָטער?"

און בײַ זיך אין האַרץ איז ער געווען זיכער, אַז ער וועט זיך איצט פאַר קיין זאַך אין דער וועלט נישט אָפּשטעלן, נישט לאָזן זיך אָפּהאַלטן, און דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ שטאָלצע און ק־אַנקע פרייד.

אין דער אויפגערעגטער פאַנטאַזיע האָט ער זיך שוין געזען אַלס דעם באַשולדיקער פון זיין אייגענעם פאָטער; ער האָט שוין געשמידט זיין פייערדיקע און גרויזאַמע באַשולדיקונגס־רעדע און קייטן פאַר אים...

אַנטקעגן, אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, זיצט זיין פאָטער מיטן געבויגענעם ווייסן קאָפּ, געבויגן אונטער דער לאַסט פון זיין גרויסן פאַר־ברעכן... און ער פאַרלאַנגט פון די ריכטער די גרעסטע שטראָף פאַרן שטאַטס־פאַרברעכער:

„קיין באַרמהאַרציקייט מיט אים! קיין ריקזיכט מיט זיינע מיליטע־רישע פאַרדינסטן!" —

און ער ברענגט אַלס באַווייז זיך אַליין, דאָס בלוטנדע האַרץ פון אַ זון, וועלכער מוז באַשולדיקן זיין אייגענעם פאָטער.

„קוקט, ריכטער, אויף מיר! אויף מיין אייגן צעריסן און בלוטנ־דעס האַרץ... דאָס האַרץ פון אַ ליבנדן זון... זעט, ווי עס טוט מיר וויי! — געזעץ און משפּט איז אָבער דאָס העכסטע אין לעבן פון שטאַט! און דעם העכסטן און הייליקסטן גאָט ברענג איך צו אָפּפער דאָס בלוטנ־דע האַרץ פון אַ זון... און ווי דער פאַטריאַרך אברהם האָט נישט גע־ציטערט און זיך אויף קיין איין רגע נישט פאַרטראַכט אויפצוהייבן דעם קלינג איבער יצחקס האַלדז, אַזוי פאַרטראַכט איך מיך נישט... דאָס געזעץ פאַרלאַנגט עס, און איך ברענג דעם קרבן! נעמט דעם ביישפּיל פון מיר!" — האָט שוין געשריגן אין פּראָקוראָרס ברוסט דער גרויזאַ־מער טייוול, צו וועלכן ער האָט תּמיד געדינט מיט אַזאַ סאַדיסטישער פרייד, מיט דער קראַנקער רעליגיעזער באַגייסטערונג פון אַן אינקווי־זיטאָר.

פּלוצלינג האָט ער זיך אָבער דערמאַנט, אַז דער פאַטריאַרך אברהם

און יצחק זענען געווען „זשידעס" און דער געדאַנק האָט אָפּגעבריט אין אים דעם מאַרך, דאָס גאַנצע אינעווייניקסטע, ווי אַ שווערע באַליידיקונג, אַזוי ווי ער וואָלט אויסגעטרונקען אַ בעכער מיט גיפט.

דער בייז אויפגעפלאַקערטער עקסטאַז פון דעם אינקוויזיטאָר און תּלין האָט זיך מיט אַמאָל אויסגעלאָשן... ער האָט אָבער פּלוצלינג דערפילט אַ רחמנות מיט זיך אַליין, מיט זיין אייגן צעריסן און בלוטנד האַרץ, דאָס האַרץ פון אַ ליבנדן זון, וועלכער מוז באַשולדיקן זיין אייגענעם פאָטער, דעם אַלטן גרייז זיינעם... עס האָט זיך אים אפילו אויסגעדאַכט, אַז ער דערשטיקט אין זיין האַלדז טרערן, ביטערע טרערן.

באַלד אָבער האָט ער זיך געזען באַלוינט פון דער גרעפין, פון מיניסטער, פון צאַר אַליין, וועלכער דערלאַנגט אים דעם פּאָרטפעל פון אַ יוסטיץ-מיניסטער.

אַ רגע וואַקלט ער... אפשר וואָלט ער די באַלוינונג אינגאַנצן נישט גענומען? זיך אָפּגעזאָגט?... זאָל ער ווייזן, אַז ער טוט עס טאַקע באהבה, לשמה... יאָ, ער זאָגט זיך אָפּ! זאָל די וועלט זען... באַזונדערס די ליבעראַלן און רעוואָלוציאָנערן, וועלכע שמוצן און פאַרלוימדן אים, זיין אייגענער פאָטער און שוועסטער, אַז ער איז נישט קיין קאַריעריסט, נאָר אַ טרייער שומר פון געזעץ און אָרדנונג און איז מקריב דעם הייליקן לעבנס-באַרוף זיינעם, דאָס טייערסטע און ליבסטע אין לעבן...

און דאָס רחמנות-געפיל צו זיך אַליין וואַקסט נאָך גרעסער, און גרעסער, און אין פרייד און פאַרגעניגן מיט דעם רחמנות צו זיך אַליין, מיטן שטאָלץ איבער זיין גרויסער און איידעלער נשמה, זעצט ער זיך אַוועק און שרייבט דעם יוסטיץ-מיניסטער אַן אויספירלעכן טעלעגראַפישן ראַפּאָרט וועגן דעם פאָטערס פאַרברעכן... שרייבט לאַנגזאַם און פלייסיק, מיט דערזעלבער הייליקער פרייד, מיט וועלכער אברהם האָט געבראַכט דעם אויבערשטן זיין איינציקן זון צו דער עקדה.

און איצט איז ער שוין ווייט פונם געדאַנק, אַז דער פאָטער איז עובר-בטל, משוגע, פון גאַנצן טייוולישן פּלאַן זיינעם, צוליב וועלכן ער האָט אַהערגעבראַכט דעם קליינעם מיאוסן שד פאַן אָטאָ.

פאַרקערט! ער זעט אין דעם פאַרברעכן די איבערלעבונג פון אַ קלאָרן פאַרברעכערישן פאַרשטאַנד, וועלכער האָט פאַרזיכטיק און קאַלט-

בלוטיק געפלאַנעוועט דאָס פאַרברעכן לאַנג און פאָרויס, און האָט עס אויסגעפירט באַ אַלע געזונטע חושים. . . און דאַרף דערפאַר באַשטראָפט ווערן מיט דער פולער שטרענגקייט פון געזעץ. . .

דאָ האָט ער זיך אָבער דערמאַנט, אַז דער פאָטער איז אַ גענעראַל, אַז משפטן וועט אים אַ מיליטערישע געריכט, באַשולדיקן וועט אים אַן אָפיציר, ווי ער אַליין איז, און אַז ער איז אַ ציווילער און וועט אים נישט קענען באַשולדיקן און פאַרקלאָגן, און די גאַנצע בייזע קראַנקהאַפטע פרייד ווערט מיט אַמאָל באַ אים אויסגעלאָשן, לאָזנדיק הינטער זיך אַ טשאַדנעם רויך פון אַ מאַכטלאָזן האַס, וועלכער שטיקט אים און ווערגט אים און מאַכט אים וואַנזיניק. . .

און נישט געטרויענדיק קיינעם די דעפעשע, לויפט ער אַליין אויף דער פאָסט און גיט זי איבער דעם אַלטן פאָסט־מייסטער, מיטן גרויסן נאַקעטן קאָפּ, ווי אַ באַק־דייזשע.

דער אַלטער מאַן נעמט פון זיינע הענט די לאַנגע דעפעשע, הייבט זי אָן לייענען, דערשרעקט זיך פאַר איר, ציטערט און קוקט אויף אים מיט אַ פּאָר ווילדע אויסגעסטאַרטשעטע און גלעזערנע אויגן פון אַ משוגענעם.

און ער צעשרייט זיך אויפן מאַן ווילד, מיט אַ שוים אויף די ליפּן, און שרייט אַזוי לאַנג אויף אים, ביז ער לעשט אויס אין דעם שרייען זיין מאַכטלאָזן ווילדן כעס און צאָרן.

## דאָס בעטלער־געלעגער.

אין דערזעלבער צייט, ווען דער פּראָקוראָר האָט טעלעגראַפירט צום מיניסטער, צום גובערנאַטאָר, אויף אַלע באַן־סטאַציעס, אַז מען זאָל פאַרהאַלטן אַ גענעראַל מיט אַזויגע און אַזוינע סמנים, ווען מען האָט דעם אַלטן גענעראַל שוין נישט געזוכט ווי אַ פאַרשווונדענעם, נאָר זיך געיאָגט נאָך אים ווי יעגער נאָך אַ ווילדער חיה — האָט זיך די חיה אַליין פאַרשלאָגן און באַהאַלטן אין אַ נאָרע גאַנץ נאָנט פון שלאָס, אין אַ מרחק פון אַ פּאָר וויאָרסט.

דאָס איז געווען א קליין איינגעפאַלן הייזל, באַ דער גרענעץ פון פּאַרק ווו ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די זומפּן, ווו קיינער, אַ חוץ דעם קאַדעט דעם יעגער, האָט קיין דריסת הרגל נישט געהאַט.

אַמאָל האָט אין דעם הייזל געוווינט אַ שומר פון וואַלד, און איצט איז עס געווען פּוסט און מיט אַ צעריסענעם דאַך.

געקומען איז ער צו דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל שוין פאַרטאָג, נאָך אַ לאַנגן באַוווסטלאָזן וואַנדערן איבערן וואַלד, ווערנד דער פינסטערער נאַכט. אַ בלייענע מידקייט און אַ שלאָף האָבן געצויגן זיין קראַנקן און צעבראָכענעם קערפּער צו דער ערד.

דאָס גראָז אָבער איז געווען נאַס פון טוי און ער האָט מיט מידע און ברענענדע אויגן געזוכט אַרום זיך אַן אָרט, ווו ער זאָל קאָנען אַוועקלייגן זיין דערשעפּטן קערפּער.

דאַן האָט ער באַמערקט דאָס הייזל אָן פענסטער און האָט דערזען דאָרט אויף דער ערד צעקנייטשט אַלט שטרוי, פון וועלכן עס האָט זיך שוין געטראָגן דער שווערער און איבערגעפוילטער גערוך פון אַ שטאַל.

ווי אַ מידער ים-וואַנדערער, נאָך אַ לאַנגער און ווייטער נסיעה, דערפרייט זיך מיט אַ האַפן, וועלכער באַגריסט אים פון ווייטנס מיט זיינע מאַיאַקן, אַזוי האָט זיך דער רייכער מאַן איצט דערפרייט מיט דעם אָרימען געלעגער, וואָס דאָס צעקנייטשטע שטרוי האָט אים פאַרשפּראָכן.

ער האָט זיך צוזאַמענגעבויגן פאַרן נידעריקן און אויסגעקרומטן אַריינגאַנג, ווי אַ לאָך, איז אַריין אין הייזל, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם שטרוי, און נישט קוקנדיק אויפן שווערן גערוך פון דומפּיקער און איבערגעפוילטער פייכטקייט, איז ער באַלד איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן שלאָף, ווי אין דער יוגנט, ווערנד זיינע פעלד-צוגע, ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגער אָפיציר נאָך אַ לאַנגן און מידן מאַרש מיט זיין קאָמאַנדע סאָלדאַטן.

# קאַמענקע.

די אויפרעגונג פון די לעצטע טעג, די שלאָפלאָזע נאַכט, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט אין אַ צייללאָז וואַנדערן, די אַלע פיבערהאַפטע איבערלעבונגען, האָבן דערשעפּט זיינע כּוחות און געבראַכט דעם אַלטן מאַן מיטן קראַנקן איבערגעוואַקסענעם האַרץ, וואָס האָט די לעצטע יאָרן שוין נישט געוווּסט פון קיין געזונטן, רויקן און דויערנדן דרעמל — איצט האָט עס אים געבראַכט אַ לאַנגן און שטאַרקן שלאָף, דעם שלאָף פון אַ מידן און דערשעפּטן קערפּער.

עטלעכע מאָל האָט ער דערוואַכט אויף זיין בעטלער-געלעגער, וועלכער האָט אים געשמעקט מיט אַן איבערגעפוילטער פייכטקייט און זיך געלייגט אויף די לונגען און אויפן האַרץ מיט אַ שווערער, פרעסנדיקער לופט פון אַ פערד-שטאַל און מיסט.

דער קערפּער איז אָבער נישט געווען אין שטאַנד צו מאַכן אַ באַוועגונג, איז ווי לעבנסלאָז געפאַלן צוריק אויפן פוילן צעקנייטשטן שטרוי און איז צוריק געזונקען אין אַ באַוווסטלאָזער מידקייט און פאַרגעסנקייט, און אין דער מידקייט איז דערטרונקען און פאַרלוירן געגאַנגען דאָס באַוווסטזיין פון צייט און אָרט, פון פאַרגאַנגענהייט און געגנוואַרט, פון טאָג און נאַכט, די טראַגעדיע פון זיין עלטער, וועלכע האָט אים פאַרטריבן פון זיין אייגן הויז...

און אומגעקערט האָט זיך צו אים דאָס באַוווסטזיין נישט מיטאַמאָל, נאָר ביסלעכוויַיז, צווישן שלאָף און וואַכזאַמקייט, פּונקט ווי די כּוחות האָבן זיך אומגעקערט צו אים ביסלעכווייז און פּאַוואָליע און האָבן אָנגעפילט די מידע און דערשעפּטע גלידער מיט באַוועגונגס-מעגלעכקייט און ניי לעבן.

ער איז שוין געלעגן מיט אָפענע אויגן און האָט געקאָנט זען דורך די אויסגעבראָכענע קליינע און קרומע פענסטערלעך, ווי די זון זעצט זיך שוין הינטערן וואַלד און באַגילדט מיט אַ טאַנצנדן שטראָם פון ליכט די שפּיצן פון די ביימער און צעגיסט דאָס פאַרן טאָג אָנגעשמאָלצענע גאָלד

איבער די בלויע און לייכטע וואָלקנס פון האָריזאָנט איז פאַרבט זיי מיט א נייער בלוי-רויטער און אָראַנזש-פאַרב.

די פייכטקייט האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן און לייגן אויף דער ברוסט און אויף די לונגען, אַלץ שווערער און פרעסנדער.

דאָס ליגן אָבער אָן געדאַנקען און אָן געפילן איז געווען אַזוי באַרויקנד, די איינזאַמקייט אַרום אים אַזוי שטיל און אָנגענעם, אַז דער בעטלער-געלעגער איז אים איצט, נאָך די אַלע איבערלעבונגען, פאָרגעקומען ווי אַ גן-עדן, ווי די טרייסט פון אַן אייביקער רו...

אויפגעהויבן האָט אים אָבער פון זיין געלעגער און געשטעלט אויף די פיס זיין יוגנט-פריינט, בערל דער בעל-אכסניה.

ווי אַ לעבעדיקער פאָרוווּרף איז די געשטאַלט פון געקאָוועטן ייד אויסגעוואַקסן פאַר זיין געלעגער.

ווי צוויי פייערדיקע צונגען האָט אים געצונדן בריען דער בליק פון דעם יידנס צוויי אויגן, פול מיט פאַרגליווערטן יידישן פיין.

די געשטאַלט האָט אים געבראַכט צוריק דאָס באַוווּסטזיין פון זיין שולד אַנטקעגן אים און דעם גאַנצן שטעטל. דאָס פלאָגן פון זיין קראַנקן געוויסן האָט צוריק דערוואַכט. די ווונדן האָבן זיך צוריק געעפנט, געבלוטיקט און געווייטיקט ביז צום וואַנזין.

געטריבן פון דעם פלאָגן איז ער אַרויסגעקראָכן פון דער נאָרע, וועלכע האָט אים געשאָנקען אַ טאָג פון רו און פאַרגעסנקייט, און האָט זיך ווידער געלאָזט וואַנדערן, אָן אַ צוועק און אָן אַ ריכטונג.

אָפּגעשטעלט האָט אים אַ פור מיט געהילץ. די שווערע פור האָט זיך געשטעקט אין טיפן זאַמד, דער גוי האָט הויך „געוויאָקעט", און מיט אים האָט געוויאָקעט דער גאַנצער וואַלד; די פאַרמאַטערטע און געשמיסענע פערדלעך האָבן שטאַרק געסאָפּעט און זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט.

אַ פיינלעכער רחמנות מיט די שטומע און אומשולדיקע בהמות האָט אים אָפּגעבריט און ער האָט זיך צעשריגן אויפן גוי, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט זיי אומרחמנותדיק צו שמייסן. ער האָט זיך צעשריגן בייז און דראָענד, ווי אַ גענעראַל און שררה אין לעבן.

פלוצלינג אָבער האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער איבערגעלעבטער נאַכט, אָן זיין בעטלער-געלעגער, אַז ער איז אַנטלאָפן פון זיין אייגן הויז, אַז עס קאָן זיין, אַז מען זוכט אים איצט און מען יאָגט זיך נאָך אים, ווי נאָך אַ פאַרברעכער, און דאָס רחמנות צו די געשמיסענע און

פאַרמאַטערטע פערדלעך האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן און פאַרוואַנדלט אין אַ בושה, אין אַ רחמנות צו זיך אַליין, צו זיין עלנדער און פון שיקזאַל געשמיסענער עלטער...

„איז ער דען נישט געשמיסן, ווי די פערדלעך, פון זיין אייגענעם זון?"

דאָ האָט ער זיך צום ערשטן מאָל דערמאָנט אָן נאַטאַשען.

„ווער ווייסט... עס קען זיין, אַז זי איז איצט אויך קעגן אים?"

און איצט האָט ער אין דעם שוין נישט געצווייפלט...

און דער געדאַנק האָט אים אָפּגעשטעלט ווי אַ פאַרשטיינערטן, און ער האָט זיך לאַנג נישט גערירט פון אָרט.

אַז דער גוי אָבער מיט די פערדלעך האָט זיך פון אים גענומען דערווייטערן און זיין „וויאָקען" האָט אָנגעהויבן אָפּצושטאַרבן, האָט ער גענומען אים נאָכיאָגן...

אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו בלייבן אַליין אין וואַלד מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיינע פלאָגן.

— פונוואַנען ביסטו? — האָט ער גע/פרעגט דעם אָנגעיאָגטן גוי, אַ פאַרסאַפּעטער, ווי די פאַרמאַטערטע פערדלעך.

דער גוי האָט אַ ווײַלע געשוויגן, אַזוי ווי מורא געהאַט צו זאָגן פונוואַנען ער איז.

— פון קאַמענקע! — האָט ער אים ענדלעך געענטפערט.

דאָס וואָרט איז אים אַריין אין האַרץ ווי אַ קויל. דאָס האַרץ האָט זיך גענומען וואַרפן און ציטערן, ווי פון אַ גוטער לאַנג-דערוואַרטעטער בשורה.

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן וואָגן, ווי אַ שיף-ברוך-ליידנדער אָן אַ רעטונגס-שיפל...

דאָס וואָרט „קאַמענקע" האָט אָבער נאָך לאַנג געטאַנצט אין זיין מוח ווי אַ רעטעניש, האָט געקלונגען אין זיינע אויערן ווי אַ כישוף-קלאַנג, וועלכן ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, באַגרייפן דעם צויבער פון זיין באַהאַלטענעם אינהאַלט.

און וואָס מער ער האָט זיך צוגעהערט צו דעם נישט אָפּשטאַרבנדיקן קלאַנג פון דעם וואָרט, וואָס מער ער האָט זיך געבראָכן אין זיינע זכרונות, אַלץ ווייטער און ווייטער איז אים פאַרגעקומען דאָס אָרט „קאַמענקע".

די נאַכט האָט זיך שוין געגומען באַלעבאַטעווען אין וואַלד, שפּרייטן איבעראַל אומרויִקע שאָטנס, וועלכע האָבן זיך גענומען לויערן פון יעדן קוסט, פון צווישן די ביימער, ווי אַ פינדלעכע און שאַרף וואַכנדע אַרמיי.

ווי סאָלדאַטן אויף אַ וואַך האָט די נאַכט זיי צעשטעלט צווישן די ביימער, שטילע, אומרויִקע, געהיימניס־פולע ציטערנדע און דראָענדע, און האָט זיך גענומען צינדן די ערשטע שטערן אויפן הימל.

און שפּאַנענדיק טיף אין זאַמד, באַ דעם שווערן און קרעכצנדן וואָגן מיט די קליינע סאָפּענדיקע פערדלעך האָט זיך דעם אַלטן מאַן אויסגעוויזן, אַז „קאַמענקע" איז ערגעץ ווייט־ווייט, אַ ווייטע און פאַר־כישופטע מדינה, אַ שטאָט, וואָס איז ווי די הייליקע מעקאַ תמיד באַלויכטן נאָר מיט אַ בלייכן סודותדיקן לבנה־שיין; אַז „קאַמענקע" איז אַ זיסער חלום און אַ לעגענדע.

און באַלד האָט זיך דער גוי מיט דער פור האָלץ, מיט אים אי־ניינעם, פאַרוואַנדלט אין אַ טרוים, אין אַ לעגענדע, וועלכע וואַנדערט אין לבנה־שיין צום אָרט פון אייביקער רו, צום „נישט־זיין", וווּ אַלע לײַדן וועלן דערטרונקען ווערן און אויפהערן.

אַ שטילע און זיסע פרייד, וועלכע פלאַטערט ווי אַן אָנונג, ווי אַ דערוואַרטונג פון דערלייזונג, האָט זיך צוגלייך מיט די שטערן אויפן הימל אָנגעצונדן אין זיין נשמה.

באַם ליכט פון דער פרייד האָט ער זיך דערמאָנט, אַז „קאַמענקע" איז דאָס שטעטל, וואָס געפינט זיך נישט ווייט באַ דער גרענעץ פון זיין מאַיאָנטעק, וווּהין ער האָט אויף בערלס עצה געשיקט אויף פסח קאַר־טאָפּליעס; אַז דאָרט לעבט אַ „ראַבין", אַ הייליקער, אַ פאַסטער און גאָט־בעטער.

זיין פרייד איז אים קלאָר געוואָרן, זיין דערלייזונג האָט אים שוין געלויכטן און געווונקען, ווי די ערשטע שטערן אויפן הימל...

ער איז געווען זיכער, אַז דער גוי מיט די פאַרמוטשעטע פערדלעך זענען פאַרשטעלטע שליחים, וועגווייזער און הייליקע, געשיקט פון הימל אַליין... פון דער גוטער רחמנותדיקער האַנט פון שיקזאַל, אים צו באַ־פרייען פון זיינע פּלאָגן און פון זיין לעבנס־געפענגניש...

# בײַם רבּין.

ר׳ דודל איז געװען אַ „גוטער ייד״ פון אַ לאָקאַלער באַדײַטונג. אין דער גרויסער יידישער װעלט האָט מען אים כמעט נישט געקענט, קיין חסידים האָט ער דאָרט נישט געהאַט, און פון װײַטע ערטער איז מען צו אים נישט געפאָרן.

אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך האָבן פון אים געהאַלטן אַממײנסטן נאָר װײַבער, יידן האָבן אים גערופן מיט אַן איראָנישן ביטול, כמעט מיט חוזק, דער „װײַבערישער רבי״.

די דינאַסטיע פון די קאַמענקער „גוטע יידן״ איז אויך געװען אַ לאָקאַלע, אויסגעװאַקסן װי אַן אײַנזאַמער אָרימער און פאַרקריפּלטער בוים אין אַ מדבר, און נישט פאַרבונדן מיטן יחוס פון די איבעריקע גרויסע „גוט-יידישע״ דינאַסטיעס.

אײגנטלעך האָבן די קאַמענקער „גוטע יידן״ נאָך נישט אויסגעמאַכט קיין דינאַסטיע. ר׳ דודל אַליין איז ערשט געװען דער דריטער דור פון אַ פּראָסטן אַרענדאַר, װעלכער איז געװען דעם בערדיטשעװער רבס אַ הייסער חסיד און האָט זיך נאָר דערהויבן אין זײַן אײגענער סביבה צו דער מדרגה פון אַ שטיקל רבין, פון אַ קליין „גוט יידל״.

טראָץ דעם האָבן אים די אַרומיקע װײַבער פאַרגעטערט און נישט אויפגעהערט צו דערצײלן װוּנדער און נסים, גרעסערע װי דאָס, װאָס מען האָט דערצײלט פון די גרויסע „גוטע יידן״. אַ חוזק חסידות האָט ער אויך געהאַט חסידים צװישן די בעלי-מלאכהס און דעם יידישן המון, װעלכע האָבן תּמיד געהאַט אויסצושטײן געװוּג שפּאָט און חוזק אין די בתּי-מדרשים פון די „אמתע״ חסידים און אײדעלערע יידן, װעלכע פלעגן פאָרן צו די „גרויסע״ רביים.

און די װיכּוּחים צװישן אַן „אמתן חסיד״ און אַ שנײַרער אָדער שוּסטער, װעלכער פלעגט פאָרן צום „קאַמענקער״, פלעגן זיך כּסדר ענדיקן מיט אַן אַרגומענט פון קאַמענקער חסיד:

„אָבער אַן אָרימאַן איז ער דאָך!״

און דער אײדעלער חסיד פלעגט צוגעבן מיט אַ רחמנות און מיט

אַ קרעכץ, אַז דער קאַמענקער איז געבעך נישט נאָר אַן אָרימאַן, נאָר אַ גאַנצער אביון... און דער אַרגומענט האָט דעם רבין געמאַכט באַם יידישן שניידער אָדער שוסטער נאָך הייליקער און טייערער ווי פריער...

זיין רבי האָט געקאָנט זיין נאָר אַזאַ אָרימאַן און אביון, ווי ער אַליין איז געווען...

און, ווי דער חסיד, האָט ר׳ דודל אָפט נישט געהאַט אויף שבת און האָט ד׳עם גרעסטן טייל פון זיין לעבן געפאַסט, ווייל ער האָט אָפט נישט געהאַט וואָס צו עסן.

דאָס איז געווען אַ „גוטער־ייד" פון אָרימען יידישן פאָלק, אַ דע־מאָקראַטישער רבי, מיט אַן אַלטער צעריסענער קאַפּאָטע און מיט פּאַפּי־רעס אויף די פיס אָנשטאָט שיך.

ווי זיין „גוטער ייד" האָט דאָס שטעטל קאַמענקע אַליין נאָך נישט דערגרייכט די מדרגה פון אַן אמת יידיש שטעטל. אייגנטלעך איז דאָס נאָך געווען אַ גרויס און אויף אַ באַרג ווייט צעוואָרפן דאָרף, מיט אַ פּאָר צענדליק יידישע הייזלעך, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „שטעטל".

אָבער אפילו די יידישע הייזלעך זענען געווען קליינע און געדעקט מיט שטרוי, ווי די גויישע, און האָבן זיך אונטערשיידט פון די לעצטע נאָר מיט גרעסערע פענסטער.

אַז דער גוי מיט דער פור האָלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט באַ זיין הייזל אין אָנהויב פון דאָרף, און דער גענעראַל האָט דערזען, אַז דער גוי און די פערדלעך זענען אמתע אוןווירקלעכע, נישט קיין פאַרשטעלטע וועגווייזער, וועלכע זענען געשיקט צו אים פון דער השגחה, פון הימל — איז ער געוואָרן מיטאַמאָל ווידער אומרויק.

דאָס מיסטישע און סודותדיקע ליכט, וואָס די בלייכע האַלבע לבנה, די פלאַטערנדע און ווינקענדע שטערן אויפן בלויען און טיפן הימל איבערן וואַלד, האָבן אָנגעצונדן אין זיין צעשפּאָלטענער און קראַנקער נשמה, דאָס ליכט, וואָס האָט אים באַרויקט ווי אַ טרייסט, האָט זיך מיטאַמאָל אויס־געלאָשן.

מיטן ליכט זענען פאַרשוווּנדן די שאָטנס, וועלכע האָבן געלויערט אויף אים אין געהיימנישפולן טונקעלן וואַלד און וועלכע האָבן גענומען אין פלען זיין גייסט — די שאָטנס פון אַ באַקאַנטער אָבער שוין פאַר־געסענער כּישוף־וועלט, די וועלט פון זיינע יוגנט־יאָרן. קאַמענקע איז

שוין נישט געווען די חייטע און מיסטישע מדינה, די לעגענדאַרישע „מעקאַ", וווהין ער איז איצט געגאַנגען היילן זיין קראַנקן גייסט.

פון דער טונקעלער נאַכט האָבן געקוקט צו אים קרומע און איינגעהויקערטע הייזלעך, מיט טיף אָנגערוקטע שטרויענע דעכער, וועלכע האָבן זיי געגעבן דאָס אויסזען פון גרויסע און פאַרשימלטע שוועמלעך אין אַ נאַסן וואַלד.

פרעמד האָבן אויף אים געקוקט די הייזלעך און דראָענד. מיט אַמאָל האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ בושה־געפיל פאַרן גוי, וועלכער האָט זיך גענומען אויסשפּאַנען זיינע פאַרמוטשעטע פערדלעך, פאַר זיך אַליין, וואָס ער גייט צו דעם רבין.

צו דעם בושה־געפיל איז צוגעקומען אַ געפיל פון אַוואַנטורע און אַנגסט, אַז מען זאָל אים דאָ נישט אַנטדעקן און אַרעסטירן. כמעט אַ פּאַניק האָט אים אַרומגעכאַפּט. זיין זון און דער פּראָקוראָר און תּלין, זיין ווייב, פאָן אָטאָ, די גאַנצע באַקעטע און גרויזאַמע ווירקלעכקייט איז ווידער געשטאַנען פאַר זיינע אויגן און האָט ווידער געשראָקן זיין פאַרמאַטערטן און קראַנקן גייסט מיט נייע אַוואַנטורעס, מיט נייע, אויף אים לויערנדע צרות און פּלאָגן...

און נישט פרעגנדיק דעם גוי וווהין צו גיין, ווו דער הייליקער רבי וווינט, איז ער אומבאַמערקט פאַרשווונדן אין .דער טונקעלער נאַכט.

דאָס מידע דאָרף, וואָס גייט נאָכן לאַנגן אַרבעטס־טאָג פרי צו בעט, כדי זיך פאַר זון־אויפגאַנג ווידער צו נעמען צו דער אַרבעט, איז שוין געלעגן אויסגעלאָשן און אין שלאָף.

נאָר די הינט האָבן זיך איבערגערופן פון אַלע עקן דאָרף מיט זייערע בילנדיקע און הייזעריקע קולות, ווי שומרים, וועלכע פרעגן איינער דעם אַנדערן, צי דאָס פאַרמעגן, וואָס מען האָט זיי איבערגעגעבן צו היטן, איז אין אָרדנונג און גאַנץ.

ערגעץ האָט נאָך געסקריפּעט אַ פאַרשפּעטיקטער וואָגן, וועלכער האָט אַזוי ווי געקרעכצט אונטער זיין שווערער לאַסט, און ס'האָט געמעקעט אַ שעפּס אין אַ שטאַל.

די נאַכט־לופט איז געווען אָנגעזעטיקט מיט שטויב, מיטן גערוך פון שטאַל, מיט אַ שטאַרקן ריח פון קראָפּיווע און ביטערע קרייטעכצער, וועלכער האָט זיך געטראָגן פון די רייפע גערטנער און האָט פאַרשיכורט ווי אַ גיפטיקער און שטאַרקער בראָנפן.

איפן באַרג האָבן זיך די הייזלעך נאָך געלויכטן מיט קאַרגע און ציטערנדיקע ליכטלעך.

דער גענעראַל האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרט מוז זיין אייגנטלעך דאָס שטעטל און דער „הייליקער מענטש”, און ער האָט זיך געלאָזט אַהין גיין מיט געאיילטע טריט פון אַ פאַרפאָלגטן.

## די תפילה.

דער גענעראַל האָט געעפנט די טיר, און האָט זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט.

אַ קאָמפּליצירטער און שאַרפער ריח פון אַלטע פאַרלעגערטע ספרים און שמות, פון שמעק־טאַבאַק און פון נאָך עפּעס ספּעציפישעס, וואָס הערט זיך נאָר אין אַלטע בתי־מדרשים, האָט אים אַ זעץ געטאָן אין דער נאָז. . .

טראָץ דעם איז אים דער ריח פאָרגעקומען אַזוי באַקאַנט און היימנישפול. . . די מערקווירדיקע געפילן, וועלכע האָבן זיך אין אים אָנגעצונדן דאָרט אין וואַלד, מיט די ערשטע שטערן אויפן הימל, ווען ער האָט אין לבנה־שיין געשפּאַנט גלייך מיטן גוי בײַ דער פור מיט האָלץ — די אַלטע שוין אָפּגעשטאָרבענע קינדער־וועלט, האָט ווידער געלעבט און געאָטעמט אויף אים ווי אַ ווירקלעכקייט. . .

דאָס האַרץ האָט ווידער געקלאַפּט מיט דער זיסער אַנונג פון דער־לייזונג, פון אייביקער רו נאָך אַ לאַנגן לעבנס־וועג, וועלכער איז געווען פול מיט קאַמף, מיט דערגער און ביטערע אַנטוישונגען.

ער האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, ווי אַ מענטש, וואָס באַטרעט אַ הייליק אָרט, און האָט געמאַכט עטלעכע פאָרזיכטיקע און שטילע טריט אין האַלב־טונקלקייט.

אין אַ ווינקל האָט זיך געראָיכערט אַ לאָמפּ. דאָס צאַנקענדע ליכט האָט געציטערט, געשפּרונגען און זיך געראַנגלט ווי אין אַ קאַמף. יעדע שפּרונג האָט געבראַכט אין באַוועגונג די שאָטנס אויף דער נידעריקער און קויטיקער סטעליע און אויף די ווענט. זיי זענען זיך צעלאָפן און זע־

נען מיט אַ האַסטיקן שפּרונג געקומען צוריק, ציטערנדיקע פון אויפרעגונג און גרייט צום קאַמף. . .

באַ דעם קאַרגן און ציטערנדן ליכט האָט דער גענעראַל דערזען אַן ארון־קודש, פאַרהאָנגען מיט אַן אַלטן פּרוכת, שטענדערס און בענק.

די אומגעבונג האָט אים דערפרייט, אַזוי ווי ער וואָלט געפונען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט.

עס איז אָבער געווען שטיל און עס האָט זיך נאָר געהערט אַ שטיל אָבער בייז זידן פון דעם קעראָסין אין לאָמפּ און דאָס פלאַטערן פון דעם צאַנקענדן ליכט, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט די שאָטנס פון דער האַלב־טונקלהייט אַרום אים.

ווי אַ מאַן, וועלכער באַטרעט אַ פרעמד הויז, אין דער אָפּוועזנהייט פון די באַלעבאַטים, איז ער געבליבן שטיין נישט רירנדיק זיך פון אָרט.

באַלד האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ שטילער קרעכץ. ער האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז, האָט זיך גוט איינגעקוקט און דערזען אין ווינקל באַם ארון-קודש הינטער אַ שטענדער אַ טונקעלע און קליינע פיגור.

דאַן האָט ער געמאַכט אַ פּאָר זיכערע און הילכנדע טריט צום ארון־קודש. דער קלונג אָבער פון זיינע שפּאָרן האָט אים אַליין איבער־געשראָקן, ווי עפּעס אומווירדיקס און פאַרשוועכנדעס אין אַ מקום־קדוש.

די פיגור אָבער האָט נישט באַמערקט, נישט אים און נישט דעם קלאַנג פון זיינע טריט. . . זי איז געבליבן אין איר פאַרגליווערטער פּאָזע, מיטן פּנים צו דער וואַנט, אָנגעשפּאַרט אויף די הענט, וועלכע האָבן פאַרדעקט דאָס פּנים.

און אויך דאָס האָט אים דערפרייט, אַזוי ווי אַ דערוואַרטעטעס און נאַטירלעכעס, ווי אַ פאַרשפּרעכנדעס.

ער איז געווען איבערצייגט, אַז דער הייליקער מענטש ווייסט, אַז ער איז געקומען, אַז זיין הייליקער חוש האָט שוין לאַנג אויף אים גע־וואַרט און לאָזט אים אומישנע שטיין, ווי אַ פאַרברעכער און פאַררעטער, כדי אים צו דערנידעריקן און צו רייניקן אין דער דערנידערונג.

און דאָס געפיל פון דערנידערונג האָט זיך אין אים געגאָסן ווי אַ זיסער גיפט.

מיט אַ געפיל פון אַ טיפן יראת־הכבוד און מיט אַ פאַרכאַפּטן און

דערשטיקטן אָטעם האָט ער זיך געגומען איינקוקן אין דער פיגור פון צדיק און וואַרטן.

אַ קליין האָרבאַטע יידל איז דאָס געווען, וואָס האָט זיך קוים אַרויס־געזען פון הינטערן שטענדער, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַן אָפן ספר. דערפאַר אָבער האָט די קליינע פיגור געוואָרפן פון זיך אויף דער וואַנט אַ לאַנגן פאַרגליווערטן שאָטן...

אַ ווײַלע זענען זיי ביידע געווען אומבאַוועגלעך און פאַרגליווערט, דער צדיק און זיין שאָטן אויף דער וואַנט.

פלוצלינג האָט זיך די קליינע פיגור אָנגעהויבן צו וויגן הין און צוריק און מיט איר האָט זיך צעוויגט זיין שאָטן אויף דער וואַנט. דאָס גרויסע שטריימל מיט די לאַנגע שפּיצן האָבן דעם שאָטן געגעבן דעם אויסזען פון אַן אומגעלומפּערטן גרויסן פּענדל פון אַ וואַנט־זייגער.

באַלד האָט זיך דאָס פּענדל ווידער אָפּגעשטעלט, ווי פאַר אַ שפּרונג, און מיט זיי האָט זיך באַם אַלטן מאַן מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט, ווי אין אַן אומהיימלעכער דערוואַרטונג, דאָס קראַנקע האַרץ...

דערנאָך איז דער צדיק אונטערגעשפּרונגען, די קליינע האָרבאַטע פיגור איז אַזוי ווי אויסגעוואַקסן אויף אירע שפּיץ־פינגער. דאָסזעלבע האָט נאָכגעטון דער שאָטן אויף דער וואַנט, און ווי אַ טיפער פאַרמוטשעטער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט. אַ „שמע ישראל", אַ לאַנ־גער קרעכץ, וועלכער האָט זיך גענומען וואַקסן העכער און שטאַרקער, ביז ער איז געקומען צום „אחד".

דאָרט האָט ער זיך פאַרצויגן מיט איין לאַנגן האַרצרייסנדן אַקאָרד, מיט איין לאַנגן אָטעמצוג, וועלכער האָט זיך געריסן פון דער ברוסט, ווי אַ פלאַטערנדע און בענקנדע נשמה, וועלכע וויל פאַרלאָזן דעם קער־פּער, ציט זיך און רייסט זיך צום הימל און בעט דעם אויבערשטן, אַז ער זאָל זי באַפרייען פון לעסטיקן קערפּער, פון מידן לעבן און זי נע־מען צו זיך אַהיים...

און לאַנג ווי אַן אייביקייט האָט זיך געצויגן דער בעטנדיקער און וויינענדיקער „אחד", און דעם גענעראַל האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט זיך שוין איבעררייסן מיטן לעבן פון דער קליינער און האָרבאַטער פיגור אינאיינעם.

דער אומענדלעכער און טרויעריקער אַקאָרד האָט אים געריסן דאָס האַרץ, אַ שוידער איז געלאָפן איבער זיין לייב, דער שוידער פון

אַ מאַן, וועלכער מוז מיט זיינע אויגן צוקוקן דעם זעלבסטמאָרד פון אַ מענטש.

אַז דער לאַנגער פאַרצווייפלטער „אחד" האָט זיך איבערגעריסן ווי אַ לעצטער אָטעמצוג, זענען דער צדיק און זיין שאָטן אויף דער וואַנט צוריק פאַרגליווערט געוואָרן, ווי אומבאַוועגלעך און לעבנסלאָז.

דער קעראָסין אין דעם פאַררויכערטן לאָמפּ האָט ווידער געזאָגט און זיך געבייזערט, ווי אַ גיפטיקע שלאַנג: דאָס צאַנקענדע ליכט איז געשפרונגען און האָט זיך געראַנגלט מיט די שאָטנס אויף דער סטעליע און אויף דער מזרח־וואַנט, וועלכע האָבן ווי שוואַרצע רוחות זיך געוואָרפן צום גרויסן שאָטן פון צדיק, צום קאַמף מיט דער קדושה, זענען אָבער געלאָפן צוריק, אַזוי ווי אין שרעק פאַרן הייליקן שטריימל.

און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילע תפילה. דער צדיק האָט געדאַוונט מעריב, ווידער אומבאַוועגלעך, באַהאַלטנדיק דאָס פּנים אין די אָנגעשפּאַרטע הענט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געשעמט צו קוקן דעם אויבערשטן, די שכינה, אין די אויגן.

און פון אונטער די הענט האָבן זיך די ווערטער פון דער תפילה צוערשט געטראָגן איינציקע און שאַרפע ווי פיילן, אָן אַ ניגון, נישט ווי אַ תפילה נאָר ווי אַ געשפּרעך, ווי אַ דערציילונג פון אַ מידן וואַנדערער.

דער קורצער און מידער אָטעם האָט זיך פון צייט צו צייט אָפּגעשטעלט און די ווערטער האָבן זיך ווידער געטראָגן, ווי מיט געוואַלט געשטויסענע און געטריבענע, שאַרפע און בייזע...

באַלד אָבער האָבן זיי געקלונגען ווי אַ שטיל און אַן אינטים געשפּרעך פון אַלטע גוטע פריינד, באַלד ווי אַ בכיה...

דאַן זענען די ווערטער שוין געלאָפן איינס נאָכן אַנדערן און האָבן געפּלאַצט אין די טונקעלע ווינקלען פון מקום־קדוש, ווי צעריסענע סטרונעס, מיטן ווייטיק פון צעצויגענע נערוון.

די שאָטנס אויף דער סטעליע און אין די ווינקלען, זענען דאַן געוואָרן אומרויִקער, זייער שפּרונג דראָענדער.

דער גענעראַל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ באַנק און האָט זיך גענומען וואַרטן, ביז דער צדיק וועט ענדיקן זיין תפילה.

דער טעמפּאָ אָבער פון דער תפילה האָט זיך גענומען בייטן. אָט האָט זיך עס געגאָסן לאַנגזאַם און רויִק, אָט איז עס געוואָרן צוריק שטורמיש, שנעל און ווייַנענדיק.

מיט דעם טעמפּאָ האָט זיך געביטן דער ניגון, די פּאָזע פון צדיק און פון זיין שאָטן אויף דער וואַנט. באַלד האָט ער אָנגעהויבן זיך צו־ריק צו וויגן, אונטערצושפּרינגען און מאַכן מיט די הענט, ווי אַ פאַרווונ־דעטער און קרעכצנדער פויגל מיט די פליגל. דער שאָטן האָט דאָס אַלץ נאָכגעטון, איז שוין אומרויִק געלאָפן איבער דער וואַנט און האָט זיך שוין געוואָרפן אויף די איבעריקע שאָטנס, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגערוקט פאַרן קאַמף, אין אַ שוואַרצער מחנה פון רוחות.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז דער שמונה־עשרה. דאַן איז די תּפילה געוואָרן צוריק שטיל און האָט זיך שוין ווייטער געגאָסן ווי אַ באַרויִקט און גליקלעך וואַסער, וואָס ציט נאָך אַ לאַנגן און מידן וואַנדערן זיין מידן שטראָם אין אַ שטיל פלאַטערנדער פרייד, איבער אַ זאַמדיקן און ריינעם געלעגער.

אַ דערשעפּטער נאָכן לאַנגן וועג און נאָך די טיפע און אויפגערעג־טע איבערלעבונגען האָט דער אַלטער מאַן ווידער דערפילט די צו דער ערד ציִענדיקע מידקייט, וועלכע האָט אים דאַן אַ וואָרף געטון אויפן שטרויענעם געלעגער אין דעם חרובן און פאַרלאָזטן הייזל. איינגעוויגט פון דעם זיסן קלאַנג פון דעם צדיקס שטילע שמונה עשרה איז ער איינ־געשלאָפן אין זיין וואַרטונג אויף דער באַנק, מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ.

און באַלד האָבן זיך איבער זיין פּנים גענומען לויפן שאָטנס פון אַן אַלטער, שוין לאַנג אָפּגעשטאָרבענער וועלט... דאָס זענען געווען די זכרונות פון דער קינדהייט, זיי האָט מחיה־מתים־געווען די באַקאַנטע אומגעבונג, דאָס קליינע שולעכל מיטן ספּעציפישן ריח, די שטענדערס, דער ארון־קודש מיטן אַלטן פּרוכת, דער צדיק מיט זיין תּפילה און שטי־לע בכיה.

די זכרונות זענען געשפּרונגען פון זייערע קבֿרים, פלאַטערנדע און צוריק לעבעדיקע, מונטערע און גליקלעך־לאַכנדע, ווי די קינדער־יאָרן זענען געווען.

ווי די שאָטנס אויף דער פאַרראויכערטער און ברודנער סטעליע און אין די טונקעלע ווינקלען פון דעם שולעכל זענען די זכרונות געשפּרונ־גען און געלאָפן איבערן פּנים פון דעם גענעראַל־אַדיוטאַנט גערשעלמאַן, אַ גענעראַל פון דעם צאַרס סוויטע.

באַלויכטן אָבער האָבן זיי דאָס פּנים מיט די שטראַלן פון אַ שטי־לער פרייד, מיט דער פרייד פון דערלייזונג.

אין חלום האָבן זיי דעם אָפּגעריסענעם פאַרעם צוגעקניפּט צוריק צו דער אַלטער קנויל, צום מקור...

זיי האָבן דעם אַלטן, גרוי געוואָרענעם און מידן וואַנדערער געבראַכט צוריק אַהיים... און די היים איז געווען אַזוי פריש און זיס, ווי אַ קינדער־שלאָף אויף אַ קינדער־בעטעלע. און די מידע אברים האָבן זיך אין אַ זיסער מידקייט געצויגן אויף דעם קינדער־געלעגער, זייערע ווונדן האָבן זיך געהיילט, די פּלאָגן פון געוויסן זענען פאַרשוואונדן. די היים האָט אים מוחל געווען און האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע און צערטלעכע מוטער־אָרעמס.

און אין די אומאַרמונגען האָט ער דערפילט דעם זיסן גיפט פון דער אייניקייט מיט זיין פאָלק, פון באַוווסטזיין, אַז ער איז איינער פון די אייביק פאַרפאָלגטע; ער האָט דערפילט די שטאָלצע פרייד פון די אויסדערוויילטע און געליבטע קינדער...

אַ געזעגנטער און דערלייזטער האָט ער איצט געקענט רויק שטאַרבן, דער טויט האָט אים איצט נישט געשראָקן.

ער האָט געפילט די אָנוועזנהייט פון דעם צדיק באַ דער וואַנט, וועלכער האָט מתפּלל געווען פאַר אים און פאַר אַלע אָפּגעריסענע אברים...

און ער איז געווען זיכער, אַז די תפילה וועט אים עפענען די טירן צו דער אייביקער רו...

## דער שוואַרצער הונט.

אין דער יאַגד אויפן פאַרשוואונדענעם גענעראַל האָבן זיך צום שטאַרקסטן און אייפעריקסטן באַטייליקט דער גערטנער פּעטרושע און סווינטשיצקיס שוואַרצער הונט, וועלכן ער האָט הינטער זיך געלאָזט אין הויף אַלס אַ שומר פון זיין שוואַרצן און בייזן גייסט פון די אַלטע פּוילישע טראַדיציעס, וועלכע האָבן נישט געדאַרפט פאַרשוואונדן ווערן פון דעם אַריסטאָקראַטישן פּוילישן שלאָס.

די ביידע באַשעפענישן האָבן נישט געהאַט ז׳ סימפּאַטיע פון דעם נייעם באַזיצער.

פעטרושע האָט זיך פון דעם ערשטן מאָמענט געשטעלט אויף דער גענעראַלשעס זייט, גלייך מיט איר און מיט איר זון האָט ער זיך געפילט געקרענקט און באַליידיקט פון דעם באַלעבאָס זשידאָווסקע סימפּאַטיעס.

די לעצטע פּאַסירונג: דעם גענעראַלס פּלוצלעכע פאַרשווונדן נאָך אַזאַ פאַרברעכן, האָט אים נישט ווייניקער אויפגעבראַכט ווי דעם פּראָקוראָר, פאַר וועלכן ער האָט געהאַט דעם גרעסטן רעספּעקט און מיט וועלכן ער האָט שטאָלצירט, ווי מיט אַן אייגענעם זון.

דעם הונט, וועלכער איז דאַן באַפאַלן מלכהן און דעם לאַגגן באַלעגאָלע, וועלכער פלעגט נישט לאָזן דורכגיין קיין יידן און רייסן די קאַפּאָטעס מיט די גלידער אינאיינעם, האָט דער גענעראַל זיך שוין נישט איינמאָל געקליבן צו שיסן.

נישט איינמאָל האָט אים נאַטאַשע געראַטעוועט פון זיין צילנדער ביקס.

דעם גאַנצן טאָג האָבן די צוויי בייזע באַשפּעניִשן געוואַנדערט איבערן וואַלד און געזוכט דעם פאַרברעכערס שפּורן.

שוין לאַזנדיק זיך צוריק אַהיים אַנטוישט און פאַרביטערט זענען זיי בלאָנדזשענדיק אַרויסגעקומען אויפן זאַמדיקן און פאַרוואָרפענעם וועג, וועלכער האָט געפירט קיין קאַמינקע.

פעטרושעס קאַמעראַד האָט דערפילט באַלד די פרישע שפּורן פון דעם פאַרשווונדענעם און האָט זיך געלאָזט לויפן מיט אַן איינגעגראָבענער מאָרדע אין זאַמד און מיט אַ בייזן בילן.

פעטרושאַ איז אים נאָכגעלאָפן מיט אַ ווילדער פרייד פון אַ יעגער, וועלכער זעט פאַר זיך דאָס אָנגעיאָגטע רויב.

אַזוי זענען זיי געלאָפן אַ פּאָר וויאָרסט.

דער וועג איז געווען אַ גלייכער און איינציקער און האָט געפירט צו איין ציל.

פעטרושאַ איז געווען זיכער, אַז ער איז געפאַלן אויפן גענעראַלס שפּורן, אַז מ׳דאַרף אים נאָכפאָלגן נאָר אין דער ריכטונג און מ׳וועט אים אָניאָגן.

דער וועג קיין קאַמינקע האָט ער גוט געקענט. אַהין איז ער שוין אַ פּאָר מאָל געפאָרן נאָך בלומענזאַט, צום פּוילישן באַזיצער פון דעם שטעטל.

מען האָט נישט געטאָרט פאַרלירן קיין צייט און ער האָט מיט געוואַלט גענומען דעם שוואַרצן הונט פאַרן אייזערנעם האַלדז-רינג און איז מיט אים אַוועק צוריק אין שלאָס אַריין.

ווי אַ טריומפּאַטאָר האָט ער געמעלדעט דעם פּראָקוראָר פון זיין אַנטדעקונג.

די אויגן פון דעם זון האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ בייזן, טייוו-לישן פלאַם, מיט אַ פלאַם פון אַ תלין, וועלכער קען שוין הענגען זיין קרבן.

ער האָט אָבער באַפוילן דעם גערטנער צו שווייגן און איינצו-שפּאַנען בשתיקה די פערד.

דערנאָך האָט ער אָפּגעגעבן אַ באַפעל צו דעם פּריסטאַוו, וועלכער איז נאָך פאַר פּעטרושען געקומען צוריק אין שלאָס אַריין פון דער יאַגד נאָכן פאַרשוווּנדענעם, אָבער מיט ליידיקע הענט — אים האָט ער אָפּגע-געבן אַ שטרענגן באַפעל צו היטן נאַטאַשעס צימער און זי דאָרט האַלטן ווי אַ געפאַנגענע און אַרעסטירטע, ביז ער וועט קומען צוריק.

דער פּריסטאַוו האָט ווידער זיך געוואַקלט פאַר דעם באַפעל. אָבער ער האָט געמוזט פאָלגן און האָט מיט אַ סטראַזשניק זיך גענומען אויס-פירן די גרויזאַמע און אומאָנגענעמע פליכט.

דאַן האָט דער פּראָקוראָר מיטגענומען דעם לייב-מעדיק, צוויי סטראַזשניקעס, פּעטרושען מיטן הונט און אַלע זענען אין איילעניש אַוועק קיין קאַמענקע, געפירט פון דעם הונט, וועלכער איז געלאָפן פאַר די פערד און האָט ווייט געהילכט איבערן וואַלד און דערשיטערט די נאַכט-לופט מיט זיין אומהיימלעכן בילען.

*

* *

ר׳ דודל האָט געהאַט אַ לאַנגן און שווערן מעריב.

באַטאָג זענען באַ אים ווידער געווען ז׳ ווייבער פון די אַרעסטיר-טע יידן פאַרן בלוט-בלבול.

לאַנג און ביטער האָבן די יידישע טעכטער געוויינט איבער אים, ווען זיי האָבן אים דערלאַנגט די קוויטלעך מיט די קופּערנע פּדיונות און פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל אָנקלאַפּן דאָרט פון אויבן און

זען, אַז מען זאָל אַראָפּנעמען די שווערע גזירה פון דעם שכנהשן שטעטל.

ר׳ דודל האָט געוווּסט, אַז זיין זכות איז קליין באַם בית-דין של מעלה, אַז זיין שטימע איז שוואַך און אומווירדיק, אַז מען זאָל זי דאָרט דערהערן... אז אויך דער יחוס און זכות פון זיינע אבות איז נישט גענוג גרויס פאַרן שליחות.

יידן זענען אָבער געזעסן אין תּפיסה, זייערע ווייבער מיט די קינדער זענען געבליבן אָן פּרנסה און ער האָט זיך געשטעלט בעטן פאַר זיי — ער האָט געוויינט ביטער, אַזוי ווי די ווייבער האָבן היינט באַ אים געוויינט און צעריסן זיין האַרץ.

ער האָט מתפּלל געווען און געבעטן ווי אַן עני בפּסח... ער האָט אָבער נישט פאַרגעסן זיך אָפּצושטעלן אין געוויסע ערטער און מכוון זיין באַ געוויסע ווערטער און אותיות פון זיין תּפילה, אַזוי ווי ער האָט זיך אויסגערעכנט און זיך צוגעגרייט דערצו נאָך באַטאָג...

אַז ער האָט געענדיקט מעריב, האָט ער זיך אויסגעדרייט צוריק צום שטענדער און האָט זיך געוואָלט זעצן אָפּריכטן חצות, ווי ער איז געוווינט געווען צו טון.

דאָ האָט ער פאַר זיך דערזען דעם שררה, וועלכער איז געזעסן אָנטקעגן אויף דער באַנק מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ, וועלכער האָט אַ קוק געטון אויף אים ווי אַן אָפּגעהאַקטער און טויטער.

דאָס האַרץ האָט זיך באַ אים אָפּגעשטעלט פון שרעק און דאָס בלוט איז פאַרקילט געוואָרן אין די אָדערן... ער האָט קיינמאָל נישט געזען דעם גענעראַל פון שכנהשן שטעטל, מיט וועלכן די גאַנצע סביבה האָט שוין צוויי יאָר געקלונגען. ער האָט אָבער קיין מינוט נישט גע-צווייפלט, אַז דער שררה מיט די גאָלדענע עפּאָלעטן איז דער זעלבער גענעראַל, אַז ער האָט מיט זיך געבראַכט עפּעס אַ נייע גזרה, אַן אומגליק אויף אים און אויף זיין קליינער עדה.

אין טויט שרעק איז ער אַריין צו זיך אין הויז און האָט האַסטיק אויפגעוועקט פון שלאָף פּנחסן, דעם גבאי זיינעם.

באַלד זענען זיי געשטאַנען ביידע פאַרן שלאָפנדיקן גענעראַל, בלייכע ווי מתים, שטומע און ציטערנדיקע... וועקן האָבן זיי אים נישט געוואַגט.

— אַ גרויס אומגליק — האָט באַמערקט פּנחס מיט אַ טיפן שוי-

דער איבערן גאַנצן לייב און האָט זיך גענומען פאַרצווייפלט ברעכן די הענט.

— איך האָב אים ערשט מכון געווען אין מיין שמונה עשרה...
באַ שיבת ציון... — האָט אים צוגעוואָרפן ר׳ דודל. דער רבי האָט מער נישט געקענט שטיין פון אויפרעגונג אויף די פיס און האָט זיך צוגעזעצט. ביידע זענען פאַרשטומט, פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ וואַרטונג, פול מיט אַנגסט, פאַר דער זיך רוקענדער גזרה, פאַרן אָנקומענדן אומגליק און שרעק.

אין דער אומהיימלעכער שטילקייט האָט זיך נאָר געהערט דאָס גיפטיק־בייזע ברויזן פון נאַפט אין לאָמפּ און דער שווערער אָטעם פון שלאָפנדיקן, וועלכער האָט אָנגעהויבן איבערגיין אין אַ כראָפּ. אַזוי שטום און פאַרצווייפלט זיצן מענטשן באַם בעט פון אַ גוסס...

די שאָטנס אויף דער סטעליע און אין די ווינקלען האָבן ווי אומגעדולדיקע שדים געטאַנצט, שוין געוואַרט און זיך צו עפּעס געגרייט...

## דאָס משוגעים־העמד.

און די שרעק האָט זיך גערוקט אַלץ נענטער און נענטער...

געלאָפן איז איר פאָרויס און האָט איר געוויזן דעם וועג דער שוואַרצער הונט. מיט אַ ווילדן און די נאַכט־לופט דערשיטערנדן בילן איז דער הונט געלאָפן איבערן דאָרף גלייך צום הויז, וווּ־דער צדיק האָט געלעבט.

די הינט פון דאָרף האָבן זיך אַ לאָז געטון אַנטקעגן דעם פרעמדן און פרעכן גאַסט מיט אַ בייזן ברוך הבא... באַלד איז אַלץ אַרום און אַרום אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ ווילדן און הימל־שפּאַלטנדיקן געפּל, ווי פון פלאַמען פון הינטישער רציחה און בלוטדורשטיקייט.

„כלבים צועקים, מלאך המות בעיר!" — איז דורכגעלאָפן באַ ר׳ דודן אַ געדאַנק אין מוח און האָט אים אָפּגעבריט ווי אַ בליץ.

דער זעלבער געדאַנק איז דורכגעלאָפן באַם גבאי אין קאָפּ.

און דאָס בילן מיטן מלאך המות קומען אַלץ געגנטער און נענ־טער צום רבינס הויז... אָט הערט זיך שוין דער רויש פון רעדער... נעגנטער און נעגנטער קלאַפן זיי... שוין אונטער די פענסטער... מ׳האָט זיך אָפּגעשטעלט... מענטשן שפּרינגען אַרונטער פון וואָגן... זיי רעדן בייז און דראָענד... דער הונט בילט און רייסט זיך צו זיי ווי אַ מלאך המות.

„כּלבים צועקים, מלאך המות בעיר!" — שעפּטשעט ר׳ דודל.

די אָנגעקומענע דרייען זיך אונטער די פענסטער, זוכן עפּעס, רעדן הויך און אויפגערעגט צווישן זיך... דער הונט בילט העכער און רציחהדיקער... ער כאַפּט פון עמעצן אַ קלאַפּ אָדער אַ שטויס און צערייסט די פינסטערע נאַכט אין דרויסן מיט אַ שרעקלעכן ווייגעשריי...

דער גענעראַל שוידערט אויף מיטן קערפּער אין שלאָף, עפנט די אויגן און קוקט זיך ווילד אַרום... ער זעט פאַר זיך צוויי ציטערנ־דיקע און ווי דער טויט בלייכע פיגורן... ער קוקט זיך אין זיי איין מיט ווילדע בליקן, איבער זיינע גאָלדענע ברילן... אַזוי ווי ער וואָלט פאַר זיך פּלוצלינג דערזען אַ פּאָר געשטאַלטן פון אַן אַנדערער, פרעמ־דער וועלט...

ער דערמאַנט זיך אָן עפּעס און אַן ערפורכטספולער שמייכל באַ־לייכט זיין שטרענג און פאַרוווּנדערט פּנים... און לויט געוווינהייט, כאַפּט ער שנעל אַרונטער זיין היטל פון קאָפּ, מאַכט אַ שריט צום צדיק און בויגט זיך צו אים אָן מיט דער אָבזיכט צו קושן זיין האַנט, אַזוי ווי ער פלעגט תמיד קושן די הענט פון די אַרכיערייען און גלחים און זיך לאָזן פון זיי בענטשן...

דער צדיק שפּרינגט פון אים אָפּ, אַן איבערגעשראָקענער.

דער גענעראַל דערמאַנט זיך, אַז דאָס איז אַ רבי און נישט קיין גלח, אַז ער שטייט אָן אַ היטל אין אַ מקום־קדוש... ער ציטערט אויף, טוט שנעל און געכאַפּט אָן צוריק דאָס היטל, קוקט זיך אַרום שטום און אומבאַהאָלפן אויפן צדיק, אויפן צווייטן ייד, דעם צדיקס גבאי און לאָזט זיך פּלוצלינג אַרונטער פאַר ביידע און פאַרן ארון־קודש אַ קניענדער און אַ בעטנדער און צעוויינט זיך שטיל, אָבער האַרצרייסנד...

בלויז אַ מינוט האָט די געשיכטע געדויערט, אַ הרף עין... אי־

בערגעריסן האָט דאָס געוויין פון דעם קניענדיקן מאַן דער טומל אינ־דרויסן, וועלכער האָט שוין געקלאַפּט און געריסן די טיר, ווי באַלאַגערנ־דע פיינט.

דער גענעראַל איז אָפּגעשפּרונגען און האָט זיך אויסגעגלייכט...

דאָ האָט זיך די טיר געעפנט און זיינע פאַרפאָלגער זענען טומ־לענד אַריין אין שול.

דער שוואַרצער הונט האָט זיך געריסן פון פעטרושעס הענט און האָט שרעקלעך געבילט אין דעם קליינעם מקום־קדוש.

דער רבי מיטן גבאי זענען אָפּגעשפּרונגען צום ארון־קודש, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געקלעמט אין אים און געזוכט באַ אים שוץ...

דער גענעראַל האָט אינסטינקטיוו אַריינגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס זוכנדיק דאָרט זיין רעוואָלווער. ער האָט אים אָבער באַ זיך שוין נישט געהאַט. ער איז אַרויסגעפאַלן און געבליבן אויפן בעט־לער־געלעגער אין דעם חרוב־הייזל, ווו ער האָט פאַרבראַכט זינט ער איז אַוועק פון זיין אייגן הויז, דאַן האָט ער זיך גענומען שנעל און פיבער־האַפט טאַפּן זיין קערפּער און זוכן אויף זיך זיין שווערד, און האָט אים אויך נישט געפונען.

דער זון מיט די צוויי גרינע אויגן, אין וועלכע עס האָט געפלאַ־קערט אַ פלאַם פון טייוולישן האַס, שפּאָט, פּאַטאַלאָגישער עקל, בייזע סאַדיסטישע פרייד פון אַ תּלין און אַ גאַנצער גיהנום פון ווּט — דידאָ־זיקע אויגן האָבן אים שוין געקוקט גלייך אין פּנים אַריין...

דער הונט האָט אָבער אַלץ פאַרפלייצט מיט זיינע קולות און גע־לעכערט די אויערן און דעם מוח.

אַרויס מיטן הונט פונדאַנען! — האָט דער פּראָקוראָר אַ געשריי געטון אין אַ ווילדער רציחה אויף פעטרושען.

פעטרושע האָט גענומען שלעפּן דעם הונט און זיך ראַנגלען מיט אים.

זיין בילן איז געוואָרן נאָך ווילדער און אומדערטרעגלעכער און אַלע זענען געשטאַנען פאַרגליווערט אונטער די ווילדע גיהנומשע קולות פון דער בייזער חיה, ביז פעטרושע האָט אים נישט אַרויסגעוואָרפן און האָט נישט פאַרמאַכט הינטער אים די טיר.

דער הונט האָט נאָך אַ ביל געטון אינדרויסן און איז באַלד פאַר־שטומט געוואָרן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך מיטאַמאָל דערוואָרגן מיט זיין אייגענער ווּט...

און שטיל איז געוואָרן אינדרויסן און אין דעם קליינעם מיט שאָטנס און גרויזאַמע געשטאַלטן פאַרפלייצטן שולעכל. אַלץ איז פאַרשטומט געוואָרן ווי פאַרן מלאך המות, וועלכער האָט שוין אויסגעשטרעקט זיין בלוטיקע שווערד איבערן האַלדז פון זיין קרבן... שטיל איז געוואָרן ווי פאַרן טויט...

און ביידע, דער זון און דער פאָטער, קוקן זיך אָן ווי צוויי פיינדלעכע, זיך טיף האַסנדע וועלטן... בלויז אַ רגע דויערט דער קאַמף פון די פיינדלעכע און זיך ראַנגלענדע בליקן...

פאַר די באַגלייטער, פאַר די צוויי יידן באַם ארון קודש, דויערט די רגע אַן אייביקייט.

פון דעם זונס ברוסט רייסט זיך ענדלעך אַרויס אַ באַפעל צו דער סוויטע, צו די סטראַזשניקעס:

— בינדט אים, דעם משוגענעם!

דער באַפעל רייסט זיך אַרויס פון זיין ברוסט, ווי פון אַ טיפן קעלער, געדעמפט מיט דעמזעלבן ווּט, ווי דאָס בילן פון דעם שוואַרצן הונט, וועלכער האָט זיך דאָרט אין דרויסן מיט אים דערוואָרגן און איז פאַרשטומט געוואָרן.

אָבער איידער די מחבלים האָבן צייט געהאַט זיך אַ ריר צו טון פון אָרט האָט דער אַלטער און קראַנקער מאַן געכאַפּט אַ שטענדער און האָט אים אויפגעהויבן אין דער הייך פלינק און גרינג ווי אַ שפּענדל, און האָט מיט אים, ווי מיט אַ שווערד אין די יונגנט־יאָרן אַ שווינג־געטון איבערן זונס קאָפּ.

דער פּראָקוראָר איז אָפּגעשפרונגען.

דער סטראַזשניק איז אַריינגעשפרונגען אין מיטן און האָט געכאַפּט אין דער לופט דעם געשווינגענעם שטענדער.

אַ שטומער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די צוויי פּאָליציאַנטן און דעם גענעראַל; אַ קורצער, אָבער אַ האַרטער קאַמף.

דער פּראָקוראָר האָט זיך גענומען שרייען און וווטן, ווי דער שוואַרצער הונט אין דרויסן, וועלכער האָט ווידער געבילט און געריסן די טירן מיט זיינע בלוט־דורשטיקע און אייזערנע לאַפּעס.

געטריבן און געהעצט פון דעם וויטענדן טייוול, אָנגעצונדן פון זיין גיהנמשן האַס, האָבן די סטראַזשניקעס און פאָן אָטאָ זיך אויך אָנגעצונדן מיט דעמזעלבן האַס און האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אוממענטשן, אין גרויזאַמע שדים.

ווי שדים האָבן זיך אַלע אַ וואָרף־געטאָן אויף איין מאַן, וועלכער האָט בראַוו געפּאָכטן און געקעמפּט מיטן שטעקן׃ שטום געקעמפּט מיט אַ קאַלטבלוטיקער דענקנדער קראַפט, ווי ער האָט שוין אַמאָל געקעמפּט הינטער פּלעוונע אַלס יונגער אָפיציר, אָן געווער, וועלכעס ער האָט פֿאַרלאָרן אין דער היץ פֿון דער שלאַכט, נאָר בלויז מיט אַ פּאָר אייזערנע הענט, מיט וועלכע ער האָט דערשטיקט אַ לאַנגן און ווילדן טערק, אַ ווילדן ווי אַ צערייצטער לייב... און ער זעט פֿאַר זיך שוין נישט דעם אייגענעם זון, נאָר דעמזעלבן טערק און טויט־פֿיינד. ווי דאַן איז איצט זיין וווט געריכטעט נישט אויף די, וועלכע קעמפֿן מיט אים, נאָר אויפֿן מאַן מיט די ווילדע גרינע אויגן, וועלכער שטייט פּונקט פֿאַר אים און שרייט און רייצט אויף אים די שדים, ווי דער באַפֿעלהאָבער פֿון גיהנם. אים וויל ער צעשפּאַלטן דעם מוח מיטן שטעקן און צעשפּריצן זיין מאַרך. מען לאָזט אים אָבער נישט צו צו דעם טייוול; מען פֿאַרשטעלט אים פֿון זיין וואָפֿן, פֿון זיין געפּערלעכן קלאַפּ.

פּלוצלינג אָבער האָט ער דערפֿילט אַזוי ווי עפּעס וואָלט זיך אין אים אָפּגעריסן... אָפּגעריסן האָט זיך דאָס האַרץ און איז אַזוי ווי טיף אַרונטערגעפֿאַלן און איז דאָרט פֿאַרשטאָרבן געוואָרן לאָזנדיק הינטער זיך אַ חלל... ער קלעמט נאָך אָבער פֿעסט זיין וואָפֿן אין זיינע הענט. ער וואַרט אַ הרף עין, אַז דאָס האַרץ זאָל זיך צוריק אָנהייבן צו באַוועגן און צו קלאַפּן. דאַן וועט ער מיט איין מעכטיקן קלאַפּ צעשמעטערן זיין שונא... דאָס האַרץ איז אָבער שטום און רירט זיך שוין נישט. דאָס בלוט האָט זיך אויך איבערגעשראָקן און זיך אָפּגעשטעלט. ער הייבט אָן אַרויסצולאָזן די וואָפֿן פֿון זיין האַנט...

זיינע שונאים כאַפּן זי אויס. שטאַרקע, אייזערנע הענט קלעמען שוין זיין קערפּער, די שטייף־ווערנדע גלידער, וועלכע קענען זיך שוין נישט פֿאַרטיידיקן. ער ליגט שוין אויף דער באַנק. הייסע און בריענדע קערפּערס דריקן אים צו צו דער באַנק, ווי אַ שווערער און שטומער באַרג. פֿאַר די אויגן ווערט פֿינסטער... ער הערט נאָך אָבער גוט דאָס ריטשען פֿון דעם טייוול... ער זעט נאָך פֿאָן אָטאָן, וועלכער טאַנצט אַרום אים און פּישטשעט ווילד, ווי אַ קליינער שד... ער באַגרייפֿט מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ דעם שרעקלעכן זין פֿון דעם, וואָס דער קליינער שד האַלט אין זיינע הענט, וואָס ער טוט אים אָן. אַ משוגעים־העמד איז דאָס. דאָס העמד כאַפּט אים אָבער אַרום ווי אַ נעץ פֿון טויט... ס'ווערט אים קאַלט פֿון דער נעץ... אַ קאַלטער טויט־שווייס טרעט אַרויס אויף

זיין לייב. אַ שטראָם פון בלוט און ביטערער גאַל פּאַרפּלייצט זיין האַלדז, ווערגט אים און גיסט זיך מיטאַמאָל בריענד אַריין אין מויל, איבער זיינע ליפּן... ער פילט נאָך די וואַרעמקייט פון דעם שטראָם, די לעצטע וואַרימקייט... מיט איר אָבער פאַרשווינדט דאָס לעבן, שטראָמט אויס דער לעצטער אָטעמצוג... עס שטאַרבט אָפּ דער קאַמף, דער ווילדער גיהנומשער ווּט אַרום אים... אַלץ ווערט דערטרונקען און פאַרשווינדט גלייך מיטן באַוווּסטזיין אין אַ טיפן און פינסטערן אָפּגרונט, דער אָפּגרונט פון אומבאַוווּסטזיין, פון טויט...

דער גאַנצער קאַמף האָט נישט לאַנג געדויערט. ער האָט זיך דורכגעטראָגן איבער די קעפּ שנעל, ווי אַן אוראַגאַן פון טייוולישער גרויזאַמקייט, לאָזנדיק הינטער זיך אַ צעשמעטערט און צעטראָטן לעבן...

דער ערשטער, וועלכער איז אָפּגעשפּרונגען פונם קרבן איז געווען דער לייב־מעדיק פאָן אָטאָ אַליין. מיט אַ ווילדן קוויטש איז דער קליינער שד אָפּגעשפּרונגען. מיט אַ קוויטש פון אַ צעטראָטענעם הינטל.

נאָך אים זענען אָפּגעשפּרונגען די איבעריקע מחבלים...

מיט אַמאָל איז געוואָרן שטיל. דער אוראַגאַן פון ווּט און טייוולישער גרויזאַמקייט האָט זיך מיט אַמאָל איבערגעריסן און איז ווי אַ דונער אַריין ערגעץ טיף; ווי אין דער ערד איז ער אַריין און איז פאַרשוווּנדן.

נאָר דאָס צאַנקנדע ליכט אינם פאַררויכערטן לאָמפּ האָט נאָך אַלץ געציטערט און ווי געשווידערט פון אויפרעגונג איבער דעם, וואָס עס האָט זיך שנעל פאַר איר אָפּגעשפּילט, וואָס זי האָט בייגעוווינט... די שאָטנס אויף דער סטעליע און אין די האַלב־טונקעלע ווינקלען האָבן געשפּרונגען און זיך געוואָרפן ווי פריער. איצט אָבער ווי אויפגערודערטע און דערשיטערטע עדות פון אַ גרויזאַמען פאָטער־מאָרד.

פאָן אָטאָ איז צוגעלאָפן צוריק צום טויטן קערפּער, צוגעלייגט דאָס אויער צו דער ברוסט און איז ווידער אָפּגעשפּרונגען, זאָגנדיק:

— טויט! איר האָט אים געטויטעט, כי, כי, כי...

די גויים האָבן צראָפּגענומען די היטלען און זיך גענומען צלמען...

— אַ זון זענט איר? אַ טייוול! אַן אוממענטש! — האָט זיך פלוצלינג צעשריגן פאָן אָטאָ, שפּרינגענדיק מיט די קולאַקעס פאַרן פּראָקוראָרס פּנים.

דעם זונס קאָפּ האָט געזונקען טיפער און טיפער...

און ווידער זענען אַלע שטיל און אומבאַוועגלעך, ווי פאַרגליווערטע און לעבנסלאָזע...

ווען דער פּראָקוראָר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט דערזען באַם ארון-קודש די צוויי ציטערנדיקע יידן, האָט ער אויך אויפגעציטערט...

— אַרעסטירט אָט די צוויי זשידעס! — האָט ער באַפוילן צו זיין סוויטע.

**סוף.**

